שמעון דובנאָוו

# וועלט-געשיכטע
# פון יידישן פאָלק פון די אַלטע צייטן ביז צו היינטיקער צייט

די נייסטע געשיכטע:

פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע (1789)
ביז דער וועלט-מלחמה (1914)

אין דריי בענד

קאאפעראַטיווער פאַרלאַג „קולטור-ליגע", וואַרשע

# די נייסטע
# געשיכטע פון יידישן פאָלק

פון ש. דובנאָוו

---

ערשטער באַנד

(1815–1789)

איבערגעזעצט פון נ. שטיף
אונטער דער רעדאַקציע פון מחבר.

קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג „קולטור־ליגע“, וואַרשע

# הקדמה צו דער יידישער אויסגאַבע

די „נייסטע געשיכטע פונם יידישן פאָלק” איז נאָך איז דער ערשטער, נישט פאַרענדיקטער רוסישער אויסגאַבע געווען אויסגעטיילט פון מיין „אַלגעמיינער יידישער געשיכטע” אין אַ באַזונדער ווערק. איצט, ווען די „נייסטע געשיכטע” איז שוין פאַרענדיקט מיטן גרענעץ-יאָר 1914, מאַכט זי אויס אַן אָפּגעשלאָסן ווערק נישט נאָר אויסערלעך, נאָר אויך לויט איר היסטאָרישן אינהאַלט. דער דאָזיקער טייל פון אונזער היסטאָריע פאַרנעמט אַ תקופה פון 125 יאָר (פון 1789 ביז 1914), וואָס איז אודאי אַ קלייניקייט אין אונזער דריי-טויזנט-יעריקער געשיכטע, אָבער מיר, די לעצטע דורות, לעבן דאָך אונטער דער דירעקטער השפעה פון דער נאָענטער תקופה, און עס איז נויטיק אויסצופאָרשן די קוואַלן, פון וואַנען עס נעמען זיך אַלע אונזערע נאַציאָנאַלע, סאָציאַלע און גייסטיקע קריזיסן אין דער לעצטער צייט. אויסערדעם, שטעלט פאָר די נייסטע תקופה אַן אָפּגעשלאָסענעם גאַנצעס אין איר אינעווייניקסטער עוואָלוציע. מיר זעען דאָ, ווי דאָס היסטאָרישע באַשעפעניש, וואָס רופט זיך פאָלק ישראל, מאַכט דורך אין אַ קורצער צייט דעם גאַנצן פּראָצעס פון אָרגאַנישער אַנטוויקלונג: פון דעם אַלטן טעזיס — דעם פאַרגליווערטן מיטלאַלטערלעכן לעבנס-שטייגער, וואָס איז געווען קוים באַרירט צו דער צייט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, דורך דעם שאַרפן אַנטי-טעזיס פון אַסימילאַציע, ביז צום מאָדערנעם נאַציאָנאַלן סינטעז, וואָס פאַרייניקט אין זיך נאַציאָנאַלע מיט הומאַניסטישע, אַלמענטשלעכע עלעמענטן. דאָס איז מער נישט ווי איין רינג אין אונזער לאַנגער היסטאָרישער קייט, וואו עס געפינען זיך נאָך אַסך אַזעלכע רינגען פון גאָר אַלטע צייטן, אָבער אונזער דור לעבט דאָך אין דעם דאָזיקן רינג, און מיר מוזן אים אויפקלערן, געבן צו פאַרשטיין, וואו האַלטן מיר אין דער היסטאָרישער וועלט.

צו דעם צוועק איז דער נייסטער טייל פון דער יידישער געשיכטע באַאַרבעט אין אַסך אַ גרעסערן מאָסשטאַב, איידער די פריערדיקע טיילן. די צוויי גרעניצן פון דער נייסטער תקופה — די פראַנצויזישע רעוואָלוציע מיט דער יידן-עמאַנסיפּאַציע אין אָנהויב און די וועלט-מלחמה מיט דעם חורבן פון דעם רוסיש-יידישן צענטער צום סוף — שניידן זי שאַרף אָפּ פון ביידע זייטן. די לעצטע דאַטע, די קריזיס-יאָרן 1914—1918, זענען נישט אַ פּשוטער גרענעץ: דאָס איז אַ טיפער תהום, אַן אָפּגרונט, וואָס אַ היסטאָריקער דאַרף נאָך איצט נישט אַריבערטרעטן.

די יידישע אויסגאַבע שטימט בכלל מיט דעם טעקסט פון דער לעצטער דריי-בענדיקער רוסישער אויסגאַבע (בערלין 1923). דער רעגיסטער צו אַלע דריי בענד וועט געדרוקט ווערן צום סוף פון לעצטן באַנד.

בערלין, יוני 1923

דער מחבר.

# אינהאַלט



## אַריינפיר



## די תקופה פון דער ערשטער עמאַנסיפּאַציע
## (1815—1789)

### קאַפּיטל I. די יידישע עמאַנסיפּאַציע אין פראַנקרייך.

## קאַפּיטל II. יידישע עמאַנסיפּאַציע אין די לענדער פון פראַנצויזישער הערשאַפט



## קאַפּיטל III. עמאַנסיפּאַציע-שטרעמונגען און קולטור-קריזיס אין דייטשלאַנד

# אַרײַנפיר

I. די ײדישע וועלט פאַר דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע

II. די הויפּט־פּראָצעסן פון דער נייסטער געשיכטע

# 1. די יידישע וועלט פאַר דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע

## § 1. די אַלטע אָרדנונג

אין דער לעצטער צייט פאַר דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וואָס פון איר האָט זיך אָנגעהויבן די יידישע עמאַנסיפּאַציע, איז די פּאָליטישע און סאָציאַלע לאַגע פון אַלע טיילן יידישן פאָלק אין די אייראָפּעאישע מדינות געווען כמעט אומעטום גלייך.

אומעטום זענען יידן געווען באַגרעניצט אין זייערע רעכט, אין אייניקע ערטער ביז גאָר אָן רעכט, דאָ האָט געגאָלטן אַן אייגנאַרטיק jus judaicum (יידן-רעכט), אַ רעשט פון מיטלאַלטער, וואָס האָט געהאַט זיינע אייגענע פאָרמען אין יעדער לאַנד באַזונדער, לויט די תנאים אויף אַן אָרט און לויט דעם, וואָס הערשער און הערשנדיקע קלאַסן האָבן פאַרמאָגט יורידיש צוצוטראַכטן. די דאָזיקע יסודות פון דער אַלטער אָרדנונג זענען אַזוי:

א. אין פּאָליטישן און אין בירגערלעכן פרט זענען יידן אין יעדער לאַנד געווען אַ מין גרופּע אויסלענדער, וואָס קיין אייגענע מלוכה האָבן זיי נישט, און דעריבער זענען אינטערנאַציאָנאַלע טראַקטאַטן פאַר זיי נישט גילטיק, נישטאָ ווער זאָל זיך פאַר זיי אָננעמען. זיי האָבן געמעגט לעבן אין אייניקע געגנטן און באַשעפטיקן זיך מיט געוויסע פּראָפעסיעס אויף שווערערע אָדער גרינגערע תנאים, וואָס די רעגירונג, די פעאָדאַלע אָדער מוניציפּאַלע מאַכט האָט זיי געשטעלט. דאָס איז געווען אַ מין אָפּמאַך צווישן בעלי-בתים און אָנגעקומענע, כאָטש די דאָזיקע אָנגעקומענע האָבן שוין געהאַט פאַר זיך אין לאַנד צענדליקער דורות פריער. דער אָפּמאַך האָט באַדאַרפט לוינען דעם שטאַרקערן צד: דעם „אָנגעקומענעם" האָט מען געלאָזט ערגעץ אַ הינטערשט ווינקל צו וואוינען און אייניקע נישטיקע פּראָפעסיעס אויף צו לעבן, אַזוינע פּראָפעסיעס, וואָס פון זיין קאָנקורענץ זאָל דער „תושב" וואָס ווייניקער ליידן. פאַר דעם „חסד" האָט דער אָנגעקומענער באַדאַרפט צאָלן אַ גרונד-שטייער, „שוץ-געלט" און אַנדערע ספּעציעלע אָפּצאָלן. אין דעם גרעסטן טייל לענדער האָט מען דעם יידן

געשטעלט אייזערנע גראַטעס, ווי נאָר ער האָט געפּרואווט פאַרברייטערן זיין „תחום" צו וואוינען און זיין „תחום" פּראָפעסיעס. אין אייניקע ערטער האָט די מאַכט אָפיציעל פאַרווערט יידן, זיי זאָלן זיך באַטירלעך מערן, אַ ספּעציעל געזעץ האָט נאָרמירט די צאָל חתונות ביי יידן און נישט געלאָזט די יידישע באַפעלקערונג וואַקסן. שטרענגער און ערגער, איידער אומעטום, האָט מען רעגלאַמענטירט דאָס יידישע לעבן אין די צוויי וויכטיקסטע יידישע צענטערן אין מערב-אייראָפּע — אין דייטשלאַנד און עסטרייך. אין מזרח-אייראָפּע, אין פּוילן, צווישן די געדיכטע יידישע מאַסן, האָט די רעגלאַמענטאַציע זיך נישט פאַרמאָסטן אויף דעם געזעץ פון דעם באַטירלעכן וואַקסן, נאָר אין פּוילן האָט מען נאָרמירט דאָס יידישע לעבן מיט ספּעציעלע קאָנצעסיעס, קעניגלעכע, פּריצישע, אָדער מוניציפּאַלישע. דאָ האָט מען געהאַלטן די יידישע מאַסע אויסגעטיילט אין אַ לאַגע פון אַ באַזונדער קאַסטע, מחוץ פון אַלע שטאַנדן. אין די פּוילישע פּראָווינצן, וואָס זענען איבערגעגאַנגען צו רוסלאַנד, האָט מען שוין געקאָנט מערקן סימנים פון אַ באַזונדער געזעצגעבונג צו באַגרעניצן יידישע רעכט.

ב. די עקאָנאָמישע לאַגע האָט געשטימט מיט דער בירגערלעכער. הערשער, הערשנדיקע קלאַסן, מאַגיסטראַטן, צעכן און גילדיעס האָבן פאַרטריבן יידן אין אַ שטייג פון געציילטע פּראָפעסיעס. אין מערב-אייראָפּע האָבן יידן געמעגט זיך באַשעפטיקן נאָר מיט קליינהאַנדל און מיט וואָכער, אַפילו צו קיין מלאכה האָט מען זיי אָפטמאָלס נישט צוגעלאָזט. גרויסע סוחרים, פאַבריקאַנטן און באַנקירן האָט מען געקאָנט טרעפן אין דרום-פראַנקרייך, אין האָלאַנד און אין ענגלאַנד; אין פּרייסן און אין עסטרייך האָבן אַזוינע זיך אָנגעהויבן באַווייזן ערשט ענדע 18-טן יאָרהונדערט, וואו די „אויפגעקלערטע" מאָנאַרכן פרידריך דער II-טער און יוסף דער II-טער האָבן געשטיצט פאַבריק-אינדוסטריע, אָבער דאָס איז שוין געווען אַ שפּראָצל פון יידישער געלט-אַריסטאָקראַטיע, וואָס האָט זיך געהאַלטן מיט דער יידישער מאַסע פונדערווייטנס. אין מזרח-אייראָפּע האָבן זיך יידן באַשעפטיקט מייסטנס מיט מלאכה און האַנדל, מיט אַרענדירן פאַרשיידענע צווייגן לאַנדווירטשאַפט ביי פּריצים, דערהויפּט האָבן יידן אַרענדירט די „פּראָפּינאַציע", ד. ה. דאָס רעכט צו האַלטן שענקען אין שטעט און דערפער. די יידישע אָרימע מאַסע, פאַרטריבן ערגעץ אויף דעם הינטער-הויף אין דער פאָלקס-ווירטשאַפט, אומזיכער מיט די נישטיקע, צופעליקע פאַרדינסטן, האָט אויסגעזען אין עקאָנאָמישן פּרט ביי דער וועלט ווי אַ מחנה פאַרשטויסענע. אַזוינע מוז-פּרנסות, ווי וואָכער אין מערב-אייראָפּע און שענקעריי אין די מזרח-לענדער, האָבן נאָך שאַרפער געמאַכט די דערנידערונג און האָבן גערייצט דאָס האַס-געפיל צו די שטיפקינדער פון פאָטערלאַנד.

ג. נאַציאָנאַל איז די יידישע מאַסע געווען ביזן יאָר 1789 אין יעדער לאַנד אַן אָפּגעזונדערטער קאָלעקטיוו מיט אַן אייגענעם שטייגער קהילה־לעבן און גייסטיקייט. די מלוכה האָט זיך גערעכנט מיטן יידישן איי־גענעם שטייגער לעבן און האָט סאַנקציאָנירט די קהילה־אויטאָנאָמיע. אין היסטאָרישן פּראָצעס האָט זיך דאָס נאַציאָנאַלע אייגנס ביי דער יידישער מאַסע אַזוי איבערגעפלאָכטן מיט דער רעליגיעזער טראַדיציע, אַז פון אַ זייט האָט דאָס געקאָנט מאַכן דעם איינדרוק, אַז די יידישע געשלאָסנ־קייט האַלט זיך נאָר אויף דער רעליגיע, אויף אמונה און מנהגים. דער־פון נעמען זיך די פאַרשיידענע קוקן אויף יידן ביי דער ארומיקער גע־זעלשאַפט: איין צד האָט געהאַלטן יידן פאַר אַ שאַרף־אויסגעשפּראָכענעם נאַציאָנאַלן טיפּ, וואָס לעבט מיט דער האָפנונג אויפריכטן זיין מלוכה־לעבן אין אַ קינפטיקער משיח־מלוכה; דער צווייטער צד האַלט יידן בלויז פאַר אַ רעליגיעזער געמיינשאַפט אָדער פאַר אַ סעקטע, וואָס איז אָדער קאָן זיין מיט דער צייט אַ גליד פון די אַרומיקע נאַציעס. זינט דער צווייטער העלפט 18־טן יאָרהונדערט, זינט דער „אויפקלער־תקופה" אָן, זעען מיר צו די דאָזיקע פאַרשיידענע מיינונגען ביי יידן גופא. דער אַלטער פונדאַמענט פון דער יידישער קהילה־אויטאָנאָמיע הויבט זיך אָן צו וואַקלען, אין מערב־אייראָפּע קומט עס פאַר איבער די קלעפּ פון דעם „אויפגעקלערטן אַבסאָ־לוטיזם", וואָס האַלט יידישע אָפּגעזונדערטקייט פאַר אַ פאַרברעך, אין מזרח־אייראָפּע קומט דאָס דערפון, וואָס דער יידישער צענטער אין פוילן ווערט צעפאַלן, צעפּיצלט צווישן פּרייסן, עסטרייך און רוסלאַנד.

ד. אין פּרט פון גייסטיקער קולטור זעען מיר אין יענער תקופה דאָס ערשטע מאָל אַ שפּאַלטונג צווישן צוויי העגעמאָנישע צענטערן פונם אַלטן יידנטום, צווישן דייטשלאַנד און פוילן. אין פוילן, וואו די אַלטע יידישע קולטור קאָן זיך שוין געגוג נישט שפּייזן פונם רבנות, זעען מיר, ווי דאָס אויפגעקומענע חסידות שפּייזט זי און פאַרשטאַרקט אירע פּאָזיציעס; אין דייטשלאַנד אָבער שטייט אויף אַקעגן דער אַלטער קולטור די „אויפקלערונג" פון מענדעלסאָנס צייט: די מעסיקע עלעמענטן פון דער אויפקלער־באַוועגונג ווילן באַנייען די יידישע קולטור, די עקסטע עלעמענטן ווילן זי צעשטערן. די רעזולטאַטן פון ביידע באַמיונגען באַווייזן זיך ערשט נאָך דעם יאָר 1789.

בכן זעען מיר, ווי די לעצטע צייט פאַר דער פראַנצויזישער רעוואָ־לוציע איז די אַלטע אָרדנונג נאָך שטאַרק אין בירגערלעכן און אין עקאָ־נאָמישן לעבן, נאָר אין נאַציאָנאַל־קולטורעלן פּרט הויבט זיך אָן אַן איבער־בראָך. מיר וועלן זיך איצט צוקוקן, ווי דער אַלטער רעזשים האָט אויסגע־זען אין יעדער לאַנד באַזונדער.

## § 2. דייטשלאַנד

אַ בילד פון יידישער רעכטלאָזיקייט בכלל אין צעברעקלטן דייטשלאַנד און אין שכנותדיקן פראַנצויזישן עלזאַס געפינען מיר ביי קריסטיאַן-ווילהעלם דאָהם אין זיין בוך: „איבער די בירגערליכע פערבעסערונג דער יודען" (בערלין, 1781). דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט אַ פרייסישן „טשינאָווניק" אַ פובליציסט, וואָס האָט געפאָדערט מעסיקע רעפאָרמעס פאַר יידן צוליב מלוכה-אינטערעסן. דעריבער האָבן מיר אין זיינע רייד כמעט אָפיציעלן מאַטעריאַל. ער שרייבט אַזוי:

„ס'זענען פאַראַן מלוכות, וואו יידן טאָרן בכלל נישט וואוינען, נאָר רייזנדער מעגן זיך דאָ אָפשטעלן פאַר אַ געוויס געצאָלט, אָפטמאָלס נישט מער ווי אויף איין נאַכט, אונטערן שוץ פון דער אָרטיקער מאַכט. אין אַלע איבעריקע מלוכות לאָזט מען געוויינלעך אַריין יידן אונטער די שווערסטע תנאים, און דאָס אויך נישט אַלס בירגער, נאָר אַלס „געדולדעטע". מייסטנס לאָזט מען יידישע משפחות זיך באַזעצן אין אַ לאַנד נישט מער ווי אַ געוויסע צאָל, נאָר אויך די לאָזט מען וואוינען נישט אַנדערש, ווי אין געוויסע ראַיאָנען, און פאַר אַ גרויס געצאָלט. אַז אַ ייד האָט עטלעכע זין, קאָן ער איבערגעבן זיין רעכט צו וואוינען אין לאַנד, וואו זיי זענען געבוירן, נאָר איינעם, די איבעריקע זין מוז ער אָפשיקן אין אַנדערע לענדער זיך מאַטערן דאָרט; ממילא מוז ער צעברעקלען זיין פאַרמעגן. טאָמער האָט ער טעכטער, איז דאָס אַ מזל-זאַך, צי וועט אים געראָטן זיי חתונה מאַכן צווישן די געציילטע משפחות יידן, וואָס וואוינען אין לאַנד. דערפון זעט מען, אַז אַ יידן אַ פאַמיליע-מענטשן טרעפט זעלטן דאָס גליק צו לעבן מיט זיינע קינדער אינאיינעם און פאַרזאָרגן זיכער זיין געזינט. אפילו דער רייכסטער מוז צעברעקלען זיין פאַרמעגן, ווייל ער מוז זיך שיידן מיט זיינע קינדער און אויסטיילן זיי געוויסע חלקים, זיי זאָלן האָבן פון וואָס צו לעבן אין אַנדערע לענדער. אַז אַ ייד באַקומט שוין דאָס רעכט צו וואוינען אין לאַנד, מוז ער דאָס אַלע יאָר קויפן פון דאָס ניי פאַר היפשן אָפצאָל. ער טאָר נישט חתונה האָבן אָן אַ ספעציעלער ערלויבעניש, וואָס נישט יעדער קאָן דאָס באַקומען; פאַרשטייט זיך, אַז דערפאַר דאַרף ער ווידער צאָלן; קומט אים צו אַ קינד, וואַקסט אויף אים דער באַרג שטייערן... וויפיל אַ ייד זאָל נישט צאָלן פאַר פאַרשיידענע רעכט, זענען זיינע פרנסות באַגרעניצט ביז גאָר. ער טאָר נישט געניסן דעם כבוד צו דינען דער מלוכה נישט אויפן פרידלעכן און נישט אויפן מיליטערישן געביט. די וויכטיקסטע פראָדוקטיווע באַשעפטיקונג — ערדאַרבעט איז אים פאַרבאָטן, און כמעט אין ערגעץ איז אים נישט ערלויבט צו פאַרווערבן גיטער. אַ צענ

בעלי-מלאכות וואָלט געהאַלטן פאַר אַן אומכּבוד פאַר זיך, ווען אַ ייד זאָל ווערן ביי אים אַ גליד, און דערפאַר טאַקע ווערן יידן באַזייטיקט פון מלאכה און פון מעכאַנישע פּראָפעסיעס. נאָר אַ קליינער טייל צווישן זיי, נאָר די פעיקסטע, האָבן באַוויזן מוט און טאַלענט גובר צו זיין די אַלע רדיפות און דערגרייכן ביז העכערע מדרגות אין וויסנשאַפט און קונסט, אָבער פון אַלע קענטענישן מעג אַ ייד זיך שפייזן נאָר פון מאַטעמאַטיק, נאַטור-וויסנ-שאַפט און מעדיצין. אפילו די געציילטע יידן, וואָס האָבן דערלאַנגט גאָר אַ הויכע מדרגה אין וויסנשאַפט און אין קונסט און וואָס מיט זייער אָרנט-לעך לעבן זענען זיי אַ כּבוד פאַר דעם כּלל מענטשן, אפילו די ווייסט מען אויך צו שעצן נאָר אין אַ הייפל איידעלע געבילדעטע לייט; די מאַסע פון פאָלק אָבער קאָן זיי נישט מוחל זיין די שולד, וואָס זיי שטאַמען פון יידן. קיין שום טאַלענטן און מעלות העלפן נישט. און דער אומגליקלעכער ייד, וואָס קיין פאָטערלאַנד לאָזט מען אים נישט האָבן, וואָס מ'שטערט אים אַרבעטן, וואָס מ'לאָזט אים נישט אַנטוויקלען זיינע פעיקייטן, האָט קיין אַנדער ברירה נישט, ווי נעמען זיך צום האַנדל. אָבער אין דעם האַנדל גופא האָט ער אויסצושטיין גזרות און איבערטראָגן אַ באַרג שטייערן. בכלל זענען פאַראַן זייער ווייניק יידן, וואָס פאַרמאָגן גענוג קאַפּיטאַל צו גרינדן אַ גרעסער געשעפט. דער רוב יידן זענען דעריבער געשטעלט אין אַזאַ לאַגע, אַז זיי מוזן זיך באַשעפטיקן מיט קליינקרעמעריי אָדער זיי מוזן אָפּגעבן זייער געלט אויף פּראָצענט, ווארום אַנדערש קאָנען זיי פון דעם קיין נוץ נישט ציען"...

דאָס איז געווען דער כּלל רעפּרעסיווע פּאָליטיק קעגן יידן אין אַלע גרעסערע און קלענערע מלוכות אין דעם צעבראָקלטן דייטשלאַנד, פּרטים האָט יעדער לאַנד אויפגעטאָן פאַר זיך, אָבער שטרענג אָפּגעהיט דעם כּלל. שווערער פאַר אַלץ האָט זיך די דאָזיקע פּאָליטיק געלאָזט פילן אין דעם רעכט פון פאַרקער. דריי הונדערט מלוכות און מלוכהלעך אין דייטשלאַנד, דריי הונדערט שטייגן, האָבן געמאַכט נעצן ביי זייערע גרעניצן אַריינצו-כאַפּן די געיאָגטע חיה, דעם יידן. איז אַ ייד איבערגעפאָרן פון איין מלוכה אין דער צווייטער, אָפט אַפילו פון איין שטאָט אין דער אַנדערער אין דער זעלבער מלוכה, אַזוי האָט ער געמוזט ביי דער גרעניץ אויפן נייעם אָרט צאָלן דעם זעלבן קאָפּ-שטייער, וואָס איז געווען איינגעפירט פאַר פרעמד פי. דאָס איז דער שענדלעכער "לייב-צאָל" אָדער "געלייט-צאָל", "יידן-געלייט" אָדער בכלל דורכפאָר-צאָל, וואָס האָט אַ יידן אַ דורכפאָרער געמאַכט צו שאַנד און צו שפּאָט ביי די טויערן און ביים שלאַגבוים פון אַסך דייטשע שטעט. פון דעם דאָזיקן שטייער האָט מען פריי געלאָזט נאָר פּריווילעגירטע "שוץ-יודען" אָדער "פערגלייטעטע יודען" אויף דעם שטח

פון דער מלוכה, וואָס האָט זיי די פּריווילעגיע געשענקט, אָבער בזיונות פון קאָנטראָל האָט אין אַזאַ פאַל אויך נישט געפעלט. ווי נאָר אַזאַ „פּריווילעגירטער" ייד האָט זיך אַ ריר געטאָן צו אַ פלעק ערד פון אַן אַנדער פירשט האָט ער שוין דאָ אויך געמוזט צאָלן דעם לייב-צאָל. ווען מענדעלסאָן, שוין דאַמאָלט באַרימט אַלס שריפטשטעלער, איז אין יאָר 1776 געקומען קיין דרעזדען, די הויפּטשטאָט פון זאַקסן, האָט מען אים ביי דער גרעניץ פאַרהאַלטן, און מ'האָט אים געהייסן באַצאָלן לייב-צאָל לויט דער טאַקסע, וואָס מ'נעמט פון „אַ פּוילישן אָקס", ווי דער באַליידיקטער בערלינער פילאָזאָף האָט זיך נאָכדעם אויסגעדריקט מיט אַ ביטערן שפּאַס.

אין זאַקסן, אין דער „פּראָטעסטאַנטישער שפּאַניע", האָבן יידן, לויט דער „יודען-אָרדנונג" פון יאָר 1746, געמעגט וואוינען נאָר אַ קליינע צאָל און מיט זייער ביטערע תנאים. אין דרעזדען האָבן זיי נישט געטאָרט האָבן קיין שול אויף צו דאַוונען בציבור, זיי האָבן נישט געטאָרט פאַרווערבן קיין הייזער, נישט געטאָרט באַשעפטיקן זיך מיט מלאכה און האַנדל חוץ אויסבייטן געלט און טענדלען מיט אַלטוואַרג. שפּעטער (די יאָרן 1767, 1772—73) האָט מען זיי באַהאַנדלט נאָך שטרענגער. פּאָליציי האָט געקוקט, אַז אין די הייזער ביי „טאָלערירטע" יידן זאָלן זיך נישט אויסבאַהאַלטן קיין פרעמדע יידן, וואָס האָבן דאָ קיין וואוינרעכט נישט. דער שטייער פאַר וואוינרעכט („שוץ-געלט") איז אויסגעוואַקסן ביז 70 טאָלער אַ יאָר פון יעדן ייד אַ בעל-הבית, 30 טאָלער פאַר זיין ווייב, צו 5 טאָלער פאַר אַ קינד. פאַר חתונה האָבן האָט מען באַדאַרפט אָפּצאָלן 40 טאָלער. אַ סך געזינטן, וואָס האָבן נישט געקאָנט אויסשטיין אַזוינע שטייערן, האָט מען געהאַלטן ביי אַרויסשיקן פון דאָרט; מענדעלסאָן האָט זיך דאָ אַריינגעלייגט און האָט אָפּגעראַטעוועט הונדערטער אומגליקלעכע נפשות (1777).

דאָס קאַטוילישע בייערן האָט קאָנקורירט מיט דעם פּאָטערלאַנד פון פּראָטעסטאַנטיזם. דאָ האָבן יידן געמעגט וואוינען אין זייערע געטאָס נישט מער ווי אין עטלעכע שטעט (פיורט אָדער פיורדאַ, אַנסבאַך א. אַ.), אין אַ סך שטעט האָט מען זיי נישט אַריינגעלאָזט, סיידן אויף גאָר אַ קורצער צייט צוליב האַנדלס-צוועק, און די פּאָליציי האָט אויף זיי דאַמאָלס השגחה געהאַט אַזוי ווי אויף אַרעסטאַנטן („לעבעדיגעס געלייט" אין ניורנבערג). אומעטום איז זיי זייער שווער אָנגעקומען אַ פּאַטענט אַפילו אויף קליינהאַנדל, נאָר אין פיורט אַליין האָבן יידן באַוויזן צו מאַכן גרויסע מסחרים.

דערהויפּט האָט דער מיטלאַלטערישער געטאָ-רעזשים געבליט אין דער פרייער רייכסשטאָט, פראַנקפורט אַם מיין, דעם אָרט פון דער גרעסטער יידישער קהילה אין דייטשלאַנד. די בירגערישע אָליגאַרכיע, וואָס האָט געפירט די שטאָט, אָנגעזאַפּט מיט קרעמער-גייסט און מיט לוטעראַנישער אומטאָלעראַנץ (דאָרט זענען אַפילו קאַטוילן געווען באַגרעניצט אין רעכט),

האָט פֿאַרשפּאַרט יידן אין דער פֿינסטערסטער שטייג. פֿראַנקפֿורטער געטאָ אָדער די „יידנגאַס" האָט נישט אומזיסט געהאַט אַ שם פֿון אַ „צווייטן מצרים". אין אַ שרעקלעכער ענגשאַפֿט האָבן זיך דאָרטן געשטיקט ביז 500 יידישע פֿאַמיליעס, צווישן זיי אַ סך פֿאַרמעגלעכע און געבילדעטע לייט אויך. פֿון יענער זייט געטאָ האָט קיין ייד נישט געטאָרט וואוינען. אין שטאָט אַריין האָט ער געמעגט גיין נאָר בייטאָג, זונטיק — אַפֿילו בייטאָג אויך נישט; אויף ביינאַכט פֿלעגט מען פֿאַרשפּאַרן די געטאָ-טויערן, און אַ פּאָליציי-וואַך האָט געהיט, אַ ייד זאָל נישט אַרויסשמעקן פֿון דאָרט, סיידן אין אַ בויטפּאַל. אין יאָר 1786 איז דאָ אין איין אַזאַ קנעכט-הויז געבוירן געוואָרן לודוויג בערנע (ליב ברוך), דער קינפֿטיקער שטרייטער פֿאַר דייטשלאַנדס פֿרייהייט. ער האָט באַשריבן זיינע קינדער-איינדרוקן פֿון דעם פֿראַנקפֿור-טער געטאָ מיט אַזוינע סאַרקאַסטישע ווערטער: „יידן האָבן געוואוינט אין אַ ענגער גאַס, און דער דאָזיקער פֿלעק ערד איז געווען אַזוי געדיכט באַ-זעצט, וואָס די וועלט פֿאַרמאָגט עס נישט... וועגן קיין אַנדערן האָבן די הערשער נישט אַזוי ציטערדיק געזאָרגט, ווי וועגן דעם יידן. זונטיק האָט מען יידן נישט געלאָזט זיך באַווייזן פֿון זייער גאַס אַרויס, שכּורים זאָלן זיי נישט באַפֿאַלן. ביז 25 יאָר האָט מען זיי נישט געלאָזט חתונה האָבן, געוויס מיט דעם מיין, זיי זאָלן האָבן אַ שטאַרקן, געזונטן דור. אין די חגאות האָבן זיי געמעגט אַרויסגיין פֿאַר דעם טויער ערשט זעקס אַזייגער אין אָוונט, דאָס איז מען אויסן געווען זיי צו פֿאַרהיטן, די זון זאָל זיי נישט ברענען. די שפּאַציר-פֿלעץ הינטער דער שטאָט זענען געווען נישט פֿאַר זיי, זיי האָט מען געהייסן שפּאַצירן אין פֿעלד, זיי זאָלן ליב באַקו-מען לאַנדווירטשאַפֿט. גייט אַ ייד, און אַ קריסט שרייט אים אַקעגן: „מאַך מאָרעס, יוד" (דרך ארץ, ייד!), מוז דער ייד אַראָפּנעמען די היטל: אַזאַ העפֿלעכקייט זאָל פֿאַרשטאַרקן די ליבשאַפֿט צווישן צוויי רעליגיעזע גרופּעס. אויף אייניקע גאַסן האָט זיך אַ ייד נישט געטאָרט ווייזן, מסתּמא זענען זיי געווען שלעכט ברוקירט". די געטאָ-מענטשן האָבן זיך נישט געטאָרט ווייזן אין גאַס אין שטאָט בעת רעליגיעזע פּראָצעסיעס און פֿייערלעכקייטן. אין זעלטענע פֿאַלן האָט מען אַזוינס ערלויבט. אין יאָר 1790, דער טאָג וואָס מ'האָט געקרוינט קייזער לעאָפּאָלד II, האָט מען עטלעכע יידן געטאָן אַ חסד און זיי אַרויסגעגעבן פֿון דעם שטאָטראַט אַזוינע פּאַסיר-שיינען: „אַזוינעם און אַזוינעם... מעג מען אַרויסלאָזן פֿון דער יידנגאַס אין שטאָט אַריין דעם טאָג פֿון קרוינען, בתנאי, אַז ער זאָל קוקן אויף דער צערע-מאָניע פֿון אַ פֿענסטער אָדער אַ באַלקאָן, אָבער באין אופֿן נישט אין גאַס"... אין פֿראַנקפֿורט האָט נישט געטאָרט זיין מער פֿאַר 12 חתונות אַ יאָר צווישן 500 יידישע געזינטן.

די רעגירער פון די דייטשע מלוכות האָבן נישט באַהאַלטן די מאָטיוון פון זייער פרעה-פּאָליטיק, וואָס איז אויסן געווען, יידן זאָלן זיך נישט מערן. דער מעקלענבורגער הערצאָג פרידריך-פראַנץ דער I-טער, וואָס האָט געקלונגען פאַר אַ „ליבעראַל", האָט באַפוילן, מ'זאָל אויפהערן געבן יידן „שוץ-בריף" (אויף וואוינרעכט) מער פאַר אַ געוויסער צאָל, „אַזוי לאַנג, ביז אַ טייל פריערדיקע שוץ-יידן וועט נישט אויסשטאַרבן, און די איבעריקע וועלן דורכדעם באַקומען די מיגלעכקייט דורכצולעבן". דערוואַקסענע זין האָבן נישט געטאָרט בלייבן אין לאַנד אויף דעם זכות פון זייערע עלטערנס וואוינרעכט, סיידן זיי האָבן געקאָנט באַווייזן, אַז זיי פאַרמאָגן אייגענעם קאַפּיטאַל אָדער זיי האָבן אַ זיכער פאַרדינסט. דער תירוץ פאַר נאָרמירן די צאָל יידן אין לאַנד איז דאָ געווען כלומרשט די זאָרג, זיי זאָלן האָבן פון וואַנען צו לעבן, באמת אָבער האָבן די הערשער, די מאַגיסטראַטן, די צעכן געטאָן וואָס נאָר זיי האָבן געקאָנט צו פאַרשטאָפּן פאַר יידן אַלע קוועלן פון חיונה און דערמיט געווינען אַ תירוץ אויף אַרויסשיקן די „איבעריקע" יידן. די באַדענער רעגירונג דערקלערט, פאַרוואָס זי לאָזט נישט צו יידן צו צעך-מלאכות, אַזוי: „ביי זייערע פעיקייטן וואָלטן זיי (יידן) דערלאַנגט גרויסע מייסטערשאַפט אין אייניקע פאַכן און וואָלטן איבערגעצויגן די פאַרדינסטן צו זיך".

אין דער גרויסער יידישער קאָלאָניע אין דער אינדוסטריע-שטאָט האַמבורג האָט מען יידן עקאָנאָמיש געשטערט אויף טריט און שריט, אין גרונד איז מען דאָ אויך אויסן געווען צו באַזייטיקן יידישע קאָנקורענץ. אַסך צווייגן אינדוסטריע און מלאכה זענען יידן געווען פאַרווערט. יידישע קינדער, אַפילו פון פאַרמעגלעכע און געבילדעטע פאַמיליעס, האָט מען נישט צוגעלאָזט אין די שטאָט-שולן. איז אַ פרעמדער ייד געקומען אין שטאָט אַריין, האָט ער געמוזט ביים אַריינפאָר אָפּצאָלן אַ „געלייטס-גולדען" און אַ „שוץ-טאַלער" דערצו. יידן האָבן דאָ געמעגט וואוינען נאָר אין אַ געוויסן ראַיאָן, כאָטש שוין נישט אַזוי ענג, ווי אין פראַנקפורטער געטאָ.

## § 3. פרייסן

אין קיין אַנדער מלוכה איז די רעגלאַמענטאַציע פון יידישער קנעכטשאַפט נישט געווען אַזוי מיאוס, ווי אין פרייסן צו דער „אויפקלער-צייט" פון פרידריך II, „דעם גרויסן", ווי מ'האָט אים אַ נאָמען געגעבן. דאָס גאָרע יידישע לעבן איז דאָ געווען אַרומגענומען מיט די אומדערבאַרמסטע פונקטן פון פרידריכס „יידן-רעגלאַמענט" (1750) אַזוי ווי מיט אייזערנע קייטן. דער

דאָזיקער רעגלאַמענט, אַ מלוכה-אויפטו פון אַ קעניג אַ פריידענקער, וואָס האָט נישט געגלויבט אין קיין קירך-קאַנאָנען, איז לויט זיין אינעווייניקסטן געדאַנ- נישט ווייט אַוועק פון די מיטלאַלטערישע קירך-געזעצן קעגן יידן.

לויט דעם רעגלאַמענט פון יאָר 1750 און די שפּעטערדיקע פּירושים צו דעם, זענען יידן אין קעניגרייך פּרייסן איינגעטיילט אין צוויי הויפּט-קלאַסן: „שוץ-יודען" און „געדולדעטע יודען". „שוץ-יודען" זענען ווידער איינ-געטיילט אין דריי גרופּעס, לויט די רעכט, וואָס יעדער איינער ווערט געשענקט: 1) „גענעראַל-פּריווילעגירטע" האָבן לויט אַ קעניגלעכער פּריווילעגיע געמעגט וואוינען און זיך באַשעפטיקן מיט פּראָפעסיעס, זיי און זייערע גע-זינטן, אומעטום, וואו יידן האָבן זיך געמעגט באַזעצן; 2) „געוויינלעכע" (אָרדענטליכע שוץ-יודען) האָבן געלעבט אויפן סמך פון אַ „שוץ-בריף", אין וועלכן איז געווען פּינקטלעך אויסגערעכנט, וואו זיי מעגן וואוינען, מיט וואָס זיי מעגן זיך באַשעפטיקן, ווער פון זייער געזינט געניסט דעם זכות. די געוויינלעכע שוץ-יידן האָבן געקאָנט איבערגעבן זייער זכות נאָר איינעם פון זייערע קינדער; אַז צוויי, איז שוין מיט אַ באַזונדער השתדלות, בתנאי, אַז דער פֿאָטער פאַרמאָגט אַ היפּשן קאַפּיטאַל; די איבעריקע קינדער האָבן נישט געהאַט קיין זכות צו האַנדלען. 3) „אויסער-געוויינלעכע" („אויסער-אָרדענטליכע שוץ-יודען") האָבן געהאַט דעם זכות צו וואוינען לעבנלאַנג אין אַ געוויסן אָרט און באַשעפטיקן זיך מיט איין געוויסער פּראָפעסיע. קינדער האָבן שוין דעם זכות נישט געהאַט. צו דער גרופּע האָבן געהערט דאָקטוירים, מאָלערס און אַנדערע פרייע פּראָפעסיעס. צום קלאַס „געדולדעטע" האָבן געהערט: אָנגעשטעלטע אין די קהילות (רבנים, חזנים, שוחטים וכדומה), קינדער פון „געוויינלעכע" שוץ-יידן, חוץ די ערשטע צוויי, אַלע קינדער פון „אויסער-געוויינלעכע" שוץ-יידן, הויז-דינער און דעסגלייכן. זיי איז פאַרווערט געווען אין פאַרשיידענע מדרגות צו באַשעפטיקן זיך מיט האַנדל און מיט מלאכות און חתונה האָבן צווישן זיך; דורך אַ שידוך האָבן זיי נאָר געקאָנט אַריין אין פאַמיליעס פון „פּריווילעגירטע" יידן. אויף דורכפירן די דאָזיקע געזעצן האָט אַכטונג געגעבן אַ „גענעראַל-דירעקטאָריום" מיט באַאַמטע פון דעם אינערן-מיניסטעריום און פינאַנץ-מיניסטעריום, וואָס אין זיין רשות זענען געווען די פּרייסישע יידן.

אין יאָר 1787 האָבן דעפּוטאַטן פון יידישע קהילות דערלאַנגט דער פּרייסישער רעגירונג אַ מעמאָראַנדום, וואו עס זענען אויסגערעכנט אַלע גזרות און באַגרעניצן, וואָס פאַרוויסטן יידן דאָס לעבן אין פּרייסן. די ספּעציעלע שטייערן זענען געווען אומגעהייער. ערשטנס דאָס „שוץ-געלט", וואָס האָט געמוזט צאָלן די גאַנצע „יידישע קאָלאָניע" אין פּרייסן מיט דער אחריות פון אַלעמען, איינער פאַרן אַנדערן; דאָס האָט אַריינגעבראַכט דער קרוין

25.000 טאָלער אַ יאָר. ווייטער גייען: רעקרוט-שטייערן, „זילבער-שטייער", זילבער-אַקציז („קיינער ווייסט נישט, פאַרוואָס קומט דער אַקציז", שרייבן די דעפּוטאַטן), אַ שטייער פאַר באַשטעטיקן אַלע דריי יאָר די וואַלן פון קהילה-גבאים, פייערלעשער-אָפּצאָל, פאַרשיידענע מינים „שטעמפּל-שטייערן" און נאָך און נאָך. מערקווירדיק איז דער „חתונה-שטייער" פאַר ערלויבן יידן חתונה האָבן. די צאָלער פון דעם חתונה-שטייער זענען געווען איינגעטיילט אין עטלעכע קאַטעגאָריעס, וואָס האָבן געצאָלט פון 20 ביז 80 טאָלער פאַר יעדער חופּה און חוץ דעם נאָך 14 טאָלער פאַר דעם חתונה-שיין („טרוי-שיין"). יונגעלייט פאַר 25 יאָר, וואָס האָבן בדרך-כלל נאָך נישט געטאָרט חתונה האָבן, האָבן געצאָלט פאַר אַ־אָפּנעמען דעם פאַרבאָט איבעריקע 40 טאָלער, ביי חתונה-האָבן אַ צווייטן מאָל זענען געווען נאָך צוגאָב-שטייערן. אומפאַרמעגלעכע לייט האָבן איבער אַזוינע שטייערן נישט געקאָנט חתונה האָבן. נאָך מער האָט די מלוכה געריסן אָפּצאָלן פאַר דאָס, וואָס קומט אַרויס פון אַ חתונה: פאַר צושרייבן אַ קינד האָט די קרוין גענומען ביז 160 טאָלער. דעם געוויסן „לייב-צאָל" אָדער „געלייט" האָט מען געמאָנט נישט אַליין ביי פרעמדע, נאָר ביי היימישע יידן אויך, ביים איבערפאָרן פון איין פּרייסישער פּראָווינץ אין דער אַנדערער. „די באַנעמונג מיט די צאָל-צאָלער — זאָגן די יידישע דעפּוטאַטן — איז זייער אַ שענדלעכע, מ'באַהאַנדלט יידן אַזוי ווי פי". אין יאָר 1788 האָט דער געזעץ באַפרייט פּרייסישע יידן פון דעם „לייב-צאָל", געבליבן איז ער נאָר פאַר פרעמדע יידן; די שענדלעכע צערעמאָניע אָבער פון „דורכלאָזן" אַ יידן איז נישט געוואָרן אויס, ווארום ביים שטאָט-פאַרשטעל האָט אַ ייד געמוזט דאָקומענ-טאַליש באַווייזן, אַז ער איז אַ פּרייסישער בירגער, אַנדערש האָט ער קיין „דורכגאַנג" נישט באַקומען אָן צאָל. אָבער אַפילו מיט אַזאַ דורכגאַנג האָט אַ ייד אין אייניקע פּראָווינצן (פאָר-פּאָמערן א. א.) נישט געטאָרט פאַרבלייבן מער פאַר 24 שעה.

דער קונציקסטער אויפטו פון פרידריך II רעגירונג איז געווען דער געוויסער „פּאָרצעליי-שטייער", („פּאָרצעלאַין-עקספּאָרט"), וואָס איז איינגעפירט געוואָרן פאַר פּרייסישע יידן אין יאָר 1769: יעדער האָט געמוזט צו דער חתונה, אָדער ביי קויפן אַ הויז און ביי מאַכן אַנדערע ציוויל-אַקטן, קויפן פּאָרצעליי ביי דער קעניגלעכער פּאָרצעליי-פאַבריק פאַר אַ געוויסער סומע (ביז 300 טאָלער) און דאָס פאַרקויפן קיין אויסלאַנד, זאָל זיין אַפילו מיט היזק. פון אַזאַ מוז-פּראָטעזשירן דער לאַנד-פאַבריקאַציע האָבן פּרייסישע יידן געהאַט היזק אין איינע אַכט יאָר (1779—1787) 100.000 טאָלער אויף דעם איינגעהאַנדלטן פּאָרצעליי. ווער ס'האָט נישט פאַרמאָגט צאָלן פאַר דער אָנגעוואָרפענער סחורה, האט מען ביי אים איבערגעשריבן און פאַר-

קויפט דאָס הויז, און נאָך אַזאַ אויפמאָנען איז דאָך געבליבן אַ גרויסער חוב דער קרוין (אין יאָר 1786 האָט דער חוב אָנגעטראָפן 52.000 טאָלער). ערשט אין יאָר 1788 זענען יידישע קהילות פטור געוואָרן פון דעם פאָר־צעליי-שטייער, אָפּצאָלנדיק דער קרוין מיטאַמאָל אַ גרויס אויסקויף-געלט. דאָס בערלינער קעניגלעכע פאָרצעליי האָט געהאַט אין לאַנד און אויסן אַ חוזק-נאָמען „ייזישע פאָרצעליי".

וואָס זשע פאַר אַ רעכט האָט מען יידן געגעבן פאַר די אַלע גרויסע קרבנות, וואָס זיי האָבן געבראַכט דער קרוין? יידן האָט מען אין פרייסן נישט צוגעלאָזט צו ערדאַרבעט, כאָטש פרייע אַקער-ערד איז דעמאָלט געווען גענוג; זיי האָבן נישט געטאָרט קויפן אָדער אַרענדירן ערד אויף צו פאַרנעמען זיך מיט לאַנדווירטשאַפט, זיי האָבן אויך נישט געטאָרט האַלטן קיין גוראַלניעס און ביר-ברויזן. די צעכן, וואָס האָבן געבאַלעבאַטעוועט אין די שטעט, האָבן נישט צוגעלאָזט יידן צו קיין מלאכה און נישט גענומען קיין יידישע קינדער אויף דער לער. אַפילו אין דער כשר-יידישער בראַנזשע — אין האַנדל איז זיי אַ סך פאַרווערט געווען: זיי האָבן נישט געטאָרט האַנדלען מיט שפייז, נישט געטאָרט פעדלען (הויזירן) אין די דערפער. אין אייניקע האַנדלס-שטעט (שטעטין, מאַגדעבורג, קאָלבערג, עלבינג) האָבן זיי נישט געטאָרט וואוינען אויך. אין יידישן „תחום" האָט די אַדמיניסטראַציע שטאַרק אַכטונג געגעבן, אַז יידן זאָל נישט מער ווערן. אַפילו „געוויינלעכע" שוץ-יידן האָבן נישט געטאָרט צושרייבן צו זיך מער פאַר צוויי דערוואַקסענע קינדער, די איבעריקע האָבן געמוזט עמיגרירן. פאַמיליעס זענען דורכדעם צעפאַלן און פאַראָרימט געוואָרן. האָט אַ ייד פאַרווערבט אַ פאַרמעגן, האָט ער געמוזט אויסטיילן אַ גרויסן טייל די אַרויסגעשיקטע קינדער, וואָס האָבן געזוכט ברויט אין דער פרעמד. אַ ייד האָט נישט געטאָרט האָבן די פרייד לעבן צוזאַמען מיט קינדער און קינדס-קינדער, ער האָט זיך געמוזט שיידן מיט זיי און צעברעקלען זיין פאַרמעגן.

אין קעניגסבערג האָבן קריסטלעכע סוחרים געפאָדערט, מ'זאָל יידישע געזינטן מער קיין פריווילעגיעס אויף וואוינרעכט נישט געבן, ס'זאָל נישט ווערן מער יידן. צוויי יידן, סוחרים אין ברעסלוי, איציג און אפרים, האָבן דערלאַנגט אַ ביט, מ'זאָל שיצן זייערע האַנדלס-רעכט, דערויף האָט פרידריך II געמאַכט אַזאַ קורצע און שאַרפע רעזאָלוציע: „האַנדלס-רעכט — יאָ! אָבער דאָס וואָס איר ברענגט קיין ברעסלוי גאַנצע מחנות יידן און איר ווילט מאַכן פון ברעסלוי ירושלים — דאָס וועט איר נישט אויספירן". דער קעניג האָט פרום אָפגעהיט אַפילו קוריאָזן פון דער אַלטער „געזעצגעבונג" פאַר יידן. ס'איז געווען אַן אומגעלומפּערטער עדיקט, נאָך פון דעם יאָר 1737, אַז באַ-

ווייבטע יידן מוזן טראָגן בערד (מ'זאָל זיי דערקענען פון קריסטן); אויף דעם סמך האָט פרידריך אָפּגעזאָגט איינעם אַ יידן, וואָס האָט געבעטן, מ'זאָל אים ערלויבן אָפּגאָלן די באָרד.

ס'איז דעריבער קיין חדוש נישט, וואָס דער באַרימטער מיראַבאָ, ווען ער איז געווען אין בערלין אין 1786 (דאָס יאָר פון פרידריך II טויט), האָט געזאָגט אויף אייניקע יענעמס „יידן-געזעצן" — אַז זיי „פּאַסן פאַר אַ קאַניבאַל".

## § 4. רעכטלאָזיקייט און בילדונג

די שענדלעכקייט פון דער יידישער קנעכטשאַפט אין פּרייסן האָט זיך גאָר שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן דערהויפּט דאָס לעצטע פערטל פון 18-טן יאָרהונדערט; דאָס איז געווען אַ גרוואַלטיקער קאָנטראַסט צו דעם גרויסן קולטור-אויפלעב ביי יידן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָך פון מענדעלסאָנס צייט. מענדעלסאָן גופא, וואָס איז געווען באַרימט ווי אַ דייטשער שריפטשטעלער, דער מאָדעל פאַר „נאַטאַן דער ווייזע", האָט פּאָליטיש גע-הערט צו דעם צווייטן סאָרט יידן אין פּרייסן, צו די „געדולדעטע יידן", און געלעבט האָט ער אין בערלין אויף „פּראַוועס" פון אַ בוכהאַלטער אין אַ פאַבריק. מאַרקיז ד'אַרזשאַן, פרידריך דעם II-טנס אַ מקורב און מענדעל-סאָנס אַ גוטער פריינט, האָט זיך איינמאָל דערקונדיקט וועגן מענדעלסאָנס רעכטלעכער לאַגע, האָט ער באַקומען אַזאַ ענטפער: ער ווערט „געדולדעט" (האָט וואוינרעכט), אַלס אַ מענטש ביי בערנאַרדן, דעם פאַבריקאַנט. זאָל אים דער פאַבריקאַנט היינטיקן טאָג אָפּשאַפן און זאָל ער (מענדעלסאָן) נישט געפינען קיין אַנדער „שוץ-יידן", וואָס זאָל אים צונעמען אויף אַ שטעלע, אַזוי שיקט אים פּאָליציי תיכף אַרויס פונם לאַנד". דעם פילאָ-זאָף האָט מען „מוחל געווען", וואָס ער געהערט צו יידן. אַ אינטערעסאַנט לעבנס-בילד מאָלט איינער אַ בן-דור, ווי אַזוי מענדעלסאָן, וואָס איז גע-ווען צו גאַסט אין קעניגסבערג, האָט זיך דאָס ערשטע מאָל געטראָפן מיט קאַנטן (1777). מענדעלסאָן איז שטילערהייט געקומען אין דער אודיטאָריע, וואו קאַנט האָט געזאָלט לייענען אַ לעקציע. „אַ קליין, האָרבאַטע מענטשל מיט אַ שפּיציק בערדל איז, אויף קיינעם נישט קוקנדיק, אַריין אין דער אודיטאָריע און האָט זיך געשטעלט נישט ווייט פון דער טיר. ווי געוויינ-לעך, האָט זיך באַלד אָנגעהויבן אַ שפּעטעריי, אַ פייפעריי, אַ טופּעריי; אָבער דער אומבאַקאַנטער האָט זיך, אויף אַלעמענס וואונדער, נישט וויסנ-דיק געמאַכט, געבליבן שטייף אויף זיין אָרט, רויק און קאַלט ווי אייז. ער

האָט אַפילו גענומען אַ פריי בענקל און זיך אַנידערגעזעצט, געבנדיק דער־מיט אָנצוהערן, אַז ער האָט בדעה זיך דערוואַרטן אויף דעם פּראָפעסאָר. מ׳איז צו אים צוגעגאַנגען, אָנגעהויבן מיט אים רעדן; ער האָט געענט־פערט קורץ און העפלעך: ער וויל דאָ אויסוואַרטן, כּדי זיך באַקענען מיט קאַנטן. דער ליאַרעם איז שטיל געוואָרן ערשט ווען קאַנט איז אַריין אין זאַל. זיין לעקציע האָט אַלעמען אָפּגעצויגן ווייט פון דאַנען, אַלע זענען געווען אַזוי באַצויבערט, אַזוי פאַרטאָן אין אַ שטראָם נייע אידעען, אַז אָן דעם יידן האָט מען גאָר פאַרגעסן. פּלוצלונג, נאָך דער לעקציע, גיט זיך דער פרעמדער אַ וואָרף דורך דעם עולם, עפּעס ווי גאָר נישט דער גע־לאַסענער מענטש, וואָס פריער, און גייט צו צו דער קאַטעדר. ביי די סטו־דענטן האָט זיך ווייטער אָנגעהויבן אַ שפּאָט־געלעכטער, אָבער באַלד איז פון דעם געוואָרן אַ שטומע איבעראַשונג: קאַנט האָט זיך גוט איינגעקוקט אין דעם אומבאַקאַנטן, אויסגעהערט אַ פּאָר ווערטער, און באַלד האָט ער אים אָפּגעגעבן אַ האַרציקן שלום־עליכם און אַרומגענומען. דעם עולם האָט ווי אַ עלעקטרישער שטראָם דורכגענומען: „מאָזעס מענדעלסאָן? דער יידישער פילאָזאָף פון בערלין״. מיט דרך־ארץ האָבן די סטודענטן געמאַכט אַ וואַרע, ווען ביידע וועלטבאַרימטע חכמים האָבן פאַרלאָזט די אוידיטאָריע, האַלטנ־דיק זיך ביי די הענט״.

די דייטשע געזעלשאַפט האָט פאַראַכט יידן בכלל. נאָר פּאָר יחידים איז געווען אַן אויסנאַם. אויף אַ טייל געזעלשאַפט האָט שטאַרק געווירקט דער געהויבענער הומאַניזם פון לעסינגס דראַמע „נאַטאַן דער ווייזע״, וואָס איז אַרויס אין יאָר 1779. אין די קרייזן איז שוין סתם אַ ייד נישט גע־ווען נאָר אַ קליינקרעמער: מ׳האָט שוין אַמאָל דערשפּירט אינם יידן שפּראָצן פון אַ טיפער אינטעלעקטועלער און מאָראַלישער קולטור. דאָהמס ווערק „וועגן פאַרבעסערן די יידישע בירגערלעכע לאַגע״ (1781), וואָס איז שוין דאָ ביי אונז דערמאָנט געוואָרן, האָט אויך איבערצייגט אַ סך דייטשן, אַז די רעכטלעכע קנעכטשאַפט און די בירגערלעכע דערנידערונג — דאָס איז די אמתע סיבה פון יידישער געפאַלנקייט און אָפּגעזונדערטקייט. אין די העכערע קרייזן בערלינער געזעלשאַפט האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן מערקן אַ דערנעענטונג צווישן קריסטן און יידן. דאָס איז שוין געווען נישט יענער צונויפקום פון דענקער און שרייבער, וואָס פלעגט פאַרקומען אין מענדעל־סאָנס שטילער דירה אין קרייז פון לעסינג און ניקאָלאַי. אין יענער צייט האָט אָנגעהויבן אויפקומען „דער בערלינער סאַלאָן״, דאָרט פלעגן זיך צו־נויפקומען קריסטלעכע און יידישע אַריסטאָקראַטיע. די יידישע געלט־אַריס־טאָקראַטיע איז געווען אַ ניי באַשעפעניש פונם דאַמאָלסדיקן עקאָנאָמישן לעבן. די גרויסע יידישע מאַסע האָט פרידריך II געצוואונגען צו בלייבן

שמאַכטן ביי זייער קליינקרעמעריי, און אין דער אייגענער צייט האָט ער פּראָטעזשירט יידישע גרויסקאַפּיטאַליסטן, פאַבריקאַנטן, באַנקירן. אַ סך בערלינער, קעניגסבערגער, ברעסלויער יידן זענען רייך געוואָרן פון צו-שטעלן פּראָוויאַנט בעת דעם זיבניאָריקן קריג. יידן מינץ-אַרענדאַרן („מינץ-יודען") און באַנקירן האָבן באַקומען אַ ווירקונג אין הויף, זיי האָבן אַ סך געהאָלפן צו רעגולירן די קעניגלעכע פינאַנצן. פאַר אַזוינע יידן איז דער אייזערנער „יידן-רעגלאַמענט", פאַרשטייט זיך, נישט געזאָגט געוואָרן; דער קעניג האָט זיי געגעבן „גענעראַל-פּריווילעגיעס גלייך מיט קריסטלעכע סוחרים". אַזוי אַרום זענען אויפגעקומען פּריווילעגירטע רייכע הייזער, די אפרימס, די איציגס, די גומפּערצס און נאָך. די פּאָטערס זענען געווען פאַר-טאָן אין די גרויסע געשעפטן, די פרויען און די קינדער האָבן אין די רייכגעפּוצטע הייזער געמאַכט „סאַלאָנען", נאָכגעמאַכט די בעסטע אַריסטאָ-קראַטישע סאַלאָנען אין בערלין און באַמיט זיך אַפילו איבערצוּיאָגן זיי אין לוקסוס און אין געשמאַק. די העכערע קריסטלעכע געזעלשאַפט איז דאָ אין די יידישע סאַלאָנען געווען אָנגעלייגטע געסט. ס'האָט געצויגן אַהין צוליב די שיינע געבילדעטע יידישע טעכטער, וואָס האָבן געגאַרט צו דער דייטשער אַריסטאָקראַטיע. פּרייסישע אָפיצערן, הויכבאַאַמטע, דיפּלאָמאַטן פלעגן גערן אַריינגיין צו די בערלינער באַנקירן אפרים, כהן, מייער, איציג. דאָ האָבן זיך געשפּונען ראָמאַנען מיט יידישע טעכטער, וואָס פאַר אַ טיטל פון אַ דייטשן באַראָן אָדער פון אַ פּרייסישן יונקער זענען זיי גרייט געווען גאָר אויסבייטן זייער יידישקייט. אַקעגן יאָר 1786 האָט זיך אין בערלין אָנגעהויבן לאָזן הערן אַ ליטעראַרישער אינטעליגענטישער סאַלאָן ביי הענ-ריעטע הערץ אין הויז, אַ זעלטענער יידישער שיינקייט, דאָקטאָר מאַרקוס הערצס (מענדעלסאָנס תּלמיד) אַ פרוי. דאָס יאָר האָט זיך אין דעם סאַלאָן צופעליק באַוויזן גראַף מיראַבאָ, וואָס איז געקומען קיין בערלין מיט אַ די-פּלאָמאַטישער שליחות; ער איז געווען איבערראַשט פון דעם גלאַנץ. אָבער דער עכטער אויפבלי פון דעם סאַלאָן באַלאַנגט שוין די יאָרן פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

אַ אילוסטראַציע, ווי אַזוי די בערלינער געזעלשאַפט האָט זיך דע-מאָלט פאַרהאַלטן צו יידן, זענען מיר אין אַזאַ מעשה (דערציילט פון אַ בן-דור): אין אויגוסט 1788 האָט מען אין בערלינער נאַציאָנאַל-טעאַטער אויפ-געפירט שעקספּירס דראַמע „קויפמאַן פון ווענעדיג" („שיילאָק"). אַרטיסט פלעק, וואָס האָט אויסגעצייכנט געשפּילט די ראָלע „שיילאָק", האָט נישט געוואַגט אַרויסטרעטן אין דער ראָלע, נישט פאַרענטפערנדיק זיך פריער פאַרן עולם, וואָס צווישן אים איז אגב געווען אַ סך יידן. האָט ער פאַר דעם ספּעקטאַקל אָפּדעקלאַמירט ספּעציעל פאַר דעם פאַל אַ פּראָלאָג: „איצט

הויבט שוין אָן דאָס קלוגע בערלין מער צו שעצן דעם חכם מענדעלסאָנס גלויבנס-גענאָסן. ביי דעם דאָזיקן פאָלק, וואָס זיינע נביאים און ערשטע געזעצן שעצן מיר, זעען מיר איצט מענער, גרויס אין וויסנשאַפטן און אין קונסטן. ווילן מיר דען באַליידיקן און אָפּשפּעטן דאָס דאָזיקע פאָלק? ניין, דאָס ווילן מיר נישט. מיר מאָלן שלעכטע קריסטן אויך... אין „נאַטאַן דער ווייזע" שפּילן קריסטן די שלעכטע ראָלע, אין „קויפמאַן פון ווענעדיג" טוען עס יידן". דער „כראָניק-שרייבער" דערציילט אָבער, אַז ביים עולם האָט אַזאַ פיינקייט קעגן יידן גאָרנישט אויסגענומען, שפּעטער האָט מען שוין דעם פּראָלאָג נישט געלייענט. ער זאָגט: „מ'איז געווען אומצופרידן, און מ'איז גערעכט געווען, וואָרום יידן ווילן האָבן פאַר זיך אַ פּריווילע- גיע אין טעאַטער, בעת דאָרטן באַווייזט מען אַלע שטאַנדן, יעדער שטאַנד מיט זיינע מעלות און חסרונות".

ס'איז געווען אַ מאָמענט, ווען יידן אין פּרייסן האָט אַ שיין געטאָן אַ האָפנונג, אַז זייער רעכטלעכע לאַגע זאָל עטוואָס בעסער ווערן. דאָס איז געווען אין יאָר 1786, ווען פרידריך II, דער אויפטועער פונם אכזריות- דיקן „יידן-רעגלאַמענט", איז געשטאָרבן און אויף זיין שטול האָט זיך גע- זעצט פרידריך-ווילהעלם II, אַ מאַנאַרך נישט אַזאַ דעספּאָט ווי יענער. אין דער ערשטער זיסער וואָך פון זיין פירונג האָט ער איבערגעגעבן דעם גע- נעראַל-דירעקטאָריום זיין ווילן: „אַז מ'זאָל ווי ווייט מיגלעך גרינגער מאַכן די לאַגע פון דער דאָזיקער געפּלאָגטער נאַציע" (יידן). דערפרייט פון דעם קעניגס אַ גוט וואָרט, האָבן זיך די פירער פון דער בערלינער יידישער קהילה געווענדט צו אים מיט אַ ביט, „מיט גרויס ערפורכט און קינדערשן צוטרוי" (דעם 6 פעברואַר 1787). זיי האָבן אָפּגעמאָלט די אומגליקלעכע לאַגע פון פּרייסישע יידן, וואָס „קרעכצן ביטער אונטער דער לאַסט פון שווערע שטייערן און פון נאָך מער דערנידערונג". „ביידע זאַכן, שרייבן זיי אין דער ביט, האָבן דערנידערט אונזער נאַציע און האָבן אונז גע- שטערט צו דערלאַנגען ווייטער אין בילדונג, אין גרויס-אינדוסטריע און אין אַלצדינג, וואָס ברענגט צו וואוילשטאַנד... אונזער קאָלאָניע איז דערווייטערט פון אַלע קוועלן חיונה, פון מלאכה, ערדאַרבעט, פון יעדער מלוכה-אַמט. איר בלייבט נאָר איין זאַך: האַנדל, אָבער האַנדלען לאָזט מען אונז אויך נישט פריי". דער מלוכה לוינט אויך בעסער — רעדט זיך ווייטער — אַז „אַ היפּשע קאָלאָניע, וואָס איז אַזוי דערנידערט, זאָל בעסער באַהאַנדלט ווערן, ממילא וועט זי געבן ניצלעכע אונטערטאַנען". בערלינער קהילה-לייט האָבן בהכנעה געבעטן, דער קעניג זאָל הייסן מאַכן אַ קאָמיסיע, די קאָ- מיסיע זאָל צוזאַמען מיט דעלעגאַטן פון יידישע קהילות באַטראַכטן די איצ-

טיקע געזעצגעבונג וועגן יידן און זאָל אויסאַרבעטן אַ פּראָיעקט צו פאַר־בעסערן זייער בירגערלעכע לאַגע.

דער קעניג האָט באַוויליגט די ביט און האָט אַזאַ באַפעל געגעבן דעם גענעראַל־דירעקטאָריום. דאָס דירעקטאָריום האָט באַלד באַפוילן יידישע קהילות, זיי זאָלן אויסקלויבן דעפּוטאַטן, און יענע זאָלן צושטעלן דער קאָ־מיסיע „די פאַרלאַנגען פון דעם גאַנצן יידנטום". ביים גענעראַל־דירעקטאָ־ריום איז געוואָרן „אַ קעניגלעכע קאָמיסיע צו רעפאָרמירן דעם יידישן שטיי־גער". דעם 17 מאַי 1787 האָבן „דעפּוטאַטן פון אַלע יידישע קאָלאָניעס אין דער מלוכה פּרייסן" דערלאַנגט דער קאָמיסיע אַ היפּשן מעמאָראַנדום. אין דעם מעמאָראַנדום ווערן אויסגערעכנט אַלע רעכט־באַגרעניצן פאַר יידן, און ווייטער בעטן די דעפּוטאַטן, אַז ביים אויסאַרבעטן אַ רעפאָרם־פּראָיעקט זאָל מען זיך נישט האַלטן ביים שטרענגן „יידן־רעגלאַמענט פון יאָר 1750, נאָר מ'זאָל צוזאַמען מיט יידישע דעפּוטאַטן אויסאַרבעטן אַ רעפאָרם־פּלאַן „אויפן גרונט פון טאָלעראַנץ און מענטשלעכקייט".

דער נאָענטער פּועל־יוצא פון אַלע השתדלותן איז געווען צוויי הנחות אין שטייערן: אין יאָר 1787 איז אָפּגעשאַפט געוואָרן דער שענדלעכער „לייב־צאָל" פאַר פּרייסישע יידן, און דאָס יאָר 1788 זענען יידן פּטור געוואָרן פון דער קלאָגעדיקער קאָמעדיע מיט דעם „פּאָרצעלייַ־שטייער". אין דער עצם סיסטעם אָבער פון יידישער קנעכטשאַפט איז גאָרנישט גע־ענדערט געוואָרן. די קאָמיסיע טשינאָווניקעס, וואָס דער קעניג האָט באַשטימט, האָט באַקומען פון דעם גענעראַל־דירעקטאָריום אַ אינסטרוקציע, אָנגעזאַפּט מיט דעם אַלטן גייסט פון יידנפרעסעריי און קאַזאַרמע־שטייגער (דעם 10־טן דעצעמבער 1787). אין דער אינסטרוקציע האָט מען דער קאָמיסיע געגעבן אַזוינע אָנווייזן: „דאָס פאַרבעסערן די יידישע לאַגע דאַרף זיין פּונקט אָפּגעוואויגן לויט זייער ניצלעכקייט פאַר דער מלוכה", מ'דאַרף פאַר־גרינגערן די באַגרעניצן אין האַנדל, וואָרום די נויט ברענגט יידן צו אומגעזעצלעכער געשעפט־מאַכעריי, ווידער אָבער פאַרברייטערן יידישע רעכט, איידער זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון זייער אָפּגעזונדערטקייט, — קען נאָך דער מלוכה מער שאָדן ברענגען. דער אויספיר איז, אַז מ'דאַרף זייער גענוי מעסטן און וועגן יעדן פאָרשלאָג וועגן רעפאָרמירן דעם יידישן שטייגער. פאַרגרעסערן יידן זייערע רעכט קאָן מען נאָר שטרענג בהדרגה, יק, „ביז די קינדער און קינדסקינדער פון די איצטיקע יידן וועלן לייטיש ווערן גאָר אָדער טיילווייז, דער מלוכה צו־וואויל און זיך אַליין". נאָך אַזאַ אינסטרוקציע האָט מען אויף קיין גרויסע ישועות פון דער קאָמיסיע נישט געקאָנט אָרויסקוקן. און אַזוי איז געווען: צוויי יאָר האָט זיך די קאָמיסיע געצישובט און לסוף האָט זי צוגעשטעלט אַזאַ „רעפאָרם"־פּראָיעקט, אַז די

הכנעהדיקע יידישע דעפוטאַטן אַפילו זענען געוואָרן אויסער זיך און גע־מאָלדן, אַז בעסער איז שוין בלייבן ביים אַלטן רעגלאַמענט. דער דאָזיקער קלאָגעדיקער פּרווו „עמאַנסיפּאַציע" האָט געטראָפן פּונקט דאָס יאָר פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

## § 5. עסטרייך

ווי ווייט דער אויפגעקלערטער אַבסאָלוטיזם איז אומפּעאיק געווען צו פאַרענטפערן די יידנפראַגע, האָט זיך גאָר קלאָר באַוויזן אין עסטרייך, אין דעם גרעסטן צענטער פונם מזרח־יידנטום, אין די 80־ער יאָרן פונם 18־טן יאָרהונדערט *). דער קאַטוילישער קייזער פון עסטרייך יוסף II האָט געוויס פאַרמאָגט מער טאָלעראַנץ צו יידן, איידער פרידריך II, דער „שלעכטער פּראָטעסטאַנט". די פּראַקטישע פּאָליטיק בנוגע יידן אין איינצלנע פּרטים איז דעריבער פאַרשיידן געווען ביי די ביידע מאָנאַרכן. אָבער דער קוק בכלל אויף יידן און אויף זייער פּלאַץ אין דער מלוכה איז ביי ביידע געווען איינער. אויב מיר זעען, אַז דער פּרייסישער קעניג האָט פאַרעקשנט געהאַלטן יידן אויף אַ קייט און דער עסטרייכישער קייזער האָט זיי מבטיח געווען טאָלעראַנץ, בתנאי, זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פון זייער נאַציאָנאַלן אייגנס, נעמט זיך דאָס דערפון, וואָס איינער האָט געהאַלטן יידן פאַר פאַרפאַלענע — מ'וועט זיי נישט איבערמאַכן, און דער צווייטער האָט נאָך געמיינט, אַז „ס'לאָזט זיך זיי מאַכן ניצלעך פאַר דער מלוכה". אָבער די עסטרייכישע סיסטעם איבערמאַכן יידן איז פאַר זיי נישט בעסער געווען, איידער די פּרייסישע פאַרשימלטע יידנפּרעסער־יי. יוסף II האָט מיט זיינע רעפאָרמעס מיט איין האַנט מער אָפּגענומען, ווי מיט דער צווייטער האַנט געגעבן. די שלעכטע זייטן פון זיין רעזשים האָבן זיך נאָך מער געלאָזט פילן איבער דעם, וואָס דערפון האָבן געהאַט צו ליידן גרויסע געפּאַקטע מאַסן יידן אין אַזוינע פּראָווינצן, ווי בעהמען, מעהרן און נאָר־וואָס אָפּ־געטיילטע פון פּוילן גאַליציע.

---

*) לויט דעם פּאָלקסצייל פון יאָר 1785 האָט זיך אין עסטרייך גערעכנט 281.873 יידן אויף 10.740.750 כלל באַפעלקערונג. זיי זענען איינגעטיילט אומגלייך אין פאַרשיידענע פּראָווינצן: אין בעהמען — 42.129 יידן, אין מעהרן און אין שלעזיע — 26.665, אין גאַליציע — 212.002, אין אויבער־און אין נידער־עסטרייך (דערהויפּט אין ווין) — 652, אין קראַין, הערץ און אין גראַדיסק — 425, אין שטיריע און אין קערנטן איז קיין יידן גאָר נישט געווען. זע: G. Wolf, Die Juden אין דער סעריע Die Völker Oesterreich-Ungarns ב. VII, ווין 1883, ז. 47—51.

„אויב יוסף II, זאָגט איין היסטאָריקער, האָט געגעבן פאַר יידן דעם „טאָלעראַנץ-עדיקט" (1782), האָט ער דאָס געטאָן נישט פון מענטשלעכקייט וועגן, נאָר מיט דעם מיין איבערצומאַכן יידן פאַר ניצלעכע גלידער אין דער מלוכה. אַליין איז ער נישט געווען בעסער פאַר אַנדערע אין זיין צייט, ער האָט אויך געהאַלטן יידן פאַר שעדלעך אין דער מלוכה, אויף יידישע קהילות האָט ער געקוקט עפּעס ווי אויף אַ מין געהיימע כּנופיות, וואָס האַלטן נאָר אין איין צוקלערן, ווי אַזוי צו שאָדן דער מלוכה, יודאַ-איזם און יידישע ספרים האָט ער געהאַלטן פאַר אַ הויפן ווילדע נאַריש-קייט". אויבן-אָן אין דעם „טאָלעראַנץ-עדיקט" פאַר ווין זעט איר, למשל, אַזוינע פּונקטן: 1) יידן אין ווין זענען נישט קיין קהילה, און זיי טאָרן נישט דאַווענען בציבור. 2) די צאָל יידן טאָר נישט מער ווערן, דער „תחום" פאַר וואוינען דאַרף נישט גרעסער ווערן. די איבעריקע 23 פּונקטן פון עדיקט קאָן מען איינטיילן אין פיינטלעכע און פריינטלעכע. צו דעם ערשטן מין געהערן די פּונקטן וועגן וואוינרעכט אין ווין, צונויפגעשטעלט אויפן פּרייסישן מוסטער: אַ ייד פון אַן עסטרייכישער פּראָווינץ מעג זיך באַזעצן אין ווין נישט אַנדערש נאָר מיט אַ באַזונדער ערלויבעניש פון דער רעגי-רונג, אַן אויסלענדישער ייד דאַרף שוין האָבן אַן ערלויבעניש פונם קייזער. פאַר וואוינרעכט קומט פון יעדער פאַמיליע אַ באַזונדער „טאָלעראַנץ-געלט", פון דעם דאָזיקן זכות קאָנען אָבער נישט געניסן אויסגעגעבענע זין און טעכטער אין דער פאַמיליע. אין נידער-עסטרייך טאָרן יידן נישט וואוינען אין דערפער, חוץ אַזוינע, וואָס מאַכן דאָרט פאַבריקן. צו די פריוויליעגיע-פּונקטן געהערן אַזוינע: יידן מעגן אָנקומען אין די אַלגעמיינע „נאָרמאַלע" און רעאַל-שולן אָדער מאַכן פאַר זיך נאָרמאַל-שולן, זיי מעגן אויך לער-נען אין הויכשולן; יידן מעגן לערנען אַ מלאכה ביי קריסטלעכע מייסטערס, זיי קאָנען אָבער נישט באַקומען דעם נאָמען בירגער אָדער מייסטער. יידן מעגן פירן גרויסע געשעפטן, האָבן פאַבריקן, נעמען אין זיכערקייט („זאַלאָג") גיטער, זיי טאָרן אָבער נישט צונעמען זיך די גיטער פאַר דעם חוב. ס'ווערן אָפּגעשאַפט אַלע אַלטע כּללים וועגן אַ יידישער ספּעציעלער קליידונג, דער פאַרבאָט צו באַווייזן זיך אין גאַס אין די קריסטלעכע פייערטעג ביז האַלבן טאָג און דעסגלייכן. ס'ווערט אויך אָפּגעשאַפט דער שענדלעכער שטייער פאַר אַריינפאָרער (Leibmauth).

פאַר אַזוינע „טובות" האָט זיך די מלוכה גענומען אַ פאַרגיטיקונג, זי האָט אַרויסגעגעבן דורכאַנאַנד דעקרעטן, וואָס זייער געדאַנק איז געווען אָפּצושאַפן די אויטאָנאָמיע פון יידישע קהילות, אַרויסשטופּן ביי יידן זייער שפּראַך און נאַציאָנאַלע קולטור. אין „טאָלעראַנץ-עדיקט" איז יידן פאַרווערט צו פירן געשעפטס-ביכער און קאָרעספּאָנדענץ אויף זייער שפּראַך (העברע-

איש און יידיש), זיי דאַרפן נוצן נאָר די מלוכה־שפּראַך, דייטש. מיט אַ דעקרעט פונם 25 אויגוסט 1783 האָט דער קייזער אָפּגעשאַפט דעם יידישן בית־דין פאַר ציוויל־זאַכן און יידישקייט, דאָס אַלץ האָט איצט געהערט צו דעם מלוכה־געריכט. דאָס איז געווען אַ גרויסער בראָך פאַר דער יידישער קהילה־אויטאָנאָמיע. די רעגירונג האָט זיך אָנגעהויבן מישן אפילו אין יידישע חתונה- און גט־זאַכן. אין דעם פּרט האָבן די רבנים געהאַט אויף זיך אַ קאָנטראָל פון דער ציוויל־מאַכט, יענע האָט געקאָנט נישט דערלאָזן אַ חתונה אָדער אַ גט (1785—1788). אַזוינע רעפאָרמעס האָט די יידישע מאַסע געוויינלעך געהאַלטן פאַר אַ „גזירה" אויף איר פרייהייט אין גייסטיקע ענינים און לעבנסשטייגער, וואָס זי האָט געהאַט אַפילו אין די צייטן פון דער ערגסטער בירגערלעכער קנעכטשאַפט.

נאָך אַ נייער איינפיר האָט שטאַרק געקרענקט יידן: וואָס מ'האָט אָנגעהויבן נעמען די יוגנט פאַר רעקרוטן (אין יאָר 1788). דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, מ'זאָל יידן אַריינגעמען אין דער אַרמיי אין אַ קריסטלעכער מלוכה אין אייראָפּע. און דאָס האָט שטאַרק אָנגערירט די קאָנסערוואַטיווע קרייזן יידן און קריסטן. די עסטרייכישע מיליטער־אַריסטאָקראַטיע האָט דאָ דערפילט אַ באַליידיקונג פאַר דעם מיליטער־שטאַנד. די יידישע מאַסע, וואָס איז הונדערטער יאָרן לאַנג געווען דערוווייטערט פון מלוכה־אינטערעסן און איז באַרויבט געווען פון עלעמענטאַרע בירגער־רעכט, האָט געמוזט ווערן אויסער זיך, וואָס איר יוגנט שלעפּט מען אין אַ פרעמדער סביבה אַריין, מיינסטנס אין אַ פיינטלעכער, וואו עס איז פאַר דער יוגנט אַ געפאַר אָנצוווערן די אמונה און דאָס פאָלק. דאָס ערשטע יידישע רעקרוטן־נעמען אין די יידישע פּראָווינצן אין עסטרייך — איז געווען אַ גרויל צוצוזען. איינע אַזאַ סצענע פון רעקרוטן־נעמען אין פּראַג (בעהמען) איז באַשריבן אין אַ זשורנאַל פון יענער צייט. אין פּראַג האָט מען צוגענומען 25 יידן פאַר רעקרוטן. דער טאָג, ווען מ'האָט זיי אַוועקגעשיקט אין דער אַרמיי, איז געווען אַ חורבן; מוטערס, שוועסטערס, כלות האָבן געוויינט אין די גאַסן. דער באַרימטער פּראָגער רב יחזקאל לאַנדוי איז געקומען אין קאַזאַרמע אַריין און געזאָגט פאַר די רעקרוטן, צוגערעדט, זיי זאָלן פאָלגן דעם קייזערס באַפעל און גיין אויף דער דינסט, זען דאָרטן אָפּהיטן יידישקייט, דערהויפּט דאַוונען אַלע טאָג, דערביי האָט ער יעדן דערלאַנגט אַ זעקל מיט תפילין, אַ סידור וכדומה. דער רב האָט אויך אָנגעוויזן, וואָס פאַר אַ פּאָליטישן באַטייט די זאַך האָט: לייגט מען אַרויף אויף יידן די שווערסטע בירגערלעכע לאַסט, מוז דאָס ברענגען דערצו, אַז די רעגירונג זאָל אַראָפּנעמען פון יידן די קייטן, וואָס שטיקן זיי נאָך ביז היינטיקן טאָג. ווען דער רב האָט פאַרענדיקט זיין זאָגן מיט די ווערטער „יברכך

אלהים וישמרך" (זאָל דיך גאָט בענטשן און היטן), האָט זיך אין דער קאַ־זאַרמע און אין הויף דערהערט אַ ביטער יאָמער־געוויין, די רעקרוטן זענען געפאַלן אויף די קני פאַר דעם גרייז־גראָען רב, ווי זיי וואָלטן בעטן ביי אים רחמים; דעם רב, וואָס האָט אַליין אויך יאָמערדיק געוויינט און האָט גע־האַלטן ביי פאַלן חלשות, האָט מען קוים צוגעגומען פון דאָרטן. ס'האָט זיך געפילט, אַז דאָ געשעט עפעס אַ שטאַרקער איבערבראָך, און געקומען איז ער פריער, איידער דאָס פאָלק האָט זיך צו דעם צוגעגרייט. וואָס האָבן וועגן דעם געזאָלט קלערן די אַלטע יידישע ישובים, בעהמען, מעהרן, דערהויפט גאַליציע, וואָס האָט נאָך געלעבט מיט די פאַטריאַרכאַלישע טראַ־דיציעס פונם פוילישן רעזשים און וואָס דאָס חסידישע פייער האָט זיך דאָרט ערשט רעכט צעברענט? צי האָבן זיי געקאָנט קלערן, אַז פון דער קאַזאַרמע זאָלן קומען „ישועות אויף יידן"?

אין בעהמען האָט נאָך צו דער צייט פון יוסף II „רעפאָרמעס" געגאָלטן די אַלטע נאָרם פאַר דער צאָל יידן: נישט מער פאַר 8600 גע־זינטן. אין מעהרן איז די נאָרם געווען 5400 געזינטן; אַ חתונה האָט מען ערלויבט נאָר אין דער נאָרם; יידישע אימיגראַציע אַהער פון אַנדערע פראָווינצן איז געווען געזעצלעך כמעט אוממעגלעך. פאַר די „צוגעלאָזטע" יידן האָט מען אָבער גרינגער געמאַכט צו טאָן אין דער אינדוסטריע. די רעגירונג האָט פראָטעזשירט די פאַבריק־אינדוסטריע, וואָס האָט געהאַלטן אין אין וואַקסן: פון 58 מאַנופאַקטור־פאַבריקן זענען 15 געווען ביי יידן אין די הענט; אין פראָג זענען אין יידישע פאַבריקן געווען באַשעפטיקט טויזנטער קריסטן־אַרבעטער; לויט יוסף דעם צווייטנס אָנווייזן, האָט די רע־גירונג דאָ אויך פאַרשמעלערט די יידישע אויטאָנאָמיע, נאָר דער יסוד אירער איז געבליבן. אַ גרויסע קהילה מיט אַן אייגענער קהילה־פירונג איז געווען אין פראָג, איינגעצוימט אין 300 הייזער אין יידן־קוואַרטאַל; אין ניקאָלסבורג אין מעהרן איז נאָך געבליבן דער אינסטיטוט פון „לאַנד־רבנים".

שווערער פאַר אַנדערע האָט גאַליציע געליטן פון יוסף II רעפאָרם־מאַכעריי. אַכצן יאָר (1772—1790) האָט מען דאָ געהאַלטן אומדערבאַרמדיק אין איין ברעכן אַן עקאָנאָמישן און געזעלשאַפטלעכן שטייגער, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט פאַר הונדערטער יאָרן פוילישן רעזשים. מיט ווינער דעקרעטן האָט מען געמיינט איבערצומאַכן דאָס גאָרע פאָלקסלעבן אין דעם פוילישן קאַנט; כלומרשט בעסער מאַכנדיק, האָט מען פאַרוויסט דאָס לעבן צענדליקער טויזנטער מענטשן. אין דער פאַטריאַרכאַלישער גאַליציע, אין געדיכטן יידישן ישוב האָט מען נישט געקאָנט איינפירן די פרעה־סיסטעם — נאָרמירן די צאָל חתונות ביי יידן, וואָס איז אַזוי באַליבט געווען

ביי די עסטרײַכישע רעגירער, האָט מען צוגעקלערט אַ סוראָגאַט; אויף אַ חתונה האָט מען באַדאַרפט בעטן אַן ערלויבעניש ביים שטאַטהאַלטער און אָפּצאָלן דערפאַר אַ היפשן שטייער (1773–1785). שפּעטער האָט מען אָנשטאָט אַ געלט־שטייער געפאָדערט פונם חתן, ער זאָל צושטעלן אַ שיין, אַז ער האָט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען אויף דייטש אין דער ספּעציעלער קאָמיסיע. נאָכאַנאַנד דעקרעטן האָבן תּחילת באַגרעניצט און דערנאָך גאָר פאַרווערט יידן צו האַלטן שענקען אין דערפער און אַרענדירן פאַרשיידענע צוייגן לאַנדווירטשאַפט, וואָס דערפון האָבן זיך געשפייזט אַ דריטל גאַליצישע יידן; דאָס האָט רואינירט דעם יידישן עקאָנאָמישן וואוילשטאַנד אין גאַליציע (די יאָרן 1776, 1784–1785). צענדליקער טויזנטער זענען געבליבן אָן ברויט, שטאַרק פאַראָרימט, די אָרימע און נויטבאַדערפטיקע אָבער, וואָס האָבן דריי יאָר כּסדר נישט אַריינגעטראָגן דעם קאָפּ־שטייער, פלעגט די רעגירונג אַרויסשיקן פונם לאַנד קיין פוילן. יוסף דעם II־טנס פּרוּוון צוציען יידן צו ערדאַרבעט האָבן שטאַרק אויסגענומען ביי אַ טייל פאַראָרימטע יידן אין די ישובים. די רעגירונג האָט אָבער נישט געקאָנט באַטיילן ערד אַלע וועלער, וואָרום אין דער אייגענער צייט האָט זי אָנגעהויבן קאָלאָניזירן דייטשן אין איר פּוילישער גרעניץ־געגנט (גאַליציע). פּאַראַלעל צו דעם עקאָנאָמישן רואין האָט מען נאָכאַנאַנד רואינירט די ברייטע יידישע קהילה־אָרגאַניזאַציע אין גאַליציע. נאָך דעם, ווי מ'האָט זיך געפּרוּווט אָנוואַרפן יידן אַ „רעגירישע" לאַנד־רבנות אין לעמבערג און צונעמען ביי די קהילות אַ טייל פונקציעס, איז ביי די רבנים און ביי די קהילות נישט געבליבן קיין שום מאַכט אויסער דעם געביט פון רעליגיעזע אינטערעסן (1785). ביי אַזאַ לאַגע איז ביי יידן אַלץ געוואַקסן דער אומצוטרוי צו דער רעגירונג, און אויף אַזוינע „רעפאָרמעס", ווי נעמען רעקרוטן ביי יידן און פאַררופן זיי אין די לאַנד־שולן, האָט מען אין גאַליציע געקוקט, ווי אויף אַ המשך פון די גזירות, וואָס האָבן דעם צוועק צו צעשטערן דאָס יידישע לעבן.

די רעגירונג האָט אַגב נישט פאַרהוילן איר אמתן מיין: פאַרניכטן דאָס יידישע נאַציאָנאַל אייגנס. יוסף II האָט אין זיינע דעקרעטן נאָכאַנאַנד באַטאָנט אַזאַ טענדענץ. אין אַ רעזאָלוציע אויף אַ ראַפּאָרט פון דער הויף־קאַנצעלאַריע וועגן אַ נייעם רעגלאַמענט פאַר גאַליצישע יידן (1788) האָט ער אַזוי אויסגעטייטשט זיין קוק אויף דער יידנפראַגע: „פון אַזאַ פּראָיעקט („יידן־פּאַטענט"), וואָס ס'האָט אַזוי פיל מי געקאָסט אים צונויפצושטעלן, קאָן קיין גוטס און קיין זיכערס נישט אַרויסקומען אַזוי לאַנג ווי יידישע דינים און מנהגים, וואָס טיילווייז שטאַמען זיי פון משהן, טיילווייז זענען זיי נאָכדעם פאַרדרייט געוואָרן, וועלן האָבן אַ געזעצלעכע קראַפט און וועלן זיך צונויפפלעכטן מיט די איצטיקע מלוכה־געזעצן... די

מנהגים זייערע, וואָס זענען נישט סותר די לאַנד־געזעצן, מעגן ביי זיי בלייבן, אָבער בנוגע די איבעריקע מנהגים זאָל יעדער האָבן די ברירה: אָדער ער טרייסלט זיך אָפּ פון די רעליגיעזע מנהגים, וואָס האָבן זייער גלייכן נישט היינטיקע צייטן, אָדער ער געזעגנט זיך מיט אַלע פּריווילעגיעס, וואָס אַ בירגער קומט, באַצאָלט דעם עמיגראַנטן־שטייער און קלויבט זיך אַרויס פון דעם לאַנד". אַזאַ אינסטרוקציע — וואָס איז אגב אַזוי אָנגעמאָסטן פאַר דער „טאָלעראַנץ" פון דעם אויפגעקלערטן אַבסאָלוטיזם — האָט געגעבן דער אַדמיניסטראַציע אַ געפערלעך געווער אין האַנט צו מישן זיך אין יידישן גייסטיקן לעבן. וואָלט מען אַזאַ אינסטרוקציע דורכגעפירט כסדר אין דעם פּאַטריאַרכאַלן גאַליצישן יידישן לעבנסשטייגער, וואָלט דאָס געבראַכט צו דער ערגסטער גייסטיקער אינקוויזיציע. פאַר יוסף II האָט די סיסטעם פון רעגלאַמענטירן דאָס אינעווייניקסטע יידישע לעבן נישט באַוויזן צו האָבן אַ פּראַקטישע ממשות (דער קייזער איז געשטאָרבן אין יאָר 1790), מיר וועלן אָבער זען, ווי אַ תקופה נאָכדעם וואַרפט די סיסטעם אַראָפּ פון זיך דעם שלייער פון אַ פריינטלעכער רעפאָרם און זי באַגייט קולטורעלע רציחות מיט דער הילף פון פּאָליציי־שטיק. „פריער — אויס אייגענער נאַציאָנאַלער טיף, דערנאָך — בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג" — דאָס איז דער לאָזונג פון אַזאַ פּאָליטיק. פון יוסף דעם II־טנס בירגערלעכע רעפאָרמעס בלייבט גאָרנישט, אָבער זיין סיסטעם אַפּוטרופּסות אויף דעם יידישן לעבן האַלט זיך שטאַרק אין עסטרייכישער אַדמיניסטראַטיווער פּראַקטיק.

אויב עמעצער האָט געקאָנט מיינען, אַז אין די 10 יאָר פון יוסף II רעגירן הויבט זיך אָן די יידישע עמאַנסיפּאַציע אין עסטרייך, איז דאָס געווען אַ קליין הייפל קורצזיכטיקע „משכילים" פון מענדעלסאָנס חדר, וואָס זיי האָבן געגלויבט, אַז דורך פּאָליצייאישן צוואַנג קאָן מען שאַפן אַ דור געבילדעטע און ממילא שוין גלייכבאַרעכטיקטע יידישע בירגער. אגב, איין גרופּע יידן האָט שוין פּאַקטיש כמעט גענאָסן גלייכבאַרעכטיקונג — דאָס איז געווען אַ גרופּע געלט־אַריסטאָקראַטיע אין ווין, וואָס האָט געהאַט געלט־געשעפטן מיטן הויף און מיט די הויכבאַאַמטע און האָט זיך שוין דערווייטערט פון פאָלק. דער „בערלינער סאַלאָן" האָט געהאַט זיין אָפּטייל אין ווין: דאָ האָט געקיניגט באַראָנעסע פאַני פאָן־אַרנשטיין, די טאָכטער פון דניאל איציג, דעם בערלינער נעגאָציאַנט און דעם פירער פון דער יידישער קהילה. יוסף II האָט אַליין געקענט און געשעצט די באַראָנעסע, וואָס האָט שפּעטער געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָלע אין ווינער דיפּלאָמאַטישע קרייזן.

אין אונגאַרן איז די רעגירונגס־פּאָליטיק געווען כמעט דיזעלבע, וואָס אין עסטרייך. דעם קייזערס „טאָלעראַנץ־עדיקט" האָט מען דאָ צוגעפּאַסט

צו די היימישע אָנגעלעגנהייטן, געגעבן דעם אַ נאָמען: Systematica gentis judaicae regulatio (1783). 80 000 אונגאַרישע יידן, וואָס האָבן געוואוינט אין אַ קליינעם ראַיאָן פֿון עטלעכע שטאָט־קרייזן, האָבן באַקומען רעכט צו וואוינען שטענדיק אָדער אויף אַ צייט אין די קעניגלעכע פרייישטעט, חוץ אין די צענטערן פֿון דער באַרג־אינדוסטריע. אָבער אין פּראָפּעסיעס זענען זיי געווען באַגרעניצט, און שטייערן האָבן זיי געטראָגן שווערע. רעכט האָבן זיי געזאָלט באַקומען נאָר דעמאָלט, אויב זיי וועלן אויספֿירן דעם קייזערס „אויפֿקלער"־פּראָגראַם: מ'האָט געמאָלדן, אַז אין 10 יאָר אַרום, אויב אַ ייד וועט וועלן מאַכן אַ געשעפֿט, וועט ער מוזן ווייזן אַן אַטעס־טאַט, אַז ער האָט געענדיקט אַ נאָרמאַל־שול. די קולטור־אַפּוטרופּסות האָט אָפּט געהאַט אַ קאָמיש אויסזען. צווישן די רעפֿאָרמעס איז געווען אויך אַזאַ, אַז יידן מוזן גאָלן די באָרד. היות ווי אָרטאָדאָקסן האָבן דאָס נישט געקאָנט טאָן, האָט מען אינגיכן דערלאַנגט אַ פּעטיציע: אונגאַרישע יידן האָבן זיך פּאַררופֿן אויף דעם טאָלעראַנץ־פּרינציפּ און געבעטן, מ'זאָל זיי לאָזן טראָגן בערד (1783). מ'האָט דאָס זיי צוליב געטאָן. אין דעם פּרט איז יוסף II געווען נאָכגיביקער, איידער פֿרידריך II: יענער האָט געקוקט אויף אַ באָרד פּאַרקערט און האָט דעריבער נישט געלאָזט די בערלינער אַפּיקורסים גאָלן זיך (זע פֿריער § 3).

## § 6. פֿראַנקרייך

אין פֿראַנקרייך פֿאַר דער רעוואָלוציע האָט פֿאַר יידן עקזיסטירט אַ „תּחום" צו וואוינען: די פּראָווינץ עלזאַס (חוץ שטראַסבורג) און אַ טייל לאָטאַרינגען (די שטעט מעץ און נאַנסי). דאָס גאַנצע איבעריקע לאַנד האָט געהייסן מחוץ דעם „תּחום", און יידן האָט מען אַהין גאָר נישט אַריינגע־לאָזט, אָדער געלאָזט שטאַרק באַגרעניצט. אין דרום־פֿראַנקרייך, אין די אינדוסטריע־צענטערן באָרדאָ און מאַרסעל, ברעטאַן און באַיאָן האָבן גע־לעבט ספֿרדים, שפּאַנישע יידן. תּחילת זענען זיי אַהער געקומען אַלס „מאַ־ראַנען" אָדער „ניי־קריסטן", דערנאָך האָבן זיי אַראָפּגעוואָרפֿן די מאַסקע, און די רעגירונג האָט געמוזט סאַנקציאָנירן אַ געשעענע זאַך. מיט דער צענטראַלער רעגירונג וואָלטן שוין די יידן געקאָנט אויסקומען, אָבער די אָרטיקע מאַכט, די מוניציפּאַליטעטן און די סוחרים־גילדיעס האָבן געטאָן וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט, כּדי אַרויסצושטופּן די „אומגעזעצלעכע איינ־וואוינער" פֿון אַזוינע ערטער, וואו קריסטלעכע סוחרים האָבן געפֿילט זייער האַנדלס־קאָנקורענץ. אין יאָר 1773 האָבן קריסטלעכע סוחרים אין נאַנט

אַרויסבאַקומען ביים קעניג אַ דעקרעט, מ׳זאָל פון דאָרטן אַרויסשיקן יידן-סוחרים. איבער אַ געלט-תּביעה פון אַ מעצער יידן ישראל קרעאַנזש צו צוויי באַאַמטע אין דער שטאָט ברעסט, האָט דער רענער פּאַרלאַמענט באַשלאָסן אין יאָר 1780: „אַרויסשיקן קרעאַנזשן און אַלע יידן פון ברעטאַן אין זייער „תּחום אַריין", דאָס זאָל געשען נישט שפּעטער, ווי אין צוויי וואָכן אַרום". זיכער האָט זיך איינגעוואָרצלט נאָר אַ גרויסע יידישע קאָלאָניע אין באָרדאָ; דאָס זענען געווען מייסטנס אָנגעזעענע נעגאָציאַנטן און באַנקירן, וואָס האָבן געהאַט געלט-געשעפטן מיט דעם קעניגס הויף. פאַר לודאָוויק XVI האָבן באָרדאָער יידן דערגרייכט, אַז זיי זאָלן מעגן וואוינען און האַנדלען איבער גאַנץ פראַנקרייך (1776). די קרוין-קאַסע האָט דערצו נישט צוגעלייגט: פאַר אַזוינע פּריווילעגיעס האָבן יידן געצאָלט הונדערטער טויזנטער ליוור. אין יאָר 1782 האָבן באָרדאָער יידן פאַר דאַנק געמאַכט צווישן זיך אַריבער 60.000 ליוור אויף קויפן אַ קריגס-שיף אַ מתּנה דעם קעניג.

נאָך אַ יידישער צענטער איז געווען אין דרום-פראַנקרייך — אין אַוויניאָן. אויף דער שטאָט האָט נאָך ערב רעוואָלוציע געהאַט צו שאַפן דער רוימישער פּויפּסט. דאָ האָט נאָך געשמעקט מיט גוטן מיטלאַלטער: יידן זענען געווען פאַרשפּאַרט אין געטאָ (carrière des juifs) און האָבן געהאַט אויף זיך די השגחה פון דעם פּויפּסטס אינקוויזיציע. יעזואיטן און דאָמיניקאַנער קלויסטערלייט פלעגן שבת קומען אין די יידישע שולן און זאָגן דרשות, ווי דאָס קריסטנטום עפנט דעם ליכטיקן גן-עדן און יידיש-קייט פאַרפירט אין שאול-תּחתּיה אַריין: אָפט פלעגט מען גנבענען יידישע קינדער, פאַרשפּאַרן אין די קלויסטערס און זיי שמדן דאָרט; קיין פּראָ-טעסטן פון די אומגליקלעכע עלטערן האָבן נישט געהאָלפן.

די געדיכטע מאַסע פראַנצויזישע יידן איז געווען אין די צפון-מזרח-פּראָווינצן — אין עלזאַס און אַ טייל לאָטאַרינגען.*) אין צוויי לאָטאַרינגער שטעט, אין מעץ און אין נאַנסי מיט דעם קרייז אַרום, איז די צאָל יידן שטרענג נאָרמירט: אין מעץ האָבן געמעגט זיין נישט מער ווי 480 יידישע

---

*) לויט דער ציילונג פון יאָר 1784 האָט זיך אין עלזאַס גערעכנט 19.624 יידן, אַהער קומט נאָך צו אַ סך יידן, נישט רעגיסטרירטע איבער די שטרענגע געזעצן ועגן וואוינרעכט. צוגעגעבן נאָך 480 יידישע געזינטן אין מעץ (לויט דער נאָרם), און אַזוי אויך 180 אין קרייז נאַנסי (צוזאַמען בערך 4.000 נפשות), קומט אויס אַז אין עלזאַס-לאָטאַרינגען איז סך-הכּל געווען אַן ערך 40.000 יידן. אין גאַנץ פראַנקרייך האָט זיך ערב רעוואָלוציע 1789 גערעכנט אַקעגן 50.000 יידן. זע: Glaser, Geschichte der Juden in Strassburg, 1894, ז. 81-82, און די איבעריקע קוועלן וועגן דעם פּרט (ענדע בוך, קוועלן און ליטעראַטור).

פאַמיליעס, אין נאַנסי — 180. פון צייט צו צייט האָט מען „גערייניקט": מ׳פלעגט אַרויסטרייבן די איבערצאָל יידן, וואָס איז צוגעקומען פון נאַטירלעכן צוּוואוקס אָדער פון שטילער אימיגראַציע. מעצער געטאָ האָט נאָך ענדע 18-טן יאָרהונדערט אויסגעזען ווי אַ שטייג מיט קנעכט, פּונקט ווי אין אַנהויב יאָרהונדערט: די אייגענע ענגשאַפט און שמוץ פון אַ פּאָר-שפּאַרטן קוואַרטאַל, די אייגענע שטייערן פאַר וואוינרעכט (נאָך אין די ערשטע יאָרן רעוואָלוציע האָט מען ביי יידן אויפגעמאָנט 20.000 ליוור אַ יאָר פאַר דעם הערצאָג בראַנקאַס און גרעפין פאָנטענס אייניקלעך), דער אייגענער באַליידיק-שטייער פאַר די אָרטיקע קירכן; ווייטער — אַ פאַרבאָט, יידן זאָלן זיך ווייזן אין שטאָט זונטיק און פייערטעג און דעסגלייכן, — אַלצדינג, ווי מיר האָבן דאָס צוגעזען אין פראַנקפורטער געטאָ, מיט קליינע וואַריאַנטן.

אין עלזאַס האָבן יידן געוואוינט צעוואָרפן אין צוויי הונדערט שטעט און ישובים, אָבער אין דער הויפּטשטאָט שטראַסבורג האָבן יידן נישט געטאָרט זיין קיין שטענדיקע איינוואוינער. די שטאָט האָט געהאַט אַ פאַר צייטיקע פּריווילעגיע נאָך פון דער שוואַרצער מגפה אָן (1349), אַז דער מאַגיסטראַט מעג נישט אַריינלאָזן אַהין קיין איין ייד. קעגן דער דאָזיקער פּריווילעגיע האָבן אפילו קעניגן נישט געקאָנט העלפן. די צווייטע העלפט 18-טן יאָרהונדערט האָט מען יידן אַריינגעלאָזט קיין שטראַסבורג נאָר דורכפאָרער, איבערנעכטיקן אָדער אויף אַ פּאָר טעג, געשעפטלעך, יעדעס מאָל מיט דעם הסכם פון פּאָליציי. יעדער דורכפאָרער האָט דערביי געהאַט אויסצושטיין נאָכאַנאַנד בזיונות: ביים אַריינפאָר האָט ער באַדאַרפט צאָלן דורכלאָז-געלט לויט אַ טאַקסע פאַר פּי (péage corporel) אַזוי ווי אין דייטשלאַנד „לייב-צאָל"; באַקומען דעם דורכפאָר, האָט ער געמעגט איינשטיין נאָר אין אייניקע ספּעציעל-אָנגעוויזענע איינפאָר-הייזער; פּאָליציי האָט געהיט, אַז ענדע טערמין זאָל ער באַלד פאַסירן די שטאָט. אַ מערקווירדיקן באַפעל האָט פּאָליציי געמאָלדן אין שטראַסבורג (נאָוועמבער 1780): „ריכטער פון דער פּאָליציי-קאַמער האָבן באַמערקט, אַז אייניקע בירגער דערוועגן זיך פאַרדינגען יידן צימער און דירות ביי זיך אין די הייזער, זיי קוואַפּן זיך אויף געלט און ווילן נישט פאָרזען די שלעכטע רעזולטאַטן דערפון. דאָס ברענגט אַ געפערלעכן פאַרקער און אַ באַפריינדונג צווישן קריסטן און יידן בעת אַזוינס איז שטרענג פאַרזאָגט אין די פאַרצייטיקע רעגלאַמענטן: קיין ייד זאָל נישט וואוינען אונטער איין דאַך מיט קיין קריסט. היות ווי מיר ווילן נישט דערלאָזן אַזאַ געפערלעכן אומגעזעץ... פאַרווערן מיר שטרענג די בירגער פאַרדינגען אַ יידן אַ הוי׳ אַ קראַם אָדער אַן אַנדער שטעל ביי אַ שטראָף פון 150 ליוור. יידן, וואָס קומען צו זיי (צו די בירגער) און

בעטן זיך אָפּשטעלן בײַ זײ אָדער איבערנעכטיקן, הײסן מיר אָפּשיקן אין די ערטער, וואָס זענען ספּעציעל דערפֿאַר אָנגעוויזן". כּדי קײנער זאָל קײן תּירוץ נישט האָבן, ער ווײסט נישט פֿון דעם געזעץ, האָט די פּאָליצײ געהײסן אָפּדרוקן דעם דאָזיקן באַפֿעל אויף צוויי שפּראַכן און צעקלעפּן איבער דער שטאָט.

ווי ווײט מ'האָט געהיט, שטראַסבורג זאָל נישט „פֿאַרפֿלײצט" ווערן פֿון ייִדן, קאָן מען אַרויסזען פֿון אַזאַ מעשה: אין יאָר 1767 האָט אַ רײַכער ייִד הערץ סערף-בער, אַ נעגאָציאַנט, אַ צושטעלער בײַ דער קעניגלעכער אַרמײ, געבעטן בײַ די שטאָט-רעגירער, מ'זאָל אים לאָזן בלײַבן דעם ווינטער אין שטראַסבורג, וואָרום איבער די וועגן יאָגן אַרום רויבער און ס'איז געפֿערלעך אַלע מאָל צו פֿאָרן הין און צוריק אין שטאָט אַרײַן. אין דער זאַך האָט זיך אַרײַנגעלײגט דער מיניסטער הערצאָג שואַזעל, וואָס האָט געוויזן דעם שטראַסבורגער מאַגיסטראַט, אַז אַרײַנלאָזן ווינטער אײן ייִדן אַ נעגאָציאַנט, מיט דער השגחה פֿון פּאָליצײ, איז נישט געפֿערלעך. אַזאַ תּקיף אַ מיניסטער האָט נישט געפּאַסט אָפּזאָגן, האָט מען בערן געלאָזט אין שטראַסבורג. אין עטלעכע יאָר אַרום האָבן די שטאָט-רעגירער געמוזט נאָך מער אַוועק פֿון דעם מיטלאַלטערישן רעגלאַמענט. אין יאָר 1775 האָט דער קעניג געגעבן בערן און זײַן געזינט אַ פּאַטענט אויף „נאַטוראַליזאַציע" און וואוינרעכט אומעטום, אַ שׂכר פֿאַר דעמס פֿאַרדינסטן קעגן דער אַרמײ און דער רעגירונג. בער האָט זיך באַזעצט אין שטראַסבורג, דער שטאָט-ראַט האָט אים תּחילת געשטערט, ווי ווײט ער האָט געקאָנט, צו פֿאַרווערבן אַ הויז, לסוף האָט ער מיט אַ שווער האַרץ נאָכגעגעבן דעם קעניג. מ'קאָן זיך פֿאָרשטעלן די שרעק פֿון די פּני, אַז זײ האָבן דערזען בײַ דער צײלונג פֿון יאָר 1784 אין שטאָט בײַ זיך מיטאַמאָל 4 ייִדישע פֿאַמיליעס פֿון 68 נפֿשות — דאָס איז געווען סערף-בערס געזינט און קרובֿים, מענטשן און הויז-דינער.

אָבער די מאַסע עלזאַסער ייִדן איז געבליבן נישט נאַטוראַליזירט. דאָס איז געווען אַ מחנה אומבאַרעכטיקטע, אומבאַשיצטע אויסלענדער, וואָס מ'האָט זײ נאָר „געליטן" (tolerés). אין דערפֿער און אין פּריצישע שטעטלעך האָבן זײ געמעגט וואוינען, אויב דער פֿעאָדאַל, דער פּריץ אָדער דער סעניאָר האָט זײ געטאָן אַזאַ חסד. פֿאַר אַזאַ וואוינרעכט האָט מען בײַ זײ געריסן גרויסע שטײַערן. ייִדן האָט מען נישט צוגעלאָזט צו אַסך פּראָפֿעסיעס, ממילא האָט מען זײ פֿאַרטריבן אין קלײנהאַנדל און אין וואָכער. ייִדן אין דערפֿער האָבן געליען פּויערים געלט אויפֿן חשבון פֿון תּבֿואה, אין שטעט און שטעטלעך האָבן זײ קרעדיטירט בירגער און האַנטווערקער. אַ בעל-חובֿ אַ קריסט, וואָס האָט געוואוסט וואויל, ווי אומזיכער דעם ייִדנס לאַגע איז —

מ'קאָן אים אַלע טאָג אַרויסוואַרפן, פלעגט אָפט לייען געלט מיט אַ כוונה קיינמאָל נישט אָפּגעבן. די ריזיקע פון אַזאַ קרעדיט האָט געניויט דעם יידן נעמען באַרייסערישע צינזן. דערפון נעמען זיך קריגערייען, פראָצעסן, די אומגליקלעכע יידישע לאַגע פון אַן עקספּלואַטאַטאָר, וואָס ווערט אַליין עקספּלואַטירט, די פאַראַכטונג דורכאויס צום יידן א. אַז. וו. דער נאָמען „ייד" (juif) הייסט אַזוי גוט ווי וואָכערניק (usurier). ביי אַזוינע אומשטאַנדן האָט זיך געקאָנט פאַרלויפן אַ גרויסע אַפערע פון אַ יידנפיינט העל, אַ ריכ-טער אין עלזאַס; ער האָט נאָכגעמאַכט מאַסן קבלות, און קריסטן האָבן דערמיט געקוויטעט זייערע וועקסלען פאַר די חובות, וואָס יידן האָבן גע-האַט ביי זיי. העל איז סוף כּל סוף געשטראָפט געוואָרן פאַרן שווינדל און מ'האָט אים פאַרטריבן פון עלזאַס (1780). אָבער הונדערטער יידישע פאַמיליעס זענען רואינירט געוואָרן.

דער אַלטער רעזשים האָט אויסגעפּירט זיינס: ער האָט געמאַכט דעם יידן פריער פאַר אַ קנעכט, דערנאָך פאַר אַ פאַראַכטן. דעם יידן האָט מען געצוואונגען קויפן אַלצדינג פאַר געלט: רעכט צו וואוינען, צו פאַרקערן, צו פאַרדינען; מ'האָט אים געהייסן צאָלן פאַר יעדער מויל לופט, וואָס ער האָט געאָטעמט, פאַר יעדער שפאַן ערד, וואו זיין פוס האָט געטראָטן. וואָס זשע נאָך האָט ער געזאָלט טאָן, אויב נישט גייציק יאָגן זיך נאָך געלט צו קויפן דערפאַר אַלץ, וואָס אַלעמען קומט אָן געלט? די פּריצים אָדער די סעניאָרן האָבן אויסגעפּרעסט פון יידן אין זייערע גיטער די לעצטע זאַפטן. פאַרקויפנדיק דעם יידן פאַר אַ גרויס יערלעך שטייער וואוינרעכט, האָט דער סעניאָר נישט געוואָלט גאַראַנטירן אַזוינס יענעמס דערוואַקסענע קינדער, אַ דערוואַקסענער זון פלעגט אָפט מוזן זיך שיידן מיט דער היים, ווייל דער סעניאָר האָט אים נישט געוואָלט געבן קיין וואוינרעכט. האָבן יידן זיך געפּרוווט קלאָגן דעם „עלזאַסער אויבער-ראַט" (Conseil souverain d'Alsace), האָבן זיי באַקומען פון דעם העכסטן אַדמי-ניסטראַטיוון לאַנד-אָרגאַן אַזאַ מין תשובה: „אַ ייד האָט נישט קיין באַשטימט וואוין-אָרט, אים איז באַשערט אייביק וואַגדערן. דאָס דאָזיקע שוואַרץ-מזל גייט אים נאָך פוסטריט און לערנט אים, אַז ער קאָן זיך אין ערגעץ נישט פאַרגינען צו זיצן פעסט. דעריבער איז אַ חוצפּה, ווען איינער פון אַזאַ פאַרשאָלטענער נאַציע וויל נויטן דעם סעניאָר, ער זאָל אים סאַנקציאָנירן און פראָטעזשירן דערפאַר, וואָס דער סעניאָר האָט באַוויליקט צו לאָזן אַזאַ יידנס אַ פאָטער וואוינען אין זיינע גיטער. אַ ייד איז נישט קיין בירגער, נישט קיין שטאָטישער (ni citoyen, ni bourgeois), וואוינרעכט קאָן אים געבן נאָר דער סעניאָר, און ער קאָן אים אַרויסשיקן אויך ווען ער וויל".

אין יאָר 1784 האָט די רעגירונג גענומען עפּעס טאָן צו פאַרגרינגערן

די יידישע לאַגע. אין יאַנואַר דאָס יאָר איז לויט לודוויק דעם XVI-טנס אַ דעקרעט אָפּגעשאַפט געוואָרן דער „לייב-שטייער“ (péage corporel) אָדער דער דורכפאָר-צאָל, וואָס מ'פּלעגט נעמען ביי יידן-דורכפאָרער אין עלזאַס און וואָס „האָט זיי געמאַכט מיט פי גלייך“. אָבער אין יולי דאָסזעלבע יאָר איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ נייער קעניגלעכער דעקרעט פאַר עלזאַסער יידן; דער מאָנאַרך האָט מיט דעם דעקרעט סאַנקציאָנירט אַלס געזעץ אַלע פּלאָגן און באַגרעניצן, וואָס פעאָדאַלע און בורזשואַזע יידנפרעסער האָבן צוגעקלערט פאַר יידן. חוץ אַ פּאָר פּונקטן, וואָס זענען אויסן עטוואָס פאַרברייטערן יידישע פּראָפעסיעס (לאַנד-אַרענדע, ערדאַרבעט, פאַבריקאַציע), זענען אַלע איבעריקע פּונקטן פונם רעגלאַמענט אַ מין שלחן-ערוך פון יידישער קנעכטשאַפט. דערהויפּט וואַרפט זיך אין אויג די טענדענץ נישט דערלאָזן, יידן זאָלן זיך נאַטירלעך מערן. אין ערשטן פּונקט שטייט: „די יידן אין דער פּראָווינץ עלזאַס, וואָס צו דער צייט פון פאַרעפנטלעכן דעם איצטיקן אַקט וועלן זיך אַרויסווייזן פאַר מענטשן, וואָס האָבן נישט קיין באַשטימט וואוין-אָרט, האָבן נישט באַצאָלט דעם קעניג קיין פּראָטעקציע-שטייער (droit de protection), די סעניאָרן און די שטעט קיין וואוין-שטייער און קיין אָפּצאָל (Contribution) די געמיינדעס, — די אַלע מוזן אַרויספאָרן פון דער פּראָווינץ אין משך פון דריי חדשים; דאָס גילט אַפילו אין דעם פאַל, ווען זיי זאָלן זיך פון היינט אָן פאַרפליכטן צאָלן די אַלע שטייערן. אויב זיי וועלן אָבער בלייבן אין לאַנד, קומט זיי באַהאַנדלט צו ווערן אַזוי ווי שנאָרער און אומלייט (vagabonds et gens sans aveu) מיט גאָר דער שטרענגקייט פון די אָרדאָנאַנסן“. די ווייטערדיקע פּונקטן פאַרווערן סעניאָרן, שטעט און דאָרף-געמיינדעס צולאָזן אויסלענדישע יידן אַלס שטענדיקע וואוינער: ווען אַזוינע קומען קיין עלזאַס, מעג מען זיי לאָזן וואוינען אַ קורצע צייט, נישט מער ווי דריי חדשים, בתנאי, אַז זיי וועלן צושטעלן אַ פּאַס און אַ שיין פון דער אַדמיניסטראַציע וועגן דעם צוועק פון זייער אַהערקומען. דער געזעץ פאַרהיט דאָס לאַנד פאַר פרעמדע יידן און פאַרגעסט נישט היימישע אויך: ער נאָרמירט דעם נאַטירלעכן יידישן צוּוואוּקס. יידן אין עלזאַס טאָרן נישט חתונה האָבן אָן דעם קעניגס ערלויבעניש, דאָס גילט אַפילו פאַר יידן, וואָס וואוינען אין אַ פעאָדאַלס לאַנדגוט; אין קעגנפאַל קומט זיי פאַרטרייבן פונם לאַנד; אָן אַזאַ ערלויבעניש טאָרן רבנים נישט מסדר-קדושין זיין, ווען נישט, קומט זיי 3000 ליוור שטראָף, דאָס צווייטע מאָל — פאַרטרייבן פונם לאַנד.

בכן זעען מיר, ווי אַפילו דער דאָזיקער רעגלאַמענט, וואָס פאַלט אויס אין די „ליבעראַלע“ יאָרן פון לודאָוויקס רעגירן, האָט נאָר סאַנקציאָנירט די שענדלעכע סיסטעם פון יידישער קנעכטשאַפט. יידן אין עלזאַס

האָבן ווידער ביטער געקרעכצט אונטער דעם פּאַטערלעכן שוץ פון סעניאָרן און שטעט. שטאַרקערע און פעיקערע האָבן זיך געריסן אַרויס פון דער דאָזיקער פעאָדאַל-פּריצישער ממשלה אין די גרויסע צענטערן אַריין, דערהויפּט אין דער רעזידענץ, קיין פּ אַ ר י ז. אָבער דאָ האָבן זיי געהאַט אויסצושטיין נייע בזיונות. פּאַריז איז געווען מחוץ דעם „תחום", מיט אָנגעקומענע יידן פלעגט מען זיך דאָרטן באַגיין אַזוי ווי פאַר די צאַרן אין פּעטערבורג און אין מאָסקווע. זיי זענען געווען ביי פּאָליציי אין די הענט, אויף זיי האָט געקוקט אַ ספּעציעלע „אינספּעקציע פאַר שנאָרער און יידן". צו באַקומען אַ ערלויבעניש צייטווייליק צו וואוינען אין פּאַריז, האָבן יידן געמוזט ווייזן דאָקומענטן, צוואָס זענען זיי אַהער געקומען; פּאָליציי-קאָמיסאַרן פלעגן אַלע וואָך גיין איבער די האָטעלן און איינפאָר-הייזער פאַר יידן, מאַכן רעוויזיעס, פאַרנעמען „חשודיקע" פאַרשוינען; וועמען מ'האָט געכאַפּט אָן פּאַפּירן, פלעגט מען שלעפּן אין טורמע אַריין. די דאָזיקע „געיעגן" פלעגן געוויינלעך פאָרקומען אין אָוונט אָדער ביינאַכט. אָט האָבן מיר אַ בילד, ווי מ'באַהאַנדלט אַ גרופּע אַרעסטירטע יידן אין פּאָליציי-ביורא: „וואָס איז דעמס פּראָפעסיע?" — פרעגט אַ באַאַמטער. „דאָס איז אַ טענדלער פון אַלטוואַרג" — ענטפערט אַ פּאָליציסט. „רעכט, שלעפּט אים אין טורמע אַריין, און יענער?" — „דאָס איז לעאָן קאַנין, וואוינט אין סען-מאַרטען-גאַס, געקומען קיין פּאַריז וועגן זיינע געשעפטן מיט אַ גרענאַדיר-פּאָלק (דאָס איז אַ צושטעלער), פאָרט אָפּ אין עטלעכע טאָג אַרום" — „רעכט! נאָר אויב ער בלייבט איבער דעם טערמין — איז אין טורמע אַריין! דער דריטער?" — „אַ קאַווע-מילנער" — „ווייטער?" — „האָט אַ שלעכטע רעפּוטאַציע!" — „אַרויס מיט אים פון פּאַריז!" — „ווייטער?" — „אַלעקסאַנדר זשאַקאָב פון מאָדיוע-גאַס, אַ מעקלער, קיין פּאַס האָט ער נישט"... — „טרייבט אים אַרויס! טרייבט זיי אַלע אַרויס!".

נישט געקוקט אויף אַלע פאַרבאָטן און רדיפות איז אין פּאַריז דאָך געווען אַ שטענדיקע קאָלאָניע יידן; צום יאָר 1780 האָט זיך דאָרט גערעכנט ביז 800 יידן. באַשטאַנען איז זי פון פאַרשיידענע מינים. די מיוחסים צווישן זיי זענען געווען ספרדישע יידן, מייניסטנס אָנגעזעענע באָרדאָער נעגאָציאַנטן. זייער פאָרשטייער איז געווען אַ געוויסער פילאַנטראָפּ יעקב-ראָדריגעס פּערייראַ, וואָס האָט געגרינדעט אַ אינסטיטוט פאַר טויבשטומע. אויף דעם אונטערשטן שטאַפּל זענען געווען די „אשכנזים", עלזאַסער און פוילישע יידן. פון דעם יאָר 1778 אָן האָבן אַלע יידן, וואָס פלעגן קומען קיין פּאַריז, געמוזט צושטעלן זייערע דאָקומענטן (רעקאָמענדאַציעס פון זייערע קהלס-לייט) פּערייראַן; דער האָט געפירט אַ רייכסטער און פלעגט דאָס פעריאָדיש צושטעלן דער פּאָליציי. אַזאַ יידישע אינספּעקציע איז גע-

ווען זייער צולאָסט די אַשכּנזישע יידן, צו זיי האָט זיך פעריירא פאַרהאַלטן; אַ סך שטרענגער, איידער צו זיינע לאַנדסלייט, די ספרדים. פּאָליציי-געזעצן אויף „יידן אָן פּעסער" האָבן נישט אויפגעהערט, און אַפילו די ערשטע חדשים רעוואָלוציע (מאַי-יוני 1789) פלעגט נאָך פּאָליציי ביינאַכט באַפאַלן יידישע הייזער.

דער עדיקט פון יאָר 1787, וואָס האָט אויפגעבונדן די ניט-קאַטאָליקן, זיי זאָלן מעגן פריי האַנדלען און באַשעפטיקן זיך מיט פּראָפעסיעס, האָט געגאָלטן פאַר פּראָטעסטאַנטן, אָבער נישט פאַר יידן. די לעצטע יאָרן פאַר דער רעוואָלוציע האָט אַ רעגירונג-קאָמיסיע מיט אַ ליבעראַלן מיניסטער מאַלזערב אויבן-אָן באַהאַנדלט די יידנפראַגע. אין דער קאָמיסיע זענען געווען פאַרטרעטער פון יידן אויך: פון די ספרדים — פורטאַדאָ, גראַדיס און אַנדערע, פון באָרדאָ, פון די אשכּנזישע יידן — דער פריער דערמאָנטער סערף-בער פון שטראַסבורג און ישעיה-בער בינג פון נאַנסי. יידן האָבן געפאָדערט בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג, די רעגירונג האָט אָבער נישט געקאָנט פועלן ביי זיך אַזאַ גרינדלעכע רעפאָרם: אַזוי האָט זיך עס געצויגן ביזן יאָר 1789.

## § 7. איטאַליע

אַ געדיכטער עסענץ מיטלאַלטער האָט זיך געהאַלטן אין געטאָ פון רוים. דעם פּויפּסטס רעגירונג האָט פאַרשפאַרט עטלעכע טויזנט יידן אין אַ קוואַרטאַל, אַ טורמע אויפן זומפּיקן ברעג טיבּר און האָט געטריבן מיט זיי די שמאַרצלעכע עקספּערימענטן. די אַכזריות פון די הייליקע קונצנמאַכערס האָט דערלאַנגט די העכסטע מדרגה צום ענדע 18-טן יאָרהונדערט, ווען די קירך האָט זיך דערפילט אַטאַקירט פון דעם נייעם גייסט און האָט זיך געהאַלטן אין קריגס-צושטאַנד. אָן די דערשלאָגענע, איבערגעשראָקענע געטאָ-מענטשן האָט מען זיך נוקם געווען פאַר די מפּלות, וואָס מ'האָט געהאַט אין דעם לאַנד פון וואָלטערן און די ענציקלאָפּעדיסטן; אין דעם דאָזיקן הייפל „אפּיקורסים" האָט די קירך געכאַפּט נשמות, פּונקט ווי זי וואָלט וועלן דערמיט ממלא זיין דעם אָנווער, וואָס זי האָט געהאַט אין דער טשערעדע געטרייע.

דעם יידן-עדיקט (Editto sopra gli Ebrei), וואָס דער פּויפּסט פּיאוס VI האָט פאַרעפנטלעכט אין יאָר 1775, געהערט צו די אוממענטשלעכסטע אַקטן אין דער געשיכטע. אַלע אַכזריותדיקע קירך-געזעצן און פּויפּסט-בולעס, דעם גאַנצן סם פון דעם קלעריקאַליזם האָט מען אַריינגעטאָן אין די

44 פונקטן פון דער „געטאָ-קאָנסטיטוציע". יידן טאָרן נישט וואוינען אין רוים פון יענער זייט געטאָ; בייטאָג מעגן זיי גיין אין שטאָט אַריין וועגן זייערע געשעפטן, אָבער נעכטיקן דאָרט איז שטרענג פאַרבאָטן ביי אַ געלט שטראָף און שמיץ. די שומרים פון דעם געטאָ טאָרן קיינעם נישט לאָזן נישט אַריין, נישט אַרויס שפּעטער פאַר איינס אַזייגער ביינאַכט. מחוץ די געטאָ-מויערן טאָרן יידן קיין קראָמען נישט האָבן; נאָר אַלס אויסנאַם קאָן מען אַזוינס ערלויבן אַ יידן, אָבער נישט ווייט פון געטאָ. אויף די זומער-פּלעצער אין אומגעגנט טאָרן יידן נישט וואוינען בשום אופן, אַפילו צו אָטעמען פרישע לופט. אַ ייד טאָר אין רוים נישט פאָרן אין אַ קאָטש. יידן, מענער און פרויען, מוזן שטענדיק טראָגן, אין געטאָ און אויסער דעם געטאָ, „אַ געלע לאַטע, מ'זאָל זיי דערקענען". מענער דאַרפן דאָס שטיקל געלס צונייען צו די היטלען, פרויען — צו די הויבן; מ'טאָר דאָס געלס נישט פאַרדעקן מיט אַ טיכל אָדער מיט אַ איבערבונד; טאָמער גייט אַ ייד אַרויס מיט אַ געוויינלעך היטל, מוז ער דאָס האַלטן אין האַנט און גיין אָן אַ היטל; פאַר נישט פאָלגן קומען שווערע שטראָפן, „אויף בּאַראָט". יידן טאָרן נישט: פאַרקויפן קריסטן קיין פלייש און קיין מילך, געבן זיי מצה, האַלטן זיי פאַר הויז-דינער און אַמען, רופן אַ קריסטלעכע הויבאַם, פירן קריסטן אין שול אַריין, עסן, טרינקען און שפּילן מיט זיי; זיי טאָרן נישט אַפילו שמועסן מיט קריסטן אינדערהיים, אין שענק, אויפן גאַס, — ווען נישט, קומטביידע צדדים שמיץ און געלט-שטראָף. דערהויפּט האָט מען שטאַרק אָפּגעהיט, אַז יידן זאָלן נישט האָבן קיין מגע-ומשא מיט די אומגליקלעכע ברידער, שוועסטער און קינדער זייערע, וואָס זענען אַריינגעפאַלן צו מיסיאָנערן אין די הענט און וואָס מ'פלעגט זיי האַלטן ווי אין אַ טורמע אין אַ ספּעציעל הויז פאַר שמד-קאַנדידאַטן — דאָס „קאַטעכומענער-הויז". קיין ייד האָט נישט געטאָרט נאָענט צוגיין צו אַזאַ הויז און צו דער קירך סאַנטאַ-מאַריאַ אין רוים; פאַר אַזאַ פאַרברעך קומט שטראָף: 300 סקודי, פאַרשיקן אויף קאַטאָרגע-אַרבעט אויף די גאַלערעס און „נאָך אַזוינע לייב-שטראָף, אויף בּאַראָט". אַ יידן, וואָס האָט אַריינגעלאָזט צו זיך אין שטוב אַריין אַן אַנטלאָפענעם שמד-קאַנדידאַט אָדער אַ ניי-געשמדטן יידן, קומט „דער פייניקונג-סלופּ". פאַר צורעדן אַזוינעם בלייבן אַ ייד — קומט טורמע, קאָנפיסקירן דאָס גאַנצע פאַרמעגן און גאַלערעס. מ'האָט געשמידט אין קייטן דאָס יידיש גייסטיק לעבן אויך, אַכט גיפטיקע פונקטן האָבן צו טאָן מיט „די גהינומדיקע תלמוד- און קבלה-ספרים און אַנדערע ספרים, וואָס זענען איבערפולט מיט פאַלשקייט און מיט חוצפה-רייד קעגן קריסטנטום". אַ ייד טאָר נישט האָבן ביי זיך אַזוינע ספרים, דאָס הייסט אייגנטלעך קיין איין יידיש ספר, חוץ אַ סידור און אַ תנ"ך; ער טאָר אין אַזוינע ספרים נישט

אַריינקוקן, ער טאָר זיי נישט פאַרקויפן, שענקען און דעסגלייכן. אַ ייד טאָר נישט אַריינפירן, נישט קויפן, נישט נעמען אַ מתנה קיין יידישן ספר, איידער ער גיט דאָס פריער נישט איבער דער צענזור פון Pater Maestro אין דעם פויפסט-הויף, דעם בישאָף אָדער דעם אינקוויזיטאָר אין אַן אַנ-דער שטאָט, — ווען נישט, קומט אים זיבן יאָר טורמע. יידן טאָרן נישט מאַכן קיין לוויות מיט זאָגן פסוקים-תהלים, מיט אָנגעצונדענע ליכט, טאָרן נישט שטעלן קיין מצבות זייערע מתים. אין געטאָ טאָר מען נישט בויען קיין נייע שולן, מ׳טאָר אָבער נישט רעמאָנטירן די אַלטע אויך. קריסטלעכע פייערטעג מעגן יידן אַרבעטן ביי זיך אינדערהיים נאָר ביי פאַרמאַכטע טיר און טויער. אַ רב טאָר נישט טראָגן קיין ספּעציעלע קליידער, ער דאַרף גיין אָנגעטאָן מיט אַלע גלייך. רבנים מוזן אַכטונג געבן, אַז אויף די דרשות ביי די קאַטוילישע מיסיאָנערן זאָלן קומען אַ געזעצטע צאָל יידן, וואָרום „דרשות איז דער בעסטער וועג עפענען יידן די אויגן". דעם עדיקט האָט דער פויפסט געהייסן צעקלעפּן אין די גאַסן און אויף די פּלעצער אין רוים און אין די שולן אין געטאָ. דאָס איז געטאָן געוואָרן דעם 20 אַפּריל 1775, און רוימער אייגוואוינער האָבן זיך געשטופּט צו גרויסע פּלאַקאַטן מיט דער פּויפּסטס „יידן-קאָנסטיטוציע".

פון אַזאַ רעזשים האָט געהאַט אויסצושטיין אַ קהילה מיט 7000 נפשות, פאַרשפּאַרט אין געטאָ פון רוים, שוין נישט גערעכנט די יידן, וואָס זענען געזעסן צעוואָרפן אין אַנדערע ערטער אין דעם פּויפּסטס מלוכה (קירך-לאַנד) און אין אַוויניאָן, וואָס האָט געהערט צום פּויפּסט. דיופּאַטי, וואָס איז געווען אין רוים אין יאָר 1783, שרייבט, אַז די יידישע לאַגע איז דאָרטן ערגער, איידער אומעטום: „מ׳פרעגט, ווען זשע וועלן יידן שוין ווערן קריסטן? און איך פרעג: ווען וועלן קריסטן ווערן מענטשן, ווערן טאָלע-ראַנט? קריסטן, ווען וועט איר ווערן אויס אויפמאָנער פון גאָטס גערעכ-טיקייט?..." אַ שוואַרצע מחנה קלויסטער-מענטשן האָט געזייט און געשפּרייט די שענדלעכסטע יידנפרעסערישע פּאַמפלעטן און גערייצט דעם פאַנאַטיזם ביי די קאַטוילן. אָנפאַלן אין גאַס אויף יידן איז געווען אַ וואָכעדיקע זאַך, ביי דער געלעגנהייט האָט מען גערויבט און געהרגעט אויך. איז אַ ייד פאַרבייגעגאַנגען אַ קלויסטער, האָט מען אים פאַרוואָרפן מיט שטיינער און געמאַכט פאַר אַ קאַלקע. ס׳איז געווען אַ פאַל, ווען אַ יידן, אַ בלינדן אויף איין אויג, האָט מען געטראָפן מיט אַ שטיין אין צווייטן אויג, און יענער איז גאָר בלינד געוואָרן (1789). דערהויפּט פלעגט מען זיך אָפּרעכענען מיט יידן, ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט פון אַ ניי-געשמדטן. פרי-זומער 1787 האָט אַן אָרימער ייד אין רוים מסכים געווען צו טויפן זיך. ווען מ׳האָט אים גענומען אין הויז פאַר די ניי-געטויפטע (casa), האָט ער געזאָגט, אַז אין

געטאָ זענען געבליבן צוויי ייִנגלעך-יתומים, קרובים זיינע. די ייִנגלעך זענען טאַקע געווען דאָרט, האָבן זיך אויפגעהאַלטן ביי נאָענטע קרובים. די קהילה האָט זיך דערוואוסט, אַז דעם פּויפּסטס שפּיאָנען זוכן די ייִנגלעך שמדן זיי, האָט זי זיי אויסבאַהאַלטן. די רוימישע פּאָליציי האָט דעמאָלט אַרעסטירט 80 יידישע ייִנגלעך און האָט געהייסן פּייניקן די פּרנסים פון דער קהילה. די אומגליקלעכע יתומים האָט מען געמוזט אַוועקגעבן צו די גלחים. מיט גוואַלד האָט מען זיי געשלעפּט צום שמד, נישט קוקנדיק אויף דעם עלטערן ייִנגלס געשרייען. די קהילה ווידער האָט מען אָנגעלערנט פּאַר וועלן אויסבאַהאַלטן די ייִנגלעך: זי האָט געמוזט באַצאָלן אַ גרויסע קאָנטריבוציע. רוימער יידן האָבן וועגן דעם פאַל געשריבן צו זייערע ברידער אין בערלין און אין אַנדערע שטעט.

די פאַרפּייניקטע רוימער יידישע קהילה האָט לסוף (1786) באַשלאָסן ווענדן זיך צום פּויפּסט פּיאוס VI מיט אַ געבעט — ער זאָל זיך אויף איר אומקוקן און איר גרינגער מאַכן. דער קהילה-ראַט אין געטאָ (Congrega) האָט דערלאַנגט דעם פּויפּסט אַ מעמאָראַנדום, אויסגערעכנט אַלע שטייער-לאַסטן, וואָס דאָס געטאָ טראָגט אויף זיך (אגב, אין דעם לאַנגן צעטל שטייערן זענען מיר אויך דעם שענדלעכן אַלטן „קאַרנאַוואַל-שטייער״ און אַן אָפּצאָל לטובת דעם „הויז פאַר שמד-קאַנדידאַטן״), אַלע באַגרעניצן אין פּראָפעסיעס און אין געשעפטס-זאַכן, אַלע עפנטלעכע בזיונות, וואָס יידן האָבן אויסצושטיין אויף יעדן טריט. ווי גרויס די פאַרצווייפלונג איז ביי די בעטער געווען, קאָן מען זען פון אַזאַ נאַאיווער ווענדונג צו דעמזעלבן פּויפּסט, וואָס האָט סאַנקציאָנירט דעם עדיקט פון יאָר 1775: „הויבט זיך אויף, הייליקער האַר, און גיט אַ קוק פון אייער הויכן טראָן אויף דעם געטאָ אַראָפּ, אויף דעם דאָזיקן אומגליקלעכן רעשט ישראל, וואָס איז דאָך אייער פאָלק אויך און וואָס פאַרבערעכט די הענט צו אייך מיט געבעט!״ דער פּויפּסט האָט דערהערט דאָס יידישע געבעט און האָט באַשטימט אַ קאָמיסיע פון זיבן גלידער, צו באַטראַכטן זייערע קלאָגן. די קאָמיסיע האָט זיך אָבער נישט געאיילט און נאָך אין יאָר 1789 האָט זי געהאַלטן אין באַטראַכטן דעם יידישן מעמאָראַנדום. פאַרשטייט זיך, אַז דער דאָזיקער ישוב-הדעת פון די הייליקע פאָטערס האָט צו גאָר נישט געבראַכט. אַן ענטפער אויף דעם וויי-געשריי האָט דאָס געטאָ באַקומען אין עטלעכע יאָר אַרום פון אַן אַנדער מאָכט: ענטפער האָט געגעבן די רעוואָלוציאָנערע פראַנצויזישע אַרמיי, וואָס איז אַריין קיין רוים, האָט פאַרטריבן פון דאָרט דעם פּויפּסט און האָט אויפגעהויבן אַ רעפּובליקאַנישע פאָן אין צענטער פון דער טיראַנישער קירך-מלוכה.

טרויעריק איז אויך געווען די לאַגע פון יידישע קהילות אין אַנדערע

טיילן איטאַליע, כאָטש נישט אַזוי פינסטער, ווי אין רוים. אַסך פּראָווינצן זענען געווען אין דער ווירקונגס-ספער פון עסטרייך אָדער שפּאַניע — צוויי מלוכות, וואו יידן האָט מען גערודפט. יוסף דעם II-טנס כלומרשטע „רע-פאָרמעס" האָבן נאָך געקאָנט האָבן אַ ווירקונג אין אַזוינע פונקטן, פאַר-בונדענע מיט עסטרייך, ווי טריעסט; די יידישע בירגערלעכע לאַגע איז אָבער דערפון ווייניק וואָס בעסער געוואָרן. אין די גרויסע האַנדלס-שטעט אין איטאַליע פלעגן יידן אָפט דורכקומען מיט די מוניציפּאַליטעטן. אין דער פּאָרט-שטאָט ליוואָרנאָ האָבן יידן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין האַנדלס-לעבן. דער מוניציפּאַליטעט האָט זיך דעריבער גערעכנט מיט יידן. דער סטאַטוט פון דער שטאָטישער זעלבסט-פאַרוואַלטונג אין יאָר 1780 האָט יידן געגעבן רעכט קלייבן זייערע ראַטמענער אין שטאָט-ראַט. אין ליוואָרנאָ און אין פלאָרענץ האָבן יידן געמעגט וואוינען מחוץ דעם געטאָ אויך. אין ווענעדיג האָט געהערשט דער אַלטער געטאָ-רעזשים. די קאָנסערוואַטיווע רעגירונג פון דער ווענעציאַנער רעפּובליק האָט דערויף השגחה געהאַט, נישט קוקנדיק, וואָס ווענעציאַנער יידן האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אַלס עקספּאָרטיאָרן און באַנקירן. אין אַנדערע פּראָווינצן, אַ שטייגער אין פּיעמאָנט, אין מאָדענאַ, האָבן נאָך געגאָלטן פאַר יידן די קירך-געזעצן; די קלעריקאַלע רעגירער האָבן געשטרעבט צו פאַרגלייכן די לאַגע פון יידישע קהילות מיט דער לאַגע פונם געטאָ אין רוים.

## § 8. נידערלאַנד, ענגלאַנד, שווייץ און סקאַנדינאַווין

אין דעם רעפאָרמאַטישן האָלאַנד, דעם נעסט פון רעליגיעזער טאָלע-ראַנץ, זענען יידישע קהילות געווען אַ שאַרפער קאָנטראַסט קעגן דעם געטאָ-רעזשים אין דער קאַטוילישער איטאַליע. האָלאַנד איז געוואָרן אַ מין עיר-מקלט פאַר טויזנטער יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן פאַר דער אינקוויזיציע אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל און פאַר דער קנעכטשאַפט אין דייטשלאַנד. יידן איז דאָ גאַראַנטירט געווען גלויבנס-פרייהייט און פערזענלעכע זיכער-קייט, כאָטש בירגערלעך זענען זיי נאָך נישט געווען גלייכבאַרעכטיקט. אין אַמסטערדאַם, האַאַג, ראָטערדאַם און אין אַנדערע שטעט אין נידערלאַנד זענען געווען גרויסע יידישע קהילות ספרדים און אשכנזים מיט גוט אָרגאַניזירטער קהילה-פירונג. יידן האָבן דאָ פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט אינם גרויסהאַנדל, דערהויפּט צווישן איראָפּע און אַמעריקע און אין געלט-געשעפט. אין דעם בירגערלעכן לעבן זענען זיי אָבער געווען נאָך אָפּגע-זונדערט, זיי האָבן פאַרנומען דאָס צווייטע אָרט נאָך די קאַטוילן, וואָס זיי

אַליין זענען אויך נישט געווען גלייכבאַרעכטיקט מיט די קאַלוויניסטן. יידן, הייסט דאָס, זענען דאָ געווען אַ דריטער סאָרט בירגער. אין אַמסטערדאַם האָט נאָך געגאָלטן אַ פּאַרצייטיקער געזעץ, וואָס האָט נישט צוגעלאָזט יידן צו אַסך האַנדלס- און מלאכה-גילדיעס; דאָס האָט געשטערט דער אַנטוויקלונג פון זייער געווערב-אַרבעט. יידן האָט מען נישט צוגענומען אין די לאַנד-שולן, כאָטש זיי האָבן געצאָלט דעם שול-שטייער און אַפילו שטייערן פאַר דער לאַנד-קירך אויך. די מוניציפּאַליטעטן האָבן בכלל נישט פאַרהוילן זייער אומצופרידנקייט מיט יידן און האָבן געזען נישט צו דערלאָזן יידישע קאָנקורענץ אין פאַרשיידענע עקאָנאָמישע צווייגן. די נידערלאַנדער שטאַט-האַלטערס, די אָראַנער פירנצן, זענען געווען גוט צו דער יידישער אַריסטאָקראַטיע. בעת דעם אויפשטאַנד פון דער „פּאַטריאָטישער פּאַרטיי" קעגן דעם שטאַטהאַלטער ווילהעלם V ‏(1786—1787) זענען יידן געווען אויף די „אָראַנער"ס צד. ווען דער שטאַטהאַלטער איז אַנטלאָפן פון האַאַג, האָט ער אין אַמסטערדאַם געפונען גאַסטפריינדשאַפט ביי אַ ייד בנימין כהן אין הויז; נאָך דעם ווי ווילהעלם האָט ווידער פאַרנומען דאָס לאַנד מיט דער הילף פון דער פּרייסישער אַרמיי, האָבן זיך יידן באַטייליקט אין דער שמחה לכבוד זיין אומקערן. יידן, זעט אויס, האָבן געהאַט גרונדן האַלטן מער פון דער רעגירונגס-פּאַרטיי, איידער פון די „פּאַטריאָטן", וואָס זענען געזעסן אין די גילדיעס און אין די מאַגיסטראַטן, האָבן געענגט יידן אין זייערע רעכט און נישט צוגעלאָזט אין דער געזעלשאַפט.

אין ענגלאַנד האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ שטילע פּאַסיווע אומטאָ-לעראַנץ בנוגע צו יידן. טיילווייז זענען יידן דאָ געווען אין דערזעלבער לאַגע, וואָס בכלל „דיסענטערן" (קריסטן, וואָס געהערן נישט צו דער אָפיציעלער ענגלישער קירך). יענע זענען אין 18-טן יאָרהונדערט נאָך אויך נישט געווען גלייכבאַרעכטיקט, יידן אָבער זענען געשטאַנען אויף דער געזעלשאַפטלעכער טרעפּ נאָך אַ שטאַפּל נידעריקער. אין יאָר 1754 איז איבער אַגיטאַציע פון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי אָפּגעשאַפט געוואָרן דער ליבעראַלער ביל פון דעם יאָר 1753 וועגן נאַטוראַליזירן יידן אין ענגלאַנד, און דאָס האָט אויף אַ שטיק צייט פאַרהאַלטן די יידישע עמאַנסי-פּאַציע אין ענגלאַנד. יידן האָבן אַסך געאַרבעט אין דער אינדוסטריע און אין האַנדל, זיי האָבן געהאַט אויטאָנאָמע קהילות אין לאָנדאָן און אין אַנדערע שטעט, אָבער פון דעם געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן זענען זיי געווען דערווייטערט. זיי זענען געווען געענגט אין אַסך עלעמענטאַרע רעכט, ווי למשל פאַררערבן אַ נחלה וכדומה. אויף אָנצוקומען אויף אַן עפנטלעכער שטעל האָט מען באַדאַרפט געבן אַ שבועה; אין דער שבועה זענען געשטאַנען אַזוינע ווערטער: „(איך שווער) נאָך דעם אמתן גלויבן

פון אַ קריסט" — די דאָזיקע פּראָזע האָט פאַרמעל פאַרשטעלט יידן דעם וועג אין פּאַרלאַמענט, אין די מוניציפּאַליטעטן, אין פאַרשיידענע קאָרפּאָראַציעס. דאָ איז געוואָרן אַן אָריגינעלע סיסטעם: דעם יידן האָט מען נישט נערודפט, מ'האָט זיך נישט אַריינגעריסן גראָב אין זיין אייגן-לעבן, אַזוי ווי מ'האָט דאָס געטאָן אין פּרייסן און אין עסטרייך, אָבער אַ צוים האָט אים נעהאַלטן דערוווייטנס פון דער בירגער-געזעלשאַפט. צווישן יידן און דעם פולבאַרעכטיקטן ענגלענדער איז געשטאַנען די אָפיציעלע קירך. זי האָט דאָ נישט געווילדעוועט, נישט באַוויזן קיין אַגרעסיווע פּאָליטיק, אַזוי ווי די רוימיש-קאַטוילישע קירך, זי האָט אָבער פּאַסיוו פאַרעקשנט נישט אָנערקענט קיין נישט-איריקן, בפרט נאָך נישט קיין קריסט. אַ שילד פון דער אָפיציעלער קירך איז געווען אַ זיכערע סגולה קעגן אַלע אָנשיקעניש. ווען אין יאָר 1780 זענען אין לאָנדאָן פאָרגעקומען גאַסן-אומרוען צווישן פאַרשיידענע קריסטלעך-רעליגיעזע גרופּעס, האָבן יידן אויסגעהאָנגען ביי זיך אין די פענסטער אויפשריפטן: „דאָס הויז געהערט צו אַן אמתן פּראָטעסטאַנט" — דאָס איז געווען גענוג. ס'האָבן זיך אָבער געפונען בעלנים בייטן די שילד נישט נאָר אויף אַ ווייל. צווישן דער יידישער געלט-אַריסטאָקראַטיע זענען געווען נישט ווייניק פאַמיליעס, וואָס האָבן געפּועלט ביי זיך, זייערע קינדער זאָלן איבערגיין אין שויס פון דער אָפיציעלער קירך, כדי זיי זאָלן מאַכן אַ זיכערע קאַריער און פאַרנעמען אַ פּלאַץ אין דער ענגלישער געזעלשאַפט. אַ גרויסער נסיון איז דאָ געווען די האַנדלונג פון דעם פינאַנציסט שמשון גדעון, דעם פירער פון דער יידישער קהילה; נאָך דעם ווי מ'האָט אָפּגעשאַפט דעם ביל וועגן נאַטוראַליזאַציע, האָט ער אָפּגעשמדט זיינע קינדער. נאָך אים האָט דאָס געטאָן אַ גאַנצע גרופּע יידישע פאַמיליעס אין לאָנדאָן. דערהויפּט האָט מען זיך גענומען אָפּטרייסלען פון יידישקייט אין דער ספרדישער קהילה, ביי די רייכע נעגאָציאַנטן און פינאַנציסטן. שטאַרקער האָבן זיך געהאַלטן די אשכנזים, דייטשיש-פּוילישע יידן; ביי זיי איז די נאַציאָנאַלע טראַדיציע געווען פעסטער. עקאָנאָמיש זענען זיי געשטאַנען נידעריקער פאַר די ספרדים, זיי זענען דעריבער געווען אויך ווייטער פון די העכערע ענגלישע קלאַסן. די אשכנזישע יידן האָבן געוואוינט נישט אין לאָנדאָן אַליין, נאָר אין אַנדערע פּאָרט-שטעט און האַנדלס-צענטערן אויך: אין ליווערפּול, פּלימוט, בריסטאָל; זייער באַשעפטיקונג איז געווען קליינהאַנדל און פּעדלעריי.

גייען מיר איבער פון די לענדער מיט צווייערליי קהילות, אַ ספרדישער און אַ אשכנזישער, צו די לענדער מיט איין יידישער קולטור, וואָס האָבן געצויגן אָדער צו דייטשלאַנד אָדער צו עסטרייך, אַזוי זעען מיר דאָסזעלבע טרויעריקע בילד. אין שוייץ בכלל האָבן יידן נישט געטאָרט

וואוינען, דאָרט האָט פאַר זיי עקזיסטירט אַ „תּחום", וואו זיי האָבן געמעגט וואוינען אויף אַ צייט. דאָס זענען געווען צוויי שטעטלעך אין קרייז באַדן: ענדינגען און לענגנוי, וואָס זענען דערנאָך אַריין אין קאַנטאָן אַארגוי. די „שוץ-יידן", וואָס האָבן זיך דאָ צוגעשפּאַרט, האָבן געהאַט מיט דער אָרטי-קער מאַכט אַ ספּעציעלן קאָנטראַקט, וועלכן מען האָט באַדאַרפט באַנייען אַלע 16 יאָר. אין די לעצטע טערמינען פון 18-טן יאָרהונדערט (די יאָרן 1760, 1776) האָט מען באַנייט דעם קאָנטראַקט אויף אַזוינע קאָנדיציעס: יידן וועלן זיך נישט צופיל מערן, זיי וועלן נישט דערלאָזן קיין חתונות צווישן אָרימע; נעמט מען אַ כּלה פון דער פרעמד, איז נישט אַנדערש, נאָר זי זאָל געבן נדן 500 גולדן. יידן טאָרן נישט פאַרווערבן קיין הויז, קויפן ערד, טאָרן נישט געבן געלט אויף וואָכער; אויסלייען געלט מעגן זיי נאָר אויף אַ משכּון; אַ ייד טאָר נישט וואוינען אונטער איין דאַך מיט אַ קריסט. אַזוי האָט מען באַהאַנדלט אַ הייפל יידן (בערך 150 פאַמיליעס) אין דעם „פרייען לאַנד" ערב רעוואָלוציע און אַפילו די ערשטע יאָרן פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע אויך.

די יידישע קאָלאָניע אין דאַניע (ביז 3000 נפשות) איז געווען אַ צווייג פון דער האַמבורגער קהילה. די האָלשטיינער שטאָט אַלטאָנאַ, בשכנות מיט האַמבורג, האָט נאָך אין 18-טן יאָרהונדערט געהערט צו דאַניע, די צוויי קהילות האָבן צוזאַמען מיט דער קהילה אין וואַנדסבעק געהאַט איין רב. אין טיף-דאַניע איז יידן שווער אָנגעקומען צו באַזעצן זיך, דאָך האָבן רייכע סוחרים און פאַבריקאַנטן באַוויזן צו בילדן אַ קהילה אין דער רעזידענץ קאָפּענהאַגן. פאַר קעניג קריסטיאַן VII האָט די רעגירונג געהרן צוגעזען, ווי יידן אין דאַניע נעמען איבער די בערלינער השכּלה. איבער דער השכּלה האָט זיך די קהילה געשפּאָלטן אויף צווייען: פּראָגרעסיסטן און אָרטאָדאָקסן. אָבער צו בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג האָט דאָ נאָך געהאַלטן ווייט.

אין דעם אַנדערן סקאַנדינאַוון-לאַנד, שוועדן, האָט מען פריער (אין 17-טן יאָרהונדערט) שטאַרק פאַרהיט קריסטן פאַר „דער ווירקונג, וואָס די יידישע אמונה קאָן נאָך האָבן אויף דעם אמתן עוואַנגעלישן גלויבן". פון יידן, וואָס פלעגן וועלן קומען קיין סטאָקהאָלם, האָט מען געפאָדערט סך-הכּל זיך טויפן לויטן לוטעראַנישן נוסח. אָבער צום סוף פון 18-טן יאָר-הונדערט האָבן יידן דערגרייכט אַ וואוינרעכט אין לאַנד אומגעטויפט. אין יאָר 1782 איז אַרויס אַ רעגלאַמענט פאַר יידן. היימישע יידן האָבן געמעגט פריי דאַוונען בצבור, אָבער אָן אַזוינע צערעמאָניעס, „וואָס קאָנען אום-רואיק מאַכן די קריסטלעכע באַפעלקערונג". יידישע קהילות מיט שולן, מיט רבנים האָבן געמעגט זיין נאָר אין דריי שטעט: אין סטאָקהאָלם, געטע-

בארג און אין נארקעפינג. פרעמדע יידן פלעגט מען אריינלאזן נאר ווען זיי האבן באוויזן דאקומענטן וועגן זיך פערזענלעך און וועגן זייער פאר-מעגן. די רעגירונג האט גערן געגעבן קאנצעסיעס רייכע יידן, וואס האבן געהאט גענוג קאפיטאל צו מאכן א גרויס געשעפט אדער א פאבריק אין יענע אינדוסטריע-צווייגן, וואס זענען געווען ווינציק אנטוויקלט אין שוועדן. אין קליין-אינדוסטריע און קליינהאנדל האט מען יידן שטארק געשטערט.

שפורן פון דעם שוועדישן רעגלאמענט, וואס איז אין שפעטערדיקע צייטן דארטן גופא בטל געווארן, זענען געבליבן נאך ביז דער לעצטער צייט אין דער געוועזענער שוועדישער פראווינץ פינלאנד. דעם אלט-פארצייטיקן יידן-רעזשים האט דא געשטיצט די רוסישע מלוכה, וואס איז געווען שטענדיק דער גרויסער רעזערוואר פון יידישער רעכטלאזיקייט.

## § 9. פוילן נאך דעם ערשטן צעטיילן

ערב דעם קריזיס אין לעבן פון מערב-אייראפעאישע יידן, וואס די רעוואלוציע פון יאר 1789 האט געבראכט, איז דער גרויסער יידישער צענטר אין פוילן געווען אין א צושטאנד פון פאליטישער און געזעלשאפט-לעכער צעפאלנקייט. דאס איז געווען די צייט צווישן ערשטן (1772) און צווייטן (1793) צעטיילן פוילן. דעם קראנקן פוילישן ארגאניזם האט מען שוין געמאכט די ערשטע אפעראציע; רוסלאנד האט אפגעשניטן איין זייט — רייסן, עסטרייך — האט אפגעריסן גאליציע, פרייסן האט צוגענומען — פאמערן און א טייל פראווינץ פויזן. דערמיט איז דער געדיכטער יידישער קבוץ אין פוילן צעשניטן געווארן אויף שטיקער. איין טייל פון דער דאזיקער טיף-יידישלעכער אפגעשלאסענער מאסע איז געווארן אן אביעקט פאר „רע-פארמאטארישע" פרווון אין יוסף דעם II-טנס לאבאראטאריע; דער אנדע-רער טייל איז געווארן פון די „געדולדעטע" אין פרידריך דעם II-טנס מלוכה-קאזארמע, וואס ער וואלט מיט מער חשק צוגענומען די פראווינצן אן זייערע יידן; דער דריטער טייל איז אריין אונטער דער מאכט פונם רוסישן אדלער, וואס ביז איצט האט ער נישט געקאנט פארטראגן אפילו דאס הייפל יידן אין דעם עק אוקראינע. דער פארקלענערטער יידישער צענטר אין פוילן, וואס איז געבליבן נאך דער אפעראציע פון יאר 1772 האט זיך געמאטערט אין קאנוואולסיעס פון א מלוכה א גוסס, וואס דארף איבערלעבן נאך צוויי צעטיילן. דאס גוסס-פוילן האט זיך געווארפן ווי אין פיבער, האט געזוכט לעבנס-געטראנק אין די רעגלאמענטן פון דעם „שטענ-דיקן ראט", אין די רעפארמעס פונם פיריאריקן סיים (1788—1791). ביי

דער געלעגנהייט פון רעפאָרמעס אין לאַנד בכלל האָט מען זיך דערמאָנט די אַלטע קרענק, די יידנפראַגע. די „פינאַנץ-קאָמיסיע" פונם פיריאָריקן סיים האָט איינגעזאַמלט ידיעות וועגן דער צאָל יידן אין פוילן נאָכן ערשטן צעטיילן, וועגן זייער עקאָנאָמישן מצב און קולטור-צושטאַנד. איינער אַ מיט-גליד פון דער קאָמיסיע, דער היסטאָריקער טאַדעאוש טשאַצקי, מאַכט אַזאַ סך-הכל פון דער אָפיציעלער אויספאָרשונג:

אָפיציעל האָט זיך אין יאָר 1788 גערעכנט אין פוילן און אין ליטע אַן ערך 617.000 יידישע נפשות, אָבער ריכטיק ווייזט טשאַצקי אָן אויפן סמך פון פאַרשיידענע קאָנטראָל-סימנים, אַז די צאָל יידן, צוגערעכנט אויך די, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פאַר דער אָפיציעלער ציילונג איבער שטייער-צאָלן, באַטרעפט באמת נישט ווייניקער פאַר 900.000 נפשות. אויף אַזאַ ציפער בערך האָט אָנגעוויזן בוטרימאָוויטש אויך, אַ גליד פון דער „יידן-קאָמיסיע" ביים פיריאָריקן סיים; נאָך זיין מיינונג מאַכן יידן אויס אָן אַכטל באַפעלקערונג אין פוילן (סך-הכל 8.790.000). דער קנאַפער מיליאָן יידן האָט זיך שטאַרק געמערט איבער די פריע חתונות. אין די שולן האָט מען שטודירט נאָר רעליגיעזע למודים, דערהויפט תלמוד. דער האַנדל איז געווען אין יידישע הענט אין אַזאַ ערך: $^3/_4$ פון דעם גאַנצן אַרויספיר און $^1/_{10}$ אַריינפיר. אַ ייד אַ סוחר האָט פאַרלעבט האַלב וואָס אַ קריסטלעכער, האָט ער געקאָנט פאַרקויפן די סחורה אַ סך ביליקער. יידן סוחרים האָבן מער אָנגעזעצט פאַר קריסטן. אין די פראָווינצן, חוץ אין גרויס-פוילן, זענען אַ העלפט בעלי-מלאכות געווען יידן, דערהויפט שוסטער, שניידער, פעלצ-מאַכער, גאָלדשמידן, טעסלערס, מולערס, שערער; אין גאַנץ לאַנד זענען סך-הכל געווען 14 יידישע פאַמיליעס ערד-אַרבעטער. זייער זעלטן האָט זיך דאָס אָנגעזאַמלטע גוטס געהאַלטן אין דער יידישער משפחה עטלעכע דורות, די סיבה איז געווען — אָפטע אָנזעצן און אַ חשק צו ריזיקאַלישע אונטערנעמונגען, אַ $^1/_{12}$ טייל יידן זענען געווען „ליידיק-גייער", אַ $^1/_{60}$ טייל — אָרימעלייט.

צו די דאָזיקע אָפיציעלע מאַטעריאַלן דאַרף מען נאָך צוגעבן, אַז די יידישע הויפט-פרנסה אין יענער צייט איז געווען — שענקעריי אין שטעט און אין דערפער. אין די פריצישע גיטער איז דאָס שענקעריי געווען פאַרבונדן מיט אַרענדע און קרעטשמעריי אויך: אַ ייד האָט אַרענדירט ביים פריץ פאַרשיידענע צווייגן לאַנדווירטשאַפט: מילך-ווירטשאַפט, פאַשע-ערד, וואַלד, סעדער און פאַראיינוועגס דאָס „פראָפינאַציע-רעכט" אויך, דאָס הייסט, דאָס רעכט צו טרייבן בראָנפן און פאַרקויפן אין דאָרפישע שענקען און קרעטשמעס, אויף די שליאַכן. אַזוינע פרנסות האָבן אָפט אויפגעבראַכט דעם פויער קעגן יידן. דער קנעכט, וואָס פלעגט גיין אין שענק אַריין

נישט פאַר וואוילטאָג, נאָר פאַר נויט און פיין פון ביטערער „פאַנשטשינע״, פלעגט שוין דאָס לעצטע רעשט פאַרטרינקען אין שענק, און דערפון האָט זיך געגומען דער געדאַנק, אַז אַ ייד אַ שענקער רואינירט דעם פויער. אַזאַ שולד האָבן געוואָרפן אויף יידן גראָד די פריצים, די קנעכט-באַזיצער, וואָס זענען באמת געווען די שולדיקע אין דעם פויערס אָרימקייט און וואָס האָבן געהאַט דעם גרעסטן נוץ פון דער פּראָפּינאַציע, וואָס זיי האָבן יידן פאַרדונגען אין אַרענדע. די שענקעריי האָט דעמאָראַליזירט יידן. ס'איז נישט געווען צו מקנא זיין דעם אַרענדאַר, וואָס איז געשטאַנען אין דער מיט צווישן דעם צעלאָזענעם פריץ, דעם אויסבערענגער, און דעם דערשלאָגענעם פויער. ביים פריץ אין די אויגן איז אַ ייד אויך געווען זיינער אַ קנעכט, דערצו נאָך אַ „מאָשקע״, וואָס ער האָט אים באַהאַנדלט נישט בעסער פאַרן פויער. איז ביים פריץ אין גוט נישט פאַראַכט דער וועג אָדער אַ בריק, כאַפּט דער ייד שמיץ; איז דעם פריץ גוט אויפן האַרצן, טרייבט ער זיך פריצישן שפּאַס מיטן יידן און מיט זיין געזינט. ביי איינעם אַ וואָלינער פריץ האָט מען געפונען אין זיין טאָגבוך פאַר דאָס יאָר 1774 אַזוינע נאָטיצן, למשל: „דער אַרענדאַר הערשקאָ האָט מיר נישט באַצאָלט נאָך פון פריערדיקן טערמין 91 טאָלער. איך האָב געמוזט אויפמאַנען מיט בייזן. אין קאָנטראַקט שטייט, אויב ער צאָלט נישט, מעג איך אים האַלטן אין טורמע מיט ווייב און קינדער אַזוי לאַנג ביז ער וועט באַצאָלן. איך האָב אים געהייסן שמידן אין קייטן און פאַרשפּאַרן אין שטאַל מיט חזירים. דאָס ווייב מיט די בחורים האָב איך געלאָזט אין קרעטשמע, נאָר דעם יינגסטן, לייזערן, האָב איך גענומען אין דער מיזע און האָב געהייסן לערנען מיט אים קאַטעכיזיס און תפילות (קאַטוילישע)...״ דאָס יינגל האָט מען גענויט צלמען זיך און עסן חזיר, ביז ס'זענען אָנגעקומען יידן פון בערדיטשעוו און געראַטעוועט דעם פאָטער פונם חזיר-שטאַל און דאָס יינגל פון נויט-שמד.

וואָס האָט געטריבן יידן צו דער דאָזיקער וויסטיקער פרנסה — אַרענדע און שענקעריי? יידן האָבן אויסגעמאַכט אַן $1/8$ פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אין פוילן, צווישן בעלי-מלאכות אָבער האָבן זיי אויסגעמאַכט אַ העלפט און צווישן פאַרמיטלער ביים עקספּאָרט (וואַלד, לייון, פעל און רויוואַרג בכלל) גאַנצע דריי פערטל. זעט אויס, אַז די אַלע פרנסות זענען נישט גענוג געווען אויסצוהאַלטן די יידישע באַפעלקערונג. אין פוילן זענען מיר צו דאָס אייגענע, וואָס אין די מערב-לענדער: די צעכן און די גילדיעס, וואָס צווישן זיי אָגב איז געווען אַסך דייטשן, האָבן נישט צוגעלאָזט צו זייערע אָרגאַניזאַציעס קיין יידן בעלי-מלאכות און הענדלער, און זיי האָבן שטאַרק געענגט יידן אין זייערע פּראָפעסיעס. ביי דער דאָזיקער קריסטלעכער

בורזשואַזיע, וואָס האָט געהאַט די דעה אין די מאַגיסטראַטן, איז געווען אין די הענט לאָזן יידן-קאָנקורענטן האַנדלען און טאָן אַ מלאכה אָדער נישט. די סיים-קאָנסטיטוציע פון דעם יאָר 1768 האָט אָפּגעגעבן די מאַגיסטראַטן דעם קאָנטראָל איבער יידישע פּרנסות. „ווי ווייט יידן קריוודען שטאַרק די שטעט און די שטעטישע בירגער און נעמען ביי זיי צו חיונה, הייסן מיר, אַז אין אַלע שטעט און שטעטלעך, וואו יידן האָבן נישט קיין ספּעציעלע פּריווילעגיעס, באַווייליקט פון דער קאָנסטיטוציע, זאָלן זיי זיך פירן לויט די אָפּמאַכן, וואָס זיי וועלן מאַכן מיט די שטעט, און נישט נעמען זיך מער רעכט; ווען נישט — וועלן זיי שטרענג באַשטראָפט ווערן". אַזוי האָבן געוואָלט האָבן די צעכן און די גילדיעס. פאַרשטייט זיך, אַז אַזוינע „אָפּמאַכן" האָט ביי קריסטלעכע געשעפטס-מענטשן געהייסן -- פּשוט פאַרווערן יידישע קאָנקורענץ אָדער שטאַרק דריקן זי. אַזוי אַרום זענען יידן אַרויסגעשפּאַרט געוואָרן פון די שטאָט-פּרנסות און פאַרטריבן אין דאָרף צו אַרענדעס און שענקערייי.

די סיים-קאָנסטיטוציע פון יאָר 1775, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן נאָך דעם ערשטן צעטיילן פּוילן און וואָס זי האָט באַשאַפן אַ רעגירישן אויבער-אָרגאַן, דעם „שטענדיקן ראַט" (Rada nieustająca), האָט גרעסער געמאַכט דעם יידישן קאָפּ-שטייער (דריי גילדן, אַנשטאָט פריער צוויי, פון אַ נפש). זי האָט אויך געפּרוווט נאָרמירן די צאָל יידישע חתונות, כאָטש נישט אַזוי גראָב, ווי מ'האָט דאָס געטאָן אין מערב-אייראָפּע. רבנים האָבן נישט געטאָרט מסדר-קדושין זיין ביי אַזוינע, וואָס באַשעפטיקן זיך נישט מיט אַ געזעצלעכער פּראָפעסיע: מלאכה, האַנדל, ערדאַרבעט, אָדער אויף אַ שטעלע, און וואָס קאָנען נישט אָנווייזן קיין קיוועל פאַר חיונה; דער דאָזיקער געזעץ האָט אָבער נישט געהאַט קיין שום פּראַקטישן ממשות.

דאָס אַלטע פּוילן האָט נישט געהאַט קיין „תחום" פאַר יידן; זיי האָבן נאָר נישט געטאָרט וואוינען אין עטלעכע „פּריווילעגירטע" שטעט. צו אַזוינע שטעט האָט געהערט די רעזידענץ — וואַרשע. פון לאַנג אָן איז יידן דאָרטן פאַרווערט געווען צו וואוינען, זיי האָבן געמעגט קומען אַהין נאָר בעת די סיים-סעסיעס האַנדלען אויף די ירידים. די סיים-קאָנסטיטוציע פונם יאָר 1768 האָט באַשטעטיקט דעם „אַלטן איינפיר", אַז יידן זאָלן מעגן צייטווייליק וואוינען אין וואַרשע; דער מאָטיוו איז געווען: „די נוץ פאַר דעם כלל און די פאַרמינערונג פונם יקרות אַדאַנק דער יידישער קאָנקורענץ". אין דער רעזידענץ איז געוואָרן אַזאַ סדר: צוויי וואָכן פאַר עפענען דעם סיים פלעגט דער קרוין-מאַרשאַלעק הייסן לאָזן הערן אין שטאָט מיט טרומייטן, אַז אָנגעקומענע יידן מעגן האַנדלען און טאָן אַ מלאָכה. צוויי וואָכן נאָך דער סעסיע האָט מען פּונקט אַזוי מיט טרומייטן געגעבן אָנצוהערן

יידן, אַז שוין צייט זיך אַרויסקלייבן פון דאַנען. ווער ס׳האָט נישט געאיילט אָפּפאָרן, פלעגט פּאָליציי אַרוסטרייבן. די אַרויסגעשיקטע פלעגן אין איין טויער אַרויס, אין אַנדערן אַריין, מאָרגן האָבן זיי שוין געהייסן פרישגע-קומענע אונטער פאַרשיידענע אויסריידן, פלעגן פאַרברענגען אין שטאָט עטלעכע וואָכן און פאַרשטאָפּן דעם מאַרשאַלעקס אויפזעער דאָס מויל מיט לא-יחרץ-געלט. דער קרוין-מאַרשאַלעק לובאָמירסקי האָט דעמאָלט איינגעפירט פאַר אָנגעקומענע יידן אַ סיסטעם פון בילעטן, וואָס זענען גילטיק געווען 5 טאָג. אַזאַ בילעט האָט געקאָסט אַ זילבער-גראָשן און אַן דעם האָט אַ ייד נישט געטאָרט זיך ווייזן אין גאַס. האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דער בילעט-אָפּצאָל ברענגט אין דעם מאַרשאַלעקס קאַסע 200.000 גילדן אַ יאָר. דערויף קוקנדיק, האָבן זיך אייניקע מאַגנאַטן, וואָס זיי האָט געהערט אין וואַרשע גאַנצע קוואַרטאַלן, מתקנא געווען אין אַזאַ גאָלדן געשעפט און האָבן געלאָזט יידן וואוינען אויף זייער ערד הינטער דעם גראָבן, פאַר אַ געוויסן אָפּצאָל. אַזוי איז געוואָרן אַ גאַנצער ישוב „ניי-ירושלים״. די וואַרשעווער שטעטישע קריסטן האָבן געמאַכט אַ געוואַלד און האָבן געפאָדערט, מ׳זאָל שטרענג האַלטן דעם געזעץ, וואָס פאַרווערט יידן באַזעצן זיך אין וואַרשע. לובאָמירסקי האָט גענומען רייניקן וואַרשע פון יידן מיט אַן אייזערנעם בעזים, נישט געקוקט אויף די פּראָטעסטן פון די הויכגעשטעלטע הויזווירטן און אפילו נישט אויף דעם קעניגס פּראָטעקציע: דעם 22 יאַנואַר 1775 האָט מען די יידן אַרויסגעטריבן פון וואַרשע, זייערע דירות אין ניי-ירושלים האָט מען רואינירט, זייערע סחורות האָט מען אַוועקגעפירט אין צייכהויז און אין די קאַדעטן-קאַזאַרמעס און אויספאַרקויפט. דאָס איז געווען אַ גרויסער בראָך פאַר דער יידישער געשעפטס-וועלט, זי איז געוואָרן אָפּגעריסן פון דעם פּאָליטישן און האַנדלס-צענטער אין לאַנד. מ׳האָט זיך ווידער געמוזט צופרידנשטעלן מיט קומען אויף אַ קורצע צייט בעת די סיים-סעסיעס; מיט דער צייט אָבער האָבן יידן ווידער גענומען טאָן זייערס. אין יאָר 1784 האָט די אַדמיניסטראַציע, אויף דעם מאַגיסטראַטס אַן אָנקלאָג, ווידער גענומען רייניקן וואַרשע פון יידן. די לאַגע האָט זיך געענדערט דאָס יאָר 1788, ווען ס׳האָט זיך אָנגע-הויבן די סעסיע פונם פירי‌אָריקן סיים. יידן האָבן זיך געכאַפּט, אַז ווי באַלד די סעסיע גופא ווערט נישט איבערגעריסן, הייסט דאָס, אַז זייער וואוינרעכט אין דער רעזידענץ איז אויך נישט באַגרעניצט מיט אַ געוויסן טערמין. אַזוי אַרום האָט זיך אין וואַרשע אָנגעקליבן עטלעכע טויזנט יידן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין צענטער שטאָט. דאָס האָט שטאַרק אויפגעבראַכט די בירגער און דעם מאַגיסטראַט, און ס׳איז געקומען צו אַ פּאָגראָם (דאָס יאָר 1790, זע ווייטער § 42).

אַזוי האָבן דאָס לעבן און דער געזעץ געפירט אַ שטרייט צווישן זיך: דאָס לעבן האָט נישט געקאָנט איבערקייען אַ געזעץ, וואָס איז קעגן לעבנס-אינטערעסן און האָט געמאַכט פונם געזעץ אַ פיקציע. דער געזעץ ווידער פלעגט זיך נוקם זיין אינם לעבן אויף אַ ווייל. ווי אַ פלאָקן אין דער מיט האָבן יידן געשטעקט אין דער אַכט-מיליאָניקער פוילישער מאַסע. הונדערטער יאָרן האָבן זיי אויף זייער שטייגער באַהעפט אַ פאָלק פון פריצים און קנעכט, האָבן אויסגעפולט אַ פוסטן חלל פון אַ האַנדלס- און אינדוסטריע-קלאַס, איצט איז דעם פלאָקן נישט מעגלעך געווען אַרויסצושטופן. איצט איז אויפגעקומען אַן אייגענער פויליש-דייטשער שטעטישער קלאַס, וואָס האָט געגאַרט אַרויסשטופן יידן, ער האָט זיי אָבער נישט געקאָנט גובר זיין. גייסטיק און נאַציאָנאַל פאַרפרעמדט צו פוילן, זענען יידן עקאָנאָמיש געווען דאָך צו שטאַרק צונויפגעוואַקסן מיטן לאַנד. דאָ האָט געשטעקט דער טראַגיזם פון דער יידנפראַגע אין פוילן צו דער צייט פונם צווייטן צעטיילן. אויפגעוועקט פון דער קאַטאַסטראָפע אין יאָר 1772, האָט פוילן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף רעפאָרמעס. ס'זענען אויפגעקומען צוויי פראָיעקטן צו פאַרענטפערן די יידנפראַגע: איין פראָיעקט איז געגאַנגען אויפן אַלטן אויסגעריבענעם וועג פונם פריצישן פוילן: שטיקן יידן; דער אַנדערער האָט שוין געשעפט די יניקה פונם נייעם ליבעראַלן גייסט, פון יוסף דעם II-טנס „גוואַלד-אויפקלערונג". דער ערשטער וועג איז אָנגעצייכנט געווען אין זאַמאָיסקיס פראָיעקט, וואָס ער האָט פאָרגעלייגט דעם סיים אין די יאָרן 1778—1780, דער צווייטער וועג איז אָנגעוויזן אין בוטרימאָוויטשעס און טשאַצקיס פראָיעקטן צו דער צייט פון דעם רעפאָרמאַטאָרישן פיריאָריקן סיים (1789).

„דער פיל-געריטמטער עקס-קאַנצלער (אַנדריי זאַמאָיסקי) — זאָגט וועגן דעם איין פוילישער היסטאָריקער — האָט אויסגעאַרבעט אַ רעגלאַמענט, וואָס איז אויסן געווען גיכער פטור צו ווערן פון יידן, איידער זיי צעבויפשמעלצן מיטן פאָלקס-אָרגאַניזם" (דעם פוילישן). זאַמאָיסקיס פראָיעקט איז שטאַרק אָנגעשמעקט מיט דער פאַרצייטיקער קירך-פאָליציייאישער געזעצגעבונג וועגן יידן. יידן מעגן וואוינען נאָר אין די שטעט, וואוהין מ'האָט זיי אַריינגעלאָזט ביז איצט, לויט די אַלטע אָפּמאַכן מיט די מאַגיסטראַטן; אין די איבעריקע שטעט מעגן זיי קומען נאָר אויף אַ צייט, אויף ירידים און אויקציאָנען. אין די שטעט דאַרפן זיי וואוינען אין באַזונדערע גאַסן, אָפּגעטיילט פון קריסטן. יעדער דערוואַקסענער ייד מוז קומען צו דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע און באַווייזן, אַז אָדער ער איז אַ סוחר, וואָס האָט אַ פאַרמעגן נישט ווייניקער פאַר 1000 גילדן די ווערט, אָדער אַ בעל-מלאכה, אַן אַרענדאַר, אַ ערד-אַרבעטער. ווער ס'קאָן נישט באַווייזן, אַז ער געהערט

צו איינע פון די פיר קאַטעגאָריעס, מוז אין משך פון אַ יאָר אַרויספאָרן פונעם לאַנד; אויב ער טוט דאָס נישט מיט גוטן, קומט אים אַרעסטירן און פאַרשפאַרן אין צוכט-הויז. דער מחבר פונעם פראָיעקט טוט ווייטער נאָך די קירך-געזעצן: יידן זאָלן באַזייטיקט ווערן פון פינאַנץ- און עקאָנאָמישע פונקציעס: מלוכה-אַרענדעס, שטייער-אָפּקויפן וכדומה. יידן טאָרן נישט האַלטן קיין קריסטלעכע דינסט-מענטשן. מיט גוואַלד שמדן יידן דאַרף מען נישט, נאָר די שוין געטויפטע דאַרף מען האַלטן אָפּגעזונדערט פון יידן, זיי זאָלן זיך זען מיט אייגענע נישט אַנדערש, אַז פאַר אַ קריסט אין די אויגן. די קאַטוילישע גייסטלעכע זענען געווען אַזוי צופרידן מיט זאַמאָיסקיס פראָיעקט, אַז דער פּלאָצקער בישאָף שעמבעק האָט זיך געוואָלט חתמענען אויף אים. באַוואָרענענדיק זיך מיט אַזוינע קירך-פּאָליציייאישע גאַראַנטיעס, האָט שוין זאַמאָיסקי זיך געקאָנט פאַרגינען אַ שמייכל טאָן דעם ליבעראַלן צייט-גייסט אויך: דער פראָיעקט גיט יידן זיכערקייט, פּערזענלעכע און פאַר דעם פאַרמעגן. צו וואָס נאָך באַליידיקן דעם יידן, אַז ער ליגט שוין אַזוי אויך אַ געבונדענער?

אַנדערש האָט געקוקט אויף דער זאַך איינער אַ מחבר פון אַ פּויליש ביכל „וועגן דער נויטיקער יידן-רעפאָרם אין די לענדער פון דער פּוילישער מלוכה", וואָס איז אַרויס אין וואַרשע דאָס יאָר 1782. דער מחבר, וואָס האָט פאַרשטעלט זיין נאָמען מיט אַ פּסעוודאָנים „איינער אָן אַ נאָמען", האַלט פון דער נייער אוטיליטאַר-אויפקלערערישער מעטאָדע, נישט פון דער אַלטער רעאַקציאָנערער. וועגן יידישער אמונה מיינט ער, אַז מ'דאַרף לאָזן יידן פריי די יסודות פון זייער גלויבן, מ'דאַרף אָבער שטרייטן קעגן „שעדלעכע מנהגים", קעגן די צופיל יום-טובים, קעגן די שפייז-געזעצן און דעסגלייכן. מ'דאַרף פאַרשמעלערן די קהלשע אויטאָנאָמיע, זי זאָל האָבן צו טאָן נאָר מיט רעליגיעזע פראַגן. יידן זאָלן נישט זיין קיין רעפּובליק אין אַ רעפּובליק. כדי צו אַסימילירן יידן מיטן פּוילישן פאָלק, דאַרף מען זיי נויטן, איינצופירן ביי זיך די פּוילישע שפּראַך, דערהויפּט אין געשעפטס-זאַכן; מ'דאַרף פאַרטיליקן דעם יידישן „זשאַרגאָן" און פאַרווערן דרוקן יידישע ספרים אָדער אַריינפירן אַזוינע פון אויסלאַנד. אין עקאָנאָמישן פּרט זאָלן יידן נישט טאָרן וואוינען אין קרעטשמעס און פאַרקויפן בראָנפן, זיי מעגן נאָר פירן ערלעכן מסחר, זיך באַשעפטיקן מיט מלאכה און ערדאַרבעט. בכן איז דער פראָיעקט אויסן צו „מאַכן יידן אומשעדלעך" דורך אַסימילאַציע מיט גוואַלד, אַזוי ווי זאַמאָיסקיס פראָיעקט האָט געוואָלט דערלאַנגען דאָסזעלבע דורך אָפּזונדערן יידן מיט גוואַלד. דער אומשעדלעכער ייד מעג שוין זיין גלייכבאַרעכטיקט מיט אַ קריסט. אין דעם פראָיעקט זעט מען די ווירקונג פון קייזער יוספס עסטרייכישער סיס-

טעם: יידן קאָנען ווערן גלייכבארעכטיקטע בירגער נאָר בתּנאי, מ׳זאָל זיי פריער „מאַכן פאַר לייט״ דורך בילדונג מיט גוואַלד און צונויפשמעלצן זיי מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג. דער פּראָיעקט איז, זעט אויס, געפעלן יענע קרייזן פון פּוילישער געזעלשאַפט, וואָס זענען געווען אָנגעשמעקט מיט די אידייען פונם 18-טן יאָרהונדערט. אין יאָר 1785 איז פון דעם אַנאָנימס ביכל געדרוקט אַ צווייטע אויסגאַבע, דאָס יאָר 1789 האָט בוטרי-מאָוויטש, דעפּוטאַט פונם פּיריאַריקן סיים, אָפּגעדרוקט דאָס ביכל אַ דריט מאָל מיט זיינע צוגאָבן. שפּעטער האָט בוטרימאָוויטש אויסגענוצט דאָס ביכל פאַר זיין פּראָיעקט „יידן-רעפאָרם״, און דעם פּראָיעקט דערלאַנגט דער קאָ-מיסיע ביים סיים (1790), וואָס איז זיך צונויפגעקומען שוין בעת דער פראַנ-צויזישער רעוואָלוציע. (זע ווייטער § 49).

וואָס אַזוינס איז געווען דעמאָלט דער מיליאָן פּוילישע יידן אין זיין אינעווייניקסט לעבן? דאָ זעען מיר אויך אַ טרויעריק בילד פון צעפאַלן. דאָס סאָציאַלע פוילן פון דער אַרומיקער סביבה, דער סם פון פוילנס טויטן קערפּער זענען אריינגעדרונגען אין יידישן לעבן אויך און צעטרייסלט די אַמאָליקע פעסטע יסודות. דער נאַציאָנאַלער שטיק — די יידישע אויטאָנאָמע קהילה, האָט אָנגעהויבן צעפאַלן ווערן. אין דרום-מערב-געגנט (פּאָדאָליע, וואָלין און גאַליציע) איז די קהילה-אויטאָנאָמיע אונטערגעריסן געוואָרן איבער דער שפּאַלטונג, וואָס דאָס חסידות האָט געבראַכט אין יידישן לעבן: די קהילה-אָרגאַניזאַציע האָט דאָ געפּלאַצט אָדער איבער דעם, וואָס די קהילה האָט זיך צעשפּאָלטן אויף צוויי פיינטלעכע מחנות: חסידים און מתנגדים, אָדער איבער דער אָפּגעשטאַנענקייט פון דעם חסידישן רוב, וואָס איז בלינד נאָכגעגאַנגען די „גוטע יידן״ און איז נישט פעיק געווען צו קיין געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע. אין ליטע און אין רייסן איז די קהלשע מתנגדישע פּאַרטיי געווען שטאַרקער פאַר די חסידים, אָבער דאָ האָט זיך אויך געלאָזט פילן דער פּראָצעס דעגענעראַציע, וואָס האָט פאַר-כאַפּט דאָס גאַנצע לעבן אין פוילן צו דער צייט פון די צעטיילן און האָט אונטערגעריסן רעם לעבעדיקן יסוד פון דער קהילה. יידן-גבירים האָבן עקספּלואַטירט די אָרימע יידישע אַרבעטס-מאַסע, אַזוי ווי פּוילישע פּריצים האָבן עקספּלואַטירט פּויערים; רבנים האָבן געצויגן צו גבירים, אַזוי ווי פּוילישע גייסטלעכע צו פּריצים. די וועלטלעכע און גייסטלעכע אָליגאַרכיע, וואָס האָט געפירט דאָס רעדל אין די קהילות, האָט געדריקט דאָס פאָלק מיט דעם שטייער-פּרעס, וואָס זי האָט געהאַט אין האַנט: די שווערסטע לאַסט פון מלוכהשע און קהילהשע שטייערן האָט זי אַרויפגעוואָרפן אויף די אָרימע שיכטן פון פאָלק און האָט זיי רואינירט ביז גאָר; פּרנסים און רבנים האָט מען אָפט געכאַפּט ביי גנבענען קהלשע סומעס, ביי שווינדל

און שאַנטאַזש. דער יאָך פון דער קהלשער אָליגאַרכיע האָט דערלאַנגט אַזוי ווייט, אַז די געדריקטע מאַסן פלעגן זיך אָפט קלאָגן פאַר דער קריסטלעכער אַדמיניסטראַציע, פאַר „ערכאות של גוים", אויף זייערע הערשער, נישט געקוקט, וואָס די טראַדיציע האָט אַזוינס שטרענג פאַרווערט. פאָרשטייער פון אַ טייל מינסקער יידישער קהילה, פשוטע מענטשן, דערהויפּט בעלי-מלאכות, האָבן זיך אין יאָר 1782 געקלאָגט פאַר דעם ליטווישן סקאַרב-טריבונאַל אויף זייער קהל-פירונג, וואָס האָט „ביז גאָר רואינירט די קהילה": די קהלס-לייט פאַרלייקענען אַסך איינגעגאַנגענע שטייערן און לייגן דאָס אַריין צו זיך אין טאַש, זיי פרעסן אויס מיט חרמות שטייערן פון אָרימעלייט און צעגנבענען דאָס דאָזיקע בלוטיקע געלט. די אָנקלאָגער דערציילן נאָך, אַז פאַר זייער פרווו אויפדעקן דעם שווינדל פון די קהלס-לייט פאַר דער אַדמיניסטראַציע האָבן די פרנסים געהייסן זיי אַרעסטירן, פאַרשפאַרן אין טורמע, דערנאָך שטעלן זיי אין קונע.

אין ווילנע, דער שטאָט פון גאונים און מיוחסים, איז פאָרגעקומען אַ שפאַלטונג ביי דער קהלשער אָליגאַרכיע גופא. 20 יאָר האָט זיך דאָ געצויגן אַ מחלוקת פון דעם רב ר' שמואל אביגדורס מיט קהל, אָדער, ריפּטיקער געזאָגט, פון דעם רבס צד מיט קהלס צד. דעם רב האָט מען אויסגעוואָרפן שוחד-נעמען, שכּרות, אומערלעכע פסקים, נישט-האַלטן קיין שבועה און דעסגלייכן. די מחלוקת פון רב מיט קהל איז פריער געקומען פאַר מענטשן און פאַר דעם ליטוויש-רבנישן ועד, נאָר היות ווי די מחלוקת האָט נישט אויפגעהערט, האָבן די צדדים זיך געווענדט צום ווילנער וואָיעוואָדע ראַדזיוויל; יענער האָט געגעבן גערעכט קהלס צד און האָט אָפּגעשאַפט דעם רב (1785). דאָס פשוטע פאָלק, וואָס איז געשטאַנען אין דער מיט צווישן די צדדים, האָט אַסך מער פיינט געהאַט קהל פאַר דעם שווינדל און רציחות, וואָס איז באמת שוין מער נישט געווען אויסצוהאַלטן. שפּעטער זעען מיר, ווי איינער שמעון ר' וואָלפס, אַ שליח פונם פאָלק, איז געוואָרן אַ קדוש פאַר זיינע אינטערעסן. גערודפט פונם קהל, האָט ער באַקומען ביים קעניג סטאַניסלאַוו אויגוסט אַן „אייזערנעם שוץ-בריוו" אויף זיכערקייט פאַר זיך און פאַר זיינע שיקער, וואָס „זענען רואינירט ביז גאָר איבער קהלס דעספּאָטיזם". קהל האָט פונדעסטוועגן אַריינגעלייגט שמעונען אין חרם און האָט פאַרשריבן זיין נאָמען אין „שוואַרצן בוך". דער וואָיעוואָדע ווידער, וואָס האָט געהאַלטן קהלס צד, האָט פאַרשפאַרט דעם איינגעשטעלטן פאָלקס-באַשיצער אין נעסוויזשער טורמע (1788). דאָרט האָט דער תפוס אָנגעשריבן אַ ווענדונג צום פיריאָריקן סיים וועגן גרינדלעך רעפּאָמירן דעם יידישן קהילה-שטייגער און אָפּשאַפן קהלס תקיפות, וואָס שטיקט דאָס פאָלק. דער דאָזיקער שטרייט צווישן קהל, רבנות און דעם איבעריקן

פאָלק האָט שטאַרק אונטערגעריסן די קהילה-אָרגאַניזאַציע אין ליטע אַ קורצע צייט פאַר דעם, איידער די פּראָווינץ איז אַריין אונטער רוסלאַנדס הערשאַפט.

איינער פון די געציילטע פרייִדענקערישע רבנים פון יענער צייט מאָלט מיט פינסטערע פאַרבן די פירונג פון דער קהלשער אָליגאַרכיע: „די פּני (רבנים און פרנסים) עסן אויף דעם פאָלקס לאַסטן און טרינקען ווייַן פאַר שטראָף-געלט. זיי מאַכן די הערכה פון די שטייערן און לייגן אַריין אין חרם (די ניט-פאָלגער). זיי נעמען זיך געצאָלט פאַר זייער קהלשער אַרבעט אָפן און פאַרשטעלט, ווי זיי קאָנען; פיר איילן וועלן זיי ניט טאָן אָן שוחד, און די אָרימע ליידן דעם יאָך... די לומדים חנפענען די גבירים, די רבנים גופא פאַראַכטן איינער דעם אַנדערן: גמרא-לומדים פאַראַכטן מקובלים, דאָס פאָלק הערט אויס ביידע צדדים און ס'בלייבט ביי אים, אַז אַלע טויגן אויף כפרות... די רייכע איז דעם פריצס גנאָד טייערער פאַר דער גוטער מיינונג פון די בעסטע און ערלעכסטע (יידן)... דער גביר באַרימט זיך נישט, אַז אַ למדן האָט אים כבוד אָפּגעגעבן, ער באַרימט זיך, אַז אַ פריץ האָט אים אַריינגעלאָזט אין פּאַלאַץ אַריין און אים געוויזן זיינע חפצים..." די פאַרמעגלעכע קלאַסן „האָבן ליב פוץ"; די פרויען טראָגן האַלז-פערלען און טוען זיך אָן אין פילפאַרביקע שטאָפן. די ערציונג אין חדרים און אין ישיבות איז געוואָרן אַלע מאָל ערגער. פון עלעמענטאַר מענטשלעך וויסן האָט מען דאָ גאָרנישט געטאָרט דערמאָנען, דאָ לערנט מען נאָר תורה. דער תלמודישער פּלפּול האָט געשאַרפט דעם מח; היות ווי ער האָט אָבער קיין פּאָזיטיוו וויסן נישט געגעבן, האָט ער נאָר באַשאַפן דריי-קעפּ; דאָס חסידות האָט אָפּגעריסן פון דער דאָזיקער רבנישער מלוכה אַ היפּשע שטיק, נאָר אין בילדונג האָט חסידות נאָך ווייניקער באַוויזן אויפצוטאָן. חסידות האָט שטאַרק געענדערט די רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע שטימונג ביי יידן, אָבער דאָס האָט געשלעפּט דעם יידן צוריק, צו מיסטישער הסתכלות און צו בלינדער אמונה קעגן דעם פאַרשטאַנד און קעגן יעדער געזעלשאַפטלעכער רעפאָרם. אין די 80-ער יאָרן פון דעם 18-טן יאָרהונדערט, בעת ביי יידן אין דייטשלאַנד האָט זיך שוין צעפלאַקערט דער שטרייט פאַר השכלה, זעען מיר אין פּוילן און אין ליטע אַ פאַרעקשנטע מלחמה צווישן חסידים און מתנגדים. די דאָזיקע מלחמה האָט פאַרטעמפּט דאָס געפיל פאַר דעם פּאָליטישן קריזיס, וואָס דער גאַנצער יידישער כלל לעבט איבער אין פּוילן, און האָט פאַרטויבט דעם אויסרוף צו באַנייאונג און רעפאָרמעס, וואָס האָט זיך געלאָזט הערן פון מערב. ביידע צדדים האָבן מורא פאַר דעם שטן פון השכלה. אַ „בערלינער" (אַ משכיל) הייסט דאָ אַזוי גוט ווי אַן אפּיקורס, ווי אַ פאַרפאַלענער. אַזוינע יונגעלייט, ווי

שלמה מיימון, מוזן אַנטלויפן קיין דייטשלאַנד צו דעם קוואַל פון נייע אידייען, וואס אין פוילן ליגט אויף זיי אַ שווערער חרם.

## § 10. רוסלאַנד (רייסן)

דער קאַראַנטין, וואָס דאָס אַלטע רוסלאַנד האָט זיך דערמיט פאַרצוימט אַקעגן „קריסטוס׳ פיינט״, איז דורכגעריסן געוואָרן דורך דעם ערשטן צעטיילן פוילן אין יאָר 1772. רייסן מיט צוויי הונדערט טויזנט יידן *), וואָס יעקאַטערינע די צווייטע האָט אָפגענומען ביי פוילן, האָט ווידער מזכּה געווען רוסלאַנד מיט אַ יידנפראַגע, נאָך דעם ווי די קיסרין עליזאַבעטע איז אינגאַנצן פטור געוואָרן פון יידן. אָט אין דעם מאָמענט איז באַשאַפן געוואָרן דער קערן פון דעם נייעם גרויסן יידישן צענטער אין דער רוסישער אימפעריע. אויפן גרעניץ פון מאָסקאָוויע האָבן זיך באַוויזן צוויי נייע גובערניעס: מאָהילעווער און פאָלאָצקער (וויטעבסקער) מיט אַ פרעמד-נאַציאָנאַלער באַפעלקערונג, מיט אַן אייגענעם שטייגער עקאָנאָמיש- און קולטור-לעבן. יעקאַטערינעס רעגירונג האָט גענומען מאַכן עקספערימענטן מיט דער באַפעלקערונג אין רייסן, אמת נישט אַזוי שאַרף, ווי קעניג יוסף II אין גאַליציע. די רוסישע רעגירונג האָט די ערשטע צייט נישט אַזוי שטרענג רעגלאַמענטירט דעם יידישן שטייגער אין אַלע קליינלעכע פרטים, אַזוי ווי מ׳האָט דאָס געטאָן אין דייטשלאַנד, אָבער אין דער רוסישער פאָליטיק האָט זיך אויך געפילט דאָסזעלבע געמיש פון ליבעראַליזם און רדיפות, ווי אין עסטרייך. יידן האָט מען ערלויבט זיך פאַרשרייבן פאַר סוחרים און שטעטישע („מעשטשאַנע״) און געגעבן די געהעריקע רעכט פון שטאַנד („סאָסלאָוויע״), אָבער זיי האָבן זיך נישט געטאָרט פאַרשרייבן אין די דאָזיקע צוויי שטאַנדן חוץ דעם גבול פון די צוויי רייסישע גובערניעס (1786), ד. ה. יידן האָבן נישט געהאַט קיין וואוינרעכט חוץ רייסן. דאָס איז געווען אַ קערן פון דעם קינפטיקן „תחום״. מ׳האָט גענומען שטאַרק ברעכן דעם יידישן עקאָנאָמישן שטייגער. מ׳האָט געפרוווט אַרויסרייסן די הויפט-באַשעפטיקונג ביי יידן: די בראָנפן-פאַבריקאַציע און שענקעריי; אין די

*) אַ בן-דור, בענעט, האַלט (אויפן סמך פון אָפיציעלע „רייסטערס״), אַז אין די צוויי רייסישע גובערניעס זענען דעמאָלט געווען פערציק טויזנט יידישע פאַמיליעס. די אָפיציעלע פאָלקסציילונגען אין יעדער גובערניע באַזונדער באַווייזט אַ סך ווינציקער, אָבער היות ווי די מאַסן האָבן אין יענע צייטן אויסגעמיידט זיך צו פאַרשרייבן אין די שטייער-רייסטערס, דעריבער זענען די אָפיציעלע צאָלן געוויס נידעריקער פון אמת.

שטעט האָבן מאַגיסטראַטן באַזייטיקט יידן פון דער דאָזיקער באַשעפטיקונג, אין שטעטלעך און אין דערפער האָט די רייסישע אַדמיניסטראַציע אויף איר אייגן באַראָט גענומען פאַרווערן פריצים אָפּגעבן יידן שענקען אין אַרענדע (1783). דער פועל-יוצא איז געווען — אַ שאַרפער עקאָנאָמישער קריזיס, „טויזנטער פאַמיליעס זענען בדיל-הדל געוואָרן", אַזוי דערציילט אַ בן-דור. די ווײַ-געשרייען פון דער יידישער באַפעלקערונג זענען דערגאַנגען צום סענאַט (1786), דעמאָלט האָט די רעגירונג געהייסן אויפהערן צו רואינירן די געגנט. אַ גרויסן פלאָנטער האָט די רעגירונג אָנגעמאַכט אין דעם קהילה-לעבן איבער דעם, וואָס זי האָט דאָ געוואָלט דערלאַנגען צוויי פאַרשיידענע צוועקן; דערהאַלטן די אַלטע קהילה צוליב שטייער-צוועקן (1776) און אַקעגן — פאַרבינדן יידן מיט דער שטאָטישער זעלבסט-פאַרוואַלטונג (1783); פונקציעס פון צוויי מינים זעלבסט-פאַרוואַלטונג: אַלגעמיינער און יידישער, האָבן זיך דאָ אויסגעמישט, און איינס האָט געשטערט דעם צווייטן.

אַזאַ אומבאַשטימטע פאָליטיק, אַ געמיש פון ליבעראַליזם און רעפּרעסיעס, האָט נישט געקאָנט ווירקן צום גוטן אויף דעם וואוילשטאַנד פון דער נייער יידישער קאָלאָניע אין רוסלאַנד. זייער שווער איז געווען איבערצוטראָגן די קריזיסן פון אַ איבערגאַנגס-צייט — צווישן ערשטן און צווייטן צעטיילן פוילן. רייסישע יידן זענען מעכאַניש צוגעבונדן געוואָרן צו אַ ניי לאַנד און אין דערזעלבער צייט זענען זיי מיט אַן אייזערנער צוים אָפּגעצוימט געוואָרן פון די איבעריקע טיילן לאַנד. די אַלטע מאָסקווער יידן-פאָליטיק האָט שוין אַרויסגעקוקט פון אונטער דער פעטערבורגער מאַסקע... און דאָ איז שוין געשטאַנען אויף דער שוועל, גרייט אַריינגעצויגן צו ווערן קיין רוסלאַנד, כמעט אַ מיליאָן יידן פון ליטע, פאָדאָליע, וואָלין און פון דעם גרעסטן טייל צענטראַל-פוילן, פון די געגנטן, וואָס זענען צוגעקומען רוסלאַנד נאָך דעם צווייטן און דריטן צעטיילן פוילן און דערנאָך אויף דעם ווינער קאָנגרעס (די יאָרן 1793, 1795, 1815).

## § 11. די לענדער אויסער אייראָפּע

אויסער אייראָפּע האָבן זיך יידן געפונען ענדע 18-טן יאָרהונדערט אויף צוויי עקן פון קולטור: אין ווייטן מערב — אין דער ניי-געגרינדעטער פרייער רעפּובליק פון די אַמעריקאַנישע פאַראייניקטע שטאַטן, און אין די אַזיאַטיש-אַפריקאַנישע מזרח-לענדער, וואָס האָבן געשלומערט אין יאָך פון אַ פאַטריאַרכאַלישן דעספּאָטיזם.

אַמעריקע, דאָס יונגע לאַנד, וואָס האָט זיך נאָר-וואָס באַפרייט פון

איירָאָפּעס אפּוטרופּסות, האָט זיך אָפּגעטרייסלט פון איירָאָפּעס פאַראורטיילן אויך און האָט דערקלערט ביי זיך פרייהייט און גלייכקייט. בעת אין ענגלאַנד זענען יידן נאָך געווען דערווייטערט פון דער בירגערלעכער געזעלשאַפט, פאַרמעל אָפּגעטיילט איבער דעם נוסח פון דער בירגערלעכער שבועה: „נאָך דעם אמתן גלויבן פון אַ קריסט", — אין דערזעלבער צייט האָט דאָס פאָלק אין די פאַראייניקטע שטאַטן פעסטגעשטעלט אין יאָר 1776 אין דער „דעקלאַראַציע פון פרייהייט" אַ נייעם פּרינציפּ: „ביי קיינעם זאָל נישט זיין אָפּגענומען קיין בירגער-רעכט, און קיינער זאָל נישט געררודפט ווערן פאַר זיין רעליגיעזער איבערצייגונג". די יידישע קאָלאָניע אין דער נייער רעפּובליק אויף יענער זייט אַטלאַנטישן אוקינוס, וואָס האָט גענאָסן דעם וואויל פון פרייהייט, איז געווען קליין, אָבער דאָ איז געווען דער ערשטער אַקט עמאַנסיפּאַציע, און אָנגעקומען איז ער אָן אַ שטרייט, נאָר אויפן גרונד פון דעם כלל-פּרינציפּ — בירגערלעכע גלייכקייט.

פּונקט דעם היפּוך זעען מיר אין די מוסולמענישע מזרח-לענדער, אין די אַלטע נעסטן פון יידישער קולטור. אַזיע איז פאַרגליווערט געוואָרן. נאָך דעם פיבערדיקן ברען פון דער שבתי-צבי-תקופה, זעען מיר די יידישע מאַסן אין טערקיי ליגן ווי אין הינערפלעט. טרויעריק איז דאָס לעבן אין דער אָטאָמאַנישער אימפּעריע, וואָס האָט פאַראייניקט אין זיך ברוכשטיקער פון צוויי גרויסע יידישע קבוצים, דעם אשכנזישן און דעם ספרדישן. ביידע שטייען דאָ אָפּגעזונדערט, איין טייל מיט זיין דייטש-יידיש, דער אַנדערער מיט זיין שפּאַניש-יידיש, ביידע קולטורעל פאַרשלאָפן, פּאָליטיש פאַרקנעכטעט, ווי אַלע פעלקער אין דעם טיראַנישן לאַנד, אין אַ שטענדיקער שרעק צווישן צוויי פייערן — צווישן איסלאַם און קריסטנטום. אין די צענטערן פון דער איירָאָפּעאישער טערקיי, אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און אין סאַלאָניק, לעבן גרויסע יידישע קהילות אין אַ פרעמדער סביבה פון גריכן און אַרמעניער, וואָס שטרייטן קעגן יידן אין האַנדל. אין דער אַזיאַטישער און אַפריקאַנישער טערקיי געפינען זיך יידן צווישן ראַסן-פאַרוואַנדטע, אָבער פאַרווילדעטע אַראַבישע מאַסן; זיי דריקט דער דאָפּלטער יאָך פון אַזיאַטישן דעספּאָטיזם און מוסולמענישן פאַנאַטיזם. אין יעדער געגנט אַן אייגענער סיסטעם אומגעזעץ און תקיפות. יעדער פּאַשאַ האָט דאָ צו זאָגן אויפן לעבן און פאַרמעגן פונעם יידן: אַמאָל זויגט ער אים „פרידלעך" אויס, נעמט אָפּ דאָס איבעריקע ביי דעם רייכן און רייסט אַרויס דאָס שטיקל ברויט פון מויל ביי דעם אָרימאַן, און אַמאָל באַפאַלט ער גאָר דעם יידישן קוואַרטאַל און מאַכט אים חרוב. די דערשלאָגענע, איבערגעשראָקענע יידישע קהילות פּאַסן זיך צו אין יעדער סאַטראַפּיע צו דעם אָרטיקן רעזשים און שטיקן זיך מיט זייער פּיין אין דער ענגשאַפט פון געטאָ. אין פּאַלעס-

טינע, וואָס ליגט חרוב און טויט אונטער דער טערקישער הערשאַפט, זעען מיר טויזנטער חלוקה-יידן, שומרים פון אַלטע חורבות און קברים. ירושלים, חברון, צפת און טבריה — דאָס זענען די פיר נעסטן פון פרומע קבצנים, וואָס דערנערן זיך מיט נדבות, אָנגעקומענע פון אייראָפּע. פריער האָבן דאָ געהערשט רבנים און בעלי-קבלה-אַסקעטן, איצט, ענדע 18-טן יאָר-הונדערט, באַווייזן זיך די נייע חסידים פון ר׳ ישראל בעל-שם-טוב׳ס שניט, וואָס קומען פון פוילן און רוסלאַנד און ברענגען מיט זיך אַ לעבעדיקערע שטימונג. דאָס איז די „רעפאָרם" אין דער פאַרשלאָפענער וועלט... אויף די ווייטע שטחים אין סיריע, מצרים, בערבעריע (מאַראָקאָ, טוניס, אַלזשיר), ציט זיך אַ קייט יידישע קהילות, שטומע עדות פון אַ לאַנג-פאַרלאָשענער ציוויליזאַציע, פון גרויסע היסטאָרישע איבערקערענישן. אַ ים ווילדקייט, טיראַניע און פאַנאַטיזם האָט פאַרפלייצט אָט דעם גרויסן פאַסביים מיטל-ים, דאָס וויגעלע פון דער יידישער און וועלט-ציוויליזאַציע. דער מזרח שלאָפט ערב דעם שטורמישן 19-טן יאָרהונדערט... שפעטער וועט אַהער אויך דערלאַנגען דער רעש פון דער קאָכיקער אייראָפּע, און צווישן אַלטע קברים וועלן זיך באַווייזן שפּראָצן פון אַ ניי לעבן.

# 2. די הויפּט־פּראָצעסן פון דער נייסטער יידישער געשיכטע

## § 12. עמאַנסיפּאַציע און רעאַקציע

באַטראַכטן מיר די נייסטע יידישע געשיכטע צווישן צוויי דאַטן, 1789 און 1914, צווישן דער ערשטער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און דער וועלט־מלחמה, אַזוי זעען מיר דאָ צוויי קייטן פּאַראַלעלע פּראָצעסן. אין דער פּאָליטישער געשיכטע פונם יידישן פאָלק בייטן איינס דאָס אַנדערע בירגערלעכע עמאַנסיפּאַציע (אָדער קאַמף פאַר עמאַנסיפּאַציע) און רעאַקציע (אַלגעמיינע, אָדער ספּעציעל אַנטי־יידישע). אין דער קולטור־געשיכטע זעען מיר צו דעם אייגענעם בייט אָדער שטרייט צווישן אַסימילאַציע און דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. די דאָזיקע צוויי קייטן פּראָצעסן פלעכטן זיך איבער צווישן זיך מיט אַסך פעדים אין דעם לויף פון דער נייסטער געשיכטע, און די גאַנצע תּקופה ווערט פאַרבונדן אין איין געזעצמאָסיקער היסטאָרישער עוואָלוציע.

דער טערמין „עמאַנסיפּאַציע”, וואָס זאָל הייסן: יידן ווערן לויט אַ געזעץ גלייכבאַרעכטיקט מיט אַלע בירגער אין לאַנד — דער דאָזיקער טער־מין שטאַמט פון דער נייסטער צייט. ביי דעם אַלטן רעזשים, ווען יידן זענען אין יעדער לאַנד געוועזן נישט אַ טייל בירגער, נאָר אַ פרעמדע קאַסטע מיט אַ ביסל קאָנצעסיעס אָדער פּריווילעגיעס פון דער מלוכה, האָט זיך געהאַנדלט פון רעכטן, נישט פון רעכט, נישט פון בירגערלעכער גלייכקייט. „עמאַנסיפּאַציע” האָט געקאָנט ווערן אַ פּאָליטישער פאַקט נאָר זינט ס'איז אויפגעקומען די נייע מלוכה, וואָס איז געבויט אויף רעכט, אָנשטאָט דער אַלטער מלוכה, וואָס האָט זיך געהאַלטן אויף שטאַנדן און פּאָליציי. אין אייראָפּע איז דאָס געשען: זינט דעם יאָר 1789 אין פראַנק־רייך, זינט 1848 אין אַנדערע מערב־לענדער; אין רוסלאַנד הויבט זיך דאָס אָן ערשט אין 20־טן יאָרהונדערט *). אין קאָנסטיטוציאָנעלע לענדער זעען

*) פון דער דאָזיקער סיסטעם עמאַנסיפּאַציע אויף דעם אייראָפּעאישן קאָנטינענט דאַרף

מיר, ווי דער פּראָצעס פון עמאַנסיפּאַציע מהכּט דורך געוויסע שטאַפּלען. בשעת ט׳ווערט פּראָקלאַמירט אַ נייע קאָנסטיטוציע, איז די עמאַנסיפּאַציע ערשט אַ געמיינטע: מ׳האַלט סתּם, אַז יידן זענען עמאַנסיפּירט, ווייל לאָגיש איז דאָס אַ פּועל-יוצא פון בירגערלעכער גלייכקייט, וואָס שטייט געשריבן אין די גרונד-געזעצן (אין דער „דעקלאַראַציע פון רעכט", אין די ערשטע אַרטיקלען פון די אייראָפּעאישע קאָנסטיטוציעס). באַלד שטעלט זיך אָבער אַרויס, אַז דער כּלל: בירגערלעכע גלייכקייט — איז נאָך נישט גענוג, יידן זאָלן יורידיש ווערן גלייכבאַרעכטיקט. מען טענהט, אַז דער גרונד-געזעץ וועגן גלייכקייט איז נישט חל אויף יידן; אַזוי איז, למשל, געווען אין פראַנקרייך באַלד ווי די „דעקלאַראַציע פון רעכט" איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן. דעמאָלט הויבט מען אָן ספּעציעל באַהאַנדלען די יידנפראַגע אין די פּאַרלאַמענטן (אין דער פראַנצויזישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אין די יאָרן 1789—1791; אין דייטשן און אין עסטרייכישן פּאַרלאַמענט אין יאָר 1848). דאָ גייט דאָס צו נישט גאָר גלאַט, אָבער דאָך ווערט יידישע גלייכבאַרעכטיקונג פאָרמעל אָנערקענט; דאָס איז אַ לאָגישע נויט, וואָרום ס׳לאָזט זיך נישט דענקען אַ נייע מלוכה-סיסטעם און דערביי אַלטע קנעכטשאַפט פאַר יידן. אָבער אָט די פאָרמעל-סאַנקציאָנירטע יידישע גלייכבאַרעכטיקונג טרעפט אין לעבן צווייערליי מניעות: אָדער די רעאַקציע איז גובר און זי שאַפט אָפּ די גרונד-געזעצן, אָדער די קריסטלעכע געזעלשאַפט וויל נישט צושטימען, יידן זאָלן פאַקטיש זיין גלייכבאַרעכטיקט. אין ערשטן פאַל שאַפט מען אָפּ פאָרמעל יידישע גלייכבאַרעכטיקונג, אין צווייטן פאַל דערלאָזט מען נישט פאַקטיש יידן אויסנוצן זייער גלייכבאַרעכטיקונג, מ׳שטערט אויף יעדן טריט. די רעגירונגס-רעאַקציעס האַלטן זיך נישט לאַנג, באַלד הויבט זיך אויף אַ נייע כוואַליע פאָלקס-באַוועגונג, די אָפּגעשאַפטע קאָנסטיטוציעס ווערן ווייטער גילטיק, גאַנצערהייט אָדער פאַרשמעלערט, ממילא ווערט ווידער פאָרמעל גילטיק יידישע גלייכבאַרעכטיקונג אויך. אַסך דויערנדיקער זענען געזעלשאַפטלעכע רעאַקציעס, ד. ה. דער קאַמף פון דער קריסטלעכער געזעלשאַפט קעגן פאַרווירקלעכן די עמאַנסיפּאַציע, וואָס יורידיש, אויף פּאַפּיר, איז זי שוין אָנערקענט. אַזאַ רעאַקציע זעען מיר אָפט צו אין אַ פאָרם פון אַ אָרגאַניזירטער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג (אין די מערבֿ-לענדער). אין אַנדערע ערטער איז די דאָזיקע געזעלשאַפטלעכע רעאַקציע

---

מען אָפּטיילן ענגלאַנד באַזונדער, ווייל דער פּאָליטישער רעזשים שטייט דאָ נישט אונטער דער השפּעה פון די גרויסע רעוואָלוציעס. די יידישע עמאנסיפּאַציע איז דאָ פאָרגעקומען אויפן וועג פון עוואָלוציע און חוץ דעם האָט זי אַ באַזונדער רעליגיעזע פאַרבונג, ענלעך צו דער עמאנסיפּאַציע פון ענגלענדער-קאַטוילן (1829), וואָס היסטאָריש איז דאָ פאַראַן אַ געוויסע פאַרבינדונג.

אַן ענטפער נישט אויף דער יורידישער עמאַנסיפּאַציע, נאָר אויף דעם קאַמף, וואָס יידן פירן פאַר זייער פרייהייט קעגן דעם אַלטן רעזשים (דייטשלאַנד ביז 1848, און שפּעטער רוסלאַנד).

אויפן גרונד פון די אָנגעמערקטע פּראָצעסן, קאָן מען איינטיילן די נייסטע פּאָליטישע געשיכטע פונם יידישן פאָלק אין אַזוינע תּקופות, וואָס בכלל פאַלן זיי אויף די תּקופות אין דער נייסטער אייראָפּעאישער געשיכטע:

1) די תּקופה פון דער ערשטער פראַנצויזישער עמאַנסיפּאַציע (1789–1815), ווען פראַנקרייך עמאַנסיפּירט אירע יידן, און די נצחונות פון דער נייער רעפּובליק ברענגען דערצו, אַז אַנדערע לענדער זאָלן אויך עמאַנסיפּירן יידן אָדער פאַרבעסערן זייער בירגערלעכע לאַגע (האָלאַנד, אַ טייל איטאַליע און דייטשלאַנד, אין אַ געוויסער מאָס רוסלאַנד אין אָנהויב אַלעקסאַנדער דעם 1-טנס רעגירן).

2) די תּקופה פון דער ערשטער אַלגעמיין-פּאָליטישער רעאַקציע (1815–1848), ווען, חוץ פראַנקרייך און האָלאַנד, קערט מען זיך ווידער צו דער סיסטעם פון יידישער רעכטלאָזיקייט גאָר אָדער טיילווייז.

3) די תּקופה פון דער צווייטער דייטשער עמאַנסיפּאַציע (1848–1881), ווען דער קאָנסטיטוציאָנעלער רעזשים אין די לענדער פון דייטשער קולטור ברענגט יידן יורידישע גלייכבאַרעכטיקונג (אָבער נישט אומעטום — פאַקטישע), און די „צייט פון גרויסע רעפאָרמעס” אין רוסלאַנד וועקט אויף דאָרטיקע יידן צו קעמפן פאַר זייער עמאַנסיפּאַציע.

4) די תּקופה פון דער צווייטער, אַנטיסעמיטישער רעאַקציע (1881–1914), ווען אין מערב-אייראָפּע ווערט דער אַנטיסעמיטיזם אַ קראַפט, וואָס דערלאָזט נישט, ס'זאָל פאַקטיש פאַרווירקלעכט ווערן יידישע פּאָליטישע און בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג, און די יידנפרעסעריי אין רוסלאַנד באַשאַפט פאַר דעם גרעסטן יידישן קיבוץ אַ רעזשים פון פּאָגראָמען און שענדלעכסטער קנעכטשאַפט.

## § 13. אַסימילאַציע און נאַציאָנאַלע באַוועגונג

דער דאָפּלטער אינעווייניקסטער פּראָצעס פון אַסימילאַציע און נאַציאָנאַליזאַציע איז פאַרבונדן מיט דעם דאָפּלטן אויסערלעכן פּראָצעס פון עמאַנסיפּאַציע און רעאַקציע. אַסימילאַציע באַטייט, אָדער אַז דער ייד ווערט פאַרפלייצט אין שטראָם פון אַרומיקער קולטור און פאַרלירט זיין נאַ-

ציאָנאַלן קולטור-טיפּ, אָדער אַז דער ייד זאָגט זיך פאָרמעל אָפּ פון זיין נאַציאָנאַל-אייגנס, חוץ אין פּרט רעליגיע, און האַלט זיך אַליין אין יעדער לאַנד פאַר אַ גליד פון דער הערשנדיקער נאַציע. אין גרונד פון אַזאַ דע-נאַציאָנאַליזאַציע שטעקן צוויי סיבות: אַ הומאַניסטישע און אַן אוטי-ליטאַרע. דאָס ערשטע איז קיין נייס נישט אין דער יידישער געשיכטע, אין פאַרשיידענע צייטן ווירקן גרויסע קולטור-באַוועגונגען אויף יידן אַזוי, אַז אַ טייל הויבט אָן ציען צו כלל-מענטשלעכער קולטור, און דאָס וועגט ביי אים איבער די פאַרבונדנקייט מיט נאַציאָנאַל-אייגענער קולטור. אַזוי איז דאָס צוגעגאַנגען אין ארץ-ישראל אין די צייטן, ווען ס'האָט געהערשט די פיניקיער קולטור, דערנאָך די אשור-בבלשע קולטור; אין גאַנץ פאָדער-אַזיע און אין מצרים (אלכסנדריא) האָבן מיר דאָס געזען בעת ס'האָט גע-הערשט די גריכיש-רוימישע קולטור, אין שפּאַניע און אין די מזרח-לענ-דער בעת דעם אַראַבישן רענעסאַנס. נאָך הונדערטער יאָרן אָפּגעשלאָסנקייט האָט זיך דאָס אייראָפּעאישע יידנטום אַ וואָרף געטאָן אויף דער אויפקלער-באַוועגונג פונעם 18-טן יאָרהונדערט און האָט זיך אונטערגעגעבן דער קאָס-מאָפּאָליטישער אידעאָלאָגיע. די תקופה פון מענדעלסאָנען און פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָט יידן שטאַרק אָפּגעריסן פון זייער נאַציאָ-נאַלן צענטער. ס'האָט געהייסן: פון דעם נאַציאָנאַלן צום כלל-מענטשלעכן! דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּראָצעס פון אַריינציען יידן אין דער מערב-קולטור, נאָר היות ווי קיין מערבדיקע כלל-קולטור איז נישט געווען, נאָר ס'איז געווען אַ פראַנצויזישע, אַ דייטשע קולטור וכדומה, בכלל אַ קולטור, פאַרפאַרבט מיט אַ נאַציאָנאַלן קאָליר, לויט דעם טיפּ, שפּראַך, שול און לי-טעראַטור פון דער הערשנדיקער נאַציע, — דעריבער האָבן פאַרשיידענע גרופּעס יידן אין יעדער לאַנד איבערגענומען די נאַציאָנאַלע קולטור פונעם לאַנד, ד. ה. זיי האָבן זיך פאַרשמעלצט מיט פראַנצויזן, דייטשן און אַזוי ווייטער. די הומאַניטאַרע באַוועגונג האָט געבראַכט דערצו, וואָס מ'האָט זיך אָפּגעזאָגט פון יידישן נאַציאָנאַל-אייגנס צוליב דעם נאַציאָנאַל-אייגנס, וואָס הערשט אין דעם אָדער יענעם לאַנד אָדער פּראָווינץ.

ווען אַזאַ דערוויטערונגס-פּראָצעס צענטער-אויס (פון צענטער אַוועק) זאָל געווען גיין זיין נאָרמאַלן גאַנג (געהאַט אין אויג שוין די אומנאָרמאַלע לאַגע אין גלות), וואָלט דאָס מיט דער צייט געקומען צו אַ גלייכגעוויכט מיט דעם נאַטירלעכן קעגן-פּראָצעס צענטער-איין (צום צענטער צו): די אַסי-מילאַציע וואָלט טיף אין דער יידישער מאַסע געטראָפן אַ שטאַרק ציען צוריק צו נאַציאָנאַל-אייגנס. אָבער צו דער הומאַניסטישער סיבה פון דער אַסימילאַציע האָבן זיך דאָ צוגעוואָרפן אוטיליטאַרע מאָטיוון, תכלית. אַסי-מילאַציע האָט מען דאָ אויסגענוצט פאַר אַ געווער אין שטרייט פאַר עמאַנ-

סיפּאַציע. די קעגנער פון עמאַנסיפּאַציע צווישן קריסטן האָבן געטענהט, אַז מ'קאָן נישט בירגערלעך גלייכבאַרעכטיקן אַ גרופּע, וואָס האַלט זיך פאַר אַ באַזונדער נאַציע. דער גלח מאָרי האָט אַרויסגעזאָגט נאָך אין 1789-טן יאָר אין דער פראַנצויזישער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג אַזאַ געדאַנק: „דאָס וואָרט ייד איז נישט אַ נאָמען פון אַ סעקטע, דאָס איז אַ נאָמען פון אַ נ אַ צ י ע". דעם דאָזיקן געדאַנק האָבן אויסגענוצט די קעגנער פון עמאַנסיפּאַציע אין אַלע לענדער אין משך פון גאַנצן 19-טן יאָרהונדערט. די עמאַנסיפּאַציע-פריינט פלעגן דערויף ענטפערן מיט דעם ליבעראַל קלערמאָן-טאָנערס ווערטער, וואָס ער האָט געזאָגט אין דערזעלבער זיצונג: „יידן אַלס נאַציע קומט גאָרנישט, אָבער יידן אַלס מענטשן קומט אַלץ". געוויינלעך פלעגן דעם שטרייט געווינען די עמאַנסיפּאַציע-פריינט: יידן פלעגט מען געבן גלייכבאַרעכטיקונג מיט דעם תּנאַי, אַז זיי זענען אין לאַנד נאָר אַ באַזונדער רעליגיעזע גרופּע אין דער הערשנדיקער נאַציע, אָבער נישט קיין באַזונדער נאַציאָנאַלע גרופּע. שפּעטער, שוין נאָך דעם אַקט עמאַנסיפּאַציע פון יאָר 1791, ווען נאַפּאָלעאָן איז נישט זיכער געווען, ווי האַלטן יידן גופא ווען זייער נאַציאָנאַל-אייגנס, האָט ער צונויפגערופן אין פּאַריז אַ יידישע דעלעגאַטן-פאַרזאַמלונג פון גאַנץ פראַנקרייך און האָט ביי זיי אַרויסגעריסן אַ דערקלערונג, אַז זיי זאָגן זיך אָפּ פון זייער נאַציאָנאַל-אייגנס, מיט אַן אָנשרעק, אַז אַנדערש ווערט ביי זיי אָפּגענומען די גלייכבאַרעכטיקונג. דער פּאַריזער „סנהדרין" (1807) האָט געהאַט אַ ברירה: אָדער זאָגן, אַז יידן זענען אַ נאַציע נישט נאָר אַ אמונה אַליין, און מיטאַמאָל אָנווערן די בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג אין נאַפּאָלעאָנס אימפּעריע, אָדער זיך אָפּזאָגן פון זיין נאַציאָנאַל-אייגנס, צוגעבן, אַז יידן זענען טיילן פון די אַרומיקע מלוכה-נאַציעס, — דעמאָלט זענען זיי גלייכבאַרעכטיקטע בירגער. גובר געווען האָט תּכלית און מ'האָט געזאָגט: ניין, נישט קיין נאַציע... *)

אַגב, אַסך האָבן דאָס געקאָנט טאָן מיט אַ גוט געוויסן פאַר זיך און פאַר זייערע, וואָרום קולטור-אַסימילירטע יידן אין די מערב-לענדער איז

---

*) אין אַלע פאַרלאַמענטן צו דער צייט פון דער „ערשטער עמאַנסיפּאַציע", האָט מען יידן געשטעלט אַ תּנאַי פאַר גלייכבאַרעכטיקונג: זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פון זייער „ספּעציעלער פּריווילעגיע", פון דער קהילה-אויטאָנאָמיע און פון נאַציאָנאַל-קולטורעלע אַנשטאַלטן, חוץ רעליגיעזע. אַזאַ תּנאַי זעען מיר אין דעם עמאַנסיפּאַציע-דעקרעט פון יאָר 1791 אין פראַנקרייך (זע ווייטער § 18). אַזאַ תּנאַי האָבן געשטעלט קריסטלעכע און אַפילו יידישע שטרייטער פאַר עמאַנסיפּאַציע אין האָלאַנד (די אַמסטערדאַמער קהילה האָט זיך געשטעלט קעגן דעם, § 25); דאָס אייגענע זעען מיר אין איטאַליע צו נאַפּאָלעאָנס צייטן (§ 26). אַנשטאָט דער פריערדיקער ברייטער אויטאָנאָמיע האָט מען יידן געגעבן אַ סוראָגאַט — נאַפּאָלעאָנס קאָנסיסטאָר-סיסטעם.

שוין געווען אַסך, און די קולטורעלע אַסימילאַציע האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן. איינע פון די וויכטיקסטע סיבות איז דאָ געווען, וואָס דייטשע און עלזאַסישע יידן האָבן פאַרוואָרפן זייער אייגענע שפּראַך (יידיש) און האָבן זיך גענומען פאַר דייטש און פראַנצויזיש; צו דעם האָט געפירט די פּראָפּאַגאַנדע פון מענדעלסאָנס תקופה, און פאַר דעם צוועק האָט מען אַפילו תנ"ך איבערגעזעצט אויף דייטש. די מלוכה־שפּראַך האָט פאַרדייטשט, פאַרפראַנצויזישט די יידישע שול, די יידישע פאַמיליע. דער יונגער דור איז שוין אין דער ערציאונג פאַרפרעמדט געוואָרן צו יידן. דריי דורות — „בערלינער סאַלאָן", בערנע און היינע, מאַרקס און לאַסאַל — דאָס זענען דריי מדרגות, ווען די פאַרפרעמדקייט ווערט אַלץ גרעסער. אמת, צווישן די דאָזיקע דורות זעען מיר אויך אַזוינע מענטשן, ווי פרידלענדער און יאַקאָבסאָן, ריסער און גייגער, וואָס האָבן געוואָלט אויפלעבן און באַנייען דאָס יידנטום. אָבער וואָס האָבן אַפילו אַזוינע טוער געזאָגט די אַרומיקע נאַציעס וועגן יידן? זיי האָבן איבערגעחזרט די אַלטע איינרעדעניש פון דעם פאַריזער סנהדרינס צייטן: נאַציאָנאַל געהערן מיר צו די אַרומיקע פעלקער, ס'איז נישטאָ קיין יידישע נאַציע, נאָר ס'זענען דאָ דייטשן, פראַנצויזן, ענגלענדער, וואָס האַלטן זיך ביי יידישע אמונה. אין אַזוינע דעקלאַראַציעס, וואָס געוויינלעך פלעגט מען זיי אויסברענגען אין דעם הייסן קאַמף פאַר עמאַנסיפּאַציע, איז דער הומאַניסטישער מאָטיוו געווען אַזוי איינס מיט דעם אוטיליטאַרן צוועק, אַז ס'איז נישט צו דערקענען, וואו לאָזט זיך אויס איינס, און וואו הויבט זיך אָן דער צווייטער. אין פאַל ווען די קעמפער פאַר עמאַנסיפּאַציע זענען אפילו נישט זיכער געווען, צי איז שוין טאַקע באמת אויס יידישע נאַציע, האָט מען דאָך געמוזט דאָס זאָגן, ווען נישט — קאָן מען דאָך נישט מאָנען קיין גלייכבאַרעכטיקונג און ס'וועט נישט העלפן מאָנען אויך. מ'איז נאָך נישט דערוואַקסן צו דעם געדאַנק, אַז אַפילו אַ נאַציע אָן אַ מלוכה און אפילו אָן אַ טעריטאָריע האָט אויך רעכט מאָנען גלייכבאַרעכטיקונג מיט געוויסע נאַציאָנאַל־קורטורעלע רעכט אויך דערצו. אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט איז נאָך די נאַציאָנאַלע פראַגע נישט רייף געווען אין אייראָפּעס פּאָליטישער געשיכטע; די פראַגע איז ערשט אויפגעקומען שפּעטער נאָך דעם יאָר 1848, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן נאַציאָנאַלע באַוועגונגען אין פאַרשיידענע לענדער.

אַ צייט האָט מען געקאָנט מיינען, אַז דאָס 19־טע יאָרהונדערט איז באמת אַ שאַרפער איבערבראָך אין דער יידישער געשיכטע: ס'האָט זיך געקאָנט דוכטן, אַז דאָס עלטסטע פאָלק, וואָס איז בייגעשטאַנען זיין קיום קעגן אַלע שטורעמס אין דער וועלט־געשיכטע, האָט נישט אויסגעהאַלטן די כוואַליע פון איין יאָרהונדערט, אַז ס'האָט נאָכגעגעבן, ס'האָט זיך אָפּגע-

זאָגט פון זיין אייגנס און זיך אַליין דערנידערט צו דער מדרגה פון אַ רעליגיעזער סעקטע, וואָס איז צעטיילט צווישן די אַרומיקע נאַציעס. מ׳האָט געקאָנט מיינען, אַז פעלקער האָבן ערנסט געגומען די יידישע דעקלאַראַציעס וועגן זייער „אויס נאַציע״, אַז דער קולטור־קריזיס, וואָס איז פאָרגעקומען אין די מערב־לענדער, וועט נאָכקומען אין מזרח־אייראָפּע אויך. אָבער דער קריזיס האָט געבראָכן, די צווייטע רעאַקציע, וואָס האָט פאַר־כאַפּט אייראָפּע אין די לעצטע צענדליקער יאָר פון 19־טן יאָרהונדערט, האָט אָפּגעשאָפט דעם פּראָצעס פון צעפאַלן־ווערן. אַנטיסעמיטן פון אַלע פעלקער האָבן געזאָגט צו יידן, וואָס האָבן אָנגעגעבן אין קאָן זייער „אויס נאַציאָנאַל״ פאַר עמאַנסיפּאַציע: מיר גלויבן אייך נישט, אַז איר האָט זיך באמת אָפּגעזאָגט פון אייער נאַציאָנאַל־אייגנס: איר זייט אונז פרעמד, אַפילו ווען איר זייט זיך מטריח אַסימילירן זיך מיט אונז, איר זייט נישט אַ פרעמדע אמונה אַליין, נאָר אַ פרעמד פאָלק אויך. צוגלייך האָט דער טראַגישער גורל פונם רוסישן יידנטום אומגעקערט דאָס נאַציאָנאַלע באַ־וואוסטזיין אַסך אַזוינע, וואָס האָבן דאָס שוין געהאַט פאַרלוירן.

זינט דעם קולטור־קריזיס פון מענדעלסאָנס תקופה און פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע זענען זיך מזרח־יידן און מערב־יידן צעגאַנגען אויף פאַרשיידענע וועגן. די פריערדיקע העגעמאָניע פון דייטשיש־פוילישע יידן, וואָס איר יסוד איז געווען די שאַרפע בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע אָפּגעשלאָסנקייט, האָט זיך איצט צעשפּאָלטן: דייטשע יידן האָבן זיך גאָר אָפּגעטרייסלט פון דעם אַלטן יסוד, האָבן איבערגענומען אייראָפּעאישע בילדונג און זענען פאַרגאַנגען אין אַסימילאַציע; פוילישע יידן אָבער, וואָס פאַר דער צייט זענען זיי געוואָרן דערהויפּט רוסלענדער און עסטרייכער בירגער, האָבן דערהאַלטן זייער אייגנס און האָבן זיך נישט גערן נאָכגע־געבן נייע קולטור־ווירקונגען. מערב־אייראָפּעאישע אויפקלערונג האָט זיך דורכגעריסן צו מזרח־אייראָפּעאישע יידן אויך און האָט דורכגעבראָכן אַ וועג פאַר השכלה, פאַר אַסימילאַציע, פאַר קאַמף וועגן עמאַנסיפּאַציע און אַפילו פאַר נאַציאָנאַלער זעלבסטשטייקענונג אויך, אַלס אַ מעטאָדע אין דעם עמאַנ־סיפּאַציע־שטרייט (די תקופה 1860־1881). אָבער איידער נאָך דער דאָזיקער קולטור־קריזיס האָט באַוויזן טיף אַריינדרינגען אין פאָלק, האָט זיך שוין אָנגעהויבן די רעאַקציע פון 1880־קער יאָרן מיט פּאָגראָמען און מיטלאַל־טערישע רדיפות. דער בראָך האָט געטראָפן דעם קערן פון דעם מזרח־יידנטום אין אַ צייט, ווען איינמאָל האָט זיך נאָך אין דער טיף ביי אים נישט אויסגעשעפּט דער אַלטער רעזערוו פון נאַציאָנאַלער ענערגיע און ווען צווייטנס האָט זיך אין די אויבערשטע אינטעליגענטישע קרייזן אָנגע־קליבן אַ געוויסע סאָציאַלע ענערגיע, וואָס האָט געשטופּט קעמפן פאַר פריי־

הייט. אַ קאָמבינאַציע פון די דאָזיקע צוויי עלעמענטן האָט באַשאַפן אַ נייע העכערע פאָרם קאַמף פאַר קיום: אַ קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייאונג, וואָס דאָס מערב-אייראָפּעאישע יידנטום האָט דאָס נישט געקענט.

די נייע באַוועגונג האָט זיך צעצווייגט אויף צוויי ריכטונגען: איין וועג פירט טעריטאָריאַל אויסצוטיילן דאָס יידישע פאָלק אָדער אַ טייל פאָלק פונם גלות אַרויס און איבערבויען דאָס פאָלקסלעבן אויף נייע אויטאָנאָם-טעריטאָריאַלע יסודות (ציוניזם, טעריטאָריאַליזם); די אַנדערע ריכטונג זעט נישט, אַז אַזאַ מין טעריטאָריאַל אויסטיילן יידן זאָל קאָנען ווירקן אויפן גאַנצן לעבן פונם פאָלק, זי שטרעבט צו אַ נאַציאָנאַל-קולטורעלער אויפלעבונג פונם יידישן פאָלק אין די גלות-לענדער גופא, דאָס פאָלק זאָל דאָ קעמפן גלייכצייטיק פאַר זיינע בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט. ביידע שיטות זענען מסכּים, אַז יידן דאַרפן קעמפן פאַר זייער באַפרייאונג אַלס גלידער פון איין אַלוועלטלעכער יידישער נאַציע, נישט אַלס טיילן פון פרעמדע נאַציעס. צו דער צייט פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע אין יאָר 1905 האָט זיך די נייע באַוועגונג באַשאַפן איר פּאָליטישע פּלאַטפאָרם: דער רוב יידישע פּאַרטייען האָט געפירט דעם קאַמף פאַר עמאַנסיפּאַציע אונטער אַ יידיש-נאַציאָנאַלער פאָן. ווען די פרייהייטס-באַוועגונג וואָלט נישט צעקלאַפּט געוואָרן, מחמת די רוסישע ווירקלעכקייט האָט קיין פרייען רעזשים נישט געקאָנט פאַרטראָגן, וואָלט שוין דעמאָלט געוועזן געקומען צו דער „דריטער עמאַנסיפּאַציע” — דער רוסלענדישער: עמאַנסיפּאַציע וואָלטן געקראָגן נישט יידן אונטער אַ רוסישער מאַסקע, נאָר טאַקע די מיליאָנען רוסישע בירגער פון יידישער נאַציאָנאַליטעט. ס'איז אָבער באַשערט געווען, אַז די דאָזיקע דריטע עמאַנסיפּאַציע זאָל ווערן אָפּגערוקט ביז דער רוסישער מערץ-רעוואָלוציע פון יאָר 1917, אָבער אַלע אירע דערגרייכונגען זענען אינגיכן אומגעקומען אין די שרעקנס פונם בירגער-קריג אין חרוב-געוואָרענעם רוסלאַנד.

דער אינעווייניקסטער קריזיס איז שוין געווען פאַרענדיקט נאָך לאַנג פאַר דער וועלט-מלחמה. שוין דעמאָלט זענען מיר, ווי מערב-יידן האָבן אָנגעוואוירן זייער השפּעה אויף דעם מזרח-צענטער; פאַרקערט, דער דאָזיקער צענטער געווינט אַלץ מער השפּעה אויף מערב-יידן. די אַסימילאַציע טרעט אָפּ די בכורה דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. די אַסימילאַציע איז געווען דער זיכערער סימן פאַרן 19-טן יאָרהונדערט; ס'איז צו האָפן, אַז די נאַציאָנאַלע באַוועגונג וועט זיין דער סימן פאַרן 20-טן.

קאַפּיטל ו

# די יידישע עמאַנסיפּאַציע אין פראַנקרייך

## § 14. דער קאַמף פאַר גלייכבאַרעכטיקונג אויפן גרונד פון דער רעכטס-דעקלאַראַציע

אין יענעם היסטאָרישן פרי-זומער פון יאָר 1789, ווען אין פּאַריז האָבן זיך פאַרזאַמלט די גענעראַל-שטאַטן, וואָס נאָכדעם איז פון זיי געוואָרן די גרינדנדיקע נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג, האָבן פראַנצויזישע יידן פאַרשטאַנען, אַז די פרייע כוואַליע, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן אין לאַנד, קאָן זיי אויך אויפהויבן פון טיפער קנעכטשאַפט. די יידישע מאַסן, וואָס זענען געווען באַזייטיקט בכלל פונם בירגערלעכן לעבן, האָבן נישט געקאָנט מיטזיין אין דער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג בשעת די וואַלן פון פאָלקספאָרשטייער: קיין דעפּוטאַטן האָבן זיי נישט געקליבן, און האָבן נישט געהאַט דורך וועמען אַרויסצוזאָגן זייערע פאָדערונגען. נאָר אַ גרופּע נאַטוראַליזירטע יידן אין דרום-פראַנקרייך, די „פּאָרטוגעזן” אָדער ספרדים, האָבן זיך ווי עס איז באַטייליקט אין וואַל-קאַמף. אין באָרדאָ זענען עטלעכע יידן אַריינגעפאַלן פאַר וואַל-מענער, איינעם זייערן (דוד גראַדיס) האָט סך-הכל געפעלט עטלעכע שטימען צו ווערן דעפּוטאַט. אָבער די יידישע טוער אין די צפון-פּראָווינצן האָבן זיך אויף זייער שטייגער געגרייט בײַשטיין זייערע רעכט. אגב, גרייטן האָט מען זיך באַדאַרפט קעגן אַן אָנפאַל אויך, וואָרום אין אַסך ראַיאָנען אין יידישן „תחום”, על־זאַס און לאָטאַרינגען, האָבן די קריסטלעכע ווײַלער פון די העכערע צוויי שטאַנדן געגעבן זייערע דעפּוטאַטן יידנפיינטלעכע אינסטרוקציעס. די גייסטלעכע אין די פּאַראַפיעס קאָלמאַר און שלעטשטאַט האָבן געוואָלט האָבן, אַז אין יעדער יידישער פאַמיליע זאָל מעגן חתונה האָבן נאָר דער עלטסטער זון, כדי „דאָס דאָזיקע פאָלק זאָל זיך נישט צו פיל מערן”. די דאָרטיקע פריצים האָבן געהאַלטן, אַז דער עצם קיום פון יידן „איז אַן אומגליק פאַרן כלל”. די שטאָט

שטראַסבורג איז באַשטאַנען אויף איר אַלטער „פּריווילעגיע", זי זאָל מעגן נישט אַריינלאָזן יידן אין אירע גרעניצן. אַזוינע שטיק טרעפן זיך אין די אינסטרוקציעס, וואָס מ'האָט געגעבן די דעפּוטאַטן פונם דריטן שטאַנד אויך. אין פּאַריז און אין אייניקע קולטור-צענטערן (מעץ) האָט מען די דעפּוטאַטן פאַרזאָגט „זיך אומקוקן אויף דער יידישער לאַגע" און באַשטיין, מ'זאָל זיי געבן גלייכע רעכט; אָבער אין עלזאַס האָט אַפילו דער דריטער שטאַנד געפאָדערט, מ'זאָל נישט דערלאָזן, יידן זאָלן זיך מערן, מ'זאָל באַגרעניצן זייערע פּראָפעסיעס, דערהויפּט זייערע קרעדיט-געשעפטן; מ'האָט אַפילו גע-פאָדערט אָפּצושאַפן באַזונדערע קהילות ביי יידן. בכלל האָט דאָס רוב עלזאַסער געגאַרט — ערב רעוואָלוציע — צו דעם שטרענגן רעגלאַמענט פון יאָר 1784 (§ 6) נאָך אין אַ פאַרגרעסערטער אויפלאַגע.

יידישע טוער אין עלזאַס און אין לאָטאַרינגען האָבן זיך אָקעגנגע-שטעלט. נאָך לאַנגע השתדלותן האָט דער „אויבער-שתדלן" ביי עלזאַסישע יידן סערף-בער געפועלט ביי נעקערס רעגירונג, מ'זאָל לאָזן צוזאַמענרופן אַ דעלעגאַטן-צונויפפאָר פון יידישע קהילות אין דריי פּראָווינצן (עלזאַס, לאָטאַרינגען און מעץ), וואָס זאָל דערלאַנגען דער רעגירונג זייערע פאַר-לאַנגען. די דעלעגאַטן זענען זיך צונויפגעקומען אין מאַי 1789, ווען די גענעראַל-שטאַטן האָבן זיך שוין פאַרזאַמלט. מ'האָט אויסגעאַרבעט אַ צעטל באַשיידענע פאָדערונגען, נישט אָפּצושאַפן גאָר די יידישע רעכטלאָזיקייט — דערפון האָט מען תחלת אפילו נישט געחלומט — נאָר גרינגער צו מאַכן דעם יאָך... אָבער די זומערדיקע געשעענישן פון יענעם גרויסאַרטיקן יאָר, וואָס האָבן געמאַכט אַ נייע פּאָליטישע תקופה אין פראַנקרייך, האָבן די יידנפראַגע אויך אַנדערש אַוועקגעשטעלט.

די יולי-טעג האָבן געבראַכט יידן סיי פריידן, סיי לייד. יידן אין פּאַ-ריז האָבן דערזען די באַסטיליע צעשמעטערט, דעם דעספּאָטיזם דערנידערט, דאָט פאָלק אויבן-אָן. געטאָ-יידן, וואָס נעכטן נאָך האָבן זיי געציטערט פאַר יעדן פּאָליציסט, וואָס האָט געקאָנט יעדן ייִדן „אָן רעכט" אַרויסטרייבן פון פּאַריז, זענען געוואָרן מיטאַמאָל אַנדערע, דער עלעקטרישער שטראָם, וואָס איז דורכגעגאַנגען גאַנץ פראַנקרייך, האָט זיי אויך דורכגענומען. אין פּאַריז זענען אַסך יידן אַריין אין דער פריי-אַרמיי — אין דער נאַציאָנאַלער גוואַר-דיע, דאָס אייגענע אויך אין באָרדאָ... אָבער גראָד אין יענער צייט (ענדע יולי) האָבן זיך פון עלזאַס געלאָזט הערן ביטערע נייסן: בעת די אַגראַר-אומרוען קעגן די פּריצים, זענען פּויערים אין די דערפער באַפאַלן יידישע הייזער. צערייצט פון דער הונדערט-יאָריקער קנעכטשאַפט ביי פעאָדאַלן און גייסטלעכע, האָבן פּויערים גענומען מיט האַרץ צינדן און רויבן פּריצי-שע הייזער און מאַיאָנטקעס, פאַראייניקס יידישע הייזער אויך, דערהויפּט

צו פאַרניכטן וועקסלען און געשעפטס-ביכער ביי די מלווים. יידן, וואָס פּריצים האָבן זיי מיט די פיס געטרעטן, זענען געוואָרן, ווי איין היסטאָריקער זאָגט, חברים אין צרות מיט זייערע באַדריקער. אַריבער טויזנט יידן זענען אַנטלאָפן, איבערגעלאָזט זייער פאַרמעגן אויף רויבערס באַראָט; אויף אַ צייט האָבן זיי געפונען אַ מקום-מנוחה אין באַזעל, אין דער שווייץ.

די ווייי-געשרייען פון עלזאַסער יידן האָבן דערלאַנגט צו דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג. אַבאַט גרעגואַר, אַ גלח — אַ פרייזיניקער, וואָס האָט זיך אַ צוועק גענומען, יידן זאָלן באַפרייט ווערן פונם יאָך, האָט דער ערשטער אויפגעהויבן זיין שטים פאַר די געפייניקטע. אַלס דעפּוטאַט פון דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג, וואָס האָט נאָך פאַר דער רעוואָלוציע געהאַט אָנגעשריבן אַ פּייערדיקע אַפּאָלאָגיע פאַר יידן, האָט ער געזאָלט אַרויסטרעטן אין דער פאַרזאַמלונג מיט אַ רעדע פאַר גלייכבאַרעכטיקן יידן; איצט אָבער, ווען ער האָט דערהערט פון די עלזאַסער פּאָגראָמען, איז ער אַרויף אויף דער טריבונע פאָדערן שוץ און זיכערקייט פאַר יידיש לעבן און גוטס. די פאַרזאַמלונג האָט מיט סימפּאַטיע אויסגעהערט דעם אַבאַטס היציקע רעדע (דעם 3-טן אויגוסט) און איז איבערגעגאַנגען צום טאָג-סדר. די פאַרזאַמלונג האָט זיך נישט געקאָנט לענגער פאַרהאַלטן אויף אַ זאַך, וואָס ביי איר איז דאָס געווען נישט מער ווי אַ פּרט אין דער אַגראַר-באַוועגונג, אין אַ צייט ווען זי האָט זיך געקליבן צו פאַרענטפערן די גרויסע פּראָבלעם — אָפּצושאַפן די פּריווילעגיעס פון די פּריצים און באַפרייען די פּויערים. אונטער דער ווירקונג פון דעם מעכטיקן פאָלקס-פּראָטעסט קעגן פעאָדאַליזם האָט די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג אין יענער נאַכט (פונם 3-טן אויפן 4-טן אויגוסט) איינגאַנצן אָפּגעשאַפט דעם פעאָדאַל-קנעכטישן רעזשים.

צו דער יידנפראַגע איז מען אין דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג דאָס ערשטע מאָל צוגעקומען, בעת מ׳האָט באַטראַכט פונקטנווייז „די דעקלאַראַציע פון אַ מענטשנס און בירגערס רעכט״. דעם 22-טן אויגוסט האָט די פאַרזאַמלונג ב׳האַנדלט דעם פונקט „וועגן גלויבנס-פרייהייט״ אין דעפּוטאַט קאַסטעלאַנס נוסח: „קיינער זאָל נישט גערודפט ווערן פאַר זיינע רעליגיעזע מיינונגען״. די קאָנסערוואַטיווע דעפּוטאַטן האָבן געוואָלט האָבן, די קאַטוילישע רעליגיע זאָל הייסן די אָפיציעלע, און דערביי האָבן זיי פאַרשפּראָכן „טאָלעראַנץ״ פאַר אַנדערע אמונות. דאָ האָט זיך אויף דער טריבונע באַוויזן מיראַבאָ, אַן אויפגעבראַכטער: „אַ מלוכה-רעליגיע! — האָט ער אַ געשריי געטאָן: — זאָל אין אונזער גרעזעץ מער נישט געדאַכט ווערן דאָס דאָזיקע טיראַנישע וואָרט! וואָרום ווערט איר דערלאָזן אַזאַ צונאָמען צו רעליגיע, וועט איר אַזוינס מוזן דערלאָזן ווייטער אויך, אומעטום! וועט איר האָבן: אַ מלוכה-קולט, אַ מלוכה-פילאָזאָפיע, מלוכה-

סיסטעמען. ניין! הערשן זאָל נאָר די גערעכטיקייט אַליין. דער העכסטער פּרינציפּ — איז דער מענטש און זיין רעכט און דעם פּרינציפּ זאָל אַלצדינג אונטערטעניק זיין". צו מיראַבאָן איז אויך צוגעשטאַנען ראַבאָ סענט-עטיען, אַ פּראָטעסטאַנטישער פּאַסטאָר. זיין רעדע וועגן רעכט פאַר פּראָטעסטאַנטן האָט ער פאַרענדיקט מיט אַזוינע ווערטער: „פאַר פּראָנצויזן-פּראָטעסטאַנטן, פאַר אַלע ניט-קאַטוילן אין אונזער לאַנד מאָן איך דאָס, וואָס איר ווילט האָבן פאַר זיך: פרייהייט און גלייכע רעכט! איך מאָן דאָס פאַר יענעם פאָלק אויך, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון זיין ערד אין אַזיע, וואָס בלאָנקעט אַרום, ווערט געיאָגט און געפּלאָגט שוין 18 יאָרהונדערטן, וואָס וואָלט זיכער איבערגענומען אונזער פּירונג און אונזער שטייגער, ווען אונזער געזעץ זאָל דאָס פאָלק דערנענטערן צו אונז. מיר וואָגן נישט אויסוואַרפן דעם דאָזיקן פאָלק זיינע מאָראַלישע פעלער, ווייל אַזוי ווי ער איז איצט, קומט דאָס צו אים פון אונזער ווילדקייט און פון דער שענדלעכער לאַגע, אין וועלכער מיר האָבן אים מיט אומרעכט געשטעלט". נאָך אַ לאַנגן וויכוח איז דער פּונקט 10 פון דער דעקלאַראַציע אָנגענומען געוואָרן (23 אויגוסט) אין אַזאַ רעדאַקציע: „קיינער זאָל נישט גערודפט ווערן פאַר זיינע מיינונגען, פאַר רעליגיעזע אויך נישט, אויב זיי שטערן נישט דער געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג". ווען נאָך דעם דאָזיקן פּונקט וואָלט מען גלייך פעסטגעשטעלט אַלע פּראַקטישע אויספירן, וואָס שטעקן אין אים, וואָלט די פראַגע וועגן גלייכע רעכט פאַר יידן געווען פאַרענטפערט באַלד, אויפן גרונט פון דער דעקלאַראַציע. די פאַרזאַמלונג האָט דאָס אָבער נישט געטאָן. גרינגער איז צו פועלן ביי מענטשן אָנערקענען אַ טעאָרעטישן אמת, איידער באַקומען אַ הסכם פּראַקטיש דעם אמת צו פאַרווענדן. די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג האָט גענומען באַהאַנדלען די ווייטערדיקע פּונקטן פון דער דעקלאַראַציע, דערנאָך האָט זי זיך פאַרנומען מיט באַטראַכטן די קאָנסטיטוציע. דער רעש פון דעם רעוואָלוציאָנערן שטורעם, וואָס האָט זיך אַלע ווייל אַריינגעריסן אין זאַל צו די פאָלקס-פאַרטרעטער, האָט זיי אָפּגעווענדט פון פּראַקטישע פראַגן, פון גרעסערע אַפילו, איידער די יידנפראַגע. דער לעצטער איז נאָך באַשערט געווען דורכצומאַכן אַ ווייטן פאַראומערטן וועג.

די פאַרעפנטלעכטע דעקלאַראַציע און דאָס ערשטע פריינטלעכע וואָרט פאַר יידן אין דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג האָבן דערוועקט אַ גרויסע פרייד ביי די יידישע טוער. איצט האָבן זיי שוין געקאָנט דרייסטער טאָן זייער זאַך, וואָס זיי האָבן זיך געהאַט אָנגעמערקט: ווירקן פון דרויסן אויפן פאַרלאַמענט מיט פּעטיציעס און דעפּוטאַציעס. דעם 26-טן אויגוסט האָבן פּאַריזער יידן דערלאַנגט דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג אַן אַדרעס, געחתמעט

דערהויפט פון די פאָרשטייער פון ספרדישער קהילה. אַנטציקט פון די „גרויסאַרטיקע אַקטן פון גערעכטיקייט" מצד דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג און אויסדריקנדיק אַ האָפנונג, אַז די דאָזיקע אַקטן וועלן האָבן צו זאָגן אויפן יידישן גורל אויך, בעטן די מחברים פון דער פעטיציע, די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג זאָל ספּעציעל דערמאָנען אין אירע דעקרעטן דאָס יידישע פאָלק, און זאָל מיט איר „אויטאָריטעט באַנייען יידישע בירגער־רעכט, כּדי ס'זאָל אין דעם פּרט קיין ספקות נישט זיין, און כּדי די אַלטע רדיפות זאָלן נישט זיין ביי אייניקע קיין תירוץ אויף צו דריקן יידן ווייטער". אין עטלעכע טעג אַרום איז אָנגעקומען אַן ענגלישע פעטיציע פון די „פּאַראייניקטע יידישע דעפּוטאַציעס" פון עלזאַס און לאָטאַרינגען, וואָס תהלת האָבן זיי בדעה געהאַט בעטן נישט מער, מ'זאָל יידן עטוואָס פאַרגרינגערן. איצט האָבן זיי שוין גערעדט אַנדערש. די רעוואָלוציע — אַזוי שרייבן זיי אין זייער פעטיציע — האָט פעסטגעשטעלט די רעכט פון אַ מענטשן און פון אַ בירגער: איז דען מיגלעך, אַז נאָר מיר, יידן, אַליין זאָלן נישט אַריין אין כּלל? נאָך עד־היום רודפט מען אונז, און די לעצטע צייט, ווען „דעם פאָלקס צאָרן האָט זיך געזוכט קרבנות", האָט ער זיך אויסגעגאָסן אויף אונז, וואָרום דאָס פאָלק איז זיכער און וועט זיכער זיין, אַז פאַר אַ יידן גילט דער געזעץ נישט, ביז זיין גלייכבאַרעכטיקונג וועט נישט מפורסם ווערן אין אַ פייערלעכן דעקרעט. פאַרשיידן, און נישט צופעליק, איז דער נוסח פון די צוויי פעטיציעס: די פּאַריזער מאָנען גלייכבאַרעכטיקונג און זיי פאַרזיכערן, אַז זיי זענען גרייט „זיך אָפּזאָגן פון דער פּריווילעגיע צו האָבן אייגענע פירער, אויסגעוויילט פון אונז און באַשטעטיקט פון דער רעגירונג", ד. ה. זיי זאָגן זיך אָפּ פון אַן אויטאָנאָמער קהילה־פירונג. אַקעגן אָבער די עלזאַסער בעטן זייער אין זייער פעטיציע „דערהאַלטן אונזער סינאַגאָגע (קהילה), אונזערע רבנים, אונזערע פאָרשטייער" און נישט אָנרירן די אייגענע קהילה־פירונג, וואָס אָן איר וועלן די אינע־וויניקסטע קהילה־ענינים געשטערט ווערן. בכן זעען מיר, ווי די אוי־בערשטע שיכטן, וואָס זענען אָפּגעריסן פונם פאָלק, קוים דערשמעקט גלייכ־באַרעכטיקונג, טרייסלען זיך אָפּ פון זייער קולטור־אויטאָנאָמיע, בעת די געדיכטע מאַסן לייגן נישט פאַר קיין שענדלעכע הנחות פאַר גלייכבאַרעכ־טיקונג... אין דער זיצונג פון 3־טן סעפּטעמבער זענען ביידע פעטיציעס געקומען פאַר דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג. אַבאַט גרעגואַר האָט געבעטן אַ וואָרט מיט דעם מיין צו רעדן פאַר יידישער גלייכבאַרעכטיקונג, די פאַרזאַמלונג האָט אָבער געהאַט אַנדערע וויכטיקע פראַגן, נישט אָפּצולייגן, האָט זי איבערגעגעבן די יידישע פעטיציעס אַ קאָמיסיע צו באַטראַכטן.

דערווייל האָבן זיך פון דערפער און שטעט אין עלזאַס און אין

לאָטאַרינגען געלאָזט הערן קלאָגן פון רואינירטע יידישע פאַמיליעס. די פּאָגראָם-עפּידעמיע האָט זיך נאָך נישט איינגעשטילט; אין אייניקע ערטער האָבן די צערייצטע מאַסן געריסן דעכער פון יידישע הייזער, געשאָסן אין שולן און געשראָקן מיט געשלעג און רציחות. דאָס קעניגלעכע מיליטער האָט זיך נישט שטאַרק אָנגענומען פאַר יידן. דעם 26-טן סעפּטעמבער האָבן דעפּוטאַטן גרעגואַר און קלערמאָן-טאָנער געפאָדערט ביי דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג איבעררייסן די שטייענדיקע פראַגן, כּדי אָנצונעמען מיטלען קעגן פּאָגראָמען. „ס'קומט באַלד יום-כּפּור, — האָט קלערמאָן געזאָגט — און יידן אין די שולן האָבן נישט קיין שום שוץ קעגן דעם צערייצטן המון, פון יידישע שולן קאָן נאָך ווערן אַ יידישער בית-עולם". ביידע דעפּוטאַטן האָבן געפאָדערט, מ'זאָל באַלד זען ווירקן אויף דער עלזאַסער אַדמיניסטראַציע. די פאַרזאַמלונג האָט אַרויסגעזאָגט איר אויפגעבראַכטקייט קעגן עלזאַסער רציחות און האָט איבערגעגעבן דעם פאָרזיצער דעמעניע באַלד אָנשרייבן אַ צירקולאַר צו דער עלזאַסער אַדמיניסטראַציע, זי זאָל אָננעמען עקסטרע-מיטלען צו פאַרהיטן יידיש לעבן און גוטס; דער פאָרזיצער זאָל אויך בעטן דעם קעניג שטיצן דעם באַפעל „מיט גאַר זיין אויטאָריטעט".

אַ געהויבענע סצענע איז פאָרגעקומען אין דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג אין אָוונט דעם 14-טן אָקטאָבער, עטלעכע טעג נאָך דעם, ווי די פאַרזאַמלונג האָט זיך גלייך מיט דעם קעניג איבערגעקליבן פון ווערסאַל קיין פּאַריז. אַבאַט גרעגואַר מעלדעט דער פאַרזאַמלונג, אַז אַ דעפּוטאַציע פון עלזאַסער און לאָטאַרינגער יידן וואַרט שוין לאַנג צו קומען פאַר דער פאַרזאַמלונג, און ער בעט, מ'זאָל זי באַלד אויפנעמען. מ'הייסט אַריינלאָזן די יידישע דעפּוטאַציע. אויבן-אָן אין דער דעפּוטאַציע איז בער-יצחק בער, אַ געוויסער יידישער טוער, גרעגואַרס אַ פריינט און אַ לאַנדסמאַן. בער ווענדעט זיך צו דער פאַרזאַמלונג מיט אַ ציטערדיקער שטים אַזוי: „מיינע הערן! אין נאָמען פון דעם אייביקן באַשעפער פון יעדן אמת און גערעכטיקייט, וואָס ער האָט געגעבן מענטשן גלייכע רעכט און האָט זיי פאַרזאָגט גלייכע פליכטן; אין נאָמען פון דער מענטשהייט, וואָס ווערט דערנידערט שוין אַסך יאָר-הונדערטן איבער דעם שענדלעך באַהאַנדלען יידן, די יורשים פון דעם עלטסטן פאָלק — פאַרשווערן מיר אייך: קוקט זיך אום אויף אונזער ביטער-רער לאַגע! אומעטום יאָגט מען אונז, מ'באַליידיקט אונז, און דאָך זענען מיר אומעטום אונטערטעניק און געהאָרכזאַם; אַלע פעלקער טראָגן אויף יידן אַ האַס און אַ פאַראַכטונג, בעת מיר האָבן פאַרדינט טאָלעראַנץ און מיטלייד. איצט ווענדן מיר זיך צו אייך און האָפן, אַז אין דער וויכטיקער אַרבעט, וואָס איר זייט פאַרטאָן דערינען, וועט איר די יידן אויך נישט פאַרגעסן, איר וועט אויסהערן זייער מעלדונג, מיט וועלכער זיי קומען צו אייך פון

דער טיף פון זייער דערנידערונג. מיר ווילן נישט אָפּנעמען ביי אייך קיין איבעריקע צייט אַריינצוגיין אין די פּרטים פון אונזערע פאָדערונגען, וואָס זיי זענען און ווי גערעכט זיי זענען: דאָס אַלץ וועט איר געפינען אין די מעמאָראַנדומס, וואָס מיר האָבן דעם כבוד אייך צו דערלאַנגען. ס'איז גע־ווענדט אָן אייך, אַז מיר זאָלן נישט דאַרפן מער אויסשטיין די ביטערע לאַגע, וואָס ביז איצט. זאָל צעריסן ווערן דער שענדלעכער צווישן־שייד, וואָס האָט אונז אַזוי לאַנג אָפּגעטיילט פון אַ וועלט! זאָלן מענטשן דער־קענען אין אונז זייערע ברידער! זאָל פאַר אונז אויך גילטן די געטלעכע ליבשאַפט צו מענטשן, וואָס איר האַלט זי אַזוי טייער! זאָלן גרינדלעך רעפאָרמירט ווערן אַלע שענדלעכע אינסטיטוציעס, וואָס מאַכן אונז צו קנעכט, און זאָל די דאָזיקע רעפאָרם, וואָס ביז היינט האָבן מיר אומזיסט אויף איר אַרויסגעקוקט און וואָס איצט ווילן מיר זי אויסבעטן ביי אייך מיט טרערן אין די אויגן, זאָל די דאָזיקע רעפאָרם זיין אייער גנאָד, אייער אויפטו!".

מיט גרויס ערנסט האָט זיך די פאַרזאַמלונג צוגעהערט צו דעם יידישן פאַרטרעטער. אַסך זענען געווען גערירט. שלוחים פון דער אייביק־געפלאָגטער נאַציע זענען דאָ געשטאַנען פאַר דער קריסטלעכער געזעלשאַפט און האָבן זיך געבעטן גערעכטיקייט, אַ ברידערלעכן פאַרבונד, געבעטן פאַר־געסן די טויזנטיאָריקע פיינטשאַפט, און אַליין האָבן זיי פאַרשפּראָכן פאַר־געסן די היסטאָרישע עוולות... ווען בער האָט געענדיקט רעדן, איז אויפ־געשטאַנען דער פאָרזיצער פרעטאָ און האָט זיך געווענדט צו דער יידישער דעפּוטאַציע מיט אַזוינע רייד: „די פאַרזאַמלונג קאָן נישט אויסהערן גלייכ־גילטיק די געהויבענע מאָטיוון, וואָס איר ברענגט דאָ צו רעכטפאַרטיקן אייערע פאָדערונגען. די פאַרזאַמלונג וועט זיך צוהערן צו אייער פּעטיציע און וועט זיך שעצן גליקלעך, אויב זי וועט קאָנען פאַרשאַפן אייערע ברי־דער רו און גליק. דערווייל קאָנט איר איבערגעבן די דאָזיקע מעלדונג אייערע שיקער". דעם פּרעזידענטס ענטפער האָט אַרויסגערופן הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן. אויף גרעגוארס פאָרשלאָג האָט מען די יידישע דעפּוטאַציע געלאָזט בלייבן אין זאַל ביז סוף זיצונג, אַלס סימן פון אַ אויסטערלישן כבוד און אויסצייכענונג.

צו דער צייט האָט אַבאַט גרעגואַר אָפּגעדרוקט אין אַ באַזונדער בראָשור זיין יידנפריינטלעכע רעדע, וואָס ער האָט זי נישט באַוויזן אויס־צוברענגען אין דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג, ווייל די פאַרזאַמלונג האָט אָפּ־געלייגט צו באַטראַכטן די יידישע פּעטיציעס (Motion en faveur des juifs). ער ענדיקט זיין אַפּעלאַציע מיט אַזאַ אויסרוף צו די פאָלקס־פאַרטרעטער: „פאָפ־

ציק טויזנט פראַנצויזן זענען היינט אויפגעשטאַנען קנעכט, ס'איז אָן אייך געווענדט, אַז זיי זאָלן זיך לייגן שלאָפן פרייע מענטשן!"

## § 15. די דעבאַטן אין דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג וועגן אַקטיווע בירגער-רעכט פאַר יידן

אונטער דעם איינדרוק פון דעם פייערלעכן אויפנעם דעם 14-טן אָקטאָבער האָבן זיך פראַנצויזישע יידן אַ שטיקל צייט געפילט אין אַ גע-הויבענער שטימונג. זיי האָט אויסגעוויזן, אַז זייער האַרץ-געשריי וועגן גלייכקייט און ברודערשאַפט איז אַריין אין האַרצן יענע מענטשן, וואָס האָבן נאָר-וואָס געשטימט פאַר די געהויבענע געבאָטן פון דער „דעקלאַ-ראַציע". די אָפּטימיסטן האָבן זיך געוואָלט איינרעדן, אַז דעם פּאָרזיצערס פריינטלעכער ענטפער שטימט מיט דער מיינונג פון דער גאָרער פאַר-זאַמלונג און אַז זי וועט זיך באמת „יעצן גליקלעך, אויב זי וועט קאָנען פאַרשאַפן יידן רו און גליק". די פּראַקטיק האָט אָבער באַלד איבערגעפירט דעם זיסן חלום. ווען די יידנפראַגע איז אַראָפּ פון די פּרינציפּן-הימלען אויף דער זינדיקער ערד, איז קלאָר געוואָרן, אַז גאָר נישט אַלע גלידער פון דער פאַרזאַמלונג האַלטן, אַז די „דעקלאַראַציע" האָט שוין אָנגעוויזן דעם ענטפער אויף דער פראַגע. ס'איז קלאָר געוואָרן, אַז די רעאַקציאָ-נערע קלעריקאַלע דעפּוטאַטן פון דער פּאַרטיי „שוואַרצע" האַלטן זיך נאָך שטאַרק פאַר יידן-קנעכטשאַפט, פאַר יידישער בירגערלעכער אומגלייכקייט און זיי וועלן אַזוי גרינג נישט נאָכגעבן. ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דער אַדל און די גייסטלעכע, וואָס זענען דורכגעצווייקט דורך און דורך מיט זייערע אַלט-פאַרצייטיקע פאַראורטיילן, זענען נישט פעאיק האַלטן פּאָ-ליטיש גלייך צו זיך אַזוינע מענטשן, וואָס זיי זענען געוואוינט צו באַ-האַנדלען אַזוי ווי קנעכט.

די יידנפראַגע איז געקומען אויפן סדר פאַר דער נאַציאָנאַלער פאַר-זאַמלונג דעם 21-טן דעצעמבער 1789, בעת מ'האָט באַהאַנדלט די פראַגע פון „אַקטיווע בירגער-רעכט", ד. ה. ווער האָט רעכט צו קלייבן און זיין אויסגעקליבן אויף אַדמיניסטראַטיווע און מוניציפּאַלע שטעלעס. די ליבע-ראַלן האָבן פאָרגעשלאָגן, אַז די „אַקטיווע בירגער-רעכט" זאָלן גילטן פאַר ביט-קאַטוילן אויך, דערהויפּט האָבן זיי דאָ אין זינען געהאַט פּראָטעס-טאַנטן. דעמאָלט האָבן די קאָנסערוואַטאָרן געפאָדערט, אַז מ'זאָל פאַראיינ-ווערגס שטעלן די פראַגע וועגן „אַקטיווע בירגער-רעכט" פאַר פערזאָנען פון גידעריקע פּראָפעסיעס: קאָמעדיאַנטן און תּלינים; דער מייז איז געווען דעם

גאַנצן פּראָיעקט איבערצופּירן. קלערמאָן-טאָנער, אַ ליבעראַלער דעפּוטאַט, האָט זיך נישט איבערגעשראָקן און האָט גלייך פאָרגעלייגט אַזאַ רעדאַקציע: „די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג באַשליסט, אַז קיין אַקטיווער בירגער, וואָס איז יוצא אַלע תּנאים פון דעם וואַל-געזעץ, טאָר נישט אויסגעשלאָסן ווערן פונם צעטל אויסגעקליבענע, ס'טאָר ביי אים אויך נישט אָפּגענומען ווערן דאָס רעכט צו פאַרנעמען געזעלשאַפטלעכע שטעלעס איבער זיין פּראָפעסיע אָדער גלויבן". דאָ איז אויפגעקומען די פראַגע וועגן אָנווענדן דעם געזעץ אויף יידן. רעוובעל, אַ עלזאַסער דעפּוטאַט, אַ פאַרברענטער יידנפיינט, האָט דערויף געזאָגט: „איך האַלט וועגן יידן אַזוי ווי זיי אַליין האַלטן וועגן זיך: זיי האַלטן זיך נישט פאַר קיין בירגער. אין דעם זין קאָן איך מסכּים זיין צו קלערמאָנס רעדאַקציע, וואָרום ווען ער זאָגט „אַקטיווער בירגער", איז דערמיט גופא שליסט ער אויס יידן פון דעם געזעץ, וואָס ער לייגט פאָר". דערויף האָט קלערמאָן-טאָנער געענטפערט מיט ווערדע, אַז יידן, וואָס זענען יוצא די פאָרמעלע פאָדערונגען פונם געזעץ, רעכנט ער אויך אין כּלל אַקטיווע בירגער. אין דער פאַרזאַמלונג איז געוואָרן אַ רעש און אַן אויפרעגונג, מ'האָט געמוזט אָפּלייגן די דעבאַטן אויף אַן אַנדער זיצונג.

אויף מאָרגן איז קלאָר געוואָרן, אַז דער פאַרזאַמלונג גייט קנאַפּ אָן סיי די פראַגע וועגן פּראָטעסטאַנטן, וואָס וועט זיכער פאַרענטפערט ווערן פּאָזיטיוו, סיי דער חוזק-אויפטו וועגן קאָמעדיאַנטן און תּליינים: די הויפּט-זאַך איז דער שטרייט וועגן פּאָליטישע רעכט פאַר יידן. די דאָזיקע פראַגע איז געוועזן אַ פּרווו פאַר ביידע פּאַרטייען, ליבעראַלן און רעאַקציאָנערן. די פירער פון דער ליבעראַלער פּאַרטיי האָבן געמוזט באַווייזן אין דער פּראַקטיק, אַז זיי האַלטן טריי די „דעקלאַראַציע", די קאָנסערוואַטאָרן ווידער האָבן נישט געקאָנט דערלאָזן אַזאַ „געפאַר", ווי פּאָליטיש גלייכבאַרעכטיקן יידן, וואָס דאָס וואָלט געוועזן אַ טויט פאַר זייער גאַנצער סיסטעם. דעם 23-טן דעצעמבער האָבן זיך געלאָזט הערן אין דער פאַרזאַמלונג אַזוינע היציקע וויכּוחים, וואָס אַזוינס איז געוועזן זעלטן אַפילו אין דעם דאָזיקן שטורעמדיקן פּאַרלאַמענט. קלערמאָן-טאָנער האָט אין זיין רעדע מאָטיווירט דעם געזעץ און האָט זיך אַסך פאַרהאַלטן אויף דער יידנפראַגע: „איר, זאָגט ער, האָט שוין איינמאָל אייער מיין געוויזן, בעת איר האָט אין דער „דעקלאַראַציע" דערקלערט, אַז קיינער זאָל נישט גערודפט ווערן אַפילו פאַר זיינע רעליגיעזע מיינונגען, אָבער צי טוט איר דען נישט פאַרקערט, צי איז דאָס נישט קיין וויכטיקער באַגרעניץ פאַר בירגער, ווען מ'וויל ביי זיי אָפּנעמען די טייערסטע רעכט (אַקטיווע בירגער-רעכט) נאָר

פאַר זייערע מיינונגען אַליין? דער געזעץ קאָן נישט האָבן צו שאַפן אויף יענעמס גלויבן, ער האָט קיין מאַכט נישט אויף זיין נשמה: דער געזעץ האָט צו זאָגן נאָר אויף דעם מענטשנס טאָן און דאַרף דאָס שיצן, ווען דאָס טאָן שאָדט נישט דער געזעלשאַפט. גאָט האָט געוואָלט האָבן, אַז מענטשן זאָלן זיך גלייכן אין מאָראַלישע פּרינציפּן, און ער האָט אונז גע־לאָזט באַשאַפן מאָראַלישע געזעצן, אָבער דאָגמאַטישע געזעצן און דעם מענטשנס געוויסן האָט ער געלאָזט פאַר זיך. לאָזט זשע דעם מענטשנס געוויסן פריי זיין! זאָל נישט זיין קיין פאַרברעך, ווי אַזוי איינער דענקט און פילט אין גאָטס-זאַכן; די געזעלשאַפט דאַרף זיך דאָ נישט אַריינמישן און שטראָפן דערמיט, וואָס זי נעמט אָפּ ביי איינעם זיינע סאָציאַלע רעכט. אויב דאָס איז נישט אַזוי, זאָגט אָפן, אַז איר האָט אַ נאַציאָנאַלע רעליגיע, גיט איר אַ שווערד אין האַנט און צערייסט אייער „דעקלאַראַציע"! יעדע רעליגיע דאַרף צושטעלן נאָר איין מין ערבות — אַז זי איז מאָראַליש ציכטיק. ווען ס'זאָל זיך געפינען אַ רעליגיע, וואָס זי זאָל האַלטן פון גנבה און אונטערצינדן, וואָלט מען ביי אירע אָנהענגער געדאַרפט נישט נאָר אָפּנעמען וואַלרעכט, נאָר פשוט פאַרטרייבן זיי פונם לאַנד. וועגן יודאַאיזם קאָנט איר אַזוינס נישט זאָגן. יידן וואַרפט מען אויף אַ סך זאַכן. די וויכטיקסטע טענות זענען אומגערעכט, די איבעריקע זענען קליניקייטן. מ'טענהט, יידן זענען וואָכערניקעס; איר מוזט אָבער מודה זיין, אַז מענטשן, וואָס זייער גאַנץ פאַרמעגן שטעקט אין געלט, האָבן קיין אַנדער ברירה נישט, נאָר לעבן פון דעם געלט; און ווער האָט דען געשטערט יידן, זיי זאָלן מעגן האָבן אַנדער פאַרמעגנן, אַז נישט איר?... יידן אַלס נ אַ צ י ע קומט גאָר־נישט, אָבער יידן-מ ע נ ט ש ן קומט אַלץ. מ'טענהט, כלומרשט ווילן זיי אַליין נישט זיין קיין בירגער; זאָלן זיי דאָס זאָגן — וועט מען זיי אַרויסטרייבן, וואָרום ס'קאָן נישט געמאָלט זיין איין נאַציע אין דער אַנדערער... אָבער אין זייער פּעטיציע בעטן זיי גראָד, אַז מ'זאָל זיי האַלטן פאַר בירגער. דער געזעץ מוז זיי צופּסקענען דעם דאָזיקן נאָמען (בירגער), וואָס נאָר דער פאָראורטייל האָט דאָס געקאָנט ביי זיי אָפּנעמען".

קלערמאָן-טאָנערן האָט שאַרף אָפּגעענטפערט אַ ב אַ ט מ אָ ר י, דער בעסטער ריידער פון דעם רעכטן פליגל, אַ „מאַן מיט אַ שאַרפן שכל, נאָר מאָראַליש אַ חשודיקער" (אָלאַר). אַ וואָלטעריאַנער אין האַרצן, אַ מענטש, וואָס האָט געקאָנט מאַכן חנדלעך דער רעוואָלוציע, האָט מאָרי זיך איינגע־שטעלט פאַר „קרוין און קירך" מיט אַ חשודיקן ברען, נישט געקאַרגט קיין אומריינע פּאָלעמישע גענג. דער דאָזיקער „שוואַרצער" אַבאַט איז געווען דער היפוך פון דעם „רויטן" אַבאַט גרעגואַר, דעם איידעלן קעמפער פאַר יידישער גלייכבאַרעכטיקונג. מאָרי האָט אין זיין אָנפאַל אויף יידן אויסגע־

בוצט קלערמאָן-טאָנערס כאַראַקטעריסטיש וואָרט, אַז יידן-מענטשן קומט אַלץ, יידן אַלס נאַציע — גאָרנישט. אויף דעם פונקט האָט מאָרי געבויט זיין גאַנצן אויספיר, אַז דעם יידן טאָר מען גאָר קיין רעכט נישט געבן, וואָרום דער מענטש איז ביי אים פאַרבונדן מיט דער נאַציע, נישט אויסצוטיילן. „קודם-כל, זאָגט מאָרי, דאַרף איך באַמערקן, אַז דאָס וואָרט „ייד" איז נישט קיין נאָמען פון קיין סעקטע, דאָס איז אַ נאָמען פון אַ נאַציע, וואָס האָט זיך אירע געזעצן, האָט זיך תמיד געהאַלטן ביי אירע געזעצן, און וויל זיי אויף ווייטער אויך האַלטן. זאָגן, אַז יידן זענען בירגער (פראַנצויזישע), הייסט אַזוי גוט, ווי מיר זאָלן זאָגן, אַז ענגלענדער אָדער דענער, וואָס האָבן זיך נישט נאַטוראַליזירט און וואָס האַלטן זיך פאַר ענגלענדער אָדער דענער, אַז זיי זענען פראַנצויזן... יידן האָבן דורכגעמאַכט 17 יאָרהונדערטן און האָבן זיך נישט אויסגעמישט מיט אַנדערע פעלקער; זיי האָבן קיין אַנדער באַשעפטיקונג נישט געהאַט, חוץ געלט-געשעפטן. שווייס פון קריסטן-קנעכט באַוועסערט די פעלדער, וואו ס'וואַקסט יידישע רייכקייט: יידן טרעפן זייער פעלד פאַרזייט, און זייער אַרבעט איז נישט מער ווי וועגן דוקאַטן און אויסרעכענען, וויפיל נאָך קאָן מען צאַפּן פון די דאָזיקע מטבעות און דערביי אויסמיידן אַ שטראָף... אין עלזאַס האָבן זיי אין די הענט ה'פּאָטעקן אויף נחלאות אין אַ באַטרעף פון צוועלף מיליאָן. אין אַ חודש אַרום קאָנען זיי ווערן בעלי-בתים איבער אַ האַלבער פראָווינץ, אין צען יאָר אַרום וועט זי אינגאַנצן זיין ביי זיי אין די הענט, עלזאַס וועט ווערן אַ יידישע קאָלאָניע. דאָס פאָלק טראָגט אַ האַס אויף יידן, און דער וואוקס פון יידישער רייכקייט וועט ברענגען צו אַן אויפרייס, נישט אויסצומיידן. פאַר די יידן אַליין לוינט גאָר נישט מ'זאָל רעדן דערפון. יידן דאַרף מען נישט רודפן, זיי זענען מענטשן, הייסט דאָס, אונזערע ברידער, און דער זאָל פאַרשאָלטן ווערן, ווער ס'וואָלט זיך איינגעשטעלט רעדן פאַר אומטאָלעראַנץ! קיינער זאָל נישט גערודפט ווערן פאַר זיינע רעליגיעזע מיינונגען. דעם פרינציפּ האָט איר פעסטגעשטעלט, דערמיט גופא גאַראַנטירט איר יידן די גרעסטע שוץ. זאָלן זיי זשע געשיצט זיין אַזוי ווי מענטשן בכלל, אָבער נישט ווי פראַנצויזן, וואָרום קיין בירגער קאָנען זיי נישט זיין".

אין פאַרלאַמענט און אויסער דעם פאַרלאַמענט האָבן אַ סך באַמערקט, ווי אַזוי אַבאַט מאָרי האָט אין זיין רעדע געפעלשט פאַקטן פון יידישער געשיכטע און איצטיק לעבן. דער „זשורנאַל דע פּאַריז" האָט אויף מאָרגן אויפגעדעקט אין אַ לאַנגן אַרטיקל די פאַקטישע פעלער אין מאָריס רעדע; וועגן זיינע לעצטע ווערטער „שוץ פאַר יידן" דריקט זיך אויס דער „זשורנאַל" אַזוי: „מענטשן דאַרפן נישט ש י צ ן איינער דעם אַנדערן, אַזאַ שוץ

שמעקט מיט טיראַניע. נאָר דער געזעץ אַליין שיצט אַלעמען, אָן אויסנאַם, אָבער דער געזעץ איז נישט מער ווי אַ גוואַלד-אַקט, אויב די, וואָס דאַרפן אים פאָלגן, זענען נישט דערביי געווען, ווען מ׳האָט אים אויסגעאַרבעט״. די פרעסע האָט אויך ווי געהעריק אָפּגעשאַצט מאָריס סאָפּיזם, אַז יידן דאַרפן אייביק בלייבן אויסלענדער, ווייל ביז איצט זענען זיי נישט נאַטו-ראַליזירט אין פראַנקרייך, ד. ה. אַז מען דאַרף ווייטער דריקן, ווייל מ׳האָט דאָס געטאָן אַזוי ביז איצט. יענע צייט האָט זיך אָבער נישט געקאָנט גע-פינען קיין איינער צווישן יידנפריינט, וואָס זאָל האָבן מוט צו זאָגן, אַז אויב יידן זענען אַ נאַציע, נישט קיין סעקטע (רעליגיעזע גרופּע), ווי מאָרי האָט דאָס ריכטיק אויסגעטייטשט, איז דערפון נאָר געדרונגען, אַז מ׳דאַרף יידן געבן נאַציאָנאַלע רעכט אויך, חוץ בירגער-רעכט. אַזאַ טערמין (נאַציאָ-נאַלע רעכט) איז גאָרנישט געווען אין ווערטערבוך פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. זי האָט פאַרשטאַנען גלייכבאַרעכטיקונג פאַר שטאַנדן, קלאַסן, רעליגיעזע גרופּעס, אָבער נישט פאַר נאַציאָנאַלע גרופּעס. דער ליבעראַליזם האָט דאָס אויסגעדריקט מיט קלערמאָן-טאָנערס מויל: „יידן-מענטשן קומט אַלץ, יידן אַלס נאַציע — גאָרנישט״, דאָס הייסט, אַז יידן שטעלט מען אַ תנאי פאַר אַקטיווע בירגער-רעכט, זיי זאָלן זיך אינגאַנצן אַסימילירן.

דעם אַבאַט מאָרי האָט אָפּגעענטפערט ראָבעספּיער, דאַמאָלס נאָך נישט פון די ערשטע טוער אין דער רעוואָלוציע. אין זיין קורצער רעדע האָט ער געזאָגט אַזוי: „וועגן יידן האָט מען אונז דאָ אָנגערעדט שטאַרקע גוזמאות און אָפט קעגן דעם היסטאָרישן אמת. יידישע חסרונות קומען צו זיי פון דעם שענדלעכן צושטאַנד, וואָס מיר האָבן זיי פאַרשאַפט. זיי וועלן ווערן וואויל, ווען זיי וועלן איינזען, אַז ס׳לוינט... איך האַלט, אַז מ׳טאָר ביי קיינעם נישט אָפּנעמען די הייליקע רעכט, וואָס ס׳קומט אים אַלס מענטשן. דאָס איז נישט קיין פרט נאָר אַ כלל-פראַגע, און פאַרענטפערן דאַרף מען די פראַגע ווי דער פרינציפּ הייסט״.

ראָבעספּיער האָט ווידער געשטעלט די יידנפראַגע פרינציפּיעל לויט דער „דעקלאַראַציע פון רעכט״. דאָס האָט נישט געלוינט די יידנקעגנער, צווישן וועלכע ס׳איז געווען דער בישאָף לאַפאַר פון נאַנסי. האָבנדיק איין דעה מיט דעם אַבאַט מאָרי און מיט דעם יידנפרעסער רעובעל, האָט ער דאָך נישט געקאָנט, איבער זיין הויכער שטעלונג, אָנקומען צו אַזוינע פּאָלעמישע געוונג, ווי יענע האָבן זיך דאָס געקאָנט פאַרגינען. ער האָט גע-מוזט באַטעמען זיין רעדע מיט שמן-זית פון דער הייליקער קירך. „יידן, זאָגט ער, זענען אויסגעשטאַנען אַסך עוולות, וואָס מיר דאַרפן זען פאַר-גלעטן. מ׳מוז אָפּשאַפן די געזעצן פון אַזאַ געזעצגעבער, וואָס האָט פאַר-געסן, אַז יידן זענען מענטשן, און אומגליקלעכע מענטשן דערצו. מ׳מוז זיי

געבן שוץ, זיכערקייט, פרייהייט. צי קאָן מען אָבער אַרייננעמען אין משפּחה אַ פרעמד פאָלק, וואָס זיין קוק איז שטענדיק געווענדט צו אַן אייגענער היים, וואָס גאַרט צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, וואו עס געפינט זיך איצט?... ווייל מען זיין גערעכט, מוז מען זאָגן, אַז יידן האָבן פיל נוצן געבראַכט דעם לאַנד לאָטאַרינגען, דערהויפּט דער שטאָט נאַנסי. נישט תמיד קאָן מען אָבער האַנדלען ווי מ'וויל: מיר האָבן מיינע וויילער פאַרזאָגט, אַז אין אַזאַ פאַל זאָל איך זיך שטעלן אַקעגן (קעגן אַקטיווע בירגער־רעכט פאַר יידן). מיין פּראָטעסט איז פון די יידנס טובה וועגן גופא. ביים פאָלק זענען זיי אַ גרויל; אין עלזאַס, ווי נאָר אַ פאָלקס־באַוועגונג, זענען זיי די ערשטע כפּרה. מיט פיר חדשים צוריק האָט מען זיך אין נאַנסי געוואָלט נעמען פאַר זייערע הייזער. איך בין געקומען צום אָרט און האָב געפרעגט: וואָס האָט איר צו יידן? האָבן מיר אייניקע דערקלערט, אַז יידן קויפן אויס דאָס ברויט; אַנדערע האָבן זיך געקלאָגט, אַז יידן מערן זיך צו פיל, קויפן אויס די שענסטע הייזער און גאָר אינגיכן וועט די גאַנצע שטאָט זיין זייערע. איינער פון די אויפגערייצטע האָט נאָך צוגעגעבן: „יאָ, הייליקער פאָטער, ווען איר זאָלט פון אונז אַוועקגיין, קאָן נאָך געמאָלט זיין, מיר זאָלן האָבן אַ יידן אַ בישאָף אויך; אַזוי קונציק האָבן זיי אַלץ פאַרכאַפּט אין די הענט". ווען ס'זאָל אַרויס אַ דעקרעט, אַז יידן ווערן גלייכבאַרעכטיקטע בירגער, וואָלט ער פאַרשאַפט גרויסע אומרוען... איך לייג פאָר: מאַכן אַ קאָמיטעט און אים הייסן איבערזען די גאַנצע געזעצגעבונג וועגן יידן".

אויף רעוובעלס און בישאָף לאַפאַרס שרעקן מיט יידישע פּאָגראָמען, באם מ'וועט זיי גלייכבאַרעכטיקן, האָט אַ פּאַריזער צייטונג זייער צוגעטראָפן אָפּגעענטפערט: „מערקווירדיק, וואָס מ'פאַררופט זיך אויף איין עוולה, כדי צו באַווייזן, אַז איבער דעם מוז מען באַגיין אַ צווייטע. צי דען דאַרף דער געזעץ זיין אַ שטענדיקער מיטהעלפער ביים פאַרברעכערישן פאַנאַטיזם און ווילדע איינרעדענישן"? דאָס איז אויך געווען דיופּאָרס מיינונג, איינעם פון די אָנגעזעענסטע פירער פון דער ליבעראַלער קאָנסטיטוציאָנעלער פאַרטיי, וואָס אים איז באַשערט געווען שפּעטער ברענגען צום גמר די יידישע עמאַנסיפּאַציע אין פראַנקרייך. אָפּענטפערנדיק דעם נאַנסיער בישאָף, האָט ער געזאָגט: דער געזעץ דאַרף זיין די פאַרקערפּערונג פון שטרענגער גערעכטיקייט. אויב געוואוינהייטן און זיטן פון פאָלק שטימען נישט מיטן געזעץ, דאַרף דער געזעץ זיי איבערציען אויף זיין צד, „סוף כל סוף וועלן זיך די זיטן אויסשטימען מיטן געזעץ". דיופּאָר האָט פאָרגעלייגט אַ נייע רעדאַקציע פאַרן געזעץ; אין זיין רעדאַקציע ווערט נאָר פעסטגעשטעלט דער פּרינציפּ פון גלייכקייט: „ביי אַ פראַנצויז טאָר נישט אָפּגענומען ווערן

קיין אַקטיווע בירגער-רעכט, סיידן איבער די טעמים, וואָס ווערן גיצבראַכט אין די דעקרעטן פון דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג. דיופּאָרס רעדאַקציע איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן מיט אַ מערהייט סך-הכל פון 5 שטימען (408 קעגן 403).

אויף מאָרגן דעם 24 דעצעמבער האָבן זיך די דעבאַטן ווייטער געצויגן; הערצאָג בראָלי האָט דעמאָלט פאָרגעלייגט אַ פּשרה: אָננעמען דיופּאָרס רעדאַקציע בכלל, נאָר אויסגערעדט, אַז וועגן יידן ווערט די פראַגע אָפּ-געלייגט אויף אַן אַנדער צייט. ביידע צדדים האָבן זיך אָנגעכאַפּט פאַר דעם פאָרשלאָג: די רעכטע האָבן געוואָלט געווינען צייט, כדי דערווייל פאַרהאַלטן די „סכנה פון גלייכבאַרעכטיקונג" פאַר יידן, וואָס רעוובעל האָט דאָס אַזוי אָפן אויסגעטייטשט מיט זיין געוויינלעכן ציניזם. די ליבעראַלן ווידער זענען איינגעגאַנגען אויף אָפּלייגן דערפאַר, וואָס זיי האָבן מורא געהאַט איבער דער יידנפראַגע דורכפאַלן גאָר מיט דיופּאָרס רעדאַקציע, וואָס איז אויסן געווען דערהויפּט פּראָטעסטאַנטן. מיראַבאָ אַפילו איז אויך איינגעגאַנגען דערויף, ווייל „די פראַגע איז נאָך נישט קלאָר גענוג". דער פירער פון דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג האָט מסתמא געמיינט, אַז דאָס איז נישט אויף לאַנג און אַז רעכט און פרייהייט וועלן איניגיכן גובר זיין; ער האָט נישט פאַרגעזען, אַז ער וועט שטאַרבן, נישט דערוואַרטנדיק זיך יידישע עמאַנסיפּאַציע... דער באַשלוס פון דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג הייסט אַזוי: ניט-קאַטוילן באַקומען אַקטיווע און פּאַסיווע וואַלרעכט און רעכט אויף מלוכה-אַמטן מיט קאַטוילן גלייך, „פאַר יידן ווערט נישט איינגעפירט קיין נייס, וועגן זיי וועט נאָך אין דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג זיין אַ רייד באַזונדער".

אין דעם רעש פון די דעבאַטן האָט מען פאַרגעסן אַזאַ זאַך: ס'האָט געהייסן, אַז אָפּגעלייגט האָט מען נאָר די פראַגע וועגן „אַקטיווע בירגער-רעכט" פאַר יידן, ד. ה. וועגן גאָרע בירגערלעכע און פּאָליטישע רעכט; באמת אָבער האָט מען אָפּגעלייגט די גאַנצע יידן-פראַגע, ד. ה. די פראַגע וועגן עלעמענטאַרע רעכט פאַר יידן, וואָס קעגן דעם האָט נישט געשטרייט אַפילו די מעסיק-רעכטע אָפּאָזיציע. מיר האָבן שוין געזען, ווי אַבאַט מאָרי און בישאָף לאַפאַר זענען איינגעגאַנגען דערויף, אַז דער געזעץ דאַרף „שיצן יידן אַלס מענטשן" און אַז אַ סך זאַכן פון דער אַלטער יידנפיינטלעכער געזעצגעבונג דאַרפן אָפּגעשאַפט ווערן, אָבער אין דעם באַשלוס פון דער פאַרזאַמלונג שטייט, אַז „ס'ווערט נישט איינגעפירט קיין נייס פאַר יידן", ד. ה. יידן בלייבן ביי זייער אַלטער רעכטלאָזיקייט. צוויי מאָל, הייסט דאָס, האָט די פאַרזאַמלונג אָפּגעלייגט די יידנפראַגע: דעם 23 אויגוסט, בעת מ'האָט געשטימט די דעקלאַראַציע פון מענטשן- און בירגער-רעכט".

און דעם 24 דעצעמבער, בעת מ׳האָט באַהאַנדלט די פּראַגע וועגן אַקטיווע בירגער-רעכט.

## § 16. ספרדישער סעפּאַראַטיזם און בירגער-רעכט פאַר ספרדישע יידן

דער באַשלוס פון 24-טן דעצעמבער האָט שטאַרק פאַראומערט יידן. באַגייסטערט מיט די ערשטע אידעעלע שטרעמונגען פון דער רעוואָלוציע, האָבן זיי געמיינט, אַז די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג וועט באַלד אַ סוף מאַכן צו דער יידנפראַגע, אַזוי, ווי די „דעקלאַראַציע פון מענטשן- און בירגער-רעכט" האָט אָנגעמערקט. דערנאָך אָבער האָבן זיי געמוזט איינזען, אַז מיט דער דעקלאַראַציע קאָנען יידן אויך בלייבן אָן רעכט, אָן „מענטשן-רעכט" אַפילו, פון „בירגער-רעכט" שוין נישט צו רעדן. זיי האָבן געמוזט אויסהערן אין דעם גרויסן טריבונאַל פאַר פרייהייט די אַלטע שטים פון רעליגיעזן און נאַציאָנאַלן האַס, די שטים פון די „שוואַרצע", וואָס האָט פאַרהילכט די צורופן פון די עמאַנסיפּאַציע-פריינט. דאָס איז געווען אַ מאָראַלישער בראָך פאַר דעם גאַנצן יידישן פאָלק, נישט אַליין פאַר דעם קליינעם טייל יידן אין פראַנקרייך. אַזוי האָבן דאָס אויפגענומען די נאַציאָנאַל-געשטימטע „דייטשע" אָדער עלזאַסער יידן, ד. ה. די געדריקטע מערהייט פונם יידישן קבוץ אין לאַנד. גאָר אַנדערש האָט זיך דערצו פאַרהאַלטן אַ קליינער פּריווילעגירטער טייל ספרדישע יידן פון באָרדאָ, וואָס האָט זיך שוין אָנגעמאָסטן דעם טיטל „פראַנצויזן פון משה-רבינוס גלויבן". זיי האָבן אָפּגעשאַצט די מפּלה נישט פון נאַציאָנאַלן, נאָר פון זייער גרופּן-שטאַנדפּונקט. זיי, די ספרדים פון באָרדאָ, האָבן זיך שוין פון לאַנג אָן געהאַלטן פאַר דער יידישער אַריסטאָקראַטיע; זיי האָבן שוין רעכט פון נאַטוראַליזירטע אין דרום-פראַנקרייך, ד. ה. „פּאַסיווע בירגער-רעכט", זיי האָבן שוין געהאַלטן נאָענט צו „אַקטיווע בירגער-רעכט" בעת די וואַלן צו די „גענעראַל-שטאַטן" (זע § 14); און דאָ האָט מען זיי, די מיוחסים, מיטאַמאָל פאַררעכנט אין איין צעטל מיט די שלימזלדיקע „דייטשע יידן, וואָס האָבן אַפילו נישט קיין עלעמענטאַרע בירגער-רעכט און האַלטן זיך נאָך פאַר זייער נאַציאָנאַלער אָפּגעשלאָסנקייט"! די באָרדאָער יידן האָט נישט אַזוי פאַרדראָסן די דערנידערונג פון דעם רוב יידן, ווי דער קלאַפּ פאַר דער אַמביציע און פאַר די אינטערעסן פון זייער אייגענער גרופּע, און זיי האָבן געפּועלט ביי זיך צו באַגיין אַ שענדלעכן אַקט: זיך אויסטיילן פונם כלל יידן. *)

*) שוין נאָך די ערשטע עלזאַסער פּאָגראָמען אין אויגוסט 1789, האָבן זיך באָרדאָער יידן גע-

ווי נאָר די רעזאָלוציע פונם 24 דעצעמבער איז פאַרעפנטלעכט גע־וואָרן, האָבן די באָרדאָער יידן זיך געווענדט צו דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג מיט אַ פּראָטעסט־פּעטיציע (דעם 31 דעצעמבער 1789). זיי האָבן דערמאָנט דער פאַרזאַמלונג, אַז „פּאָרטוגעזישע" יידן אין דרום־פראַנקרייך האָבן פון לאַנג אָן זוכה געווען בירגער־רעכט לויט קעניגלעכע „פּאַטענטן", אַז צו־פולער גלייכבאַרעכטיקונג פעלט זיי נאָר אַ סאַנקציע אויף „אַקטיווע בירגער־רעכט". דעריבער זענען זיי, באָרדאָער יידן, באַליידיקט, וואָס אין דער רעזאָלוציע פון דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג האָט מען זיי געשטעלט אויף איין מדרגה מיט „יידן פון אַן אַנדער אָפּשטאַם". זיי פּראָטעסטירן קעגן דער אויפפירונג פון „עלזאַסער, לאָטאַרינגער און אַנדערע יידן, וואָס ווילן דערהאַלטן אין פראַנקרייך זייער פּריוואַטע קהילה־פירונג, זייערע אייגענע געזעצן און בלייבן אַ קלאַס בירגער, וואָס איז אויסגעטיילט פון אַלע אַנ־דערע". די מחברים פון דער פּעטיציע זענען אויפגעבראַכט אויף אַזאַ „אויפטו פון רעליגיעזן ברען", און זיי האָפן, אַז דאָס וועט נישט שאַדן זיי, די ספרדים, וואָס „האָבן זיך קיינמאָל נישט אויסגעמישט און נישט פאַראייניקט מיט דער איבעריקער מאַסע פון יעקב אבינוס אייניקלעך".

די פּעטיציע („אַדרעס") פון די ספרדים האָבן געחתמעט זייערע פאָר־שטייער און 215 „פירמעס"; זי איז פאַרשפּרייט געוואָרן עפנטלעך, מ'האָט זי אויך צעשיקט אַלע דעפּוטאַטן פון דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג. מיטאַמאָל זענען אַלע געוואויר געוואָרן, אַז ס'איז פאַראַן צוויי יידישע שבטים: אַ „פּאָרטוגעזישער", אַ פּריווילעגירטער, אַ פּאַטריאָטישער, וואָס פאַרדינט ער־לעך גלייכבאַרעכטיקונג, און אַ „דייטשער", אַ פאַנאַטישער, וואָס איז נאָך צו בירגער־רעכט נישט דערוואַקסן. די פּעטיציע איז אָנגעקומען צום קאָנסטי־טוציע־קאָמיטעט ביי דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג. דער קאָמיטעט האָט איבער־געגעבן זיינעם אַ גליד, דער אָטענער בישאָף, וואָס איז שפּעטער מפורסם געוואָרן אַלס דיפּלאָמאַט טאַליי ראַן, ער זאָל צושטעלן אַ באַריכט וועגן דער השתדלות פון די באָרדאָער. דעם 28־טן יאַנואַר 1790 האָט דער קאָ־מיטעט צוגעשטעלט דעם פּלענום אַ באַריכט מיט אַזאַ אויספיר: „די רעוואָ־לוציע, וואָס האָט אומגעקערט אַלע פראַנצויזן זייערע רעכט, קאָן נישט אָפּ־נעמען ביי איין גרופּע בירגער זייערע רעכט, דעריבער לייגט דער קאָמי־

---

ווענדט צום אבאט גרעגואר מיט א בריוו און באַמיט זיך צו באווייזן, אז זיי, וויים אָפּגעשיידט פון די עלזאסער „נעבעך", זענען שוין פון לאנג נאָענט צו קריסטן און דעריבער, „אויב די נאציאָנאל־פאַר־זאמלונג וועט איבער דער אויפפירונג אָדער איבער דעם ביטערן מזל פון עטלעכע עלזאסער און אנ־דערע יידן פארעפנטלעכן א דעקרעט וועגן אלע יידן אין דער מלוכה, וועלן דאָס באָרדאָער יידן האלטן פאר אן אומגערעכטער באליידיקונג פאר זיך". געחתמעט האָבן: פורטאדא, גראַליס און אנדערע.

טעט פאַר דער פאַרזאַמלונג געבן די באָרדאָער יידן דאָס, וואָס זיי האָבן רעכט צו מאָנען, און מעלדן, אַז זיי זענען אַקטיווע בירגער גלייך מיט אַלע אַנדערע; די אָפּגעלייגטע אַלגעמיינע פראַגע (וועגן יידן בכלל) בלייבט ווי ביז איצט". דער פאָרשלאָג האָט אַרויסגערופן אין זיך-זאַל אַ גרויסן טומל. דער געשוואוירענער יידנפרעסער רעוובעל איז אַרויף אויף דער טריבונע און האָט אָנגעהויבן אַזוי: „מיינע הערן! מ'לייגט אייך פאָר, אַז באָרדאָער יידן זאָלן נישט הייסן קיין יידן"... ווייטער האָט ער גענומען באַווייזן, אַז דער פאָרשלאָג פונם קאָנסטיטוציע-קאָמיטעט איז סותר די רעזאָלוציע פונם 24 דעצעמבער: אויב מ'זאָל גלייכבאַרעכטיקן באָרדאָער יידן, איז פאַרוואָס נישט עלזאַסער אויך? אָבער דאָס קאָן מען נישט טאָן, וואָרום אָנערקענען עלזאַסער יידן פאַר גלייכבאַרעכטיקטע בירגער, הייסט דאָס — אויפרייצן די באַפעלקערונג צו מאַכן פאָגראָמען אויף זיי. אים האָט נאָכגעזאָגט אַבאַט מאָרי אויך. די ריידערס פונם לינקן פליגל האָבן זיי אָפּגעענטפערט, אָנווייזנדיק, אַז מ'קאָן נישט פאַרגלייכן באָרדאָער יידן מיט עלזאַסער: ביי יענע האַנדלט זיך נאָר פון דערהאַלטן זייערע פריערדיקע בירגער-רעכט, עלזאַסער יידן אָבער קומט אויס צו געבן רעכט, וואָס זיי האָבן פריער נישט געהאַט.

אַבאַט גרעגואַר האָט פאָרגעשלאָגן אַ וויכטיקע אויסבעסערונג: גלייכבאַרעכטיקונג זאָל געגעבן ווערן נישט באָרדאָער יידן אַליין, נאָר אַלע יידן אין דרום- און מערב-פראַנקרייך, וואָס זענען באַוואוסט מיט דעם נאָמען „פּאָרטוגעזישע, שפּאַנישע און אַוויניאָנער יידן". וועגן עלזאַס-לאָטאַרינגער יידן האָט ער געבעטן אָפּשטעלן אַ געוויסן טאָג, צו באַהאַנדלען די פראַגע וועגן זייערע רעכט, דעמאָלט וועט ער אָפּוועגדן די פאַלשע טענות פונם אַבאַט מאָרי און אַנדערע קעגנער פון עמאַנסיפּאַציע.

ס'זענען געווען נאָך אַסך אַנדערע רעדאַקציעס און אויסבעסערונגען, לסוף איז מען געקומען צו דער אָפּשטימונג. מ'האָט געפּרוווט שטימען מיט אויפשטיין פון אָרט, צוויי מאָל האָט מען דאָס דורכגעמאַכט, און קיין קלאָרן רעזולטאַט האָט מען נישט געקאָנט דערגיין. דעמאָלט האָט מען געמוזט אָנקומען צו אַ נאָמענטלעכער אָפּשטימונג. דער יידנפיינטלעכער פּאַרטיי האָט דאָס נישט געלוינט, האָבן זיי געוואָלט גאָר אויפרייסן די זיצונג. אויף די רעכטע בענק האָט זיך אָנגעהויבן אַ גוואַלדיקער ליאַרעם: די קלעריקאַלע און פריצישע דעפּוטאַטן זענען נישט איינגעזעסן אויף אַן אָרט, אַלע ווילדע אַריין און אַרויס, גערעדט, געטומלט; מ'האָט איבערגעשריען דעם סעקרעטאַר, וואָס האָט אויסגערופן די דעפּוטאַטן ביי די נעמען, מ'זאָל אים נישט דערהערן; צוואַנציק מאָל האָט זיך דאָס אויסרופן אָנגעהויבן און איבערגעריסן, דער סקאַנדאַל האָט געדויערט צוויי שעה. דער לינקער פליגל און דער

צענטער זענען געווען אויפגעבראַכט פון אַזאַ חוצפּהדיקער פ־ו וגג מצד די יידנפיינט און האָבן באַשלאָסן נישט נאָכגעבן די סקאַנדאַליסטן. דער פאָרזיצער האָט געמאָלדן, אַז ער וועט דערפירן די אָפּשטימונג ביזן סוף, קיין סקאַנדאַל וועט נישט העלפן. לסוף זענען די „שוואַרצע" מיד געוואָרן ליאַרעמען, און די נאָמענטלעכע אָפּשטימונג איז צוגעגאַנגען רואיק. מיט 373 שטימען קעגן 225 איז דורכגעגאַנגען אַזאַ רעזאָלוציע: „די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג באַשליסט, אַז אַלע יידן, וואָס זענען אין פראַנקרייך באַוואוסט מיט דעם נאָמען פּאָרטוגעזישע, שפּאַנישע און אַוויניאָנער יידן, האָבן ווייטער די רעכט, וואָס ס׳קומט זיי ביז איצט לויט די קעניגלעכע פּאַטענטן; דעריבער האָבן זיי אַקטיווע בירגער-רעכט אויך, ווי ווייט זיי זענען יוצא די פּונקטן, וואָס די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג פאָדערט אין דעם פרט".

דעם דעקרעט פון דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג האָט מען באַלד דערלאַנגט דעם קעניג צו באַשטעטיקן. און אין עטלעכע טעג אַרום איז דאָס שוין געוואָרן אַ געזעץ. די פּאַריזער ספרדים האָבן געשיקט אַ קוריער ספּעציעל קיין באָרדאָ אָנזאָגן די לאַנדסלייט די גוטע בשורה. די באָרדאָער איז אָבער אויסגעקומען איבערלעבן עטלעכע אומרואיקע טעג. די „שוואַרצע מאה", שטאַרק פאַראומערט פון דער מפּלה, האָט געפּרוווט אָנרייצן דעם המון אין באָרדאָ אויף יידן. קיין פּאַריז האָבן דערלאַנגט אומרואיקע קלאַנגען פון כלומרשט אַ פּאָגראָם, וואָס זאָל דאָרטן געווען פאָרקומען. די קלעריקאַלע פּרעסע האָט אָנגעקוואָלן; אַ קלאָרער סימן, אַז זיי זענען גערעכט: „דער קעניג פון פראַנצויזן קאָן נישט זיין קיין קעניג פון יידן". אָבער באַלד האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די קלאַנגען זענען איבערגעטריבן. דעם 9 פעברואַר האָט דעפּוטאַט גאַראַ באַרואיקט די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג, דערביי האָט ער געלייענט אַ בריוו, צוגעשיקט ספּעציעל מיט אַ שליח פון באָרדאָער יידן. פאָרגעקומען איז נישט מער ווי אַ נישטיקע דעמאָנ(ט ׳אַציע: אַ כנופיה יונגעלייט האָט געשריען אין טעאַטער אין הויז פון דער בירזשע: „נידער מיט יידן", און האָט זיך געפּרוווט אַרויסשטופּן יידישע צוזעער. אָבער דער גרעסטער טייל עולם איז געווען אויפגעבראַכט אויף אַזאַ אויפפירונג פון סקאַנדאַליסטן, און אויף מאָרגן זענען אַ סך אָנגעזעענע קריסטן געקומען צו די פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה אַרויסזאָגן זייער באַדויערן פאַר דעם סקאַנדאַל. ביי דעם בירזשע-הויז האָט מען געשטעלט אַ וואַך, נאָר דאָס איז אויך געווען איבעריק: אויף מאָרגן אין אָוונט האָבן קריסטן באַגריסט יידן אין טעאַטער מיט אַפּלאָדיסמענטן.

## § 17. די אַגיטאַציע פון דער פּאַריזער קאָמונע פאַר יידן

אין אַ אַרטיקל וועגן דעם דעקרעט פונם 28 יאַנואַר האָט דער „זשורנאַל דע פּאַריז" אָנגעוויזן אויף דעם נצחון פון ליבעראַלע אידייען, דערביי האָט ער באַמערקט: „אָבער אין דעם נצחון איז פאַראַן אַ שמערצ-לעכער געפיל. עלזאַסער און לאָטאַרינגער יידן קאָנען זאָגן דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, אַזוי ווי עשו האָט געזאָגט זיין פאָטער: צי דען האָסטו נאָר איין ברכה"?... אָבער פראַנקרייכס שטיפקינדער, די באַעוולהטע עלזאַס-לאָטאַרינגער און פּאַריזער אשכנזים, האָבן זיך נישט צופרידנגעשטעלט נאָר מיט באַקלאָגן זיך אַליין. זיי האָבן זיך אויסגעלערנט מאָנען גלייכבאַרעכטי-קונג, וואָס ס׳קומט זיי, נישט אַז מ׳דאַרף זיי דאָס שענקען. באַלד נאָך דעם, ווי די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט דעם 24 דעצעמבער אָפּגעלייגט די יידנ-פראַגע, האָבן די דאָזיקע „דייטשע" יידן, אויפגעבראַכט אויף דער פּאַמע-לעכקייט, צוגעגרייט אַ פּעטיציע און אָפן געזאָגט דאָרטן, אַז זיי קוקן אַרויס אויף בירגערלעכע רעכט, וואָס דאַרפן געגעבן ווערן נישט צו ביסלעכווייז, נאָר „מיטאַמאָל און באַלד". זיי מאָנען זייערע רעכט „אַזוי ווי מענטשן, וואָס שטייען צו, נישט מ׳זאָל זיי שענקען, נאָר מ׳זאָל זיי באַהאַנדלען מיט יושר", וואָרום טראָגנדיק אויף זיך אַלע געזעלשאַפטלעכע פליכטן, מוז מען געניסן פון דער געזעלשאַפט אויך. פאַר זיי איז דאָס „אַ פראַגע אויף לעבן און טויט אין סאָציאַלן געביט". די פּעטיציע האָבן געחתמעט די אָנגעזעענסטע טוער צווישן די אשכנזישע יידן (סערף-בער, בער-יצחק בער, דוד זינצהיים, שפעטער דער פּאַריזער פונם סנהדרין אין נאַפּאָלעאָנס צייטן). צו דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג איז זי אָנגעקומען דעם 28 יאַנואַר 1790, דעם טאָג, ווען מ׳האָט געשטימט די פראַגע וועגן ספרדים, זי האָט אָבער נישט געהאַט קיין שום פעולה, ס׳איז געבליבן ביים „אָפּלייגן".

דערהויפּט האָבן זיך פּאַריזער יידן-אשכנזים געפילט באַליידיקט. זיי זענען געווען אין צענטר פון דער רעוואָלוציע און אין דער רעכטער מיט. אַריבער הונדערט יידן האָבן געדינט אין דער פּאַריזער נאַציאָנאַלער גוואַר-דיע. אַהין זענען זיי אָנגעקומען פרייווילליק, באַלד ווי מ׳האָט גענומען די באַסטיליע-פעסטונג. אין אייניקע ראַיאָנען אין פּאַריז (דערהויפּט אין קאַר-מעליטער ראַיאָן) זענען יידן געווען גלידער אין די מוניציפּאַל-ראַטן און אין אַנדערע שטאָט-אינסטיטוציעס, נישט געקוקט אויף די באַגרענעצן. זיי האָבן נישט וויניק געגעבן אויך אויף געזעלשאַפטלעכע נויטן. אַן אָרעמער געלערנטער, זאַלקינד הורוויץ, אַ מחבר פון אַ „יידן-אַפּאָלאָגיע" נאָך פאַר דער רעוואָלוציע, אַ איבערזעצער ביי דער פּאַריזער קעניגלעכער ביבליאָטעק, האָט פון זיין קליינעם געהאַלט, 900 פראַנק, אַ פערטל אָוועקגעגעבן דער

שטאַט־קאַסע. אַזוינע פּערזאָנען האָבן נישט געקאָנט מער איבערטראָגן דעם שאַנד־שטעמפּל פון רעכטלאָזיקייט. פּאַריזער יידן האָבן געפונען אַ ניי מיטל, ווי צו קעמפן פאַר זייער גלייכבאַרעכטיקונג: זיי האָבן גענומען ווירקן אויף דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג דורך דער פּאַריזער קאָמונע, אָדער שטאָטראַט. אין דער קאָמונע האָבן זיך צוגעקליבן די ראַדיקאַלסטע עלעמענטן פון פּאַריז, און נישט איין מאָל האָבן זיי געווירקט מיט זייערע רעזאָלוציעס אויף דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג. דער חשבון איז געווען אַזוי: אויב דער שטאָטראַט, דער אויבן־אָן פון פּאַריזער געזעלשאַפטלעכער מיינונג, זאָל פאָדערן עמאַנסיפּאַציע פאַר יידן, וועט די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג מוזן שטעלן די יידנפראַגע אויפן סדר און געבן אַ פּאָזיטיוון ענטפער.

דעם אייגענעם טאָג, דעם 28־טן יאַנואַר, ווען אין דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג האָט מען באַהאַנדלט די פראַגע וועגן די דרום־יידן, איז אין זיץ־זאַל פון דער פּאַריזער קאָמונע פאָרגעקומען אַ געהויבענע סצענע. אַ גרויסע דעפּוטאַציע פון פּאַריזער יידן, מיט 50 נאַציאָנאַל־גוואַרדיסטן אין דריי־פאַרביקע קאָקאַרדעס (צווישן זיי זאַלקינד הורוויץ אויך), זענען געקומען פאַר דער קאָמונאַל־פאַרזאַמלונג מיט אַ ביטע, די פּאַריזער קאָמונע זאָל זיך איינשטעלן פאַר יידישע רעכט. דער ריידער אין דער דעפּוטאַציע איז געווען אַן אַדוואָקאַט, אַ גליד פון דער קאָמונע גאָדאַר; אים האָבן פּאַריזער יידן אויסגעקליבן בייצושטיין זייער פאָדערונג. גאָדאַר טרעט אַרויס פון פאָרנט פאַר דער דעפּוטאַציע און זאָגט אַזוי: „מיינע הערן! איך האָב פאַרלאָזן אויף אַ ווײַלע דעם פּלאַץ, וואָס איך פאַרנעם צווישן אייך, כּדי צו פאַרנעמען אַ פּלאַץ, וואָס פּאַסט פאַר מיר מער, ווען איך רעד פאַר די בעטער און איך בין אַ שתדלן פאַר די געפּלאָגטע. איך בין באַפולמעכטיקט פון דעם גרעסטן טייל יידן אין דער מלוכה בײַשטיין זייערע אינטערעסן פאַר דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג *), איך בין אַ פאָרשטייער פון פּאַריזער יידן אויך. אַלס זייער אַ פאָרשטייער באַגריס איך אייך דאָ און קאָן אייך פאַרזיכערן זייער איבערגעגעבנקייט און זייער דאַנקבאַרקייט. וואָרום די איידעלע איינוואוינער פון אונזער רעזידענץ האָבן זיך נישט דערוואַרט אויף דעם חסד פונם געזעץ און האָבן אויסגענוצט היינטיקע גרויסאַרטיקע רעוואָלוציע צו מאַכן יידן פאַר חברים אין געווער און אָנטאָן זיי דעם בירגערלעכן מונדיר (פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע), וואָס איר זעט אים דאָ אויף אייניקע פון זיי. די באַפעלקערונג באַגייט זיך שוין מיט יידן אַזוי ווי מיט ברידער, נאָך איידער זי האָט די מעגלעכקייט לעבן מיט זיי ווי מיט בירגער".

---

*) גאדאר איז אויך געווען דער באַפולמעכטיקטער שתדלן פאַר עלזאַסער יידן און דער מחבר פון דער דערמאָנטער פּעטיציע פון 28־טן דעצעמבער.

גאָדאַר רעדט ווייטער וועגן דעם פּאַטריאָטישן ברען ביי יידן, וואָס האָבן געגעבן דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע הונדערט מאַן, און פאַרענדיקט מיט דעם פאַרלאַנג פון דער דעפּוטאַציע: „בעת יידן זענען זיך משתדל פאַר דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג און פאַרהאָפן אויף איר איידלקייט און אויף אַ פריינטלעכן געזעץ פאַר זיך, לייגן זיי גרויס געוויכט אויף דעם אויטאָ-ריטעטן הסכם, וואָס קומט זיי אַקעגן אומעטום אין דער רעזידענץ. זיי מיינען, אַז די פריינטלעכע באַגעמונג פון פאַריזער באַפעלקערונג צו זיי גיט זיי רעכט בעטן אייך, איר זאָלט אויפהויבן אייער שטים זיי צום גוטן און זאָלט אַרויסזאָגן דאָס וואָרט, וואָס וואָלט זיי קאָנען גיכער ברענגען זייער גאולה... אייער פייערלעכע מעלדונג, וואָס דאָס וועט זיין נישט מער ווי אָפּגעבן אַ חוב דעם אמת, זאָל צוהעלפן נישט בלויז פאַריזער יידן אַליין, נאָר יידן אין דער גאַנצער מלוכה אין זייער גערעכטער זאַך, צום גליק פאַר פּופּציק טויזנט מאַן". אַבאַט מיולאָ, פּרעזידענט פון דער קאָמונאַל-פאַרזאַמלונג ענטפערט דערויף, אַז די פאַרזאַמלונג וועט באַטראַכטן די השתדלות פון דער יידישער דעפּוטאַציע; ער פאַרהאָפט, אַז די קאָמונע וועט אָננעמען אַ באַשלוס, אַזוי ווי פאַרשטאַנד און מענטשלעכקייט הייסט".

דערמיט אָבער האָבן זיך יידישע טוער און זייערע קריסטלעכע פריינט נישט צופרידנגעשטעלט. זיי האָבן געמאַכט אַן אַגיטאַציע אין די „סעקציעס", אָדער אין די ראַיאָן-ראַטן אין פאַריז (אַזוינע סעקציעס איז געווען 60), אַז יענע זאָלן פון זייער זייט ווירקן אויף דער צענטראַלער קאָמונע. די ערשטע האָט זיך אָפּגערופן די קאַרמעליטער סעקציע; דאָרט האָט געוואוינט דער גרעסטער טייל יידן, וואָס האָבן דאָ געהאַט זייער פאָרשטייער אין דעם סעקציע-ראַט. דעם 30 יאַנואַר (1790) איז צו דער אַלגעמיינער קאָמונע-פאַרזאַמלונג געקומען אַ דעפּוטאַציע ראַטמענער פון דער קאַרמעליטער סעקציע און האָט איבערגעגעבן דעם פּרעזידענט אַ רעזאָ-לוציע, וואָס איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן אין דער סעקציע: בעטן די קאָמונע, זי זאָל מיט אַלע מעגלעכקייטן מיטהעלפן, אַז די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג זאָל אַנערקענען אַקטיווע בירגער-רעכט פאַר יידן. דער הויפּט פון דער דעפּוטאַציע, דער פּראָקוראָר-סינדיק דע-זשערוויל, האָט דערביי געהאַלטן אַ הייסע רעדע. „דאָ, אין קאַרמעליטער ראַיאָן, זאָגט ער, וואוינען מער יידן, איידער אין אַנדערע ראַיאָנען פון פאַריז. אין קאַרמעליטער ראַיאָן איז דעריבער מער פאַר אַנדערע מעגלעך געווען פון אָנהויב רעוואָ-לוציע צוצוזען די יידישע אויפפירונג, דערגיין זייער קוק, פאַרשטיין זייער מאָראַל... ס'וועט אייך דעריבער נישט וואונדערן, וואָס פאָרשטייער פון קאַרמעליטער ראַיאָן שטעלן זיך איין די ערשטע עפנטלעך אַרויסצוזאָגן זיי אַ דאַנק פאַר זייער פּאַטריאָטיזם, פאַר זייער מוט און איידלקייט. קיינער

האָט נאָך נישט באַוויזן אַזאַ ברען צו פאַרוּוערבן פרייהייט פאַרן לאַנד, ווי יידן; קיינער האָט זיך אַזוי נישט געריסן צו דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, ווי זיי. פאַריזער יידן האָט מען נאָך אָפיציעל נישט אָנגערופן פראַנצויזן, אָבער גלויבט אונז, אַז זיי פאַרדינען ערלעך דעם נאָמען. איך וועל אַפילו זאָגן, אז ביי אונז זענען זיי שוין באמת פראַנצויזן. יאָ, מיינע הערן, קאָר-מעליטער סעקציע וויל נישט, אַז ביי איר זאָל מען מאַכן אונטערשייד צווישן בירגער. יידן לאָזט מען צו אין די ראַטן, מיט אונז צוזאַמען טראָגן זיי די כבוד און די לאַסט פון מיליטער-דינסט, און איר וועט קיין דערווידער נישט הערן קעגן דעם, מ׳זאָל זיי געבן בירגער-רעכט, די רעכט, וואָס איצט פעלט זיי דערצו נישט מער ווי אַ הסכם פונם געזעץ... טוט זשע אונז אָן דעם כבוד זיך צוהערן צו אונזער געדרעכטער מעלדונג צום גוטן פאַר אונזערע נייע בירגער. לייגט צו אייער מעלדונג אויך צו אונ-זערער און דערלאַנגט זיי ביידע דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג. זייט זיכער: איר וועט אָן גרויס מי דערלאַנגען פאַר פאַריזער יידן דאָס אייגענע, וואָס מ׳האָט אָנערקענט פאַר יידן, וואָס מ׳רופט זיי פאָרטוגעזישע, שפּאַנישע, אַוויניאָנער. וואָרום פאַרוואָס זאָל מען יענע אָפּגעבן די בכורה אַקעגן אונזערע יידן? צי האָבן דען נישט אַלע יידן איין תורה? איז דען נישט אונזער פּאָליטיש פאַרהאַלטן-זיך צו די און צו יענע אַלץ-איינס? אויב די פריערדיקע דורות פון די יידן, וואָס מיר פאַרטיידיקן איצט, זענען אויסגעשטאַנען פּלאָג און רדיפות מער, איידער פאָרטוגעזישע יידן, הייסט עס דען נישט, אַז פאַר דעם דאָזיקן לאַנגיאָריקן שרעקלעכן פיין אַליין האָבן זיי נאָך מער רעכט, מ׳זאָל זיך מיט זיי באַגיין מיט גערעכטיקייט.

די דעפּוטאַציע האָט געווירקט. דעמזעלבן טאָג, דעם 30 יאַנואַר, האָט די פאַריזער קאָמונע באַהאַנדלט די פראַגע וועגן שטיצן די יידישע השתדלות אין דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג. ס׳האָבן זיך אָפּגעשפּילט היציקע דעבאַטן: דער רוב איז געווען פאַר אַזאַ שטיץ, אַ קליינער טייל האָט זיך געקווענקלט. אום צו-נישט מאַכן די דאָזיקע אומזיכערקייט און אַרויסבאַקומען אַ באַשלוס איינשטימיק לטובת יידן, איז אויף דער טריבונע אַרויף איינער פון די בעסטע ריידערס אין דער קאָמונע, אַבאַט ב ע ר ט אָ ל י אָ, און האָט געהאַלטן אַ לאַנגע רעדע, באַטראַכטנדיק אַלע וויכטיקע זייטן אין דער יידנפראַגע. אָנגעהויבן האָט ער, אַז פראַנקרייך האָט סוף כל סוף דערלעבט אַ צייט, ווען מ׳קאָן שוין צעשטערן די מחיצות צווישן מענטשן, וואָס אַלטע איינ-רעדענישן האָבן אויפגעשטעלט; דערנאָך זאָגט ער אַזוי: „אָבער אונזער גליקלעכע אומגעריכטע רעוואָלוציע וועט בלייבן נישט פאַרענדיקט, אויב אונזערע באַגריפן וועלן נישט דערוואַקסן ביז דער קאָנסטיטוציע, דער רעוואָ-לוציעס אַ קינד. די פּרינציפּן, וואָס זענען שוין סאַנקציאָנירט אין דער

באַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג, האָבן שוין לעבעדיק געמאַכט דריי מיליאָן פראַנצויזן,
פראַנצויזן־פּראָטעסטאַנטן האָט מען אומגעקערט אַלע זייערע רעכט... די
דאָזיקע פּרינציפּן האָבן די טעג גובר געווען נאָך אַן ערגערע איינגעזעסענע
איינרעדעניש: אַ פייערלעכער דעקרעט האָט פאַרשטאַרקט די בירגערלעכע
לאַגע פון באָרדאָער, באַיאָנער און אַוויניאָנער יידן. פראַנצויזישע יידן אין פּאַ־
ריז און אין גאַנצן לאַנד בעטן ביי אונז דיזעלבע גערעכטיקייט. פאַרוואָס זאָלן מיר
זיי דאָס נישט טאָן? וואָס פאַר אַ חלוק איז אין תוך צווישן זיי און זייערע באָר־
דאָער ברידער? איר וועט זאָגן, אַז יענע האָבן פּאַטענטן און געוויסע רעכט,
אונזערע האָבן דאָס נישט! וועל איך אייך דערויף ענטפערן: די פראַנצוי־
זישע יידן־פּאַטענטן זענען אויסגעקריצט אין דער נאַטור, און דער נאַטורס
שטעמפּל איז ווערט די שטעמפּלען פון אַלע אייראָפּעאישע קאַנצעלאַריעס
אינאיינעם". צום סוף פאַרענדיקט ער מיט אַ קאָנקרעטן פאָרשלאָג: „איך
מיין, אַז מיר דאַרפן אָננעמען אַזאַ רעזאָלוציע: די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג
זאָל וואָס גיכער שטעלן אויפן סדר די יידנפראַגע, וואָס זי האָט געהאַט
אָפּגעלייגט, און זי זאָל פאַרעפנטלעכן אַ דעקרעט, וואָס זאָל אַלע יידן גלייך
מאַכן צו באָרדאָער, באַיאָנער און אַוויניאָנער יידן. אָבער אַזאַ מין מעלדונג
דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג וועלן מיר ערשט קענען מאַכן דעמאָלט, ווען
מיר וועלן די מעלדונג פריער צעשיקן אין אַלע 60 סעקציעס אין פּאַריז
און זי וועט דאָרט באַוויליקט ווערן מיט אַ רוב שטימען".

דער רעדנער האָט דערלאַנגט, וואָס ער האָט געוואָלט. נאָך זיין רעדע
איז געוואָרן אויס וואַקלעניש. די קאָמונע האָט אָנגענומען אַזאַ רעזאָ־
לוציע: 1) עפנטלעך באַשטעטיקן יידישע גוטע אויפפירונג, יידישן פּאַטריאָ־
טיזם און פּערזענלעכע מעלות, 2) אָפּן און שאַרף אַרויסזאָגן, אַז די פּאַ־
ריזער באַפעלקערונג וויל, יידן זאָלן באַקומען אַלע רעכט פון אַקטיווע
בירגער. כדי דער דאָזיקער אַקט זאָל האָבן דעם אויטאָריטעט פון אַ פאָלקס־
ביסציט, האָט די קאָמונע באַשלאָסן צעשיקן איר רעזאָלוציע אין אַלע
סעקציעס, און נאָך דעם, ווי זי וועט באַקומען זייער הסכם, זאָל זי די
רעזאָלוציע דערלאַנגען דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג. די רעזאָלוציע האָבן
געחתמעט דער געוויסער פּאַריזער מער ב אַ ל אַ י (באַרימט אין דער געשיכטע
פון דער רעוואָלוציע) און דער פּרעזידענט מיולאָ. אַדוואָקאַט גאָדאַר, אָפּ־
דאַנקנדיק די פאַרזאַמלונג פאַר אַלע פּאַריזער יידן, האָט פאַרענדיקט זיין
רעדע מיט באַלאַיס אַ היסטאָריש וואָרט: „געבענטשט זאָל זיין די רעוואָלוציע,
וואָס האָט אונז אַלע געמאַכט פאַר ברידער!"

אינגיכן האָט דער פּאַריזער מוניציפּאַליטעט געקאָנט אויספירן זיין
באַשלוס. עקסטראַ זענען זיך צונויפגעקומען די קאָמונעס און כמעט אַלע
האָבן באַוויליקט די רעזאָלוציע פון דער קאָמונע פאַר יידישער עמאַנסיפּאַציע.

פון 60 סעקציעס האָבן 53 געענטפערט: יאָ, זעקס האָבן נישט געענטפערט און נאָר איין סעקציע (מאטיורען) האָט פאָרגעלייגט אויסוואַרטן מיט עמאַנסיפאַציע ביז די פראָווינציעלע קאָמונעס וועלן באַהאַנדלען די פראַגע. ס׳איז געווען קלאָר: כמעט „גאַנץ פאַריז" פאָדערט, מ׳זאָל יידן גלייכבארעכטיקן. דעם 25 פעברואר איז צו דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג געקומען אַ דעפּוטאַציע פון פאַריזער קאָמונע; פרעזידענט מיולאָ, גאָדאַר, אַבאַט בערטאָליאָ און אַנדערע. די דעפּוטאַציע האָט איבערגעגעבן דער פאַרזאַמלונג פון געזעצגעבער אַ שריפטלעכע רעזאָלוציע, אַז מ׳מוז זיך צואיילן מיט באַהאַנדלען די יידן-פראַגע און געבן יידן אַקטיווע בירגער-רעכט. אַ הייסע רעדע האָט דערביי געהאַלטן אַבאַט מיולאָ, פרעזידענט פון דער קאָמונע. טאַלייראַן-פעריגאָר, וואָס איז געווען דעם טאָג פאָרזיצער אין דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג, האָט געענטפערט דער דעפּוטאַציע: „די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג האָט גענומען אויף זיך אַ הייליקע פליכט אומקערן אַלעמען זייערע רעכט און האָט געמאָלדן, וואָס ס׳פאָדערט זיך פון איינעם, ער זאָל זיין אַן אַקטיווער בירגער. לויט די דאָזיקע פרינציפּן און פאָדערונגען וועט די פאַרזאַמלונג באַטראַכטן מיט יושר די מאָטיוון לטובת יידן, וואָס איר האָט אונז דאָ אַרויסגעזאָגט אין אַזאַ רירנדיקער פאָרם".

פונדעסטוועגן האָט זיך די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג נישט געאיילט. אויף מאָרגן האָט הערצאָג ל י אַ נ ק ו ר געפאָדערט, די פאַרזאַמלונג זאָל פעסטשטעלן אַ טאָג צו באַטראַכטן די פראַגע וועגן בירגער-רעכט פאַר יידן. איינער אַ דעפּוטאַט האָט דערויף אָפּגעענטפערט: „געוויס איז די יידנפראַגע זייער וויכטיק, אָבער אויפן סדר ביי אונז שטייען נאָך וויכטיקערע פראַגן, וואָס זיי זענען נוגע אַלע בירגער. דאָס, וואָס דאָ וועט באַשלאָסן ווערן וועגן יידן, איז נוגע די אינטערעסן נאָר פון אַ טייל פאָלק, אָבער פעסטשטעלן די יוסטיץ-אָרדנונג, קלאָר מאַכן די צאָל און דעם צונויפשטעל פון דער פראַנצויזישער אַרמיי, רעגולירן אונזערע פינאַנצן — דאָס זענען דריי זאַכן, וואָס זענען נוגע דאָס גאַנצע לאַנד און וואָס דאַרפן ביי אונז אָפּנעמען אונזער גאַנצע צייט. דעריבער לייג איך פאָר וויטער אָפּלייגן די יידנ-פראַגע". דער פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרן. די יידנפראַגע האָט מען ווידער אָפּגעלייגט ביז ס׳וועלן נישט באַטראַכט ווערן די וויכטיקסטע פראַגן, וואָס שטייען אויפן סדר-היום.

## § 18. דער ווייטערדיקער קאַמף און דאָס אָנערקענעז פוּן דער עמאַנסיפּאַציע

יידן און זייערע ליבעראַלע פריינט האָבן געמוזט צוזען, ווי מ׳האָט די יידנפראַגע ווייטער אָפּגעלייגט; זיי האָבן זיך אָבער געטרייסט, וואָס דער טעם איז: ס׳דאַרפן פריער באַהאַנדלט ווערן נאָענטערע וויכטיקע פראַגן; הייסט דאָס, אַז די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג גופא האָט שוין אָנגעמערקט אַ געוויסן צייט-סדר פאַר דער יידנפראַגע. אָבער די אַנטי-יידישע פּאַרטיי האָט זיך געהאַט איר טאַקטיק. זי האָט געשטערט יעדער פּרווו צו שטעלן די פראַגע אין דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג, זי האָט אַלע מאָל צוגעקלערט נייע אָפּציענישן און דערווייל האָט זי געפירט אַגיטאַציע אויסער דעם פּאַרלאַמענט, כדי אַזוי אַרום צו ווירקן אויף די דעפּוטאַטן. ווען די יידנ-פראַגע האָט זיך שוין דערוואַרט איר צייט (דעם 15 אַפּריל 1790, נאָך די פּאַסכע-וואַקאַציעס), האָט דער עלזאַסער דעפּוטאַט רעוובעל געמאָלדן, אַז אין עלזאַס הויבט זיך ווייטער אָן אַ באַוועגונג קעגן יידן, און דאָס וועט זיך אויסלאָזן מיט פּאָגראָמען, ווי נאָר מ׳וועט פאַרעפנטלעכן יידישע עמאַנסי-פּאַציע. דערויף האָט אַ ליבעראַלער דעפּוטאַט אָפּגעענטפערט, אַז דוקא דאָס שטענדיקע אָפּציען שאַפט די גרעסטע געפאַר פאַר יידן, אַז דער פינס-טערער המון זאָל אויף זיי אָנפאַלן. „פאָרשטייער פונם יידישן פאָלק, זאָגט ער, זאָגן אונז זיכער, אַז זיי וועלן קאָנען רואיק לעבן נאָר דעמאָלט, ווען די פאַרזאַמלונג וועט איין מאָל פאַר אַלע מאָל זאָגן איר וואָרט וועגן זייער גורל. אַפילו אין עלזאַס גופא קוקט מען אַזוי אַרויס אויף אַן אָפיציעלער מעלדונג וועגן יידישער גלייכבאַרעכטיקונג, אַז אַ סך געמיינדעס זענען גרייט באַטיילן אויך יידן מיט ערד ביי דער חלוקה פון די קהלשע ערדן״ (יידן האָבן נישט געטאָרט האָבן קיין נחלאות). די פאַרזאַמלונג האָט זיך אָבער דערצו נישט צוגעהערט און האָט באַשלאָסן: איבערגעבן די יידנ-פראַגע אין קאָנסטיטוציע-קאָמיטעט. נאָר אַזוי גרינג פּטור ווערן פון דער יידנפראַגע האָט מען נישט געקאָנט: אויף מאָרגן האָט זיך איר שרעק-שאָטן ווידער באַוויזן פאַר דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג.

אין עלזאַס האָט מען געפירט אַ שטאַרקע יידן-העץ; די נעפּט פון דער אַגיטאַציע איז געווען אין פּאַריז ביי דער כנופיה עלזאַסער רעאַקציאָ-נערע דעפּוטאַטן. כדי נישט צו דערלאָזן יידישע עמאַנסיפּאַציע, האָבן די „שוואַרצע״ אין פּאַריז און זייערע אַגענטן אין דער פּראָווינץ געטאָן אַלע פּעולות צו מאַכן אין עלזאַס וויינקסטנס אַן אויסזען פון אַ פאָלקס-אויפרע-גונג קעגן יידן. די אַגיטאַציע האָט מען ענערגיש געטריבן. מ׳האָט געשפּריי׳ט יידנפיינטלעכע בראָשורן און בלעטלעך, די רעאַקצ אָנערע און קלעריקאַלע

פּרעסע האָט געשיט מיט בייזע רכילות אין אירע אַרטיקלען קעגן יידן און קעגן זייערע ליבעראַלע פריינט. געדונגענע צייטונגס-פּענעס האָבן געזידלט, אויף וואָס די וועלט שטייט, מיראַבאָן, גרעגואַרן, טאָלייראַנען, באַלאיען: איינער זאָל זיין אַ „פּאַרקויפטער״ ביי יידן, דער אַנדערער — אַ „קריסטוס-פאַררעטער״, דער דריטער זאָל האַלטן ביי ווערן אַ ייד און „מל זיין זיך״. ווען די „געזעלשאַפט פון די קאָנסטיטוציע-פריינט״ אין שטראַסבורג האָט גענומען עפּעס טאָן צו שטיצן יידישע עמאַנסיפּאַציע, האָבן די „שוואַרצע״ גענומען טומלען. זיי האָבן צונויפגערופן אַ גרויסע פאַרזאַמלונג „אַקטיווע בירגער״ צו באַהאַנדלען די יידנפראַגע; די ליבעראַלע ריידערס, וואָס האָבן געפּרוווט רעדן פאַר עמאַנסיפּאַציע, האָט מען אויסגעפייפט אָדער ארויסגעשטופּט. דערנאָך איז שוין נישט שווער געווען אָננעמען אַ רעזאָלוציע „איינשטימיק״. אין דער רעזאָלוציע איז געשטאַנען: שטראַסבורגער קריסטלעכע בירגער, דערהויפּט סוחרים, האָבן מורא פאַר יידישער קאָנקורענץ און זאָגן, אַז יידן טאָר מען נישט גלייכבאַרעכטיקן (דעם 8 אַפּריל). די דאָזיקע אָפּנהאַרציקע רעזאָלוציע פון דעם „פּאַנאַטיקער-קאָנגרעס״ מיט טויזנטער חתימות האָט מען אָפּגעשיקט דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג. אַן ענלעכע רעזאָלוציע איז אָנגעקומען פון קאָלמאַר אויך.

די אַגיטאַציע האָט געהאַט אַ פּעולה: ס׳האָט אָנגעהויבן שמעקן מיט פּאָגראָמען. סערף-בער, קיינמאָל נישט מיד צו שתדלענען פאַר עלזאַסער יידן, האָט מיטגעטיילט דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג, אַז אין דער פּראָווינץ טרייבט מען אָפן אַן אַגיטאַציע אָנצורייצן דעם פינסטערן המון אויף יידן. די דאָרטיקע אַדמיניסטראַציע לא די וואָס זי האָט גאָר נישט געטאָן צו פאַרהיטן די רציחות, האָט זי נאָך צוגעגעבן היץ די פאַרברעכער דערמיט, וואָס זי אַליין האָט גראָב באַהאַנדלט יידן און האָט אויף טריט און שריט שאַרף געגעבן אָנצוהערן זייער רעכטלאָזיקייט. אין אַ זיצונג פון דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג האָט מען געלייענט אַ מעלדונג פון אַן עלזאַסער מוניציפּאַליטעט, אַז די „אומבאַשטימטע לאַגע פון יידן איז פאַר זיי אַ גרויסע געפאַר, פאַרהיטן קאָן דאָס נאָר אַ דעקרעט פון דער פאַרזאַמלונג״. דער ערנסטער מאָטיוו האָט באַוועגט דעם ראַדיקאַלן דעפּוטאַט ר ע ד ע ר ע ר פאָרשלאָגן, מ׳זאָל פאַרעפנטלעכן אַזאַ דעקרעט: „די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג זאָגט נאָכאַמאָל, אַז פאַר יידן אין עלזאַס און אין אַנדערע ערטער גילט דער שוץ פון געזעץ. די פאַרזאַמלונג פאַרווערט אָנרירן זייערע אינטערעסן און הייסט די שטאָט-מאַגיסטראַטן און דער נאַציאָנאַלער גאַרדיע מיט דער גאַנצער מאַכט פאַרהיטן יידן און זייער גוטס״ (דעם 16-טן אַפּריל). די פאַרזאַמלונג האָט אָנגענומען די דאָזיקע פאָרמעל כמעט איינשטימיק. אין צוויי טאָג אַרום האָט דער קעניג אויך געחתמעט דעם דעקרעט. די פּאָגראָם-שרעק איז פאַרביי,

אָבער די שונאי־ישראל האָבן אויסגעפירט זייערס: איצט האָט שוין די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג געהאַלטן פאַר פּאָליטיש־קלוג אָפּלייגן די יידנפראַגע; יידן אַליין דאַרפן דאָס וועלן, כדי נישט צו פאַרשאַרפן די באַציאונגען צווישן יידן און קריסטן אין דער פּראָווינץ.

מיט דעם מאָטיוו האָט די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג זיך אַליין ווידער באַרואיקט דאָס געוויסן אין צוויי וואָכן אַרום, ווען זי האָט נאָכאַמאָל דורכ־געלאָזט אַ געלעגנהייט אַ סוף מאַכן צו דער יידנפראַגע. ס'האָט זיך געהאַנדלט פון אַ פּראָיעקט, מ'זאָל געבן בירגער־רעכט יעדן איינעם, אַפילו אַן אויס־לענדער, אויב ער האָט נאָר אָפּגעוואוינט אין פראַנקרייך לפּחות פינף יאָר (דעם 30 אַפּריל). רעוובעל האָט געפאָדערט, מ'זאָל אַריינשטעלן: „דערביי ווערט נישט באַרירט די יידישע בירגערלעכע לאַגע; די דאָזיקע פראַגע בלייבט אָפּגעלייגט". דער טייוולשער אויסרייד איז אָנגענומען געוואָרן. אפילו די ליבעראַלע דעפּוטאַטן, זעט אויס, האָבן קיין קלער נישט געטאָן, וואָס פאַר אַ ביטערע באַליידיקונג דאָס איז פאַר יידן: אויסלענדער גיט מען יאָ רעכט צו נאַטוראַליזירן זיך אין פינף יאָר אַרום, און יידן נישט, כאָטש זיי זענען היגע און זייערע אורעלטערן האָבן נאָך דאָ געלעבט אין גאַליע און אין דער פראַנקישער מאָנאַרכיע. נאָר אין איין פּרט האָט מען דרך־אגב גרינגער געמאַכט יידן: ביי דער אַלגעמיינער שטייער־רעפאָרם האָט די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג אָפּגעשאַפט די באַליידיקטע, לעסטיקע ספּעציעלע שטייערן, וואָס מ'פלעגט מאָנען ביי יידן אין מעץ און אין אַנדערע ערטער פאַר וואוינ־רעכט, פאַר „שוץ", פאַר „טאָלעראַנץ" און דעסגלייכן (20 יולי 1790).

יידישע טוער האָבן אָנגעהויבן אָנווערן געדולד. דעם 9 מאַי 1791 האָט אַ גרופּע פּאַריזער יידן דערלאַנגט דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג אַן אַדרעס, וואָס דאָרט הערט זיך שוין מער פּראָטעסט, איידער געבעט. „די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג, אַזוי שטייט דאָרט, האָט געגעבן אַ דעקרעט, אַז אַלע אויסלענדער וועלן פראַנצויזישע בירגער נאָך 5 יאָר וואוינען אין פראַנקרייך. פאַרוואָס האַלט מען אונז ערגער פאַר אויסלענדער? פאַרוואָס קומט דאָס נאָר אונז צו זיין אויסגעשלאָסן פון אַלע רעכט, וואָס די נאַטור גיט אין די דעקרעטן פון דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג קערן אום אַלע מענטשן? האַלט איר אונז פאַר יידן, זענען מיר דאָך אַ טייל פראַנצויזישע בירגער, וואָרום מיר זענען יוצא אַלע פאָדערונגען און טוען אַלע פליכטן פון אַ בירגער. האַלט איר אונז פאַר אויסלענדער, כאָטש דער גרעסטער טייל אונזערער איז געבוירן אין פראַנקרייך, האָבן מיר שוין לויטן געזעץ באַקומען דעם נאָמען פראַנצויזישע בירגער, וואָרום מיר וואוינען שוין לאַנג אין דער רעזידענץ־שטאָט; יעדנפאַל קומט אונז אַלע רעכט, וואָס שטעקן אין דעם נאָמען בירגער". דער דאָזיקער פּראָטעסט האָט געהאַט דאָס אייגענע מזל,

וואָס אַלע פּעטיציעס און מעלדונגען ביז אַהער: מ'האָט אים איבערגעגעבן דעם קאָנסטיטוציע-קאָמיטעט.

אין צוויי וואָכן אַרום האָט מען געמאַכט דעם לעצטן פּרווו ווירקן אויף דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג דורך דער פּאַריזער קאָמונע. לויט אַ דעקרעט פונם 7 מאַי וועגן פרייהייט פאַר עפנטלעכער גאָטס-דינסט, האָבן פּאַריזער יידן באַקומען די מעגלעכקייט אָפיציעל עפענען אַ שול אין אַ געמיינדע-הויז. אַדוואָקאַט גאָדאַר האָט דעם פאַל נישט געוואָלט דורכלאָזן, ער האָט זיך געווענדעט צום קאָמונע-ראַט מיט אַ ביטע, אַז נאָך דעם ווי יידן האָבן באַקומען גלויבנס-פרייהייט, זאָלן זיי באַקומען בירגערלעכע פרייהייט אויך, וואָרום איינס אָן דעם אַנדערן שיקט זיך נישט. „בעת דער געזעץ האָט יידן געגעבן רעכט מאַכן שולן, קאָנען זיי דען בלייבן אָן בירגער-רעכט, אָן דעם נאָמען בירגער? קאָן דען געמאָלט זיין, אַז בירגער זאָלן זיי זיין נאָר אין דער סינאַגאָגע און אויף יענער זייט טיר זאָלן זיי זיין פרעמדע, קנעכט?... גלויבנס-פרייהייט ווערט אַ פּוסטער קלאַנג, אויב דערפאַר קומט שטראָף, וואָס מען נעמט אָפּ בירגער-רעכט. ס'קאָן נישט זיין! האָט איר דערהויבן מענטשן צו רעליגיעזער פרייהייט, אַזוי האָט איר זיי דערהויבן צו בירגערלעכער פרייהייט אויך. האַלב-פריי — איז נישטאָ, אַזוי ווי עס איז נישטאָ האַלב-גערעכט". די פּאַריזער קאָמונע האָט אויסגעהערט די דאָזיקע ביטע אין איר זיצונג פון 26-טן מאַי און האָט אָנגענומען אַזאַ רעזאָלוציע: „די מוניציפּאַל-פאַרזאַמלונג איז איבערצייגט, אַז די פאָדערונג, וואָס יידן באַשטייען אויף איר מיט אַזאַ שיינעם אויסדויער, איז אַ גערעכטע; די פאַרזאַמלונג ווייסט וואויל די פאַקטן, וואָס אויף זיי שטיצט זיך די פאָדערונג, וועלכע די דערווייליקע שטאָט-פאַרטרעטער (פון דער פריערדיקער שטאָט-פירונג) האָבן שוין איינמאָל אַליין דערלאַנגט דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג, און דעריבער באַשליסט די מוניציפּאַל-פאַרזאַמלונג: נאָכאַמאָל אָנשרייבן דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג, צושטעלן די יידישע ביטע און דער קאָמונעס פאַרלאַנג, און באַוועגן די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג, זי זאָל וואָס גיכער פאָרמעל גילטיק מאַכן פאַר פּאַריזער יידן די אויספירן פון די מענטשלעכע פּרינציפּן, וואָס זי האָט דאָ נישט לאַנג ווייטער סאַנקציאָנירט מיט דעם דעקרעט וועגן גלויבנס-פרייהייט". די רעזאָלוציע האָט געחתמעט דער פּאַריזער מער באַלאי און מ'האָט זי אָפּגעשיקט. אָבער אין יענער שטורמישער צייט איז די יידישע פראַגע נישט געלעגן אין קאָפּ. זומער 1791 איז לודאָוויק XVI געווען אַנטלאָפן קיין וואַרען, און אין דער פּאָליטישער מהומה האָט מען אָן יידן פאַרגעסן. דאָס לאַנד האָט געקאָכט, ס'האָט זיך געוואַקלט צווישן רעפּובליק און מאָנאַרכיזם; איז פּאַריז איז

געוואַקסן אַ נייער קער אין דער גרויסער רעוואָלוציע — און קלענערע מלוכה־פראַגן האָבן זיך דערווייל אָפּגערוקט אָן אַ זייט.

לסוף איז געקומען אַ צייט, ווען ווייטער אָפּלייגן די יידנפראַגע איז שוין נישט מעגלעך געווען. נאָך צוויי יאָר אַרבעט האָט די גרינדונגס־פאַר־זאַמלונג אָנגענומען די קאָנסטיטוציע און דער קעניג האָט זי באַשטעטיקט (דעם 14 סעפּטעמבער). די קאָנסטיטוציע האָט אין אירע גרונד־פּונקטן פעסט־געשטעלט גלייכקייט פאַר אַלע בירגער קעגן געזעץ. לאָגיש האָט דאָס גע־מוזט הייסן, אַז יידן זענען גלייכבאַרעכטיקטע בירגער, נאָר דאָס האָט מען באַדאַרפט פאָרמעל פעסטשטעלן אין אַ דעקרעט, מאַכן וועגן דעם ספּעציעל אַ געזעץ. באַהאַנדלען ווייטער די פראַגע איז נישט געווען וואָס: אַלע פאַר און קעגנס האָט שוין די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג אויסגעהערט אין אַ משך פון צוויי יאָר פון ריידערס, פּעטיציעס, אַדרעסן, רעזאָלוציעס. דעם 27 סעפּטעמבער איז דעפּוטאַט דיופּאָר אַרויף אויף דער טריבונע און געזאָגט אַזוי: „איך מיין, אַז נאָך דעם ווי די קאָנסטיטוציע האָט פעסטגעשטעלט רעליגיעזע פרייהייט, קאָן שוין מער קיין חלוק נישט זיין אין פּרט פּאָליטישע רעכט צווישן בירגער פון פאַרשיידענע אמונות. די יידנפראַגע האָבן מיר די גאַנצע צייט אָפּגעלייגט. אין דער צייט אָבער האָבן מיר שוין געגעבן פּאָליטישע רעכט טערקן, מוסולמענער און אַלע סעקטעס. דעריבער פאָדער איך, ס'זאָל זיין אויס אָפּלייגן, און ס'זאָל געגעבן ווערן אַ דעקרעט, אַז אַלע יידן אין פראַנקרייך האָבן אַקטיווע בירגער־רעכט". די פאַרזאַמלונג האָט אויסגעהערט דיופּאָרס מיינונג אַזוי ווי אַ זאַך, וואָס קיין דערווידער קאָן נישט זיין. רעוובעל האָט געפּרוווט אָפּווענדן דיופּאָרס פאָרשלאָג, נאָר דאָ האָט זיך אויפגעהויבן דעפּוטאַט רעניאָ און אויסגערופן: „איך פאָדער, אַז מ'זאָל רופן צו אָרדנונג די אַלע, וואָס וועלן וואַגן רעדן קעגן דעם פאָרשלאָג, ווארום ווער ס'פאַלט אָן אויף דעם פאָרשלאָג, פאַלט אָן אויף דער עצם קאָנסטיטוציע". דאָס צאָרנדיקע אָנשרייען פון אַ קאָנסטיטוציאָ־נאַליסט האָט געהאַט אַ פּעולה: דער רעכטער פליגל איז שטיל געוואָרן און דער רוב פאַרזאַמלונג האָט אָנגענומען דיופּאָרס פאָרשלאָג. באַלד האָט מען צונויפגעשטעלט אַ קורצן, נאָר אַ שאַרפן דעקרעט, אין דער אַנדערער זיצונג דעם 28 סעפּטעמבער האָט מען אַריינגעשטעלט אייניקע אויסדרוקן לויט אָנווייזן פון דעפּוטאַטן: „היות ווי אין דער קאָנסטיטוציע זענען פעסטגע־שטעלט די קאָנדיציעס צו באַקומען דעם נאָמען פראַנצויזישער בירגער און צו האָבן די רעכט פון אַקטיווע בירגער; היות ווי יעדער איינער, וואָס איז יוצא די דאָזיקע פּונקטן, וואָס גיט אָפּ אַ בירגער־שבועה און איז זיך מתחיב האַלטן אַלע פליכטן, וואָס די קאָנסטיטוציע הייסט, האָט רעכט צו געניסן אַלע רעכט, וואָס די קאָנסטיטוציע גיט, — דעריבער שאַפט די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג אָפּ אַלע אָפּציענישן, אויסנאַמען און אויסריידן, וואָס

שטייען אין די פריערדיקע דעקרעטן בנוגע יידן, וואָס גיבן אַ שבועה, די דאָזיקע שבועה זאָל באַטייטן, אַז זיי זאָגן זיך אָפּ פון אַלע פּריווילעגיעס און באַזונדערע רעכט, וואָס זיי האָבן פריער געהאַט" *).

די יידנפיינט אין דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג האָבן נאָך די לעצטע מינוט נישט געקאָנט פועלן ביי זיך, אַז יידן זענען גלייכבאַרעכטיקט. שטערן האָבן זיי שוין נישט געקאָנט, האָבן זיי געזוכט וויניקסטנס אַ ביס טאָן יידן. רעוובעל האָט נאָכאַמאָל געפּרוווט אָנשרעקן די פאַרזאַמלונג מיט „פאָלקס-אומרועןן, וואָס דער דאָזיקער דעקרעט קאָן אַרויסרופן" אין עלזאַס. כדי צו פאַרהיטן די פּאָגראָמען האָט ער פאָרגעלייגט געבן עלזאַסער קריסטן אַ באַפרידיקונג פאַר יידישער גלייכבאַרעכטיקונג: היות ווי קריסטן זענען שטאַרק פאַרשולדיקט ביי יידן (זייערע חובות זאָלן כלומרשט אָנטרעפן אין עלזאַס 12-15 מיליאָן ליוור), זאָל זיך די רעגירונג נעמען ליקווידירן די דאָזיקע חובות, פאַרקלענערן זיי ביז אויף אַ דריטל; און יידן זענען כלומרשט מסכים אויף דעם, דעריבער זאָל די רעגירונג באַפוילן דער אָרטיקער מאַכט פאָדערן ביי יידן, זיי זאָלן אין אַ חודש צייט צושטעלן גענויע חשבונות אויף די אַלע הלוואות, נאָכדעם זאָל מען זיך קלאָר מאַכן די צאָל-פעאיקייט פון די בעלי-חובות. מ'זאָל אויסאַרבעטן אַ פּראָיעקט ליקווידאַציע און דעם גאַנצן מאַטעריאַל צושטעלן קיין פּאַריז אויף דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונגס באַראָט. דערמיט, פאַרזיכערט רעוובעל, וועט די פאַרזאַמלונג באַווייזן, אַז זי זאָרגט פאַר פאָלקס-אינטערעסן, און זי וועט באַרואיקן עלזאַסער קריסטלעכע באַפעלקערונג וועגן יידישער גלייכבאַרעכטיקונג. די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג האָט אָנגענומען רעוובעלס פאָרשלאָג. געוויס האָט זיך אין דעם פּרט געפאָדערט, אַז די רעגירונג זאָל זיך אַריינמישן, קלאָר מאַכן און רעגולירן די פאַרפּלאָנטערטע קרעדיט-אָפּעראַציעס אין עלזאַס, וואָרום אָן דעם האָבן ביידע צדדים נישט געקאָנט אַרויסקריכן פון דעם פינאַנץ-זומפּ, אַ ירושה פונם אַלטן רעזשים. אָבער דעם ערגסטן איינדרוק האָט געמאַכט אַזאַ רעזאָלוציע, בעת ס'האָט זיך געהאַנדלט פון אַזאַ פייערלעכער אַקציע, ווי עמאַנסיפּאַציע. ביידע דעקרעטן: וועגן גלייכבאַרעכטיקונג און וועגן ליקווידירן די חובות האָט מען אָנגענומען אין איין טאָג, האָט דאָס געמאַכט דעם איינדרוק, פּונקט ווי מ'האָט יידן געגעבן

---

*) די לעצטע ווערטער האָט מען אַריינגעשטעלט איבער דעם, וואָס אייניקע דעפּוטאַטן האָבן געטענהט, אַז יידן האָבן „פּריווילעגיעס" פון פריער, און אַז בירגער-רעכט מיט פּריווילעגיעס קאָן נישט געמאָלט זיין. דערהויפּט האָט מען דערמיט געמיינט פאַרשמעלערן אָדער גאָר אָפּשאַפן די קהילה-אויטאָנאָמיע ביי יידן און זייערע נאַציאָנאַל-קולטורעלע אינסטיטוציעס.

גלייכבאַרעכטיקונג פאַר אויסקויף-געלט, פאַר אַ טיילווייזן אַנולירן די חובות, וואָס זיי קומט.

ביידע דעקרעטן האָט מען דערלאַנגט דעם קעניג צו באַשטעטיקן; ער האָט זיי אונטערגעשריבן ערשט דעם 15 נאָוועמבער, שוין נאָך דעם, ווי די נאַציאָנאַלע גרינדונגס-פאַרזאַמלונג („קאָנסטיטואַנטע״) האָט זיך פאַרמאַכט און אויף איר אָרט איז געקומען די געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג („לעגיסלאַטיווע״).

כמעט צוויי יאָר איז פראַנצויזישע יידן אויסגעקומען צו קעמפן פאַר אַ זאַך, וואָס לאָגיש איז זי ממילא געדרונגען פון דער „דעקלאַראַציע פון מענטשן-און בירגער-רעכט״. די פרוכט פון יידישער עמאַנסיפּאַציע איז נישט אַראָפּגעפאַלן אַליין אַ צייטיקע פון דעם פרייהייטס-בוים, מ׳האָט זיך געמוזט אָנטאָן אַ כּוח זי אָפּצורייסן... יידן האָבן אויסגעקעמפט גלייכבאַרעכטיקונג, אַ נצחון-געשריי הערט זיך אין דעם התפּעלותדיקן שרייבן, וואָס יצחק-בער, דער איבערגעגעבענער פאָלקס-זאָרגער, האָט פונאַנדערגעשיקט עלזאַסער און לאָטאַרינגער קהילות נאָך דעם ווי דער דעקרעט פונם יאָר 1791 איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן. דער געבילדעטער נאַנסיער פאַבריקאַנט, וואָס פאַר צוויי יאָרן איז ער געשטאַנען פאַר דער קראַטע אין דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג און האָט געבעטן גערעכטיקייט פאַר דעם געפּלאָגטן פאָלק, האָט איצט געקאָנט מעלדן זיינע ברידער, אַז דער צוועק איז דערלאַנגט. „ס׳איז געקומען דער טאָג פון אונזער פרייהייט — רופט ער אויס מיט פרייד אין זיין שרייבן,— סוף כּל סוף האָבן מיר צוריק באַקומען די רעכט, וואָס מ׳האָט ביי אונז מיט גוואַלד אָפּגענומען מיט אַכצן יאָרהונדערטן צוריק. זאָלן מיר דען נישט זען אין דעם די גרויסע גנאָד פון גאָט פון אונזערע אבות? אַדאַנק גאָט און דעם פאָלקס אויבער-הערשאַפט זענען מיר איצט אָנערקענט נישט סתם מענטשן, נישט סתם בירגער אַליין, נאָר פראַנצויזן אויך. וואָס פאַר אַ גרויסן איבערקער האָסטו, גרויסער גאָט, געטאָן מיט אונז! דעם 27-טן סעפּטעמבער זענען מיר נאָך געווען די איינציקע איינוואוינער אין דעם דאָזיקן גרויסן לאַנד, וואָס האָט אויסגעוויזן, אַז זיי איז באַשערט אייביקע דערנידערונג ון קנעכטשאַפט — און אויף מאָרגן, דעם אומפאַרגעסלעכן טאָג, וואָס מיר וועלן תמיד האַלטן פאַר אַ יום-טוב, האָסטו אַריינגעגעבן אין זין פון פראַנקרייכס אומשטערבלעכע געזעצגעבער, זיי זאָלן אַרויסזאָגן דאָס וואָרט, וואָס האָט געמאַכט 60.000 אומגליקלעכע, פאַר גליקלעכע, צופרידענע מענטשן. גאָט האָט אויסדערוויילט די איידעלע פראַנצויזישע נאַציע אומצוקערן אונז אונזערע רעכט און מיטהעלפן אונזער אויפלעבונג, אַזוי ווי אַמאָל האָט ער אויסדערוויילט אנטיוכסן און פּאָמפּייען צו דערנידערן און פּייניקן אונז!...״

בעת בער האָט געשריבן די דאָזיקע באַגייסטערטע רייד, איז די יידישע געזעלשאַפט

געוועזן פול מיט הייסן רעוואָלוציע-פּאַטריאָטיזם. די רעוואָלוציע-שריפה האָט זיך צעפלאַקערט אַלץ מער, און פיגורן פון יידישע קעמפער האָבן זיך געוויזן אין דעם רעכטן פייער.

## § 19. פרייהייטס-פּאַטריאָטיזם און קרבנות פון טעראָר

פון די ערשטע טעג רעוואָלוציע אָן, זענען אַסך יידן, דערהויפּט פּאַריזער, אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם באַפרייאונגס-שטראָם און האָבן איינגעזאַפּט אין זיך דעם פּאַטריאָטיזם, וואָס דעמאָלט האָט עס באַטייט ליבשאַפט צו פרייהייט און צו דער היים פון פרייהייט, צו דעם לאַנד, וואָס האָט דאָס ערשטע פּראָקלאַמירט מענטשן- און בירגער-רעכט (כידוע, האָבן „פּאַטריאָטן" דעמאָלט געהייסן — פריינט פון דער רעוואָלוציע). די יורשים פון די אוראַלטע נביאים האָבן אין די לאָזונגען „פרייהייט, גלייכ-קייט, ברידערשאַפט" דערהערט קענטלעכע קלאַנגען, וואָס זענען פאַרדעמפּט געוואָרן די לאַנגע הונדערטער יאָרן אין דעם קלונג פון קנעכטישע קייטן... אַזאַ מעכטיקע ווירקונג פון דער רעוואָלוציע-לופט, ווי אויך די פריערדיקע השפּעה פון די אויפקלער-אידייען פון 18-טן יאָרהונדערט, האָבן געבראַכט דערצו, אַז יידן, וואָס נעכטן נאָך זענען זיי געוועזן אַזוי אָפּגעשלאָסן, אָפּגעזונדערט פון דעם אַלגעמיין-בירגערלעכן לעבן, האָבן זיך איצט מיט-אַמאָל אַריינגעצויגן אין דער פּאָליטישער באַוועגונג. אַקטיווער פאַר אַלע אַנדערע זענען געוועזן פּאַריזער יידן. דאָס קאָן מען אַרויסזען דערפון, וואָס די קליינע יידישע קאָלאָניע אין פּאַריז האָט שוין דאָס ערשטע יאָר רע-וואָלוציע געגעבן דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע הונדערט פרייווויליקע. דערצו האָבן זיך נאָך אַסך יידן פאַרשריבן פאַר גלידער אין די אָנגעזעענע פּאָ-ליטישע קלובן פון די יאַקאָבינער, פעליאַנטינער און אַנדערע. זיי זענען מיטגעווען אין די סעקציעס-פאַרזאַמלונגען פון פּאַריזער בירגער. יידישע טוער האָבן אין די דאָזיקע פּאָליטישע נעסטן באַקומען די געניטקייט און די ענערגיע, וואָס זיי האָבן באַוויזן אין קאַמף פאַר זייער עמאַנסיפּאַציע, אין זייער אַגיטאַציע אויסער דעם פאַרלאַמענט, אין זייער אַרט ווירקן אויף דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג, אויף דער פּאַריזער קאָמונע און פרעסע.

אין דער פרעסע זענען נאָך יידן געוועזן ווייניק. דער אָנגעזעענסטער צווישן זיי איז געוועזן דער דערמאָנטער שרייבער און פּאַטריאָט, זאַלקינד הורוויץ, דער עלטער קעמפער פאַר עמאַנסיפּאַציע. זיינע אַרטיקלען אין פּאַריזער ראַדיקאַלע בלעטער („כראָניק דע-פּאַריז" און אַנד.) מיט דער צושריפט Polonais (פון פוילן) צום מחבר נאָמען, האָבן געמאַכט אַ רושם

מיט זייער שאַרפזיניקן סטיל, אַן אָנזאָג אויף בערנעס סאַרקאַסטישן סטיל. נאָך דעם ווי די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט אָפּגעלייגט די יידנפראַגע, האָט הורוויץ אָנגעשריבן אַ בריוו אין רעדאַקציע פון „פאַריזער כראָניק" (22 פעברואַר 1790); דאָרט בעט ער „פּלפּול-לייט פון אַלע רעליגיעס" פאַר-ענטפערן אַזאַ קשיה, וואָס לאָזט אים נישט צו-רו: פון איין זייט האָט ער, דער בריוו-שרייבער, געגעבן אַ „בירגער-שבועה", אַז ער וועט טריי האַלטן די קאָנסטיטוציע, וואָס איר יסוד איז, אַז אַ מענטשן קומט רעכט; פון דער אַנדערער זייט אָבער דערלאָזט אים דער באַשלוס פון דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג נישט אָנערקענען קיין רעכט פאַר אַזוינע, וואָס דאַוונען אויף לשון-קודש און וואָס האָבן נישט געהאַט די זכיה געבוירן צו ווערן אין באָרדאָ אָדער אין אַוויניאָן... הורוויץ פלעגט זיך לאָזן הערן מיט בייסנדיקע פּאָלעמישע אַרטיקלען אויף אַבאַט מאָריס רעדעס אין פּאַרלאַמענט און אויף די שטיק פון דער קלעריקאַלער פּרעסע. ווען די קאַטוילישע גייסטלעכקייט, אויפגעבראַכט אויפן דעקרעט, וואָס נעמט אָפּ ביי אירע קלויסטערס די גיטער, האָט גע-נומען העצן אויף יידן, האָט הורוויץ אָפּגעדרוקט אַ סאַרקאַסטיש אַרטיקל, געבעטן פּאַך-לייט זאָלן אים, דעם עם-הארץ, פאַרשטיין געבן „איינִיקע פּי-זישע און מאָראַלישע פּרטים אין דער נאַטור-געשיכטע פון די גייסטלעכע".

נאָך דער עמאַנסיפּאַציע הויבט זיך דער פּאַטריאָטיזם ביי יידן נאָך מער, אין די צייטונגען באַווייזן זיך התפּעלותדיקע בריוו, דאַנק-מזמורים פון די באַפרייטע. נאַיוו-רירנדיק איז דערהויפּט געווען אַ בריוו פון איינעם שמואל לעווי, וואָס האָט זיך גענומען אַ מאָדנעם טיטל: „דער פירשט פונם גלות, דער האַר איבער מזרח- און מערב-קבוצים". „פראַנקרייך, זאָגט ער, וואָס האָט די ערשטע אַראָפּגענומען די שאַנד פון יהודה — איז אונזער ארץ-ישראל; אירע בערג — זענען אונזער באַרג-ציון; אירע טייכן זענען אונזער ירדן: לאָמיר טרינקען די לעבעדיקע וואַסערן פון אירע קוואַלן, דאָס איז די וואַסער פון פרייהייט... פרייהייט פאַרמאָגט נאָר איין שפּראַך, דעם אַלף-בית פון דער שפּראַך קענען אַלע. די נאַציע, וואָס איז געווען פאַרקנעכט מער פאַר אַנדערע, וועט גאָט בעטן פאַר דער נאַציע, וואָס בינדט אויף די קניפּן ביי קנעכט. פראַנקרייך — איז אַ מקום-מקלט פאַר געיאָגטע"... ביים אָפּגעבן די בירגער-שבועה פלעגן אַסך יידן אויסרופן דעם רעוואָלוציע-אויסרוף פון יענער צייט: „לעבן ווי פרייע מענטשן אָדער שטאַרבן!" יידן האָבן געזען צו באַווייזן זייער טריישאַפט צו דעם פאָטער-לאַנד מיט „פּאַטריאָטישע געשענקען", ד. ה. זיי האָבן אַסך געגעבן אויף געזעלשאַפטלעכע באַדערפענישן; אַזוינס האָט מען שטאַרק געשעצט דעמאָלט, אין דער צייט פון פינאַנץ-קריזיס, ווען דאָס לאַנד האָט אָנגעשטרענגט אַלע כוחות פאַר דער מלחמה מיט דער איינאָפּעאישער קאָאַליציע (1792—1793).

יידן האָבן געגעבן געלט און זאַכן, אָפט אָפגעגעבן דאָס לעצטע, אַוועקגעשענקט אַפילו דאָס מעבל פון אייניקע שולן. די מלחמה האָט געפאָדערט אויך קרבנות מיט בלוט, און יידישע סאָלדאַטן האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צום פראָנט אונטער די קוילן פון פרוסאַקן און עסטרייכער. די גרעניץ-געגנטן עלזאַס און לאָטאַרינגען זענען געווען אין קריגס-צושטאַנד, און די יידישע באַפעלקערונג האָט איבערגעטראָגן די צרות פון קריגס-צייט גלייך מיט אַנדערע. אין יאָר 1793 איז אין דער פראַנצויזישער אַרמיי געווען 2000 יידן. דאָס האָט פונדעסטוועגן נישט אָפגעהאַלטן די יידנפיינט אין נאַנסי דאָסזעלבע יאָר אָננעמען אַ רעזאָלוציע, מ'זאָל אַלע יידן אַרויסטרייבן פון פראַנקרייך. אַז מען האָט דערלאַנגט די רעזאָלוציע צו דעם קלוב יאַקאָבינער אין פּאַריז, האָט ער באַשלאָסן: „די רעפּובליק ווייסט נישט מער דאָס וואָרט ייד, ווארום דאָס וואָרט באַטייט איצט אַ סעקטע, נישט קיין נאַציע; די רעפּובליק אָבער וויל נישט וויסן פון קיין סעקטעס און קלייבט זיך נישט אַרויסטרייבן קיין סעקטאַנטן, סיידן זיי שטערן די געזעלשאַפטלעכע אָרדנונג"... נישט ווילנדיק קומט אויפן זינען אַזאַ געדאַנק: און וואָס וואָלט געווען, ווען יידן זאָל מען געווען אָנערקענען פאַר אַ נאַציע?...

דער גוואַלטיקער טעראָר צו דער צייט פונם קאָנווענט (1794–1793) פלעגט שטאַרק אָנרירן יידן אויך. דעם קאָנווענטס דעקרעט, אַז ס'ווערט איינגעפירט אַ „רעליגיע פון שכל" אָנשטאָט דעם קריסטלעכן גלויבן, איז פּראַקטיש גילטיק געווען אויך פאַר דער יידישער אמונה. צווישן יידן האָט מען אויך געקאָנט צוזען, ווי מענטשן זאָגן זיך אָפּ פון זייער רעליגיע מיט גוטן אָדער איבערגוואַלד, אַזוי ווי ס'פלעגט צוגיין ביי די קאַטוילן. אין די פייערטעג פון „דעקאַדן" (צענטער טאָג), וואָס זענען געשטאַנען אין רעוואָלוציאָנערן לוח אָנשטאָט זונטיק, פלעגן אַהרן פּאָלאַק און יעקב כהן, יידישע שול-לערער אין פּאַריז, פירן די קינדער אין „שכל-טעמפּל", איבערגעמאַכט פון דער קאַטוילישער קירך „נאָטר-דאַם". אייניקע שולן האָבן אָפּגעגעבן פאַר אַ נדבה די שטאָט-קאָמונע זייער „רויב" ד. ה. טייערע שול-חפצים, אַזוי ווי ס'האָבן דאָס געטאָן אייניקע קאַטוילישע קירכן, „די קרעמלעך פון ליגן" (boutiqes du mensonge), ווי מ'פלעגט זיי דעמאָלט רופן. אַ דעפּוטאַציע פון איין פּאַריזער סינאַגאָגע איז געקומען מיט אַזאַ מעלדונג צום קאָנווענט: „אונזערע אבות האָבן אונז איבערגעגעבן געזעצן, וואָס זיי האָבן באַקומען אויפן באַרג (סיני); די געזעצן, וואָס איר גיט פראַנקרייך, שטאַמען אויך פונם באַרג*), וואָס מיר שעצן אים נישט ווייניקער".

---

*) אין אנצוהערעניש אויף דעם לינקן פליגל, די באַרג-פּאַרטיי אָדער מאָנטאַניאַרן, וואָס האָט געהערשט אין קאָנווענט.

איינער סאָלאָמאָן העסע, אַ יידישער גייסטלעכער, האָט געשענקט דער חברה „פריינט פונם פאָטערלאַנד" אין פּאַריז זיין טלית מיט אַ זילבערנער עטרה און האָט דערביי געמאָלדן, אַז „ער האָט נישט קיין אַנדער גאָט, חוץ דעם גאָט פון פרייהייט און קיין אַנדער רעליגיע, חוץ דער רעליגיע פון גלייכקייט". אַזוינע סצענעס זענען פאָרגעקומען אין דער פּראָווינץ אויך. אין אַוויניאָן האָבן „בירגער, באַוואוסט מיט דעם נאָמען יידן", געשענקט דער קרייז-פאַרוואַלטונג „אַלע גאָלדענע און זילבערנע געציייג", וואָס מען באַנוצט ביים גאָטס-דינסט. אין לאָטאַרינגער רבנישן צענטר, אין מעץ, האָט מען פאַרניכט „לוחות פון משה רבינו" און ספרי-תורות. דער „רעפּובליקאַנער קוריער" שרייבט וועגן דעם פאַל נצחונדיק: „די געזעצן פון דעם דאָזיקן געשיקטן שווינדלער (משה רבינו), געשריבן אויף פאַרמעט, וועלן אויסגעצייכנט נוצן אויף אַ פּויק צו קלאַפּן אַטאַקע און אומוואַרפן די ווענט פון נייעם יריחו". די צייטונג פאַרזיכערט, אַז קיינעם האָט דאָס נישט געאַרט, חוץ עטלעכע ווייבער „מיט די אַלטע נאַרישקייטן". אין נאַנסי האָט אַ מוניציפּאַל-באַאַמטער געפאָדערט, יידן זאָלן אָפּגעבן זייערע „מיסטישע פּאַפּירן" צוזאַמען מיט די גאָלדענע און זילבערנע שול-חפצים. אין פּאַריז האָבן סאַנקיולאָטישע בלעטלעך געפאָדערט, מ'זאָל יידן פאַרווערן מל זיין קינדער; דער קאָנווענט האָט זיך אָבער דערצו נישט צוגעהערט. ס'זענען געווען פּרוון פאַרווערן יידן האַלטן שבת, היות ווי פאַר רו עקזיסטירט אַ בירגערלעכער שבת, די דעקאַדע; מ'האָט גענויט יידן אין עטלעכע שטעט (טרואַ, שטראַסבורג) האַלטן שבת די געשעפטן אָפן. אין מעץ האָבן יידן מיט שרעק געבאַקן מצה, מ'זאָל זיי נישט מסרן אין צַבערגלויבן. איין פרוי האָט געפּועלט ביי דער מאַכט, זי זאָל מעגן האַלטן פסח דורך דעם, וואָס זי האָט דערקלערט, אַז דאָס איז אַ יום-טוב, ווען דאָס פאָלק ישראל איז פּאָליטיש פריי געוואָרן. ס'זענען געווען פאַלן פון גוואַלד-טאָן: די פּאַנאַטיקער פונם „שכל-קולט", ד. ה. גלאַט גאַס-יונגען פלעגן זיך אַריינרייסן אין שולן, פאַרברענען ספרי-תורות און ספרים (אין די אָפיציעלע ראַפּאָרטן האָט דאָס געהייסן: „מ'האָט זייערע פאַלשע ביכער פאַרברענט אויפן פּאַטריאָטישן פייער"), פאַרמאַכן שולן; אייניקע רבנים אין עלזאַס איז אויסגעקומען אויסצושטיין רדיפות.

פרי-זומער 1794 האָט מען דעם „קולט פון שכל" פאַרביטן אויף ראָבעספּיערס דעאיסטישן קולט פון דעם „העכסטן וועזן"; רעליגיעזע רדיפות האָבן אויפגעהערט, אָבער דער טעראָר האָט נאָך אַלץ געווילדעוועט. די רעוואָלוציע האָט געפרעסן אירע לייבלעכע קינדער: אונטער דעם גילייאָטינע-מעסער זענען געפאַלן נאָכאַנאַנד קעפּ פון זשיראָנדיסטן, העבערטיסטן, דאַנטאָניסטן, איצט איז געקומען די צייט פאַר ראָבעספּיערס פּאַרטיי. היות ווי יידן זענען מיטגעווען אין פאַרשיידענע פּאַרטייען און קלובן, האָט דער

טעראָר זיי אויך נישט געשוינט. שוין דעם קאָנווענטס דעקרעטן פון יאָר 179: וועגן פאַרהאַלטן אַזוינע, וואָס מ׳איז זיי חושד, אַז זיי זענען נישט געטריי דער רעפּובליק, און וועגן פאַרשיקן „אַריסטאָקראַטן” און אויסלענדער, האָבן באַשאַפן אַן אוממעגלעכע לאַגע פאַר אַסך יידן אין פּאַריז. איייניקע האָט מען אַרעסטירט אַלס אָנגעקומענע פון אויסלאַנד, אַנדערע האָט מען באַשולדיקט אין „איינגעגעסענעם אַריסטאָקראַטיזם”, נאָך אַנדערע — אַז זיי געהערן צו דער פּאַרטיי, וואָס די רעוואָלוציאָנערע קאָמיטעטן האָבן צו דער צייט געוואָלט אויסראָטן. פּורטאַדאָ, אַ יידישער פּאָליטיקער אין באָרדאָ, אַ זשיראָנדיסט, האָט געמוזט אַנטלויפן, כדי אויסצומיידן דעם גורל פון אַלע זשיראָנדיסטן (1793). מ׳פלעגט כאַפּן און פאַרהאַלטן אין די טורמעס איבער פאַלשע מסירות אַסך מענטשן, מען פלעגט זיי אויסהערן און מייסטנס אָפּלאָזן, אָבער אויך פיל האָבן געליטן. אויף איייניקע יידישע באַנקירן און נעגאָציאַנטן אין באָרדאָ האָט מען אַרויפגעלייגט גרויסע סומעס געלט-שטראָף דערפאַר, וואָס זיי האָבן אַמאָל געהאַט געשעפטן מיטן קעניגס הויף און מיט דער אַריסטאָקראַטיע, אָדער וואָס זיי זענען נישט גענוג איבערגעגעבן דער רעפּובליק. אַ באַנקיר פּייקסאָטאָ האָט מען באַשולדיקט, חוץ די אַלע זינד, נאָך אין דעם, וואָס ביים אַלטן רעזשים האָט ער זיך געשתדלט צו באַקומען דעם אַדל-טיטל אויפן גרונד, וואָס ער שטאַמט פון אַ ביבלישער פאַמיליע לוי. אַזוינע חוזקדיקע מאָטיוון איז גענוג געווען, אַז די מיליטער-קאָמיסיע אין באָרדאָ זאָל אים באַשטראָפן מיט אַ גוואַלדיקער סומע פון 1.200.000 ליוור. צו געלט-שטראָף אַליין האָט זיך דאָס אָבער נישט אויסגעלאָזט: עטלעכע יידישע קעפּ האָבן נישט אויסגעמיטן די גיליאָטינע.

איינער פון די ערשטע איז געפאַלן יעקב פּערייראַ. אַ געבוירענער אין דרום-פראַנקרייך, האָט ער זיך אין יאָר 1790 באַזעצט אין פּאַריז, געעפנט אַ טאַבאַק-פאַבריק און האָט זיך אַריינגעטאָן אין פּאָליטיק. ער איז צוגעשטאַנען צו די עקסט-לינקע פּאַרטייען און איז געוואָרן אַן אָנגעזעענער גליד פון דעם קלוב יאַקאָבינער. ווען ס׳איז געוואָרן דער „שכל-קולט” האָט זיך פּערייראַ באַטייליקט צוזאַמען מיט דעם קאָסמאָפּאָליט אַנאַכאַרסיס קלאָטס, „דעם וועלט-ריידער”, אין אַ קעגן-קאַטוילישער דעמאָנסטראַציע, וואָס האָט אויפגערירט גאַנץ פראַנקרייך. ביידע יאַקאָבינער זענען געקומען צום פּאַריזער בישאָף גאָבעל און האָבן אים פאָרגעלייגט גיין צום קאָנווענט און עפנטלעך זיך אָפּזאָגן דאָרטן פון זיין „גרייזן”, ד. ה. פון זיין גייסטלעכן טיטל. דער בישאָף האָט זיך נישט לאַנג געוועקט, ער האָט געמוזט גיין צום קאָנווענט; דאָרטן האָט ער געמאָלדן, אַז ער זאָגט זיך אָפּ פון זיין בישאָפס שטעלע, האָט אויסגעטאָן דעם צלם און אָנגעטאָן אַ רויט מיצל, וואָס עמעצער האָט אים אָנגערוקט אויפן קאָפּ ביי הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן פון דעם קאָנווענט.

פאַרן אָנטייל אין דער דאָזיקער קאָמעדיע האָט פּערייראַ טייער באַצאָלט. אינגיכן האָט מען דעם „שכל-קולט" אָפּגעשאַפט: ראָבעספּיער האָט זיך גע־נומען פאַר די מיסיאָנערן פון דער „אַטעאיסטישער רעליגיע" און האָט פאַרפירט אַ פּראָצעס קעגן די טעראָריסטן פון העבערס פּאַרטיי; פּערייראַ איז אַריינגעפאַלן צווישן די באַשולדיקטע צוזאַמען מיט אַנאַכאַרסיס קלאָטס; די באַשולדונג איז געווען: כלומרשט „האָט ער זיך באַטייליקט אין אַן אָפּרייד צו פאַרניכטן די נאַציאָנאַלע פאַרוואַלטונג (קאָנווענט), אומברענגען די דעפּוטאַטן און אָפּשאַפן די רעפּובליק". פינף חדשים איז פּערייראַ אָפּגעזעסן אין פעסטונג און נאָכדעם האָט אים דער רעוואָלוציאָנערער טריבונאַל פאַרמשפּט טויט-שטראָף. צום עשאַפאָט האָט מען אים געפירט אין איין קאָטש מיט העבערן, קלאָטסן און אַנדערע. פּערייראַס קאָפּ איז אַראָפּגעפאַלן ביי הויכע אויסגעשרייען פון די צוזעער: „לעבן זאָל די רעפּובליק!" (מערץ 1794).

אין אַ חודש אַרום איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס פון די דאַנטאָניסטן; דאָ זענען פאַרמישט געווען די ברידער פריי, וואָס האָבן געשטאַמט פון יידן *). יוני און עמנואל פריי זענען געווען פון עסטרייך, דאָרט האָט זייער פאָטער, אַ רייכער נעגאָציאַנט, געטויפט זיך. די ברידער פריי, צוזאַמען מיט אַ יונגער שוועסטער לעאָפּאָלדינע, זענען איבערגעצויגן קיין פאַריז אין יאָר 1792, „צו געניסן פרייהייט". דאָ זענען זיי געוואָרן נאָענט צו די מאָנטאַ־ניאַרן, דערהויפּט צו דעם דעמאַגאָג שאַבאָ, אַ געוועזענעם קאַפּוצינער מאָנאַך. כדי צו פאַרשטאַרקן זייער פאַרבונד מיט דער רעוואָלוציע האָבן די ברידער פריי אויסגעגעבן זייער 16-יאָריקע שוועסטער פאַר שאַבאָן, כמעט אים אָנ־געוואָרפן די יונגע שיינהייט, מיט אַ צוגאָב פון אַ היפּשן קאַפּיטאַל. אינגיכן איז שאַבאָ אַריינגעפאַלן אין נעץ פון רעוואָלוציאָנערן שפּיאָנאַזש; מ'האָט אים באַשולדיקט, וואָס ער האָט חתונה געהאַט מיט אַן עסטרייכערין און גענומען אויסלענדיש געלט מיט דעם צוועק צו מאַכן אַ מלוכה-איבערקער. די ברידער פריי האָט מען באַשולדיקט, אַז זיי האָבן געוואָלט מאַכן אַ מיאוסן שם דער רעפּובליקאַנער רעגירונג דורך שוחד געבן. דער רעוואָ־לוציאָנערער טריבונאַל האָט זיי פאַרמשפּט טויט-שטראָף,ביידע יונגעלייט (איינער 36 יאָר אַלט, דער אַנדערער 27) זענען אומגעקומען אויף דעם עשאַפאָט צוזאַמען מיט שאַבאָ, דאַנטאָן, דעמולען און אַנדערע רעוואָלוציאָ־

---

*) עס איז אַ סברה, אַז זיי שטאַמען פון יעקב פראַנקס משפּחה, וואָס האָט זיך באַזעצט אין ברין (מעהרן, עסטרייך). זיי זענען געווען געטויפט און האָבן זיך גערופן „פריי" נאָך דעם נאָמען פראַנק.

נערע העלדן (אַפּריל 1794). איין לעאָפּאָלדינע איז אַרויס פּריי, געבליבן אַן אַלמנה אַ האַלב יאָר נאָך דער חתונה.

נאָך אַ טראַגעדיע האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דער פאַמיליע ביים באַראָן ליפּמאַן קאַלמער, אַ האָלענדער, וואָס האָט זיך נאַטוראַליזירט אין פראַנקרייך אַ צייט פאַר דער רעוואָלוציע. איין זון זיינער, יצחק קאַלמער האָט געהערט צו די פאַרברענטסטע סאַנקיולאָטן („אַ סאַנקיולאָט מיט 200 טויזנט ליוור הכנסה אַ יאָר"), דער אַנדערער האָט סימפּאַטיזירט די ראָיאַליסטן, אָבער ביידע זענען פון פאַרשיידענע עקן פּאָליטיק געקומען צום עשאַפאָט. יצחק קאַלמערן, אַן אַקטיוון גליד, אָפט אַ פאָרזיצער פון דעם רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט אין קלישי (נעבן פּאַריז), האָבן פּאָליטישע קעגנער באַשולדיקט אין דעספּאָטיזם: ער באַגייט זיך שלעכט מיט די מוניציפּאַל-באַאַמטע און טעראָריזירט קלישיער בירגער. דער רעוואָלוציאָנערער טריבונאַל האָט אים פאַרמשפּט טויט. אומגעקומען איז ער אין יוני 1794. דעם יינגערן ברודער, לואי בענזשאַמען, האָט מען באַשולדיקט, אַז ער „שטיצט ראָיאַליסטן און קאָנטר-רעוואָלוציאָנערן". מ'האָט אים אויסגעשטעלט, אַז בעת ער איז געווען אַ גרענאַדיר אין איין באַטאַליאָן אין טויליערי, וואו דעם קעניגס פאַמיליע האָט פאַרבראַכט, פלעגט ער אַריינגיין אין פּאַלאַץ און רעדן מיט דעם קעניג און מיט דער קעניגין, אַז ער האָט געפאָלגט דעם „פאַראַכטן הויפמאַנס" לאַפּאַיעטס באַפעלן און פלעגט צעגעבן מעדאַליען, וואָס יענער האָט געהייסן. אין מאַי 1794 האָט דער רעוואָלוציאָנערער טריבונאַל פאַרמשפּט דעם יינגערן קאַלמער צום טויט, און אינגיכן איז ער אומגעקומען אויף דער גיליאָטינע. דאָס אייגענע האָט געזאָלט טרעפן זייער שוועסטער שרה אויך, נאָר צופעליק האָט זי זיך געראַטעוועט פון טויט: זי איז זיך פאַרזעסן אין טורמע שפּעטער פאַר אירע ברידער, דערווייל איז פאָרגעקומען דער טערמידאָר-איבערקער, און ראָבעספּיערס בלוטיקע דיקטאַטור איז געפאַלן (יולי 1794). מ'האָט זי באַפרייט צוזאַמען מיט אַנדערע אַרעסטירטע, וואָס ס'איז זיי פריער אָנגעצייכנט געווען אומצוקומען.

יידישע נעמען טרעפן זיך אין פּאָליטישע פּראָצעסן שפּעטער אויך, אין דער צייט פון „באַרואונג". אין קאָנווענטס צייטן האָט מען געכאַפּט און פאַרשפאַרט אין טורמע פאַר נישט געגוג ראַדיקאַל-זיין, אין די צייטן פון דער דירעקטאָריע (1795-1796) האָט מען פאַרפירט פּראָצעסן קעגן לינקע יאַקאָבינער. מ'דאַרף אָבער זאָגן, אַז דאָס אַלץ האָט אָנגערירט איינצלנע פערזאָנען, און דער כלל יידן האָט דערפון נישט געליטן.

## § 20. די ערשטע פרוכט פון דער עמאַנסיפּאַציע (1796—1806)

אין די צען יאָר, וואָס זענען אַריבער פון דער דירעקטאָריע ביז נאַפּאָלעאָנס אימפּעריע, איז אין לעבן פון די פראַנצויזישע יידן קיין שום וויכטיקע געשעענישן נישט פאָרגעקומען, אָבער אין דער צייט זענען אויס-געוואַקסן יענע געשעענישן, וואָס מיר זעען זיי שפּעטער. ס'ווערן צייטיק די ערשטע פרוכטן פון דער עמאַנסיפּאַציע, די זיסע ווי די ביטערע. די יידישע בירגערלעכע און עקאָנאָמישע לאַגע פאַרבעסערט זיך, אָבער, אַקעגן וואַקסט אויך די אומצופרידנקייט און דער ווידערשטאַנד פון דעם טייל קריסטלעכער באַפעלקערונג, וואָס זיינע אינטערעסן האָבן נישט געשטימט מיט די יידישע. אונטער דער ליכטיקער זון פון פרייהייט וואַקסט אויס אַ פרוכט, וואָס ציט אירע זאַפטן פון דעם באָדן פון קנעכטשאַפט.

זינט דער רעוואָלוציע אָן איז די יידישע באַפעלקערונג אין פראַנקרייך אַלץ געוואַקסן. פון נאָענטן דייטשלאַנד האָט זיך פאַרשטאַרקט די אימיגראַציע אין די מזרח-דעפּאַרטאַמענטן, קיין עלזאַס-לאָטארינגען. די באַוואוינער פון די דייטשע געטאָס האָבן דאָ געטראָפן אַ היימישע סביבה; דער לעבנס-שטייגער און די שפּראַך (יידיש) זענען דאָ געווען דיזעלבע, וואָס דאָרט, און דייטשע יידן האָבן זיך דאָ גיך צוגעפּאַסט. אַ סך האָבן זיך געלאָזט ווייטער אויך, דערהויפּט קיין פּאַריז; פאַר 15 יאָר איז די צאָל יידן אין פּאַריז געוואָרן דריי מאָל אַזוי די גרויס (אַרום יאָר 1806 האָט שוין דאָרט געוואוינט 3000 יידישע נפשות). אין שטראַסבורג, וואָס איז פריער געווען פאַרשלאָסן פאַר יידן, איז איצט געוואָרן אַ היפּשע יידישע קהילה. פראַנצויזישע איינגע-מונגען בשעת רעוואָלוציע און אימפּעריע (בעלגיע, האָלאַנד, שווייץ, אַ טייל איטאַליע און דייטשלאַנד) האָבן מעכאַניש פאַרגרעסערט די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג; אין די ערשטע יאָרן פון דער אימפּעריע (1804—1808) האָט זיך אין פראַנקרייך שוין גערעכנט אַריבער 135 טויזנט נפשות; בערך העלפט דערפון האָט געוואוינט אין די אַלט-פראַנצויזישע דעפּאַר-טאַמענטן.

די דאָזיקע מאַסע יידן האָט געזוכט צו אַנטוויקלען אירע כחות אין דעם פרייען לאַנד, אָבער אין יענער שטורעמדיקער צייט האָט זי נישט געקאָנט נאָרמאַל וואַקסן; פריער האָבן געשטערט אינעווייניקסטע רעוואָלו-ציאָנערע קריזיסן, דערנאָך דורכאַנאַנד אויסווייניקסטע מלחמות. אָנשטאָט דעם פריערדיקן דורשט צו פרייהייט איז איצט געקומען אַ דורשט צו קריגס-רום, צו הערשן איבער אייראָפּע; ס'האָט אויפגעבליט נאַפּאָלעאָנס מיליטאַ-ריזם. יידן האָבן אויך געמוזט נאָכגיין דעם שטראָם, וואָס האָט פאַרשלעפּט בירגער-מוט אין די סאָלדאַטן-קאַזאַרמעס און אויף די שלאַכט-פעלדער; נישט

וויניק שטאָף האָבן יידן געליפערט פאַר דעם האַרמאַטן־פלייש, וואָס „פראַנק־רייכס גרויסקייט" האָט געפאָדערט. די אָפטע מאָביליזאַציעס האָבן אַוועקגענומען ביי דער יידישער באַפעלקערונג די בעסטע יוגנט. יידן האָבן זיך געשטעלט אונטער די פאָנען פון דער רעפובליק און פון דער אימפעריע אָדער האָבן געדונגען אַנדערע פאַר זיך; ס'האָט נישט געפעלט קיין וואָלאָנטערן און קיין פראָפעסיאָנאַלן אויך, וואָס האָבן דערלאַנגט צו אָפיצירן־ראַנג. די לאַגע פון אַ יידן אַ סאָלדאַט צווישן זיינע קריסטלעכע חברים איז אָפט געווען זייער אַ געדריקטע; אַ סך יידן האָבן דעריבער נישט אויסגעזאָגט זייער אָפשטאַם און האָבן זיך אויסגעקליבן אַ מיליטער־פסעוודאָנים אָנשטאָט זייער יידישן נאָמען. וואָס מער מאָביליזאַציעס, איז אָבער אַלץ שווערער געוואָרן דער „בלוט־שטייער", און אַלץ מער האָט מען זיך גענומען אויסדרייען פון מיליטער־דינסט. די פרעפעקטן אין די מזרח־דעפּאַרטאַמענטן פלעגן מעלדן, אַז אַ סך יידן קומען נישט צו די מאָביליזאַציעס, אַז זיי פירן נישט ריכטיק זייערע מעטריקעס; אַנדערע פאַרשרייבן גאָר זייערע יינגלעך מיט מיידלשע נעמען, כדי אויסצומיידן מיליטער־דינסט. כאָטש נישט־קומען צו דער דינסט און אַפילו דעזערטירן איז ביי קריסטן אויך געוואָרן אַלץ אָפטער, פונדעסטוועגן פלעגט מען קוקן דערהויפּט אויף יידן און מ'פלעגט זיי אויסוואַרפן, אַז זיי פעלט בירגער־געפיל, דערפון האָט מען שוין ממילא געצויגן דעם פועל־יוצא, אַז יידן פאַרדינען נישט קיין גלייכבאַרעכטיקונג. ס'איז געווען אַ היסטאָרישער טראַגיזם פאַר פראַנצויזישע יידן, וואָס די עמאַנסיפּאַציע איז פאַר זיי אָנגעקומען פאַרקנילט אין בלוטיקן טראַר און אין פולווער־רויך, אַזוי, אַז זיי האָבן נישט געהאַט די געלעגנהייט ביסלעכווייז זיך צופּאַסן צו דעם נייעם בירגער־לעבן און צו דער אייראָפּעאישער קולטור.

דערפון נעמען זיך אויך די אומנאָרמאַלע וועגן פון זייער קולטור־אַנטוויקלונג: אומגעריכטע שפרונגען אויף איין זייט, פאַרגליווערטקייט אויף דער אַנדערער זייט. די אויבערשטע שיכטן, דערהויפּט אין פּאַריז און צווישן ספרדישע יידן, האָבן זיך גיך אונטערגעגעבן דעם שטראָם אַסימילאַציע. אָנשטאָט צו רעפאָרמירן די יידישע שול, האָבן די עלטערן אָפּגעגעבן זייערע קינדער אין פראַנצויזישע שולן און אין „לייטישע פּאַנסיאָנען", יידישע קינדער האָבן זיך אויפגעצויגן צווישן קריסטן און האָבן זיך דערווייטערט פונעם יידישן לעבן. מיליטער־דינסט האָט אויך אָפט אָפּגעריסן די יידישע יוגנט פון איר נאַציאָנאַלער סביבה. אייניקע האָבן זיך אויסגעצייכנט אין מלוכה־דינסט אָדער אין די פרייע פּראָפעסיעס, אָבער זייער וויניק אין דעם יונגן דור האָבן זיך אינטערעסירט מיט זייער פאָלק, ווי אַדוואָקאַט מיכאל בער, דעם געוויסן יצחק בערס אַ זון, און אַנדערע. ס'האָט זיך אָנגעהויבן באַווייזן ראַסן־אַסימילאַציע אויך: ג ע מ י ש ט ע ח ת ו נ ו ת

צווישן יידן און קריסטן. די אַסימילאַציע האָט זיך שטאַרק פאַרנומען אַפילו אין די יידישע צענטערן פון עלזאַס-לאָטאַרינגען. נאָך אין יאָר 1791, באַלד נאָך דער עמאַנסיפּאַציע, האָט דער שתּדלן יצחק-בער אויפגעפאָדערט יידן, זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פון דער יידישער שפּראַך, איינפירן ביי זיך פראַנ-צויזיש, אָפּגעבן זייערע קינדער אין פראַנצויזישע שולן, וואָרום נאָר דורך אַזאַ אייניקן-זיך מיט קריסטלעכע קינדער אין דער שול וועט באַזייטיקט ווערן די פאַרפרעמדקייט, און צווישן קריסטן און יידן וועט ווערן „אַ ברי-דערלעכע ליבשאַפט". אין אינעווייניקסטן יידישן לעבן איז בערס וואונש איינגיכן מקוים געוואָרן: די פראַנצויזישע מלוכה-שפּראַך האָט ביסלעכווייז אַרויסגעשטופּט די יידישע פאָלקס-שפּראַך, די פראַנצויזישע שול האָט פאַר-נומען דאָס אָרט פון דער יידישער שול, דער יונגער יידישער דור איז בכלל, וואָס ווייטער, אַלץ מער פאַרפרעמדט געוואָרן צום אייגענעם פאָלק, אָבער צו „ברידערלעכער ליבשאַפט" מיט דער קריסטלעכער באַפעלקערונג האָט דאָס נאָך געהאַלטן ווייט. אין יאָר 1806, ד. ה. 15 יאָר נאָך דער עמאַנסיפּאַציע, איז דעמזעלבן יצחק בער אויסגעקומען צו שרייבן אַזאַ ביטערע זאַך: „געוויס האָט דער גליקלעכער דעקרעט פונם 28 סעפּטעמבער 1791 אומגעקערט אונז אונזערע רעכט און האָט אונז פאַרפליכט אייביק דאַנקבאַר זיין, אָבער ביז היינט נאָך האָבן מיר דעם דעקרעט ווייניק באַ-נוצט, און אין דער פּראַקטיק פעלט אונז נאָך אַ סך פון דעם, וואָס מיר האָבן באַקומען אויפן פּאַפּיר. די פאַראַכטונג צום נאָמען „ייד" איז די גרעסטע מניעה פאַר אונזער אויפלעבן. זאָל אַ יידיש יינגל קומען צו אַ מייסטער אַ בעל-מלאכה, צו אַ פאַבריקאַנט, צו אַ קינסטלער אָדער צו אַן ערד-אַרבעטער לערנען זיך ביי אים — אַזוי טרייבט מען אים דערפאַר, וואָס ער איז אַ ייד. רופט מען אַ יידן אין געריכט אַריין — וועט זיך דער אַנדערער צד זעלטן נישט אָנטאָן דעם פאַרגעניגן אויסלאַכן יידן און אויסרעדן אויף זיי, וואָס נאָר מ'וואַרפט אונז אויס זינט די וועלט שטייט... אַפילו אין די טעאַטערס שעמט מען זיך נישט מאַכן אונז צו שפּאָט".

דער דאָזיקער ווידערשטאַנד פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג אקעגן יידישער גלייכבאַרעכטיקונג האָט דערהאַלטן יידן ביי זייער סאָציאַל-עקאָנאָמישער אָפּגעשטאַנענקייט. דער גרעסטער טייל יידן אין עלזאַס און אין לאָטאַרינגען האָט זיך נאָך געהאַלטן ביי די פריערדיקע פּראָפעסיעס, ביי קליינהאַנדל און געלט-לייען, נישט געקוקט, וואָס דער געזעץ האָט זיי נישט געשטערט פריי זיך נעמען פאַר יעדער זאַך. דער דויערנדיקער פי-נאַנץ-עקאָנאָמישער קריזיס אין פראַנקרייך צו דער צייט פון רעוואָלוציע און אימפּעריע האָט געבראַכט דערצו, אַז יידן האָבן נישט געקאָנט אָן ריזיקע נעמען זיך פאַר נייע פּראָפעסיעס; די קריסטלעכע באַפעלקערונג

ווידער, ווייניקסטנס אירע פאַראינטערעסירטע קלאַסן, האָבן אַזוינס אויך נישט דערלאָזט, דערפון נעמט זיך דער עקאָנאָמישער קאָנסערוואַטיזם; אין דער יידישער ווירטשאַפט איז געבליבן הערשן אַ וויסטיקע מאָנאָפּאָליע: דער געלט-קרעדיט, דערהויפּט אין דאָרף צווישן פּויערים. דער איבערקער, וואָס די רעוואָלוציע האָט געבראַכט אין דער ערד-פראַגע (אויס פעאָדאַליזם, די עמיגראַציע פון דעם אַדל, דער אויפגעקומענער פויערשער ערד-בעל-הבית), האָט נאָר געגעבן אַן אַנדער ריכטונג דער יידישער פאַרמיטלעריי. פון היפּאָטעק-אויסלייער איז אַ קליינער טייל יידן-קאַפּיטאַליסטן געוואָרן ערד-אייגנטימער. דער גרעסטער טייל אָבער האָט זיך באַשעפטיקט מיט איבער-פאַרקויפן די פאַרזעצטע נחלאות צו פויערים אָדער שטאָט-לייט. איבער דעם טעראָר און קריגס-אומרו איז די ספּעקולאַציע מיט נחלאות אויפגעשרויפט געוואָרן ביז גאָר: בעלנים אויף גרינגע פרנסות פלעגן אויפקויפן פאַר קליינגעלט די גיטער, וואָס די עמיגראַנטן-פּריצים האָבן געמוזט פאַרלאָזן, און פאַרקויפן זיי פאַר הויכע פּרייזן. אַ ייד, וואָס פלעגט לייען אַ פּויער געלט צו קויפן פּריצישע ערד, האָט אים דערמיט גרינגער געמאַכט צו ווערן אַ בעל-הבית פאַר זיך, אָבער דער אייגענער ייד האָט באַלעסטיקט דעם נייעם בעל-הבית מיט שווערע חובות. די אומזיכערקייט פון קרעדיט האָט געצווינגען דעם אויסלייער צו נעמען גרויסע פּראָצענטן; דאָס האָט אָבער שטאַרק אויפגעבראַכט דעם עולם. פון די ריין-דעפּאַרטאַמענטן האָט מען זיך געקלאָגט קיין פּאַריז, אַז „יידן עקספּלואַטירן", יידן זענען וואָכערניקעס, יידן פאַרכאַפּן אַלץ פאַר זיך. מאַרשאַל קעלערמאַן האָט אין יאָר 1806 געשיקט נאַפּאָלעאָנען אַ „פּריוואַטן ראַפּאָרט"; דאָרט מאָלט ער מיט שוואַרצע פאַרבן די לאַגע פון דער פּראָווינץ עלזאַס אונטער דער יידישער עקאָנאָמישער „הערשאַפט": יידן רואינירן דאָס עלזאַסישע דאָרף, זיי האַלטן אין יאָך כמעט דאָס גאַנצע פּויערטום און זענען פאַקטיש די אייגנטימער פון דעם גרעסטן טייל ערד אין געגנט. אַזוינע פאַרטייאישע ראַפּאָרטן האָבן געמאַכט אויף נאַפּאָלעאָנען אַ גרויסן איינדרוק, ער האָט זיך גראָד יענע צייט שטאַרק אינטערעסירט מיט דער יידנפראַגע. אין פּאַריז האָט זיך קעגן יידן געקליבן אַ גרויסער באַשולדיקונגס-אַקט, ס'האָט אָנגעהויבן שמעקן מיט אָפּשאַפן יידישע גלייכבאַרעכטיקונג...

## § 21. נאַפּאָלעאָן און יידן; דער דעקרעט פון יאָר 1806

די נייע קראַפט, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן אין אייראָפּעס לעבן, אַ קראַפט, וואָס האָט גלייכצייטיק צעשטערט און געבויט, וואָס האָט פאַר-

אייניקט אין זיך אומגעזעץ פון דעספּאָטיזם מיט פרייהייט פון רעוואָלוציע, די דאָזיקע שטורעמדיקע קראַפט האָט אָנגערירט יידן אויך. נאַפּאָלעאָן איז געווען פאַר יידן דאָס, וואָס פאַר גאַנץ אייראָפּע: אַ באַדריקער און אַ באַ-פרייער, אַ גייסט פון בייז און פון גוטס. געמיינקייט און גרויסקייט האבן זיך דאָ פאַרקניפּט ביי דעם וועלט-איינגעמער אין זיינע באַציאונגען צו אַ נאַציע, וואָס די וועלט האָט זי נישט געקאָנט גובר זיין.

דאָס ערשטע מאָל האט זיך באַנאַפּאַרט נאָענט געטראָפן מיט יידן אין זייער אַלטער היים, בשעת זיין וואונדערלעכן פעלדמאַרש קיין סיריע און מצרים. נאָך דעם ווי באָנאַפּאַרט האָט איינגענומען עזה און יפו (פעברואַר-מערץ 1799), האָט ער ביי די טויערן פון ירושלים פאַרעפנטלעכט אַן אויפרוף צו יידן אין אַזיע און אין אַפריקע, זיי זאָלן העלפן דעם פראַנצויזישן מיליטער, ווען ער דעמאָלט צוריק אויפשטעלן ירושלים. דאָס איז געווען אַ פּאָליטישע קונץ צו פאַרווערבן זיך מזרח-יידן פאַר גוטע פריינט בעת דער מלחמה אין פּאַלעסטינע. יידן האָבן זיך נישט געלאָזט איינרעדן; זיי זענען טריי געבליבן דער טערקישער רעגירונג. איבער די ידיעות וועגן רציחות פון דער פראַנצויזישער אַרמיי, האָבן ירושלימער יידן אַסך מיטגעאַרבעט צו פאַרטיידיקן די שטאָט. דער פאַנטאַסטישער פּלאַן איינצונעמען אַזיע איז נישט געראָטן, און נאַפּאָלעאָן האָט זיך אומגע-קערט קיין מערב, כדי מיט דעם קלאַפּ פון 18-טן ברויומער נעמען אין די הענט פראַנקרייך און נאָכדעם — איינגעמען אייראָפּע.

דער געדאַנק, ווי אַזוי איינצואָרדנען יידן אין אַ מאָדערנער מלוכה, האָט דאָס ערשטע מאָל פאַראינטערעסירט נאַפּאָלעאָנען, ווען ער איז נאָך געווען ערשטער קאָנסול. נאָך דעם ווי ער האָט געשלאָסן דעם קאָנקאָרדאַט מיטן פּויפּסט (1801), איז געוואָרן אַ פראַגע וועגן די פאַרשיידענע רעליגיעזע קולטן אין פראַנקרייך. דער ערשטער קאָנסול האָט איבערגעגעבן דעם קולט-מיניסטער פּאָרטאַליסן צושטעלן אַ באַריכט וועגן דער באַציאונג פון דער יידישער רעליגיע צו דער מלוכה. יענער האָט צוגעשטעלט אַ באַריכט, און דער געזעצגעבערישער קאָרפּוס האָט דאָס אויסגעהערט אין דער זיצונג פון 5 אַפּריל 1802. אָבער אָנשטאָט אַ פּראָיעקט, ווי אַזוי איינצואָרדנען יידישע רעליגיעזע אָנגעלעגנהייטן, זענען דאָ אָנגעגעבן געווען טעמים, ווי שווער דאָס איז צו פאַרווירקלעכן אַזאַ פּראָיעקט. „די רעגירונג זאָרגט וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון פאַרשיידענע קולטן, שרייבט פּאָרטאַליס, ממילא האָט זי אין אויג די יידישע רעליגיע אויך; די יידישע אמונה דאַרף זיין פריי גלייך מיט אַנדערע אַזוי ווי אין אונזער געזעץ שטייט. אָבער יידן זענען מער אַ פאָלק, איידער אַ אמונה, זיי לעבן צווישן אַנדערע נאַציעס און מישן זיך מיט זיי נישט אויס. די רעגירונג האָט געמוזט אין זינען האָבן

די אייביקייט פון דעם דאָזיקן פאָלק, וואָס איז גאַנץ געבליבן ביז צו היינטיקער צייט נאָך אַלע היסטאָרישע אומגליקן, דאָס פאָלק, וואָס אין זיין קולט און אין זיין גייסטיקער אָרדנונג פאַרמאָגט דאָס די גרעסטע פּריווילעגיע — צו האָבן גאָט אַליין פאַר זיין געזעצגעבער". אין אַזאַ פאַרשפּיל האָט זיך שוין אַרויסגעוויזן די שפּעטערדיקע צווייזייטיקייט פון נאַפּאָלעאָנס רעגירונג אין דער יידנפראַגע; היסטאָרישע קאָמפּלימענטן דער יידישער שטאַנדהאַפטיקייט, און פון דער אַנדער זייט — די מורא, אַז אַזאַ פאָלק וועט זיך נישט קאָנען צופּאַסן צום פראַנצויזישן מלוכה-לעבן, ד. ה. ס'וועט דערהאַלטן ווייטער אויך זיין היסטאָרישע שטאַנדהאַפטיקייט. איבער דער דאָזיקער אומזיכערקייט איז די פראַגע וועגן דער אינעווייניקסטער יידישער אָרגאַניזאַציע אָפּגעלייגט געוואָרן.

נאַפּאָלעאָן דער אימפּעראַטאָר האָט פאַרענדיקט, וואָס נאַפּאָלעאָן דער ערשטער קאָנסול האָט אָנגעהויבן; אָבער אין גרונד האָט שוין דאָ געשטעקט מער באַזאָרגעניש און חשד, איידער דרך-ארץ פאַר דער „אייביקייט פונם יידישן פאָלק". גאָר און גאָר פרעמד דעם יידישן לעבן, האָט זיך נאַפּאָלעאָן געפּאַסט אַ באַגריף דערפון פון די צופעליקע איינדרוקן בשעת די פעלד-מאַרשן, פון פּריוואַטע אָנקלאָגן אָדער פון אָפיציעלע ראַפּאָרטן. אין מלחמה-צייטן האָט ער נישט באַמערקט ספּעציעל יידישע סאָלדאַטן אין דער פיל-פאַרביקער, פילפעלקערדיקער אַרמיי, בפרט נאָך, אַז יידישע סאָלדאַטן פלעגן פאַרהוילן זייער יידישן אָפּשטאַם דורך פאַרשיידענע פּסעוודאָנימען (זע § 20). דערפאַר אָבער האָבן זיך אים געוואָרפן אין אויג מחנות מאַרקיטאַנטן, וואָס פלעגן נאָכגיין דער אַרמיי און גייציק כאַפּן זייער האַנדלס-געווין דאָרט, וואו דער פראַנצויזישער פירער האָט געזוכט קריגס-געווין. צוריקוועגס פון דער אויסטערליצער שלאַכט (ענדע יאָר 1805) האָט זיך דער קיסר אָנגעהערט אין שטראַסבורג מיט אָנקלאָגן אויף עלזאַסער יידן: זיי זאָלן האָבן פאַרקנעכט מיט זייערע קרעדיט-אָפּעראַציעס די גאַנצע פּויערישע באַפעלקערונג אין דער פּראָווינץ. די קריסטן אין שטראַסבורג, וואָס האָבן זיך פון לאַנג אָן פעסט געהאַלטן אָן זייער אַלטער „פּריווילעגיע" — נישט אַריינצולאָזן קיין יידן אין שטאָט, האָבן נאָך אַלץ נישט געקאָנט צוגעוווינען זיך צו יידישער עמאַנסיפּאַציע, צו אַ גלייכבאַרעכטיקטער יידישער קהילה אין דער שטאָט, וואו פריער „האָט אַ ייד נישט געטאָרט איבערנעכטיקן". אויף נאַפּאָלעאָנען האָבן שטראַסבורגער און אַנדערע עלזאַסער יידנפיינט אַרויסגעקוקט, ער זאָל זיי צוליב טאָן וואָס זיי האָבן נישט געקאָנט פועלן אין די יאָרן פון רעוואָלוציע, נעמלעך, מ'זאָל נישט לאָזן יידישע גלייכבאַרעכטיקונג פאַקטיש פאַרווירקלעכט ווערן. דאָס מאָל האָבן זיי געטראָפן; דער קיסר האָט צוגעזאָגט באַטראַכטן די אָנקלאָגן און אָננעמען מיטלען.

קיין פּאַריז איז נאַפּאָלעאָן געקומען שטאַרק אויפגעבראַכט אויף יידן, מיט אַ פעסטן באַשלוס זיך נעמען צו זיי, נישט געשראָקן זיך פאַר אָנרירן זייער גלייכבאַרעכטיקונג. דעם מלוכה-ראַט האָט ער באַפוילן באַלד באַהאַנדלען די פראַגע. רעפערענט איז געווען גראַף מאָלע, דער געוויסער קאָנסערוואַטיווער מלוכה-טוער פון שפּעטערדיקע יאָרן, דעמאָלט נאָך אַ יונגער באַאַמטער אַן אָנהענגער פון נאַפּאָלעאָנס רעזשים. ווען מאָלע האָט געלייענט זיין פּאָר-טראָג אין מלוכה-ראַט און האָט דערמאָנט, אַז פאַר יידן דאַרפן גילטן אויס-נאַם-געזעצן, ווייניקסטנס אין זייער האַנדל, האָט דאָס שטאַרק אויפגעבראַכט די ראַט-גלידער, מייסטנס ליבעראַל-געשטימטע. ס'האָבן זיך געלאָזט הערן פּראָטעסטן קעגן דעם רעאַקציאָנערן פּרווו אומקערן יידן צום אַלטן רעזשים. אין דער צווייטער זיצונג אונטער דעם קיסרס פּאָרזיץ איז די פראַגע ווידער געשטעלט געוואָרן (30 אַפּריל 1806); דער ליבעראַלער ראַט-גליד בעניאָ האָט געהאַלטן אַ הייסע רעדע קעגן דעם פּראָיעקט צו באַגרעניצן יידן אין זייערע רעכט, דערביי האָט ער זיך בילדלעך אויסגעדריקט, אַז יעדער אויסנאם-געזעץ קעגן יידן וואָלט געהייסן אַזוי גוט ווי „אַ פאַר-שפּילטער קאָן אויפן שלאַכט-פעלד פון גערעכטיקייט”. דער רוב ראַטגלידער האָט געהאַלטן ווי בעניאָ. אָבער דער מאַן פון שווערד האָט אָפּגעענטפערט די מענער פון געזעץ. אין אַ שאַרפער רעדע האָט נאַפּאָלעאָן געלאָזט הערן זיין פאַראַכטונג צו „אידעאָלאָגן”, וואָס „זענען מקריב די ווירקלעכקייט צוליב אַ קאָפּ-זאַך”; די ווירקלעכקייט גופא האָט אין זיינע אויגן אויסגעזען שרעקלעך. „די רעגירונג, זאָגט נאַפּאָלעאָן אויפגערעגט, קאָן נישט גלייכ-גילטיק צוזען, ווי אַ נאַציע, אַ דערנידעריקטע, אַ געפאַלענע, וואָס איז פעאיק אויף אַלע שענדלעכע זאַכן, זאָל פאַרכאַפּן צוויי בעסטע דעפּאַרטאַמענטן אין אַלטן עלזאַס. יידן דאַרף מען האַלטן פאַר אַ נאַציע, נישט פאַר קיין סעקטע, דאָס איז אַ נאַציע אין אַ נאַציע... מ'קאָן זיי נישט גלייכן צו פּראָטעסטאַנטן אָדער צו קאַטוילן; פאַר זיי דאַרף גילטן אַ פּאָליטישער געזעץ, נישט קיין בירגערלעכער, וואָרום זיי זענען קיין בירגער נישט... איך וויל אָפּנעמען ביי יידן דאָס רעכט צו נעמען נחלאות אַלס משכון, ווייניקסטנס אויף אַ צייט. יידן האָבן שוין פאַרכאַפּט גאַנצע דערפער: זיי האָבן פאַרנומען דעם פּלאַץ פון פריצרדיקע פעאָדאַלן. דאָס זענען גאַנצע טשאַטעס ראָבן... ס'וואָלט געלוינט צו פאַרווערן זיי אויך האַנדל, וואָס זיי האָבן דאָס פאַרשמוצט מיט וואָכער, און אַנולירן זייערע פריערדיקע אָפּמאַכן, וואָס אין גרונד שטעקט אין זיי שווינדל”. צום סוף האָט דער קיסר אויפגעדעקט די קוועל פון זיינע ידיעות וועגן יידן; דאָס זענען אָנקלאָגן פון שטראַסבורגער קריסטן און אַ ראַפּאָרט פונם פּרעפעקט.

אויסגעשיילט נאַפּאָלעאָנס עצם מיינונג פון צופעליקע איינדרוקן, זעט

מען דאָ אַזאַ סיסטעם: די רעוואָלוציע האָט געגעבן יידן גלייכבאַרעכטיקונג, אַלס אַ סעקטע אין דער פראַנצויזישער נאַציע (§ 15); אויב אָבער זיי זענען אַ באַזונדער נאַציע, דאַרף פאַר זיי, אַלס פאַר אויסלענדער, גילטן אַ פּאָליטישער קאָדעקס, נישט קיין בירגערלעכער — אַ געפערלעכער געדאַנק, וואָרום נאַפּאָלעאָנס פּאָליטישער קאָדעקס איז געווען פּונקט אַזוי שלעכט, ווי גוט ס'איז געווען זיין ציוויל־קאָדעקס... פּראַקטיש האָט אָבער נאַפּאָלעאָן נישט געוואָלט זיין אַזוי אויסגעהאַלטן און קריגן אַ שם פון אַ יידנפיינט. אין דער אַנדערער זיצונג האָט ער אָפּגעוואָרפן דעם רעפּערענטס ווייטסטן פאָרשלאָג: מ'זאָל אַרויסטרייבן אַלע יידישע קליינהענדלער־הייזירער און מאַכן אויף וואָכערניקעס אַ השגחה פון די געריכטס־טריבונאַלן. „איך בין זייער ווייט פונם געדאַנק צו טאָן עפּעס אַזוינס קעגן מיין רום, וואָס די שפּעטערדיקע דורות זאָלן מיר פאַרהאַלטן... ס'וואָלט געווען אַ שוואַכקייט צו יאָגן יידן, אָבער אַ שטאַרקייט איז — זיי אויסבעסערן". מיט „אויסבעסערן" האָט נאַפּאָלעאָן געמיינט נישט נאָר רעפּרעסיעס אַליין קעגן די שעדלעכע זייטן פונם יידישן האַנדל, נאָר גרינדלעך אומענדערן דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן. „דאָס שלעכטס, וואָס יידן פאַרשאַפן, שטאַמט, נאָך זיין מיינונג נאָך, נישט פון איינצלנע פּערזאָנען, נאָר פון דער גאַנצער איינריכטונג פונם יידישן פאָלק". דערביי האָט ער פאָרגעלייגט צונויפרופן אין פּאַריז יידישע „גענעראַל־שטאַטן". די פאַרטרעטער פון אַ פאָלק, וואָס זיצט אויף דער שולד־באַנק, דאַרפן אַרויסזאָגן: צי קאָן מען אויסבעסערן די יידישע שלעכטע „קאָנסטיטוציע" און זי אונטעראָרדנען דער מלוכה־קאָנסטיטוציע, אָדער יידן טויגן נישט פאַר קיין בירגער־לעבן.

דער פּועל־יוצא פון די דאָזיקע באַראַטונגען איז געווען דעם קיסרס אַ דעקרעט פון 30 מאַי 1806, אין צוויי טיילן. איין טייל איז געווען אַ באַפעל צו פאַרהאַלטן אויספירן די געריכט־באַשלוסן וועגן אַלע תּביעות פון יידישע קרעדיטאָרן צו פּויערים אין די דעפּאַרטאַמענטן פון נידער־ און אויבער־ריין און אין אַנדערע „דייטשע" פּראָווינצן. דער אַנדערער טייל האָט מודיע געווען, אַז צום 15 יולי דאַרף זיך צונויפקומען אין פּאַריז אַ „פאַרזאַמלונג מענטשן פון יידישער אמונה, וואָס וואוינען אויף פראַנצויזישער ערד"; עס דאַרפן קומען נישט ווייניקער פאַר הונדערט מאַן, וואָס די פּרעפעקטן זאָלן זיי אויסקליבן צווישן וועלטלעכע און גייסטלעכע פאָרשטייער פון יידישע קהילות.

ביידע טיילן פון דעקרעט זענען מאָטיווירט אַזוי: ראשית איז נויטיק צוהילף קומען די ערד־אַרבעטער, וואָס יידן־וואָכערניקעס האָבן זיי פאַריאָגט, צווייטנס דאַרף מען אויפפרישן ביי יידן דאָס געפיל פון „בירגער־מאָראַל, וואָס ביי אַסך זייערע איז דאָס דערשלאָגן געוואָרן איבער דעם לאַנג דער־

נידעריקטן צושטאַנד. אַזאַ צושטאַנד ווילן מיר נישט דערהאַלטן ווייטער און נישט באַנייען".

דער באַפעל, מ'זאָל אויפהערן אויפמאָנען חובות, וואָס יידן קומט, איז געווען אַ גרויסער קלאַפּ נישט אַליין פאַר איינצלנע מענטשן (אַגב זענען צווישן זיי געווען אַ סך אַזוינע, וואָס האָבן קיין שום שייכות נישט געהאַט צו גרויסע פראָצענטן), נאָר פאַר דעם עצם פּרינציפּ פון בירגערלעכער גלייכ-קייט, וואָרום געשטראָפט האָט מען דאָ נישט קיין פּראָצענטניקעס בכלל, נאָר דווקא יידישע. דער געהויבענער פּלאַן — ווידער צונויפזאַמלען יידישע דעפּוטאַטן — איז שוין געווען פאַרשמוצט: איינמאָל, וואָס ער איז געווען פאַרבונדן מיט דער שטראָף קעגן יידישע וואָכערניקעס אין דעם ערשטן טייל דעקרעט, און צווייטנס איבער דעם באַליידיקנדיקן אָפּיציעלן ציל פון דער פאַרזאַמלונג; קעגן יידן, הייסט דאָס, האָט מען פאַרפירט אַ פּראָצעס, מ'דאַרף זיי נעמען אויפן פאַרהער, זיי דאַרפן עפנטלעך האַלטן עקזאַמען אויף דעם נאָמען בירגער. פונדעסטוועגן האָט די יידישע געזעלשאַפט אין פראַנקרייך און אין אויסן פאַרקוקט די דאָזיקע שאָטן-זייט פונם דעקרעט און האָט געזען נאָר די ליכטיקע פּאַראַד-זייט: אַ פאַרזאַמלונג פון יידישע דעפּוטאַטן איז פאַר זיך געווען אַ וויכטיקע אַקציע, ס'האָט אויסגעוויזן צו זיין אַן אָנהויב פון אַ נייער תקופה פאַרן יידישן פאָלק.

די פראַנצויזישע פרעסע האָט אויך באַהאַנדלט די יידנפראַגע. די קאַטוילישע רעאַקציע, וואָס האָט איצט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, און איר וואָרטפירער באָנאַלד זענען אַרויס קעגן דעם פּרינציפּ פון יידישער עמאַנ-סיפּאַציע. אין אַן אַרטיקל אין „מערקור דע פראַנס" חזרט באָנאַלד איבער די אַלטע טענות קעגן יידן און קומט צום אויספיר, אַז „יידן קאָנען נישט זיין און וועלן קיינמאָל נישט זיין קיין בירגער אין אַ קריסטלעך לאַנד, אַזוי לאַנג, ווי זיי וועלן נישט ווערן קיין קריסטן". יידנפריינט זענען אַרויס קעגן באָנאַלדן. ראָדריגעס, אַ ספרדישער פּובליציסט, האָט אויסגעדריקט זיין אויפגעבראַכטקייט וואָס אין 19-טן יאָרהונדערט, אונטער דעם שוץ פון אַ פריי און שטאַרק פראַנקרייך, קאָן מען דרוקן אַרטיקלען, אַז מ'זאָל אָפּנע-מען ביי יידן זייערע בירגערלעכע און פּאָליטישע רעכט, וואָס ס'קומט זיי נישט אַליין דערפאַר, וואָס דער געזעץ וויל אַזוי, נאָר וויל דער מענטש-לעכער פאַרשטאַנד הייסט. נישט צופעליק האָט באָנאַלד אָנגעהויבן זיין יידנ-פיינטלעכע אַגיטאַציע גראָד דעמאָלט, ווען מ'האָט אין מלוכה-ראַט גענומען באַהאַנדלען די יידנפראַגע: דער דאָזיקער רעאַקציאָנער, אַ מקורב אין הויף, האָט געוואוסט דעם קיסרס שטימונג און איז מיט זיין אַגיטאַציע אויסן געווען צו ווירקן אויף דעם ראַטס באַשלוס. ווען מאָלע האָט געלייענט זיין רעפעראַט אין מלוכה-ראַט, האָבן די ליבעראַלע ראַט-גלידער אָנגעוויזן, אַז

דאָס איז שטאַרק אָנגעשמעקט מיט „פּאָנטאַנס און באָנאַלדס אַנטיפילאָזאָפי־שער פּאַרטיי". זיי האָבן דערשפּירט פון וואַנען דער ווינט בלאָזט, זיי האָבן אָבער געמוזט געדענקען, אַז דער קיסר גופא האַלט פון יענעם צד.

## § 22. די דעפּוטאַטן־פאַרזאַמלונג

גיך זענען צוגעגאַנגען די הכנות צום „יידישן פּאַרלאַמענט", וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען אין פּאַריז לויט דעם *דעקרעט פונעם 30 מאַי 1806. קיין פאָלקס־וואַלן זענען נישט פאָרגעקומען. לויט דער אינסטרוקציע האָבן די פּרעפעקטן פון דעפּאַרטאַמענטן אַליין באַשטימט אַ געוויסע צאָל דעפּוטאַטן פון רבנים, סוחרים און פני („נאָטאַבלען"). מ'האָט דערהויפּט געזוכט געבילדעטע פּראָגרעסיווע לייט, וואָס זאָלן פאַרשטיין צו שעצן „די גוטע וואונטשן פון דער רעגירונג". אין די עכט־פראַנצויזישע דעפּאַרטאַמענטן, אין עלזאַס־לאָטאַרינגען און אין די שכנותדיקע דייטשע פּראָווינצן האָט מען געלאָזט אויסקלייבן 74 דעפּוטאַטן, צוויי דריטל זייערע האָבן געזאָלט זיין פון די ריין־דעפּאַרטאַמענטן; שפּעטער האָט מען די צאָל פאַרגרעסערט. חוץ דעם זענען נאָך געקומען דעפּוטאַטן פונעם איטאַליענישן קעניגטום (ווענעדיג, טורין, פערארא און אַנד.); צו דעם עפענען די פאַרזאַמלונג זענען זיך צונויפגעקומען 112 דעפּוטאַטן פון אַלע טיילן פון דער אימפּעריע.

די אָנגעזעענסטע צווישן די דעפּוטאַטן זענען געווען די לאַנג־באַקאַנטע אברהם פורטאַדאָ פון באָרדאָ, בער־יצחק בער פון נאַנסי און דער שטראַסבורגער רב דוד זינצהיים. פורטאַדאָ איז געווען אַ פאָרשטייער פון יענע ספרדים, וואָס אין דער רעוואָלוציע־צייט האָבן זיי זיך אָפּגעטיילט פון דעם רוב אשכנזישע יידן (§ 16). אַן אַלטער וואָלטעריאַנער, אַ זשיראָנדיסט, מער פראַנצויז אין האַרצן איידער ייד, האָט פורטאַדאָ נישט געהאַט קיין צוטרוי ביי די דעפּוטאַטן פון דייטשע דעפּאַרטאַמענטן. די עלזאַסער דעפּוטאַטן האָבן געשפּאַסט, אַז פורטאַדאָ קען תנ"ך נאָר פון וואָלטערס פּאַמפלעטן קעגן ביבל. פונדעסטוועגן האָט מען אים אויסגעקליבן פאַר פאָרזיצער, ווייל ער האָט פאַרמאָגט די נויטיקע אויסערדיקע מעלות: פּאָליטישע געניטקייט און אַ ריידער־טאַלענט אין דער מלוכה־שפּראַך. דער אָנגעזעענסטער דעפּוטאַט צווישן די אשכנזישע יידן איז געווען יצחק בער, אַ שטענדיקער שתדלן פאַר יידן, מענדעלסאָנס אַ חסיד, וואָס האָט געוואָלט צונויפּפירן יידישקייט מיט בילדונג. אַ קורצע צייט, איידער די פאַרזאַמלונג האָט זיך געעפנט, האָט זיך יצחק בער געווענדט צו יידישע קאַפּיטאַליסטן אין זיין דעפּאַרטאַמענט, זיי זאָלן אויף אַ יאָר אָפּשטעלן אויפמאָנען זייערע

חובות ביי פויערים, דערנאָך זאָלן זיי גאָר אַוועקוואַרפן די מיאוסע פּרנסה — האַנדלען מיט געלט. צווישן די רבנים איז דער אָנגעזעענסטער געווען דוד זיצנהיים, אַ גרויסער למדן, וואָס איז בעת דעם קאָנווענט אַסך אויסגע־שטאַנען פון די פאַנאַטיקער פונם „שכל־קולט". דאָס איז געווען אַן אָרטאָ־דאָקסישער רב, וואָס האָט דאָך פאַרשטאַנען נאָכצוגעבן, ווען די פּאָליטישע לאַגע האָט דאָס געפאָדערט. צו די דאָזיקע פירער פון דער פאַרזאַמלונג זענען צוגעשטאַנען אייניקע פּערזאָנען, אָנגעזען לויט זייער בילדונג אָדער לויט זייערע געזעלשאַפטלעכע פאַרדינסטן: מיכאל בער, דער ערשטער יידי־שער אַדוואָקאַט אין אייראָפּע, ראָדריגעס, אַ שרייבער, די איטאַליענישע רבנים: סעגרע, דע־קאָלאָניאַ און נעפּי. אויף איינעם אַ רעגירונגס־קאָמיסאַר, וואָס איז דאָ בייגעווען, האָט די פאַרזאַמלונג געמאַכט אַ גוטן איינדרוק, ער שרייבט אַזוי: „מיר האָבן דאָ געטראָפן מענטשן, וואָס שטייען אַסך העכער פון דעם דורכשניט־עולם, מענטשן מיט אַן אַנטוויקלטן שכל, נישט אָן אַלגעמיינער בילדונג. דאָ האָט מען געמוזט אָנערקענען די עקזיסטענץ פון אַ יידישער נאַציע, וואָס ביז אַהער האָבן מיר געזען נאָר איר אָפּפאַל און וואָס איצט האָט זי דורך אירע בעסטע פאָרשטייער גענומען רעדן אויף אַ שפּראַך, וואָס ס'איז כדאי געווען צו הערן".

נאַפּאָלעאָן האָט באַשטימט דריי סעקרעטאַרן פונם מלוכה־ראַט פאַר רעגירונגס־קאָמיסאַרן אין דער פאַרזאַמלונג פון יידישע דעפּוטאַטן. דאָס זענען געווען: דער דערמאָנטער מאָלע *), פּאָרטאַליס דער יינגערער (דעם קולט־מיניסטערס אַ זון) און פּאַסקיע (דער לעצטער האָט געלאָזט מעמואַרן וועגן „יידישן פּאַרלאַמענט"). אָפיציעל האָבן די קאָמיסאַרן באַדאַרפט איבערגעבן און דערקלערן דער פאַרזאַמלונג די פראַגן, וואָס דער קיסר אַליין האָט רעדאַקטירט, און באַקומען דערויף תשובות. נישט אָפיציעל האָבן די קאָמי־סאַרן געזאָלט (זיי האָבן נאָכדעם אַליין מודה געווען) „אונטערהאַנדלען מיט די אָנגעזעענסטע דעפּוטאַטן און דערלאַנגען דעם געווינטשטן צוועק", ד. ה. הינטער די קוליסן האָבן זיי געוואָלט ווירקן אויף דער פאַרזאַמלונג און זיי פירן אין דעם וועג, וואָס דער קיסר האָט אָנגעוויזן.

*) ווי אַזוי מאָלע האָט זיך דעמאָלט פאַרהאַלטן צו יידן, קאָן מען אַרויסזען פון אַזאַ פאַקט, וואָס איז אויפגעדעקט געוואָרן אין פּאַסקיעס מעמואַרן. עטלעכע טעג פריער, איידער די פאַרזאַמלונג פון יידישע דעפּוטאַטן האָט זיך געעפנט, איז אין דער אָפיציעלער צייטונג „מאָניטער" געדרוקט געווען אַ לאַנגער יידנפיינטלעכער פּאַמפלעט מיט דעם נאָמען: „וועגן יידן פון משהן ביז איצט", אין דעם פּאַמפלעט האָט מען אָבער געוואָלט דערווייזן, אַז וואָכעריי איז ביי יידן אַ געשעפט פון אַלטע צייטן, וואָרום זייער אמונה הייסט דאָס זיי. דעם דאָזיקן „באַשולדיקונגס־אַקט קעגן דער יידישער נאַציע", ווי פּאַסקיע רופט דאָס, האָט מאָלע געשריבן (אָדער רעדאַקטירט) אויף נאַפּאָלעאָנס באַפעל.

די דעפוטאַטן זענען זיך צונויפגעקומען קיין פּאַריז און מ׳האָט באַשטימט אַ טאָג צו עפענען די פאַרזאַמלונג: שבת, דעם 29 יוני (יאָר 1806). די אָרטאָדאָקסישע דעפּוטאַטן האָט דאָס פאַרדראָסן, וואָס מען שטערט שבת-רו, און אין אַ פּריוואַט-באַראַטונג האָט מען שטאַרק דעבאַטירט, צי זאָל מען נישט בעטן אָפּלייגן די ערשטע זיצונג אויף אַן אַנדער טאָג. אָבער פּאָליטיק האָט גובר געווען פּרומקייט: מ׳דאַרף באַווייזן דער רעגירונג, אַז יידן זענען גרייט פאָלגן און מותּר זיין אויף דינים. די ערשטע הנחה איז געטאָן געוואָרן, דער ערשטער עקזאַמען אויף פאָלגן האָט מען אויס-געהאַלטן (אפשר האָט דאָס די רעגירונג מיט אַ כּיוון אַזוי אונטערגעשטעלט). די פייערלעכע עפענונג איז פאָרגעקומען דעם באַשטימטן שבת אין דעם גרויסן זאַל אין שטאָט-הויז, איבערגעמאַכט פון אַ קירך-קאַפּעלע. די איינפיר-רעדע האָט געהאַלטן דער הויפּט-קאָמיסאַר מאָלע. די געוויינלעכע העפלעכע פראַזן האָבן דאָ קוים פאַרשטעלט דעם פיינטלעכן אינהאַלט: „איר זייט געקומען אַהער פון אַלע עקן אימפּעריע, און יעדערער פון אייך מוז זיכער וויסן דעם צוועק, צו וואָס זיין מאַיעסטעט האָט באַוויליקט אייך צונויפּרופן. איר ווייסט, אַז די אויפפירונג פון אַ סך אייערע האָט פאַרשאַפט אָנקלאָגן, וואָס האָבן דערלאַנגט צו דעם קיסרישן טראָן. די אָנקלאָגן האָבן זיך אַרויסגעשטעלט פאַר ריכטיק, און דאָך האָט דער קיסר געטאָן נישט מער ווי פאַרהאַלטן דאָס שטייגן פון דער קרענק; ווי אַזוי זי צו היילן, וויל ער הערן פון אייך״. דער ריידער פאַרהאָפט, אַז די דעפּוטאַטן וועלן פאַרשטיין צו שעצן דעם קיסרס גנאָד און זיי וועלן אַרבעטן מיט דער רעגירונג, נישט קעגן איר. „זיין מאַיעסטעט פאַרלאַנגט, איר זאָלט זיין פראַנ-צויזן, אָן אייך איז געווענדט נעמען דעם דאָזיקן נאָמען אָדער בלייבן אָן דעם, אין דעם פאַל, אויב איר וועט דאָס נישט ווערט זיין. באַלד וועט מען אייך פאָרלייענען די פראַגן, וואָס געהערן דערצו: אייער חוב איז ענט-פערן דעם ריינעם אמת״. נאָך דער דאָזיקער רעדע, וואָס האָט געהאַט אין זיך מער אָנשרעקן, איידער באַגריסן, האָט מען פאָרגעלייענט די צוועלף פראַגן, וואָס דער קיסר האָט געשטעלט דער פאַרזאַמלונג. די ערשטע דריי פראַגן געהערן צום פאַמיליען-לעבן: צי מעגן יידן נעמען עטלעכע ווייבער? צי איז גילטיק אַ גט אָן דער סאַנקציע פונם געריכט, ווי דער פראַנצויזי-שער געזעץ פאָדערט דאָס? צי איז יידן ערלויבט געמישטע חתונות מיט קריסטן? די אַנדערע דריי פראַגן געהערן צו פּ אַ ט ר י אָ ט י ז ם: צי האַלטן יידן די פראַנצויזן פאַר זייערע ברידער אָדער פרעמדע? ווי אַזוי הייסט דער יידישער דין פאַרהאַלטן זיך צו פראַנצויזן-קריסטן? צי האַלטן יידן, געבוירענע אין פראַנקרייך, דאָס לאַנד פאַר זייער היים, צי פילן זיי זיך פאַרפליכט באַשיצן דאָס לאַנד און פאָלגן אַלע בירגער-געזעצן? די ווייטער-

דיקע פראַגן געהערן צו רבנים, דערהויפּט צום בית-דין. די לעצטע דריי פראַגן געהערן צו פּראָפעסיעס און דערהויפּט צו וואָכער: צי ס'זענען דאָ פּראָפעסיעס, וואָס יידן טאָרן זיך דערמיט נישט באַשעפטיקן? צי מעג אַ ייד אויסלייען געלט אויף פּראָצענט נאָר אַ נישט-קיין-יידן?

בעת מאָלע איז געקומען צו דער פראַגע: צי האַלטן יידן פראַנקרייך פאַר זייער היים און צי פילן זיי זיך פאַרפליכט באַשיצן דאָס לאַנד? — האָבן זיך די דעפּוטאַטן אויפגעהויבן און אויסגערופן: „יאָ! ביזן טויט". דער פאָרזיצער פורטאַדאָ האָט אָפּגעענטפערט מאָלען אויף יענעמס שאַרפער רעדע: די פאַרזאַמלונג איז מיט פרייד גרייט מיטהעלפן דעם קיסרס „גוטע וואונשן", זי מיינט, אַז דאָס וועט זיין דאָס בעסטע מיטל „אויפצוקלערן נישט איין טעות און באַזייטיקן נישט איין פאָראורטייל". מ'האָט אויסגע קליבן אַ קאָמיסיע פון 12 מאַן, צווישן זיי יצחק בער, דער רב זינצהיים און אַנדערע, זי זאָל צוגרייטן אַן ענטפער אויף די פאָרגעלייגטע פראַגן. די ערשטע עטלעכע טעג האָט די קאָמיסיע שוין באַוויזן פאַרטיק מאַכן ענטפערן אויף דער ערשטער גרופּע פראַגן, אין דער זיצונג פון 4-טן אויגוסט האָט זיי די פאַרזאַמלונג אָנגעהויבן באַטראַכטן. אויף דער ערשטער פראַגע וועגן פאַמיליען-לעבן האָט מען געקאָנט זייער גרינג ענטפערן, אָנווייזנדיק, אַז ביי יידן איז שוין לאַנג איינגעפירט שטרענגע מאָנאָגאַמיע. די פראַגן וועגן גטן האָט מען פאַרענטפערט אַזוי, אַז דער רעליגיעזער גט ביים רב ווערט גילטיק ערשט דעמאָלט, ווען דער לאַנד-געריכט באַשטעטיקט אים. דערביי האָט מען אָנגעוויזן, אַז זינט עמאַנסיפּאַציע אָן האַלטן רבנים אין פראַנקרייך שטרענג די בירגערלעכע שבועה און אָנערקענען אין אַלע רע-ליגיעזע משפחות-אַקטן דעם קאָנטראָל פון מלוכה-אינסטיטוציעס. שווערער איז געווען צו ענטפערן אויף דער דריטער פראַגע: וועגן געמישטע חתונות (מיט קריסטן), נאָר דאָ האָט זיך אויך געפונען אַ פּשרה. דער ענטפער איז געווען אַזוי: חתונות פון יידן מיט קריסטן האָבן דעם כח פון בירגערלעכע, נישט פון רעליגיעזע אַקציעס, פונקט אַזוי ווי די קאַטוילישע קירך אָנער-קענט געמישטע חתונות, נאָר זי הייליקט זיי נישט. אַ ייד, וואָס האָט גענומען אַ קריסטן „הערט נישט אויף צו זיין אַן אייגענער ביי יידן אין די אויגן".

צו די תשובות האָט די פאַרזאַמלונג צוגעגעבן אַ „דעקלאַראַציע", וואו ס'האָט געהייסן: די פאַרזאַמלונג „איז באַגייסטערט מיט אַ געפיל פון דאַנק-באַרקייט, ליבשאַפט און ערפורכט צו דער הייליקער פערזאָן פון דעם קיסר", די פאַרזאַמלונג „איז גרייט אין אַלע פּרטים פאָלגן זיין פאָטערלעך ווילן", וואָרום די יידישע אמונה הייסט אין אַלע בירגערלעכע און פּאָליטישע אָנגעלעגנהייטן שטעלן מלוכה-געזעצן העכער פאַר רעליגיעזע דינים: אויב איינע שטימען נישט מיט די אַנדערע, ווערן די רעליגיעזע דינים בטל.

איין מאָל געשטעלט זיך באַרג אַראָפּ, גרייט נאָכצוגעבן און חנפענען, איז די פאַרזאַמלונג געפלויגן אַראָפּ און אַראָפּ. און ווען ס'איז געקומען צו דער צווייטער גרופּע פראַגן: צי שטימט בירגער-פּאַטריאָטיזם מיט נאַציאָנאַל-געפיל? — האָט דאָס שטרעבן חן צו געפינען דערלאַנגט די העכסטע מדרגה. אָנשטאָט צו ענטפערן פּשוט, אַז ס'שטימט, איז די פאַרזאַמלונג פאַרגאַנגען גאָר ווייט: מ'האָט גענומען לייקענען נאַציאָנאַלע איינהייט ביי יידן. דעם טעזיס, אַז יידן האַלטן פראַנצויזן פאַר ברידער, פאַרטייטשט דער ענטפער פון די דעפּוטאַטן אַזוי: „איצטיקע צייט זענען יידן קיין נאַציע נישט, ווייל אויף זייער גורל איז אויסגעפאַלן דאָס גליק צו ווערן אַ טייל פון אַ גרויסער נאַציע (פראַנצויזן), און אין דעם זעען זיי זייער אויסלייזונג". צווישן יידן פון פאַרשיידענע לענדער איז קיין שום אחדות נישט פאַראַן: אַ פראַנצויזישער ייד פילט זיך פרעמד צווישן ענגלישע יידן; פראַנצויזישע יידן פאַרגיסן גערן בלוט קעגן זייערע גלויבנסגענאָסן, וואָס דינען אין די פיינטלעכע אַרמייען... אַזוי האָט מען זיך דאָ אָפּגעזאָגט פון נאַציאָנאַל-אייגנס. נישט אַלע האָבן דאָס אויפריכטיק געמיינט: אַסך האָבן זיך נישט קעגן-געשטעלט נאָר איבער מורא פאַר דעם אָנשרעקטאָן, וואָס האָט זיך געלאָזט הערן אין מאָלעס גרויס-רעדע אינם קיסרס נאָמען. יידן האָט מען געשראָקן, אַז מ'וועט ביי זיי אָפּנעמען בירגער-רעכט, אויב זיי וועלן נישט טאָן דעם קיסרס ווילן: „יידן זאָלן זיין פראַנצויזן"; די איבערגעשראָקענע דעפּוטאַטן האָבן געפאָלגט און מכריז געווען, אַז יידן זענען נישט מער ווי „פראַנצויזן פון משה רבינוס גלויבן", און אַפילו פון דעם דאָזיקן גלויבן זענען זיי אויך גרייט אַרויסוואַרפן אַלץ, וואָס שטימט נישט מיט דער רעגירונגס ווילן.

און פונקט אַזוי גרינג אויסערלעך, כאָטש געוויס נישט מיט אַ גרינג הארץ (ווייניקסטנס ביי אַ טייל דעפּוטאַטן), האָט זיך די פאַרזאַמלונג אָפּגעזאָגט פון פּרעטענזיעס אויף אַ ברייטער קהלשער זעלבסט-פאַרוואַלטונג. די פאַרזאַמלונג האָט אויף די פראַגן וועגן רבנים געענטפערט, אַז ס'ווערט אָפּגעשאַפט דער יידישער בית-דין, רבנים זאָלן פּסקענען נאָר רעליגיעזע שאלות. מ'האָט אַפילו נישט געפּרוווט שטעלן די פראַגע וועגן קומענדיקער אָרגאַניזאַציע פאַר יידישע קהילות; שפּעטער איז די פראַגע אויפגעקומען, אָבער לויט דער רעגירונגס איניציאַטיוו. אויף דער לעצטער גרופּע פון פראַגן „וועגן וואָכער" האָט די פאַרזאַמלונג געענטפערט מיט אַ לאַנגער אַפּאָלאָגיע פאַר יידישע דינים, וואָס האָבן קיינמאָל נישט געשטיצט קיין וואָכערניקעס. די פאַרזאַמלונג האָט מיט פאַראַכטונג אָפּגעוואָרפן דעם געדאַנק, אַז כלומרשט האָבן יידן בטבע ליב וואָכער; געוויס איז צווישן יידן אויך פאַראַן אַזוינע, וואָס „באַשעפטיקן זיך מיט דער דאָזיקער מיאוסער פראַ-

פעסיע, וואָס דער דין פאַרווערט דאָס", נאָר צי זאָלן איבער אָט דעב הייפל מענטשן ליידן צענדליקער טויזנטער?

נאַפּאָלעאָנען האָט מען צוגעשטעלט די ענטפערן, וואָס די פאַרזאַמלונג האָט געגעבן אין אירע אויגוסט-זיצונגען, און ער איז מיט זיי בכלל צופרידן געווען *). מיט אַ שמעק פון אַ געניטן איינגעמער האָט ער דערפילט, אַז ער האָט אָפּגעהאַלטן נאָך אַ נצחון — איבער יידן. מ'האָט באַדאַרפט פאַר-פעסטיקן די רעזולטאַטן פון דעם נצחון. באַשלוסן פון אַ צופעליקער פאַר-זאַמלונג מיט ווייניק רבנים האָבן געקאָנט נישט זיין אויטאָריטעט פאַר דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג. מ'דאַרף, הייסט דאָס, באַשאַפן אַן אויטאָריטעטע אינסטיטוציע, וואָס זאָל באַשטעטיקן יענע באַשלוסן און זאָל זיי מאַכן אַ מוז פאַר אַלעמען. נאַפּאָלעאָן, וואָס האָט ליב געהאַט גרויסאַר-טיקע פּאָזעס, איז געקומען צום געדאַנק צונויפרופן אַ יידישן סנהדרין. פון די ענטפערן, וואָס די דעפּוטאַטן-פאַרזאַמלונג האָט אים צוגעשטעלט, האָט ער דערזען, אַז זינט דעם חורבן האָט דאָס יידישע פאָלק נישט גע-האַט מער אַזאַ אויטאָריטעטע קאָלעגיע, ווי דער אַלטער סנהדרין, וואָס האָט אויסגעאַרבעט געזעצן, אַ צוגאָב צו דער תורה. כדי צו פאַרשאַפן די באַשלוסן פון דער פאַרזאַמלונג דעם נויטיקן אויטאָריטעט, דאַרף מען צונויפרופן אין פּאַריז אַ סנהדרין, וואָס זאָל זיי סאַנקציאָנירן. דער נייער סנהדרין זאָל ווי דער אַמאָליקער באַשטיין פון 71 גלידער, דערהויפּט גייסטלעכע און געלערנטע. כדי די „פאַנאַטישע רבנים" זאָלן נישט גובר זיין אין קינפטיקן סנהדרין די ליבעראַלן, האָט נאַפּאָלעאָן באַזאָרגט, אַז ער זאָל דאָרט האָבן אַ מערהייט, וואָס וועט פאָלגן. ער שרייבט וועגן דעם דעם אינערן-מיניסטער שאַמפּאַני אַזוי (דעם 3-טן סעפּטעמבער): „מ'דאַרף האָבן אַן אָנגעזעענע פאַרזאַמלונג, וואָס זאָל מורא האָבן פאַרלירן איר גוטס (ד. ה. גלייכבאַרעכטיקונג), אַ ועד פון יידישע פירער, וואָס זאָלן נישט וועלן, מ'זאָל זיי האַלטן שולדיק פאַר דעם אומגליק פונם יידישן פאָלק" (אויב זיי זאָלן אָננעמען אַזוינע באַשלוסן, וואָס זאָלן נישט געפעלן דעם קיסר). די פעסטע מערהייט „זאָל מיטשלעפּן די וואַקלדיקע רבנים און זאָל ווירקן אויף די פאַנאַטישע, אויב יענע וועלן זיך שטאַרק איינשפּאַרן; זיי זאָלן זען, אַז זיי מוזן אָננעמען די באַשלוסן (פון דער ערשטער פאַרזאַמ-לונג), און אויב נישט, קאָן דאָס ברענגען דערצו, אַז מ'זאָל אַ ר ו י ס ט ר ײ ב ן ד אָ ס  י י ד י ש ע  פ אָ ל ק". דאָס, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט אַזוי ציניש-אָפן געזאָגט

*) ווי ס'איז אַרויסצוזען פון נאַפּאָלעאָנס אַ פּריוואַט-בריוו, האָט ער געוואָלט, אַז די יידישע פאַרזאַמלונג זאָל אָננעמען אַ שטאַרקערע רעזאָלוציע וועגן געמישטע חתונות, „מ'זאָל ראָטן יידן אַזוינע חתונות (צווישן יידן און פראַנצויזן), אַלס אַ שוץ-מיטל און אַ כבוד פאַרן יידישן פאָלק".

אין אַ געהיימער אינסטרוקציע דעם מיניסטער, איז צו דער עפנטלעכקייט דעמאָלט נישט דערגאַנגען, אָבער יידישע טוער האָבן געפילט דעם דרוק פון הויכער הינטער-קוליסן-פּאָליטיק.

אין דער זיצונג פון 17-טן סעפּטעמבער האָבן די קאָמיסאַרן געמאָלדן דער דעפּוטאַטן-פאַרזאַמלונג, אַז דער קיסר איז צופרידן מיט די רעזאָלוצ-יעס, און האָבן צו וויסן געגעבן, אַז ס׳ווערט צונויפגערופן אַ „גרויסער סנהדרין". מאָלע האָט דאָס מאָל געהאַלטן אַ ווייכערע רעדע. ער האָט גערעדט וועגן דעם גרויסאַרטיקן בילד „פון אַזאַ פאַרזאַמלונג געבילדעטע לייט, וואָס זענען אויסגעקליבן פון קינדער פון דעם עלטסטן פאָלק". ער האָט געזיכערט, אַז נאַפּאָלעאָן איז דער איינציקער גואל פון די „צעוואָר-פענע רעשטן נאַציע אויף דער גאָרער וועלט, וואָס זי איז גרויס אין איר געפאַלנקייט אויך", נאָר דער מעכטיקער באַשיצער „פאָדערט אַ רעליגיעזע גאַראַנטיע", אַז מ׳וועט טריי האַלטן די באַשלוסן, וואָס זענען דאָ אָנגענו-מען געוואָרן. אַזאַ גאַראַנטיע זאָל געבן אַ צווייטע פאַרזאַמלונג, „וואָס אירע באַשלוסן זאָלן גילטן אַזוי גוט ווי דער תלמוד און זאָלן האָבן דעם גרעסטן אויטאָריטעט ביי יידן אין אַלע לענדער". דער קינפטיקער יידישער סנהדרין זאָל זיין דער אמתער אויסטייטשער פונם יידישן דין און זאָל „באַזייטיקן אַלע פאַלשע אויסטייטשן פון פריערדיקע יאָרהונדערטן". צוויי דריטל פון דער אסיפה זאָלן זיין רבנים, אַ טייל פון איצטיקע רבנים-דעפּוטאַטן, אַ טייל פון דאָס ניי אויסגעקליבענע פון קהילות; אַ דריטל זאָל אויסגעקליבן ווערן מיט אַ געהיימער אָפּשטימונג פון די וועלטלעכע דעפּוטאַטן אין דער איצ-טיקער פאַרזאַמלונג. דער איצטיקער פאַרזאַמלונג הייסט דער קיסר צוגרייטן אַלע מאַטעריאַלן פאַר דעם סנהדרין, אָבער זי עקזיסטירט ווייטער אויך, ביז דער סנהדרין וועט נישט פאַרענדיקן זיין אַרבעט. דערווייל זאָל די פאַרזאַמלונג אויסקלייבן אַן אָרגאַניזיר-קאָמיטעט פון 9 גלידער, צו דריי פון יעדער גרופּע: „פּאָרטוגעזישע", דייטשע און איטאַליענישע יידן. דער אָרגאַניזיר-קאָמיטעט זאָל מיטטיילן אַלע „סינאַגאָגן אין איראָפּע", אַז זיי מעגן שיקן קיין פּאַריז דעפּוטאַטן און סנהדרין.

די פאַרזאַמלונג, וואָס האָט נאָך נישט אינגאַנצן פאַרשטאַנען נאַפּאָלעאָנס מיין, האָט מיט התפעלות אויסגעהערט די ידיעה, אַז ס׳ווערט צונויפגע-רופן אַ סנהדרין. אַ סך זענען געווען אַנציקט פ׳ון דער טראַדיציאָנעלער פאָרם פון דער אסיפה, מיט איר נאָמען, וואָס דערמאָנט אָן די אַמאָליקע גוטע צייטן. איינציקע האָבן אונטער אַזאַ היסטאָרישער דעקאָראַציע נישט באַמערקט אַ פּרווו צו רעפאָרמירן די יידישע אמונה אויף אַ באַפעל פון אויבן; אַנדערע האָבן דאָס יאָ פאַרשטאַנען און זענען געווען צופרידן דערמיט. פּורטאַדאָ, איינער פון די, וואָס האָבן שטאַרק געהאַלטן פון אַזאַ

דעפּאַרמאַציע, האָט געענטפערט מאָלען מיט אַ לאַנגער התפעלותדיקער רעדע. ער האָט געלויבט און געדאַנקט דעם קיסר, וואָס „פירט אייראָפּע", וואָס אינמיטן זיין וועלט-פאַרזאָרגן פאַרגעסט ער נישט אָן „אונזער אויפלעבונג"... די רעגירונג, האָט ער געזאָגט, דאַרף האָבן איר קאָנטראָל אויף יעדער פּאָזיטיווער רעליגיע, יענע זאָל נישט פּלאַנצן קיין פאַלשגלויבן און שענדלעכע מאָראַלישע אידייען.

די לעצטע חדשים פון יאָר 1806 איז די פאַרזאַמלונג געווען פאַרנומען מיט צוגרייט-אַרבעט פאַר דעם סנהדרין; דערהויפּט האָט אין דעם געטאָן דער ניין-גלידיקער אָרגאַניזיר-קאָמיטעט צוזאַמען מיט די רעגירונגסקאָמיסאַרן. אָנהויב אָקטאָבער האָט דער קאָמיטעט פאַרעפנטלעכט אַן אויפרוף צו אַלע יידן אין אייראָפּע, פייערלעך מודיע געווען וועגן דער „גרויסער געשעעניש", אַז עס דאַרף זיך עפענען דער סנהדרין. מיט דעם זאָל זיך אָנהויבן „פאַר די צעזייטע קינדער פון אברהמען אַ תקופה פון פרייהייט און גליק". דער אויפרוף, געדרוקט אויף פיר שפּראַכן: פראַנצויזיש, העברעאיש, איטאַליעניש און דייטש, האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם, דערהויפּט אויף יידן אויסער פראַנקרייך, וואָס האָבן נישט געוואוסט, וואָס אַזוינס שטעקט אונטער נאַפּאָלעאָנס יידישן פאַרלאַמענט. אין דעצעמבער האָט די נאָטאַבלען-פאַרזאַמלונג אָנגענומען דעם פּראָיעקט פונם „ניין-גלידיקן קאָמיטעט" וועגן גרינדן יידישע קאָנסיסטאָריעס, אַלס אַ פאַרמיטל-אָרגאַן צווישן יידישע קהילות און דער רעגירונג. אין אַ דערקלער-שריפט צום פּראָיעקט איז אָנגעוויזן דער טעם, צו וואָס מ'דאַרף דאָס: די קאָנסיסטאָריעס זאָלן דינען נישט אַזוי דער קהלשער זעלבסטפאַרוואַלטונג, ווי דער רעגירונג: זיי זאָלן השגחה האָבן, אַז די באַשלוסן פון דער דעפּוטאַטן-פאַרזאַמלונג און פונם סנהדרין זאָלן אויסגעפירט ווערן; אגב זאָלן זיי זאָרגן צוציען די יידישע יוגנט צו „דער איידעלער מיליטער-פּראָפעסיע". אין די אַלע דעקלאַראַציעס און באַשלוסן פילט זיך איין באַגער: צוטרעפן נאַפּאָלעאָנען.

אין איינער אַ לעצטער זיצונג פון דער פאַרזאַמלונג (דעם 5 פעברואַר 1807) האָט דער דעפּוטאַט יצחק-שמואל אביגדור פון ניצע געהאַלטן אַ מאָדנע רעדע: ער האָט געפרווט „היסטאָריש" באַווייזן, אַז די גרעסטע פירער פון דער קריסטלעכער קירך האָבן זיך אַלעמאָל פריינטלעך פאַרהאַלטן צו יידן און האָבן פאַרווערט זיי צו רודפן, און דעריבער פאַרדינט די קריסטלעכע גייסטלעכקייט אַ דאַנק פונם יידישן פאָלק. אביגדור האָט פאָרגעלייגט דער פאַרזאַמלונג אַזאַ רעזאָלוציע: „די דעפּוטאַטן פון דער פראַנצויזישער אימפּעריע און פונם איטאַליענישן קעניגטום אין דעם יידישן ועד באַשליסן: היות ווי זיי פילן זיך דאַנקבאַר דער קריסטלעכער גייסטלעכקייט פאַר די

גנאָדן, וואָס זי האָט געטאָן יידן אין פאַרשיידענע לענדער פון אייראָפּע; היות ווי זיי געדענקען, אַז פאַרשיידענע פויפּסטן און אַנדערע גייסטלעכע פירשטן האָבן באַשיצט יידן פון אַלע לענדער אין יענע צייטן, ווען ווילד־קייט, אָבערגלויבן און אומוויסן האָבן זיך פאַראייניקט אויף צו רודפן יידן און אויסשליסן זיי פון דער געזעלשאַפט, — דעריבער זאָלן די דאָזיקע געפילן פאַרצייכנט ווערן אינם פּראָטאָקאָל פון דער איצטיקער זיצונג, כדי ס'זאָל בלייבן לזכרון אויף אייביק, ווי יידן, וואָס האָבן זיך דאָ פאַרזאַמלט, זענען דאַנקבאַר די קירך־הויכגעשטעלטע פאַר די טובות, וואָס פריערדיקע דורות יידן האָבן פון זיי געהאַט אין פאַרשיידענע לענדער פון אייראָפּע. אַ קאָפּיע פון דעם פּראָטאָקאָל זאָל געשיקט ווערן דעם קולט־מיניסטער". די פאַרזאַמלונג האָט אָנגענומען אַזאַ אומגעריכטן פאָרשלאָג. אייניקלעך פון יידן, וואָס מ'האָט זיי אין מיטלאַלטער געטריבן פון פראַנקרייך, אייניקלעך פון מאַראַנען און פון אומשולדיקע קרבנות פון דער אינקוויזיציע האָבן פאַר־אייביקט אין זייערע אַקטן „גנאָדן" פון אַזוינע פויפּסטן, ווי אינאָצענס דער I, פּאַולוס IV און דער איצטיקער פּיאוס VI, דער אויפטוער פון דעם אומטענטשלעכן „יידן־עדיקט" פון יאָר 1775. אַזאַ קנעכטשאַפט האָט גע־וואונדערט אַפילו נאַפּאָלעאָנס קאָמיסאַרן, וואָס זענען בייגעווען אין דער זיצונג; איינער זייערער (פּאָרטאַליס) האָט איבערגעגעבן דעם קיסר די „חדושדיקע" מעשה: יידן לויבן די טאָלעראַנץ און מילדקייט פון דער קאַטוילישער קירך, בעת אַסך קריסטן „זענען אַזוי אומפאַרשעמט, אַז כלומרשט אין נאָמען פון פילאָזאָפיע פאַלן זיי אָן אויפן פאַנאַטיזם און אומטאָלעראַנץ פון קריסטלעכע גלחים". יוער איז דאָ געוועזן, קאָן מען זען פון אַזאַ אָנקלאָג, וואָס איז אָנגעקומען צום קולט־מיניסטער אין דערזעלבער צייט: איינער אַ ייד, אַ מוניציפּאַל־ראַטמאַן אין דער שטאָט קאָני, קלאָגט זיך, אַז דער קאַטוילישער גלח האָט אים פאַרווערט אַריינגיין אין קלויסטער דעם טאָג, ווען מ'האָט דאָרט געזונגען Te deum פאַרן קיסר... נאַפּאָלעאָנען האָט אַזאַ קאַטוליש־פּריינטלעכע דעמאָנסטראַציע פון יידישע דעפּוטאַטן געמוזט פאַרשאַפן גרויס פאַרגעניגן: ער האָט זיך איבערצייגט, אַז אויף אַזוינע מענטשן קאָן מען זיך זיכער פאַרלאָזן, אַז די אויסגע־קליבענע צווישן זיי וועלן שוין דורכפירן אַלע רעגירונגס־פּלענער אינם קינפטיקן פאַריזער סנהדרין.

## § 23. „דער גרויסער סנהדרין" אין פאַריז

דעם 9־טן פעברואַר פון יאָר 1807 האָבן זיך אין פאַריז אָנגעהויבן

די זיצונגען פונם סנהדרין. דאָ זענען געווען 46 רבנים און 25 וועלטלעכע דעפּוטאַטן מיט 10 קאַנדידאַטן און צוויי סעקרעטאַרן; אַ טייל נייגעקליבענע רבנים זענען געקומען פון איטאַליע און פון דייטשלאַנד. דער פּרעזידיום, וואָס דער אינערן-מיניסטער האָט אָנגעוויזן, איז באַשטאַנען פון דריי רבנים, וואָס מ'האָט זיי באַטיילט מיט טיטלען, גענומען פונם אַמאָליקן סנהדרין: נשיא (פּאָרזיצער) איז געווען דער עלזאַסער רב דוד זינצהיים, אב-בית-דין (ערשטער געהילף-פּאָרזיצער) איז געווען דער איטאַליענישער רב סעגרע, חכם (צווייטער געהילף) — אברהם דע-קאָלאָניאַ פון מאַנטואַ. נאָך אָפּריכטן אַ תפלה אין שול האָבן געזאָגט דרשות די רבנים זינצהיים און דע-קאָלאָניאַ, און באַלד האָט זיך געעפנט די זיצונג אין שטאָט-הויז, וואו ס'איז פריער געזעסן די נאָטאַבלען-פאַרזאַמלונג. מ'האָט אַסך געוויכט געלייגט אויף דער דעקאָראַטיווער אויסערלעכקייט: לויט אַ באַפעל פון דער מאַכט זענען אַלע מיטגלידער פון דעם סנהדרין געווען אָנגעטאָן אין שוואַרצע מאַנטיעס און אין שוואַרצע היט; די מענער פון פּרעזידיום זענען געווען אָנגעטאָן אין סאַמעטענע אָדער זיידענע טאַלאַרן מיט ברייטע גאַרטלען, מיט היט, באַזוימט מיט פוטער; די פאַרזאַמלטע זענען געווען אויסגעזעצט נאָכן עלטער האַלב-קיילעכדיק אַרום ביידע זייטן פּרעזידיום. די פאַרזאַמלונגען זענען געווען עפנטלעכע, און דאָס האָט צוגעצויגן עולם נישט נאָר פון יידן, נאָר קריסטן אויך. די דעפּוטאַטן האָבן פון אַזאַ ספּעקטאַקל שטאַרק געליטן: זיי האָבן נישט געקאָנט רעדן פריי; אַסך האָבן גאָר געשוויגן, געשעמט זיך עפנטלעך צו באַשטיין אויף זייער אויפריכטיקער, אָבער אַלטמאָדישער דעה.

באמת זענען די זיצונגען פונם סנהדרין געווען נישט מער ווי אַ צערעמאָניע, אַ צוגאָב צו דער אַרבעט, וואָס די נאָטאַבלען-פאַרזאַמלונג האָט שוין אָפּגעטאָן. די נאָענטע קרובהשאַפט צווישן די צוויי פאַרזאַמלונגען האָט זיך אַרויסגעוויזן אין דעם, וואָס פורטאַדאָ, דער פאָרזיצער פון דער ערשטער פאַרזאַמלונג, איז געווען רעפערענט אין סנהדרין וועגן די וויכטיקסטע פראַגן. אין זיבן זיצונגען האָט דער סנהדרין באַוויזן צו באַהאַנדלען די ענטפערן, וואָס יענע פאַרזאַמלונג האָט געגעבן אויף אַלע 12 פראַגן; וועגן יעדער פראַגע האָט ער נאָך דערצו אויסגעהערט פורטאַדאָס אַ גרויסריידערישן ראַפּאָרט; כמעט אָן וויכוחים האָט מען אָנגענומען יענע ענטפערן, נאָר מ'האָט זיי רעדאַקטירט אַלס „פּסקים", אָנגענומענע באַשלוסן, וואָס דאַרפן ווערן אַ תורה פאַר אַלעמען. צום טעקסט פון די „פּסקים" קומט צו אַ דעקלאַראַציע, וואָס זאָל דערקלערן דעם סנהדרינס פּרינציפּיעלע שטעלונג צו דער פראַגע, ווי ווייט ס'לאָזט זיך צונויפפירן יידישע דינים מיט מלוכה-געזעצן. אין דער דעקלאַראַציע, וואָס דאָ פילט זיך פורטאַדאָס האַנט, איז געזאָגט, אַז יידישע דינים קאָן מען איינטיילן אין צוויי טיילן:

רעליגיעזע און פּאָליטישע. רעליגיעזע זענען אייביק, זיי בייטן זיך נישט מיט דער צייט, נישט מיט דעם אָרט; אַקעגן אָבער פּאָליטישע דינים, וואָס זענען געווען צוגעפּאַסט צו אַ צייט פון אַ זעלבשטענדיקער מלוכה אָדער צו אַן אייגן לאַנד אין פּאַלעסטינע, „קאָן מען שוין מער נישט אָנווענדן זינט דאָס יידישע פאָלק האָט אויפגעהערט צו זיין אַ נאַציאָנאַלע קערפּער-שאַפט". אָבער אפילו רעליגיעזע דינים, אויב זיי שטימען נישט מיטן בירגערלעכן געזעץ, מוזן אויך אָפּטרעטן פאַרן געזעץ, אָדער זיך צופּאַסן צו אים. דעם לעצטן געדאַנק האָט מען נישט אַרויסגעזאָגט אָפן אין דער דעקלאַראַציע, אָבער מ׳האָט אים פּאַקטיש דורכגעפירט דורך געוויסע באַ-שלוסן פונם סנהדרין. אַ שטייגער אין דער פראַגע פון פאַמיליען-רעכט האָט דער סנהדרין שאַרף פעסטגעשטעלט, אַז רבנישע אַקטן זענען נישט גילטיק, אויב פריער פאַר זיי זענען נישט אָפּגעטאָן די געהעריקע בירגערלעכע אַקטן. מ׳האָט אַסך נאָכגעגעבן אין דער פראַגע וועגן געמישטע חתונות אויך: אַזוינע חתונות האָבן דעם כוח פון בירגערלעכע חתונות, די רעליגיע קאָן זיי נישט הייליקן, אָבער קיין חרם דערפאַר קומט נישט. וואָס איז שוין דאָ געווען צו שוינען דעם נאַציאָנאַלן טיפּ פון דער פאַמיליע, וואָס ער בלייבט נישט מער ביי געמישטע חתונות, אַז יידן זענען מער קיין נאַציע נישט... דער סנהדרין האָט ווייטער אָנגענומען, אַז יידן-סאָלדאַטן זענען אין דער דינסט פריי פון אַלע מצוות, וואָס מ׳קאָן זיי דאָרט נישט אויספירן. נאָר אין די פראַגן וועגן פּראָפּעסיעס און דערהויפּט וועגן וואָכער האָט דער סנהדרין באַוויזן מוט און ווערדע; ער האָט זיך שאַרף אַרויסגעזאָגט קעגן די שענדלעכע אָפּעראַציעס פון וואָכערניקעס און האָט מיט האַרץ גערופן די גלויבנס-גענאָסן זיך נעמען פאַר נוצלעכע פּראָפּעסיעס, וואָס איצט ביי דער גלייכבאַרעכטיקונג זענען זיי פאַר יעדערן אָפן.

דער סנהדרין האָט געדויערט פונקט אַ חודש. די שלוס-זיצונג איז פאָרגעקומען דעם 9-טן מערץ 1807. דער פּאָרזיצער האָט איבערגעלייענט אַ בריוו פון די רעגירונגס-קאָמיסאַרן: די רעגירונג האַלט, אַז דער סנהדרין האָט זיין אַרבעט פיין אָפּגעטאָן. דער סנהדרין האָט זיך פאַרמאַכט, אָבער אַסך מיטגלידער זיינע האָבן זיך צוריקגעקערט צו דער דעפּוטאַטן-פאַר-זאַמלונג: איצט האָט זי געשפּילט די ראָלע פון אַ פּלענום און האָט באַנייט אירע זיצונגען דעם 25-טן מערץ. פורטאַדאָ האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון דעם סנהדרינס אַרבעט מיט אַזאַ טאָן, פונקט ווי ער וואָלט דאָרט באַוויזן אַ גרויס העלדישקייט; אָבער אַן אומעטיקע נאָטע האָט זיך געהערט אין זיין שטים, ווען ער האָט באַדאַרפט דערקלערן דעם פאַקט, וואָס האָט אַלעמען פאַרדראָסן, נעמלעך, פאַרוואָס דער סנהדרין האָט נישט זוכה געווען צו זיין אויף אַ אודיענץ ביי נאַפּאָלעאָנען: דעם קיסרס פּלוצימדיקער

אָפּפאָר אויף דער מלחמה האָט אים געשטערט אויפצונעמען די יידישע פאַרטרעטער, און יענע האָט דאָס געשטערט פערזענלעך אָפּדאַנקען „אונזער ליבן גוטס-טוער". אין די איבעריקע זיצונגען האָט די פאַרזאַמלונג אָנגענומען אַ רעזאָלוציע: ס'איז צו ווינשן, אַז מ'זאָל באַגיין רעפּרעסיעס קעגן יענע יידן-וואָכערניקעס און טענדלער, וואָס מיט זייער אויפפירונג פאַרשאַפן זיי אָנקלאָגן און וואָס זיי פאַרשוואַרצן זייערע „גלויבנס-גענאָסן"; אָבער אין דערזעלבער צייט האָט מען באַשלאָסן זיך משתדל זיין, מ'זאָל אָפּשאַפן דעם דעקרעט פונם 30 מאַי 1806 וועגן אָפּשטעלן אויפמאָנען יידישע חובות. דעם 6-טן אַפּריל 1807 האָט זיך די דעפּוטאַטן-פאַרזאַמלונג פאַרמאַכט, נאָך דעם ווי מ'האָט איבערגעלייענט אַ קורצע מעלדונג פון די קאָמיסאַרן, אַז אַלץ, וואָס מ'האָט איבערגעגעבן דער פאַרזאַמלונג צו טאָן, איז אָפּגעטאָן.

די צוויי „יידישע פאַרלאַמענטן", וואָס נאַפּאָלעאָנס קאַפּריז האָט באַשאַפן, האָבן לסוף אויפגעהערט אים צו אינטערעסירן. תחלת האָט נאַפּאָלעאָנס אַפּעטיט געהאַלטן אין איין וואַקסן, וואָס מער די דעפּוטאַטן האָבן נאָכגעגעבן. פון דעם סנהדרין האָט ער געוואָרט *), אַחוץ די דערלאַנגטע הנחות, נאָך דריי אַזוינע אויפטוען: ער זאָל פאַרווערן יידן אָפּגעבן געלט אויף פּראָצענט און זאָל באַגרעניצן זייער האַנדל ביז אַ געוויסער צייט: ער זאָל צורעדן צו געמישטע חתונות מיט אַ געוויסער נאָרם: איין געמישטע חתונה אויף צוויי יידישע („כדי יידיש בלוט זאָל אָנווערן זיינע אייגנשאַפטן"), און לסוף זאָל ער גאַראַנטירן, אַז יידן וועלן פּינקטלעך קומען צו דער מיליטער-דינסט. בכלל האָט נאַפּאָלעאָן געוואָלט, אַז יידישע דעפּוטאַטן זאָלן אים געבן אַ געלעגנהייט, ער זאָל מאַכן ספּעציעל אַן אַפּוטרופּסות אויף יידן. זיין געטרייער דינער, מיניסטער שאַמפּאַני, איז געווען גאָר און גאָר מסכים מיט זיין האַרס פאַרלאַנג. ער האָט געשריבן דעם קיסר וועגן דעם: „מ'דאַרף האָבן, אַז די דאָזיקע פאַרזאַמלונגען מיט זייערע באַשלוסן זאָלן אונז געבן געווער אין האַנט קעגן זיי גופא און קעגן דעם פאָלק, וואָס זיי ווילן דאָ באַשיצן". אַזאַ שפּראַך האָבן גערעדט צווישן זיך צוויי פּאָליטיק-מאַכער, בשעת יידישע דעפּוטאַטן האָבן געגלויבט דעם „ליבן גוטס-טוער, נאַפּאָלעאָן דעם גרויסן", וואָס „גאָט האָט אים אויסדערוויילט פאַר אַ געצייג פון זיין גנאָד צו רעטן די געפאַלענע אייניקלעך פון דעם אַלטן יעקבן". אינגיכן אָבער האָט זיך נאַפּאָלעאָנס באַהאַלטענער מיין אַנטפּלעקט פאַר אַלעמען, און יידן האָבן דערפילט זיין „גנאָדיקע" האַנט.

---

*) ווי ס'איז אַרויסצוזען פון נאַפּאָלעאָנס קאָרעספּאָנדענץ מיטן אינערן-מיניסטער שאַמפּאַני.

## § 24. דער „שענדלעכער דעקרעט" (1808)

פאַרנומען מיט איבערמאַכן די קאַרטע פון אייראָפּע, האָט נאַפּאָלעאָן קיין צייט נישט געהאַט צו קלערן וועגן ייִדן. דאָס יאָר פון די „ייִדישע פּאַרלאַמענטן" איז געווען אַ יאָר פון די גרעסטע פּאָליטישע קריזיסן: ס'איז געוואָרן דער „ריין-בונד", פּרייסן איז צעקלאַפּט און דערנידערט, פון פּוילן איז אויסגעשניטן וואַרשעווער הערצאָגטום, געשלאָסן שלום אין טילזיט. דעם האַר איבער אייראָפּע, וואָס האָט אָפּגעוואָרפן מאָנאַרכן, זענען ייִדן אין זינען נישט געלעגן. ייִדן האָט מען געקאָנט איינגעמען אָן אַרמיי און אָן האַרמאַטן, גענוג געווען קיסרישע דעקרעטן און אַפילו באַפעלן פון דער אַדמיניסטראַציע. „טשינאָווניקעס" האָבן געטאָן זייער האַרס אַרבעט, ווי ער האָט געצילט. פרי-זומער 1807 איז אויסגעגאַנגען דער יאָר-טערמין דעם דעקרעט וועגן אָפּשטעלן אויפמאָנען ייִדישע חובות; דעמאָלט האָט דער אויבער-קאַנצלער קאַנבאַסערעס אונטערגעשריבן אַ פּשוטן צירקולאַר און פאַרלענגערט דעם טערמין אויף אַן אומבאַשטימטער צייט, ביז ס'וועט זיין אַ ספּעציעלער באַפעל פון נאַפּאָלעאָנען, וואָס איז גראָד געווען אויף דער מלחמה. אויף דער השתדלות פונם „ייִדישן פּאַרלאַמענט" האָט מען נישט געקוקט, ווי אויף אַלע זיינע השתדלותן בכלל. ווען נאַפּאָלעאָן האָט צייט באַקומען נאָך אַ מאָל אַ קלער טאָן וועגן ייִדן, זענען שוין אַלע חלומות פונם ייִדישן פּאַרלאַמענט מיטן רויך פאַרשוואונדן.

אין דעם משך צייט צווישן צונויפרופן און צעלאָזן די דעפּוטאַטן-פאַרזאַמלונג האָט זיך דעם קיסרס באַציאונג צו ייִדן געוואַקלט, לסוף האָט גובר געווען אומפריינטשאַפט. מ'דאַרף דאָס גאָרנישט דערקלערן מיט די „איינדרוקן, וואָס אויפן קיסר האָבן געמאַכט ייִדישע מאַסן אין דייטשלאַנד און אין פּוילן" בעת דעם פעלדמאַרש, ווי אייניקע מיינען *). גיכער האָבן דאָ געווירקט שטענדיקע סבות, נאַפּאָלעאָנס אַלטע אומפריינטשאַפט צו ייִדן און אַ טעמפּעראַמענט פון אַ וועלט-הערשער, וואָס וויל צעהאַקן מיט דער שווערד דעם קניפּ פון פאַרוויקלטע פראַגן. נאָך דעם ווי די „ייִדישע

---

*) דער קאָמיסאַר פּאַסקיע, שפּעטער אַ קאַנצלער, שרייבט אַזוי אין זיינע מעמואַרן: פריער, איידער נאַפּאָלעאָן האָט דעם סנהדרין צונויפגערופן, האָט ער פון פּאָליטישע חשבונות וועגן בדעה געהאַט איבערציען אויף זיין זייט ייִדן אין דייטשלאַנד און אין פּוילן, וואו ער האָט זיך געקליבן מלחמה האַלטן. אַן אַנדערער מעמואַרן-שרייבער (באַראַנט, אין גיזאָס פראַגמענטן) דערציילט, אַז נאַפּאָלעאָן האָט זיך אינם חשבון נישט אָפּגענאַרט, וואָרום בעת דער מלחמה אין פּוילן האָבן אים ייִדן דאָרט געדינט, צוגעשטעלט פּראָוויאַנט און ידיעות; דער קיסר זאָל האָבן כלומרשט געזאָגט מיט אַ שפּאָס: „אָט אויף וואָס איז מיר צו-נוץ געקומען דער גרויסער סנהדרין".

פּאַרלאַמענטן" זענען זיך צעגאַנגען, האָט מען אין מלוכה־ראַט גענומען לעבעדיק באַהאַנדלען דעם סנהדרינס באַשלוסן מיט די פּראָיעקטן פון די קאָמיסאַרן און מיניסטאָרן. אין די פּראָיעקטן זענען געווען אָנגעוויזן פאַר־שיידענע מיטלען, ווי אַזוי צו באַזייטיקן די עקאָנאָמישע סכסוכים אין די ריין־דעפּאַרטאַמענטן, וואָס זיי האָבן פאַראַיאָרן באַוואויגן נאַפּאָלעאָנען צו מאַכן רעפּרעסיעס קעגן יידן און אויסהערן יידישע דעפּוטאַטן. דאָ האָט מען באַהאַנדלט פראַגן וועגן דער יידישער בירגערלעכער לאַגע און וועגן יידישער מיליטער־דינסט, וואָס פאַר אַ קיסר אַ סאָלדאַט איז דאָס געווען דער הייליקסטער חוב פון אַ בירגער. דער רוב גלידער אין מלוכה־ראַט, וואָס האָבן זיך נאָך נישט אָפּגעטרייסלט פון זייערע ליבעראַלע מיינונגען, האָט אין די דאָזיקע פּראָיעקטן אָפּגעוואָרפן אַלץ, וואָס האָט געזאָלט עובר זיין אויף דעם וויכטיקסטן געבאָט פון דער קאָנסטיטוציע — אויף בירגער־לעכער גלייכבאַרעכטיקונג. דער קיסר האָט אָבער נישט ליב געהאַט צו מאַכן אַ ווענז פון דער קאָנסטיטוציע, ווען זי האָט אים געשטערט — האָט ער דעם 17־טן מערץ 1808 געגעבן אַ דעקרעט, וואָס „מיט זיין האַרטקייט האָט ער איבערגעשפּאַנט אַלע גרעניצן פון גערעכטיקייט" (דעם קאָמיסאַר פּאַסקיעס אַ וואָרט), אָדער פשוט גערעדט, אַ דעקרעט, וואָס האָט אָנגערירט דעם עצם פּרינ־ציפּ פון בירגערלעכער גלייכקייט, וואָס די גרויסע רעוואָלוציע האָט איינגעפירט.

דעם 17־טן מערץ האָט נאַפּאָלעאָן אונטערגעשריבן צוויי דעקרעטן; אין איין דעקרעט ווערט באַשטעטיקט דער רעגלאַמענט וועגן יידישע קאָנ־סיסטאָריעס, וואָס די דעפּוטאַטן־פאַרזאַמלונג האָט אויסגעאַרבעט. אין יעדער דעפּאַרטאַמענט אָדער אין אַ גרופּע דעפּאַרטאַמענטן מיט 2000 יידן ווערט אַן אָרטיקע קאָנסיסטאָריע, אין פּאַריז ווערט אַ צענטראַלע קאָנסיסטאָריע. יעדע קאָנ־סיסטאָריע באַשטייט פון צוויי־דריי רבנים און פונקט אַזוי פיל וועלטלעכע מענטשן, וואָס זיי קלייבט אויס אַ קליינע גרופּע (25 מאַן) אָנגעזעענע בעלי־בתים, די פּני פון שטאָט. סיי די וואַלמענער, סיי די אויסגעוויילטע דאַרף די אָרטיקע אָדער די צענטראַלע מאַכט באַשטעטיקן. די אויפגאַבן פון די קאָנסיסטאָריעס זענען אַזוי: אַכטונג געבן, די רבנים זאָלן פּסקנען לויט דעם נייעם „שלחן ערוך", ד. ה. לויט די באַשלוסן פונם פּאַריזער סנהדרין; אַכטונג געבן אויף דער אָרדנונג אין די שולן; צו געבן יידן חשק צו נוצלעכע פּראָפעסיעס, דערהויפּט צו מיליטער־דינסט, און מודיע זיין אַלע יאָר דער מאַכט וועגן דער צאָל יידישער יוגנט אין דעם ראַיאָן, וואָס דאַרפן זיך שטעלן... אויף אַזאַ שטייגער איז באַשאַפן געוואָרן אַן אָרגאַ־ניזאַציע פון יידישע „טשינאָווניקעס", וואָס דאַרפן דינען דער רעגירונגס פּאָליטישע צוועקן און אַפילו פּאָליצײ־צוועקן אויך, אָבער נישט — דעם יידישער זעלבסט־פאַרוואַלטונג. אָט דעם קיסרישן דעקרעט, וואָס האָט געגעבן

אַזאַ קהילה-קאָנסטיטוציע, האָט מען געהאַלטן פאַר „אַ גנאָד״. דאָס איז געווען די איינציקע אַקציע צו אָרגאַניזירן דאָס יידישע לעבן. וואָס יידישע נאָטאַבלען צוזאַמען מיט נאַפּאָלעאָנס רעגירונג האָבן אויפגעטאָן. נאָך אַ „רעפאָרם״ איז אויפגעטאָן געוואָרן: אין די אָפיציעלע אַקטן האָט מען אָנגעהויבן נוצן אַ ניי וואָרט: „איזראַעליט״ (דעם סנהדרינס אַ ניי באַשעפעניש) אָנשטאָט דאָס וואָרט „ייד״ (juif), וואָס אין דער אומגאַנגס-שפּראַך האָט זיך אין דעם געפילט עפּעס אַ באַליידיקונג, ענלעך ווי אין דעם רוסישן וואָרט „זשיד״. אין די אָפיציעלע אַקטן פון דער ערשטער אימפּעריע טרעפט מען נאָך ביידע נעמען, שפּעטער אָבער האָט דער „איזראַעליט״ גאָר אַרויסגעשטופּט דעם „יידן״.

אָבער גאָר ווייט פון רעפאָרם איז געווען אַן אַנדער נאַפּאָלעאָנס דעקרעט, געגעבן דעמזעלבן טאָג, וואָס זאָל רעגולירן דאָס יידישע עקאָנאָמישע לעבן. מיט דעם דעקרעט, אַרויסגעגעבן אָן דעם הסכם פון מלוכה-ראַט, האָט זיך דער קיסר אָפּגערעכנט מיט יידן קורץ און שאַרף. דער ערשטער טייל פון דעקרעט, וואָס רעגולירט יידישע קרעדיט-אָפּעראַציעס, האָט געהייסן אַזוי: עס ווערן בטל און נישט גילטיק אַלע חובות, וואָס יידן קומט פון מיליטער-לייט, פון פרויען און מינדעריעריקע, אויב יענע האָבן דאָס געטאָן אָן דעם הסכם פון זייער העכערער מאַכט, פון זייערע מאַנען אָדער עלטערן; אויב אַ ייד דערלאַנגט אַ וועקסל נישט פון קיין האַנדלס-מענטשן, ווערט ער באַפרידיקט נאָר אין דעם פאַל, ווען דער מאַנער וועט באַווייזן, אַז ער האָט געגעבן דעם בעל-חוב די קאַפּיטאַל-סומע גאַנצערהייט, נישט אָפּרעכנדיק דערפון קיין פּראָצענטן; הלוואות מער ווי אויף 10 פּראָצענט הייסן וואָכער, און דער געריכט מאָנט אַזוינע נישט אויף. בכן האָט מען מיט איין פעדער-שטריך אָפּגענומען פאַרמעגן-רעכט ביי טויזנטער בירגער, וואָס זייער שולד איז באַשטאַנען נאָר דערין, וואָס זיי האָבן נאָך נישט באַוויזן אַרויסצורייסן זיך פון דער קייט פון עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן, צו וועלכער זיי זענען געווען צוגעשמידט הונדערטער יאָרן. דעם קיסר איז אָבער נישט גענוג געווען, וואָס ער האָט עקספּראָפּריאירט געלט ביי האַנדלס-לייט: ער האָט נאָך אָפּגעשאַפט די פרייהייט פון האַנדל און פּראָפעסיעס פאַר יידן בכלל. אין צווייטן טייל פון דעקרעט זענען פאַראַן אַסך פונקטן, וואָס פאַרווערן יידן צו האַנדלען אָן אַ „פּאַטענט״ פונם פּרעפעקט; אַזאַ פּאַטענט קאָן מען באַקומען נאָר ווען מ׳שטעלט צו אַ שיין פונם מוניציפּאַל-ראַט און פון דער יידישער קאָנסיסטאָריע, אַז מ׳איז כשר אין פּרט פון מאָראַל און האַנדל; אַלע יאָר דאַרף מען דעם פּאַטענט בייטן; אַלע געשעפטן פון נישט פּאַטענטירטע יידן זענען נישט גילטיק. נאַפּאָלעאָן גייט נאָך ווייטער: ער נעמט אָפּ ביי יידן דאָס עלעמענטאַרע רעכט, דאָס רעכט

פון פרייען פאַרקער. דער דריטער טייל דעקרעט פאַרווערט יידן צו באַזעצן זיך פון ס׳ניי אין די ריין-דעפּאַרטאַמענטן (עלזאַס). אין אַנדערע דעפּאַרטאַ-מענטן מעגן יידן זיך באַזעצן נאָר ווען זיי פאַרווערבן דאָרטן ערד צו באַ-אַרבעטן, אָבער נישט פאַר האַנדלס-צוועקן. אין מיליטער-דינסט ווערט פאַר יידן אַזאַ אויסנאַם: אַ ייד מוז אַליין דינען, ער טאָר נישט דינגען פאַר זיך קיין אַנדערן, אַזוי ווי רעקרוטן-קריסטן מעגן טאָן. דער דעקרעט פונם 17 מערץ לאָזט זיך אויס מיט אַזוינע צוויי „אַלגעמיינע כּללים״: א) דער דעקרעט גילט נאָר אויף 10 יאָר; די רעגירונג פאַרהאָפט, אַז צו יענער צייט וועלן יידן שוין „נישט זיין אַנדערש פאַר אַלע בירגער״; אויב נישט, וועט דער טערמין פאַרלענגערט ווערן; ב) אַלע באַגרענעצן, וואָס זענען אויסגערעכנט אינם דעקרעט, געהערן נישט צו יידן אין באָרדאָ און אין די דעפּאַרטאַמענטן זשיראָנד און לאַנד, ווייל אויף יענע יידן קלאָגט מען זיך נישט און זיי באַשעפטיקן זיך נישט מיט קיין טריפע פּראָפעסיעס.

אַזוי האָט נאַפּאָלעאָן געמאַכט אַ רעוואָלוציע פון אויבן אַראָפּ אין דער יידנפראַגע. אָנשטאָט רעפאָרמעס, וואָס זאָלן ביסלעכווייז אומענדערן דעם אומנאָרמאַלן עקאָנאָמישן צושטאַנד, וואָס האָט זיך אויסגעאַרבעט אין משך פון הונדערטער יאָרן, האָט דער קיסר געהייסן מיטאַמאָל איבעראַנ-דערשן דעם צושטאַנד, און זאָלן דאָ פאַלן פאַר אַ קרבן טויזנטער רואי-נירטע פאַמיליעס. אָנשטאָט צו היילן דעם קראַנקן האָט מען געהייסן אים רעכט אָנשלאָגן. אויף שלעכטע קרעדיט-אָפּעראַציעס פון איין טייל יידן האָט דער קיסר אָפּגעענטפערט מיט אַ שלעכטער כירורגישער אָפּעראַציע, וואָס האָט אָנגערירט כּמעט אַלע טיילן. דאָ איז אָפּגעטאָן געוואָרן איינע פון די עקספּראָפּריאַציעס, וואָס דער דרייסטער אַרמיי-פירער איז אַזוי געוואוינט געווען צו טאָן אין זיינע פעלדמאַרשן; אָבער דער דעקרעט פון 17-טן מערץ איז דאָך געגעבן געוואָרן נישט אין קיין מיליטער-לאַגער, נאָר אין פּאַלאַץ טיולערי אין פּאַריז, דאָרט, וואו דער באַרימטער „ציוויל-קאָדעקס״ נאַפּאָ-לעאָנס איז נאָך נישט אָפּגעשאַפט געוואָרן... דאָ איז אָנגערירט געוואָרן נישט בלויז דער ציוויל-קאָדעקס אַליין, מ׳האָט דאָ מיט די פיס געטרעטן די יסודות פון דער קאָנסטיטוציע, וואָס האָט יידן גלייכבאַרעכטיקט... אויף צען יאָר לאַנג האָט מען אָפּגענומען ביי יידן די פרייהייט פון פּראָפעסיעס, די פרייהייט פון פאַרקער; ביי אַסך האָט מען אָפּגענומען זייערע אייגענע פאַרמעגס-רעכט אויך. די רעזולטאַטן פון דער אָפּיציעלער עקספּראָפּריאַציע זענען געווען שרעקלעך: אין עלזאַס האָבן קריסטן אויפגעהערט צאָלן יידן אַפילו די כּשרסטע חובות; אין אַסך שטעט האָבן די שטאָט-מערס (בירגער-מייסטער) פאַרעפנטלעכט נאַפּאָלעאָנס דעקרעט מיט גרויס פּאַראַד, מיט פּויקן-געקלאַפּ, כּדי די קריסטלעכע באַפעלקערונג זאָל פאַרשטיין, אַז פאַר

יידן איז דער בירגערלעכער געזעץ נישט גילטיק בכלל. יידישער האַנדל איז געווען געפּענטעט מיט אַ נעץ „פּאַטענטן" און ווייל ביי יידן איז אָפּגענומען געוואָרן דער פרייער פאַרקער, האָט דאָס פאַרשאַפט גרויסע אומגליקן דעם רירעוודיקן יידישן האַנדלס-עולם.

נאָך שווערער פאַרן עקאָנאָמישן חורבן איז געווען דער מאָראַלישער בראָך פאַר אַ פאָלק, וואָס די רעוואָלוציע האָט דאָס נישט לאַנג באַפרייט, וואָס האָט אַזוי פיל כּוחות אַוועקגעלייגט צו קעמפן פאַר פראַנקרייכס פרייהייט און וואָס האָט נישט ווינציק לעבנס אַוועקגעגעבן פאַר נאַפּאָלעאָנס נצחונות. דער דעקרעט פונם 17-טן מערץ איז אין דער געשיכטע געבליבן מיט דעם נאָמען décret infâme (שענדלעכער דעקרעט). דערהויפּט האָט ער שווער געטראָפן יענע נאָטאַבלען, וואָס האָבן נאָך אַ קורצע צייט פאַר דעם געגלויבט אין נאַפּאָלעאָנס גוטסקייט און האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ יידישן אויסלייזער. ווען פורטאַדאָ, דער געוועזענער פּרעזידענט פון דער דעפּוטאַטן-פאַרזאַמלונג, און אַנדערע אָנגעזעענע דעפּוטאַטן זענען דערגאַנגען אַ קורצע צייט פאַרן 17-טן מערץ וועגן דעם דעקרעט, וואָס גרייט זיך פאַר יידן, זענען זיי געלאָפן קיין פאָנטענעבלאָ, דעם קיסרס רעזידענץ, אַרויסזאָגן זייער פּראָטעסט, אָבער מ'האָט זיי צום קיסר נישט צוגעלאָזט. נאַפּאָלעאָן האָט זיי שוין מער נישט באַדאַרפט: ער האָט ביי זיי מיט אַ פּריינטלעכן אָנשטעל אַרויסגעקריגן אַלץ, וואָס ער האָט געוואָלט האָבן, און דערנאָך האָט ער געמאַכט דעם פיינטלעכן אָנפאַל. נישט נאַפּאָלעאָן האָט אָפּגעוואַרט יידן, ווי אייניקע היסטאָריקער מיינען, נאָר יידן האָבן זיך גענאַרט אין אים, בעת זיי האָבן זיך איינגערעדט, אַז טעאַטראַלע דעקאָראַציעס זענען אַ ממשות. דער קיסר איז געווען איצט, וואָס ער איז געווען פריער: צוויי יאָר פאַר דעם האָט ער גערעדט אין מלוכה-ראַט, אַז צו יידן דאַרף מען האָבן נישט קיין ציוויל-קאָדעקס, נאָר אַ „פּאָליטישן" קאָדעקס, און איצט האָט ער אויף זיי טאַקע פאַרווענדט זיין אינטערנאַציאָנאַלן קאָדעקס פון קריג און עקספּראָפּריאַציע.

די אומגעזעצלעכקייט און די אוממענטשלעכקייט פון דעם „שענדלעכן דעקרעט" האָבן געבראַכט דערצו, אַז ס'איז שווער געווען אים דורכצופירן. ס'האָבן זיך אַ שיט געטאָן יידישע אָנקלאָגן פון אַלע דעפּאַרטאַמענטן, דערהויפּט פון איטאַליענישע און אייניקע דרום-פראַנצויזישע יידן, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט זיי מיט זיין ברייטער האַנט פאַרגלייכט מיט די פאַרשולדיקטע יידן אין די ריין-פּראָווינצן. די רעגירונג האָט איצט געמוזט מאַכן אויסנאַמען פון דעם געזעץ פאַר פאַרשיידענע טיילן און שטעט. קודם-כּל האָט זי געמאַכט אַן אויסנאַם פאַר פּאַריזער יידן (26 אַפּריל 1808), וואָס דער אינערן-מיניסטער קרעטע האָט וועגן זיי געגעבן זייער אַ גוטע מיינונג (צווישן

2453 פאַריזער יידן זענען געווען סך-הכּל פיר וואָכערניקעס, געדינט אין מיליטער האָבן 150 יידן); דערנאָך האָט מען באַפרייט פון דער דאָזיקער שטראָף יידן אין ליוואָרנאָ, אין 20 דעפּאַרטאַמענטן פון דרום-פראַנקרייך און אין איטאַליע. אין יאָר 1810 האָט נאַפּאָלעאָן באַפולמעכטיקט דעם אינערן-מיניסטער, ער זאָל אים אַלע מאָל צושטעלן די נעמען פון שטעט, וואָס דאָרטיקע יידן האָבן פאַרדינט דעם חסד, מ׳זאָל פון זיי אָראָפּנעמען דעם דעקרעט. אין יאָר 1812, ווען נאַפּאָלעאָנס גרויסע אַרמיי האָט שוין געהאַלטן ביי אומקומען אין רוסלאַנד, האָט ער אָפּגעשאַפט דעם פאַרבאָט, אַז יידן-רעקרוטן זאָלן מעגן שטעלן פאַר זיך אַנדערע יידן. ער האָט געזען, ווי יידישע סאָלדאַטן קומען אום אויף די שלאַכטפעלדער צווישן דער פאַרפאַלענער גרויסער אַרמיי, און דאָ האָט ער אפשר פאַרשטאַנען, ווי אומ-מענטשלעך ער איז זיך באַגאַנגען קעגן אַ פאָלק, וואָס האָט אויף אים אַזוי אַרויסגעקוקט.

דאָס דערנידערטע, בירגערלעך-באַרויבטע יידנטום האָט נישט געטאָרט פּראָטעסטירן אין דער הויך קעגן דעם, וואָס האָט געבראָכן דעם עיקר פון גלייכבאַרעכטיקונג. אָבער מען הערט וועגן זייערע השתדלותן אין ראַפּאָרטן פון מיניסטאָרן און פון דער פּראָווינציעלער אַדמיניסטראַציע. פון די פּרעפעקטן און קאָנסיסטאָריעס קומען אָן ידיעות, אַז יידן „פאַרבעסערן״ זיך גיך. „מ׳זעט שוין, ווי יידן ווערן אַנדערש, — טיילט מיט דער אינערן-מיניסטער דעם קיסר אין יאָר 1811 — אומעטום מיען זיי זיך צו פאַר-דינען אייער מאַיעסטעטס גוטסקייט, מיט דער האָפנונג, אַז איר וועט פאַר זיי מאַכן אַן אויסנאַם פונם דעקרעט״. אַסך פּרעפעקטן טיילן מיט, אַז יידן גיבן זיך אַלץ מער אָפּ מיט נוצלעכע פּראָפעסיעס און קומען ערלעך צו מיליטער-דינסט. אין די איטאַליענישע דעפּאַרטאַמענטן ווייזט מען אָן מיט פרייד, אַז יידן הויבן אָן „גאָר זיך אויסצומישן מיט דער מאַסע פּראַנצויזן״. מ׳לויבט אויך די פּאַטריאָטישע אַרבעט פון די קאָנסיסטאָריעס, וואָס פּרעדיקן יידן אין די שולן דעם חוב צו פאָלגן דער רעגירונג.

אין יוני 1810 האָט די יידישע צענטראַל-קאָנסיסטאָריע אין פּאַריז דערלאַנגט דעם אינערן-מיניסטער אַ גרויסן מעמאָראַנדום וועגן דער לאַגע פון יידן אין פראַנקרייך, צונויפגעשטעלט נאָך די מאַטעריאַלן פון די פּראָווינציעלע קאָנסיסטאָריעס. יידישע טשינאָווניקעס רעדן דאָ די אַלטע קנעכטישע שפּראַך, וואָס מ׳האָט נאָך געקאָנט מוחל זיין די דעפּוטאַטן פון די „יידישע פּאַרלאַמענטן״, וואָס איז שוין אָבער איצט געווען נישט צו דערליידן נאָך דעם „שענדלעכן דעקרעט״. נאַפּאָלעאָנען רימט מען, אַלס דעם „העלדישן געזעצגעבער״ און דעם „גוטס-טוער״ און מ׳מעלדעט, אַז „איזראַעליטן ווערן גאָר אַנדערש״: ס׳ווערט מער יידן ערד-אייגנטימער,

פאַבריקאַנטן, פרייע פּראָפעסיאָנאַלן, אין מיליטער, אין די לאַנד-שולן, בעלי-מלאכות. לויט די ידיעות פון די קאָנסיסטאָריעס רעכנט זיך צווישן 80 טויזנט יידן אין דער אימפעריע (חוץ די אויטאָנאָמע מלוכות): 1232 ערד-אַרבעטער, 767 אין מיליטער, 2360 קינדער אין די אַלגעמיינע שולן אָדער אַזוינע, וואָס „גרייטן זיך צו נוצלעכער אַרבעט"; יידישע פאַבריקן זענען דאָ 250. די דאָזיקע „איפּלעבונג" וואָלט ביי יידן צוגעגאַנגען נאָך גיכער, — שטייט אין מעמאָראַנדום — ווען מ'זאָל אָראָפּנעמען די קייטן, וואָס דער האַרבער דעקרעט פונם יאָר 1808 האָט אָנגעטאָן אויף יידן.

די קייטן האָט מען אָבער נישט אַראָפּגענומען. אין 44 דעפּאַרטאַמענטן פון 68 איז נאָך גילטיק געווען דער „שענדלעכער דעקרעט". די לאַגע האָט זיך געביטן ערשט נאָך נאַפּאָלעאָנס פאַלן. די געשיכטע האָט זיך געמאַכט אַ שפּאַס: די הערן פונם „אַלטן רעזשים" איז באַשערט געווען צוריק אויפשטעלן אין פראַנקרייך איינע פון די בעסטע אַקציעס פון דער רעוואָלוציע, וואָס נאַפּאָלעאָן, „דער זון פון דער רעוואָלוציע", האָט זי אָפּגעשאַפט.

קאַפּיטל II

# יידישע עמאַנסיפּאַציע אין די לענדער פון פראַנצויזישער הערשאַפט

## § 25. האָלאַנד (באַטאַווער רעפּובליק און דאָס האָלענדישע קעניגטום)

די עמאַנסיפּאַציע-באַוועגונג איז אין אייראָפּע נאָכגעגאַנגען דער פראַנצויזישער אַרמיי. פריער דער רעפּובליקאַנישער, נאָכדעם נאַפּאָלעאָנס אַרמיי. אין די לענדער, וואו ס'איז מיט פראַנצויזישער ווירקונג איינגעפירט געוואָרן אַ רעפּובליקאַנישער אָדער אַ קאָנסטיטוציאָנעלער רעזשים, דאָרט איז דערלאַנגט געוואָרן יידישע גלייכבאַרעכטיקונג — מיטאַמאָל, אָדער נאָך אַ געוויסן פּאַרלאַמענטאַרישן שטרייט — אויף דער גאַנצער צייט, וואָס דער נייער רעזשים האָט זיך געהאַלטן. אַזוי איז פאָרגעקומען די יידישע עמאַנסיפּאַציע אין אַלע צייטווייליקע רעפּובליקן פון יענער תקופה: אין דער באַטאַווער רעפּובליק (האָלאַנד), אין דער ציזאַלפּישער און רוימישער (איטאַליע), וואָס זענען אין דער צייט פון נאַפּאָלעאָנס אימפּעריע געוואָרן „קעניגטומס", און אין דער העלוועטישער רעפּובליק (שווייץ). אין איטאַליע און אין שווייץ האָט די יידישע עמאַנסיפּאַציע נישט אויסגעהאַלטן: דאָרט איז זי געווען אָנגעוואָרפן פון דער פרעמד; פאַרקערט אָבער האָט זיך די עמאַנסיפּאציע פאַרפעסטיקט אין האָלאַנד: דאָ האָט זי געהאַט אייגענע וואָרצלען אין לאַנד, דער פראַנצויזישער רעזשים האָט דאָס נאָר גיכער געמאַכט.

די ווירקונג פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָט זיך קודם-כל אַרויסגעוויזן אין האָלאַנד, דעם לאַנד פון האַלב-פרייהייט און האַלב-טאָלעראַנץ. די 50 טויזנט יידן אין האָלאַנד, פון זיי 20 טויזנט אין אַמסטערדאַם אַליין, זענען געווען אַ צענטר פון אַ היפּשער קולטור-קראַפט, גיכער קלענער אין צאָל פאַר דעם יידישן קבוץ אין פראַנקרייך, נאָר אַ סך בעסער

אָרגאַניזירט. אין דעם רעפּאָרמאַטישן לאַנד, וואו קאַטוילן זענען אויך נישט געווען גאָר גלייכבאַרעכטיקט (זע § 8), זענען יידן נאָך געווען שטיפקינדער; זיי האָבן אָבער נישט געהאַט אויסצושטיין אַזאַ שענדלעכע בירגערלעכע קנעכטשאַפט, ווי זייערע ברידער אין די שכנותדיקע לענדער. אַ ברייטע קהילה-אויטאָנאָמיע האָט געשטאַרקט זייער נאַציאָנאַל-קולטורעלן פאַרבונד, וואָס איז נאָר אַ ביסל אָפּגעשוואַכט געוואָרן דורך דעם, וואָס די קהילות האָבן זיך געטיילט אויף „פּאָרטוגעזישע" (ספרדישע) און אשכנזישע. די שטייפע קהילה-אָרגאַניזאַציע האָט געהאַלטן די מאַסע האָלענדישע יידן אין אַ קאָנסערוואַטיווער דיסציפּלין, אָבער אַזאַ קאָנסערוואַטיזם האָט איר געדינט אַלס אַן איינהאַלטס-קראַפט בעת דער עמאַנסיפּאַציע-באַוועגונג. די השפּעה פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע איז תחלת געווען זייער נישט אָנגעזען: זי האָט אָנגערירט נאָר אַ קליינעם טייל פון דער אַמסטערדאַמער יידישער געזעלשאַפט, וואָס איז געווען באַאיינפלוסט פון די אידייען פונם 18-טן יאָרהונדערט און פון מענדעלסאָנס השכלה. דער דאָזיקער געבילדעטער טייל האָט צום אַלער-ערשטן דערפילט, אַז יידן האָבן נויטיק אַן אינעווייניקסטע רעפאָרם. די דאָזיקע ערשטע פיאָנערן פון דער באַפרייאונגס-באַוועגונג זענען צוגעשטאַנען צום ליבעראַלן קלוב Felix libertate וואָס איז אַנטשטאַנען אין אַמסטערדאַם נאָך איידער די פראַנצויזן האָבן פאַרנומען דאָס לאַנד (1793—1794). אינם קלוב, וואָס האָט אויפגעשריבן אויף זיין פאָן די אידייען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, האָבן זיך באַטייליקט אַמסטערדאַמער יידישע טוער מיט קריסטלעכע גלייך; לאָמיר דאָ אָנרופן משה-שלמה אַסער, אַ סוחר אַ יוריסט, און דע-לעמאָן, אַ דאָקטאָר. אין יאָר 1795 איז מקוים געוואָרן דער טרוים פון האָלענדישע „פּאַטריאָטן-ליבעראַלן": צוזאַמען מיט דער פראַנצויזישער אַרמיי האָבן זיי פאַרטריבן פונם לאַנד דעם שטאַטהאַלטער ווילהעלם אָראַנער, און פון נידערלאַנדער שטאַטן איז געוואָרן באַטאַווער רעפּובליק. ס'איז געגעבן געוואָרן אַ דעקלאַראַציע פון האָלענדישע בירגער-רעכט, וואָס האָט פעסטגעשטעלט פולע בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג פאַר פערזאָנען פון אַלע אמונות. דעם 4-טן מערץ 1795 האָבן זיך אַמסטערדאַמער יידן באַטייליקט אין אַ רעפּובליקאַנישער מאַניפעס-טאַציע מיט קריסטן גלייך, יידישע גלידער פונם Felix libertate און קינדער פון יידישע יתומים-הייזער זענען אויך בייגעווען ביי דער צערעמאָניע, ווי מ'האָט פאַרזעצט פאַר דעם ראַטהויז „דעם פרייהייטס-בוים".

די אַמסטערדאַמער יידישע קהילה איז אָבער נישט געווען איינִיק. דער געבילדעטער פרייזיניקער מיעוט איז געווען באַגייסטערט פון דעם איבערקער און האָט דאָ געזען אַ גליק פאַר יידן, אַקעגן אָבער האָט דער קאָנסערוואַ-טיווער רוב געזען, אָדער געפילט, אַז דאָ שטעקט אַ געפאַר פאַר דעם

יידישן קיבוץ צעפאַלן ווערן, אַלס נאַציאָנאַלע איינהייט. קאָנסערוואַטיווע יידן האָבן פאַרשטאַנען, אַז די פריערדיקע קהילה-אויטאָנאָמיע, וואָס האָט רעגולירט נישט אַליין דאָס רעליגיעזע, נאָר אויך דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן, מוז פאַלן, ווי נאָר יידן וועלן ווערן אַ טייל פון דער בירגערלעכער געזעלשאַפט און וועלן צעטיילט ווערן צווישן פאַרשיידענע שטאַנדן: ס'וועט נישט בלייבן נישט דער יידישער בית-דין, נישט די יידישע שול, נישט די פאָלקס-שפּראַכן (דייטש-יידיש און שפּאַניש-יידיש), ס'וועט פאַלן די רעליגיעזע דיסציפּלין אויך. צו די דאָזיקע דאגות פאַרן כלל זענען נאָך צוגעקומען פּערזענלעכע פּניות: רבנים און פּרנסים פון אַמסטערדאַמער אשכנזישער און פּאָרטוגעזישער קהילה האָבן מורא געהאַט, אַז זייער מאַכט וועט געמינערט ווערן, ווען ס'וועלן אָפּגעשאפט ווערן די אלטע רעגלאמענטן, וואָס האָבן זיי געזעצלעך געמאכט פאר א מין רעגירונג ביי יידן. ס'איז קיין חידוש נישט, וואָס די ליבעראלע גלידער פון דער אמסטערדאמער קהילה האָבן נישט געקאָנט פּועלן, מ'זאָל איבערלייענען אין שול די רעפּובליקאַנישע דעקלאַראַציע. די פּרנסים האָבן געזאַמלט אַ סך חתימות, אַז לייענען די דעקלאַראַציע אין שול איז קעגן דער יידישער אמונה. די ליבעראַלן האָבן דעמאָלט אויפגעשריבן אַ פּראָטעסט-אויפרוף און צעקלעפּט אין די שולן; די פּרנסים האָבן אָבער געהייסן אַראָפּרייסן די דאָזיקע פּראָקלאַמאַציעס.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן אַ שפּאַלטונג ביי האָלענדער יידן גראָד דעמאָלט, ווען זיי האָבן שטאַרק באַדאַרפט זיין אייניק, וואָרום ס'זענען פאָרגעקומען וואַלן אין דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג פון דער באַטאַווער רעפּובליק. יידן האָט מען צו די וואַלן צוגעלאָזט גלייך מיט אַנדערע, אָבער איבער אינעווייניקסטע רייסענישן האָבן זיי זיך קנאַפּ באַטייליקט אין דער וואַל-קאַמפּאַניע; זיי האָבן דעריבער נישט דורכגעפירט קיין איין יידישן דעפּוטאַט אין ערשטן פּאַרלאַמענט פון דער רעפּובליק. ווען די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג האָט זיך געעפנט, איז אַהין דערלאַנגט געוואָרן אַ יידישע פּעטיציע, וואָס האָבן געחתמעט די יידישע גלידער פון דעם קלוב Felix libertate: משה אַסער, זיין זון קאַרל, הערץ בראָמעט און יצחק יאָנגע פון די אַשכנזים, דאָקטאָר דע-לעמאָן און יעקב שאַספּאָרטאַס פון די ספרדים. די פירער פון דער יידישער ליבעראַלער פּאַרטיי האָבן געבעטן די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג, מ'זאָל יידן גלייכבאַרעכטיקן מיט אַנדערע בירגער. יידן זענען געוואָרן פאַקטיש בירגער, שטייט אין דער פּעטיציע, איצט קוקן זיי אַרויס, מ'זאָל דאָס יורידיש אָנערקענען; יידן האָבן זיך באַטייליקט אין די וואַלן, מעגן זיי האַלטן דעריבער קריסטלעכע דעפּוטאַטן פאַר זייערע פאָרשטייער אויך, און זיי פאָדערן, יענע זאָלן זיך איינשטעלן פאַר זייערע

אינטערעסן (מערץ 1796). די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג האָט אויסגעקליבן אַ ספּע־ציעלע קאָמיסיע צו באַטראַכטן די פראַגע.

די קאָמיסיע האָט געהאַט אַ שווערע אַרבעט: פאַרענטפערן אַ פראַגע, וואָס איז נאָך געווען פאַרבונדן ביי דער קריסטלעכער געזעלשאַפט מיט אַ סך פאָראורטיילן, וואָס האָט אַפילו די יידישע געזעלשאַפט גופא צע־שפּאָלטן אויף צוויי מחנות. די האָלענדער פאָלקס־פאַרטרעטער האָבן זיך געמוזט רעכענען מיט אַ פאַקט — דער איינציקער אין דער געשיכטע פון דער עמאַנסיפּאַציע, — אַז גלייכבאַרעכטיקונג האָט געפאָדערט נאָר אַ קליי־נער טייל יידישער געזעלשאַפט, בעת דער גרעסטער רוב האָט געצויגן צום אַלטן רעזשים. אַ הייפל יידישע פּראָגרעסיסטן האָט זיך געמיט אָפּשוואַכן דעם איינדרוק פון דעם דאָזיקן פאַקט און האָט אָנגעפירט אַ גרויסע אַגי־טאַציע. זיי האָבן דערלאַנגט דער קאָמיסיע נאָכאַנאַנד מעמאָראַנדומס פאַר יידישער גלייכבאַרעכטיקונג, צווישן זיי אויך אַ ווערק פון דור פרידריכס־פעלד, אַ משכּיל פון מענדעלסאָנס שיטה *), וואָס האָט אַליין געשטאַמט פון דייטשלאַנד.

אין אויגוסט 1796 האָט די קאָמיסיע דערלאַנגט דער נאַציאָנאַל פאַרזאַמלונג אַ ליבעראַלן באַריכט וועגן דער יידנפראַגע. אין פאַרלאַמענט האָבן זיך אָנגעהויבן די דעבאַטן, וואָס האָבן געדויערט אַכט טעג (פון 22 ביז 30 אויגוסט) און האָבן זיך געפירט זייער היציק. רעפערענט פון דער קאָמיסיע איז געווען דעפּוטאַט האַן, וואָס האָט געהאַלטן אַן איבער־צייגנדיקע רעדע פאַר יידישער עמאַנסיפּאַציע. האָלענדישע יידן, זאָגט ער, האָבן געצויגן צום אַלטן רעזשים און צו דער אָראַנער דינאַסטיע, וואָס האָט זיי פּראָטעזשירט, אָבער די רעפּובליק קאָן זיי נאָך מער צובינדן צו זיך, ווען זי וועט זיי מאַכן פריי און גלייכבאַרעכטיקט: מיר זעען דאָס שוין אין צפון־אַמעריקע און אין פראַנקרייך. דער ריידער האָט אָנגערירט אויך די ווייטאָקדיקסטע פראַגע פון דעם עמאַנסיפּאַציע־שטרייט: די פראַגע וועגן אַ יידישער נאַציע. קאָן מען דען האַלטן פאַר אַ נאַציע אָדער פאַר אַ באַזונדער פאָלק אַזוינע מענטשן, וואָס כמעט שוין צוויי טויזנט יאָר האָבן זיי קיין אייגענע מלוכה נישט? דער נאָמען „נאַציע" פּאַסט נאָר פאַר אַ מלוכה־פאַראייניקונג, אָבער נישט פאַר קיין רעליגיעזן קיבוץ; קיינער וועט דאָך נישט זאָגן, אַז קאַלוויניסטן אָדער לוטעראַנער אין פאַרשיידענע מלוכות זענען אַ באַזונדער נאַציע. אמת, יידן גלויבן, אַז די יידישע מלוכה אין פּאַלעסטינע וועט אַמאָל אויפגעריכט ווערן, אָבער מיר, קריסטן, ווייסן

---

*) פרידריכספעלדס מעמאראנדום איז נאָכדעם געדרוקט געווען אויף העברעאיש אויך („דברי נגידים"; זע די ביבליאָגראַפיע צו דעם קאַפּיטל).

דאָך, אַז די דאָזיקע משיח־אידייע קאָן נישט מקוים ווערן". האַנען האָט אָפּגעענטפערט דעפּוטאַט האַמלספּעלד: „יידן זענען פרעמדע, נישט קיין בירגער. פאַרטריבן פון אַנדערע לענדער, זענען זיי געקומען קיין האָלאַנד, און האָבן דאָ געפונען אַ היים און טאָלעראַנץ; גענוג פאַר זיי, קיין בירגער־רעכט דאַרפן זיי נישט מאָנען. זיי אַליין האַלטן זיך דאָך פאַר אַ נאַציע, מיר קוקן אויך אַזוי און האַלטן זיי נישט פאַר קיין שטאַם־טייל פון דער האָלענדער נאַציע". דער ריידער ענטפערט אָפּ האַנען ווענן דער יידישער משיח־אידייע: „איך בין אויך אַ קריסט און דאָך גלויב איך, אַז גאָטס הבטחה וועט מקוים ווערן און יידן וועלן סוף כל סוף קומען צו זייער לאַנד". ווייטער דערמאָנט דער ריידער, אַז נאָר אַ קלייגער טייל פון די פּובליק טויזנט האָלענדער יידן מאָנען גלייכבאַרעכטיקונג. די איבע־ריקע פאַרלאַנגען דאָס אפשר גאָרנישט. ער האָט אויך דערמאָנט, אַז אין יאָר 1787, בעת דעם „פּאַטריאָטישן" אויפשטאַנד קעגן ווילהעלם אָראַנער, זענען יידן געווען ווילהעלמס צד. ער האָט געענדיקט זיין רעדע, אַז יידן קאָן מען געבן גלייכבאַרעכטיקונג נאָר אין דעם פאַל, ווען זיי וועלן זיך אָפּזאָגן פון זייערע מנהגים, קהילות און אַנשטאַלטן (חוץ ריין־רעליגיעזע) און וועלן זיין נישט מער ווי איינצלנע בירגער צווישן באַטאַווער בירגער בכלל.

די דאָזיקע צוויי רעדעס האָבן געגעבן דעם גרונד־טאָן פון ביידע פּאַרטייען אין דער יידנפראַגע, אין פּאָליטישן און נאַציאָנאַלן זין. אין די סך רעדעס, וואָס נאָכדעם, זענען געווען איבערגעחזרט די מאָטיוון פון דעם אָדער יענעם צד. נאָך בולטער, איידער אין דער פראַנצויזישער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג, האָט זיך דאָ באַוויזן די וויכטיקסטע סתירה צווישן די אָנ־העגנגער און קעגנער פון דער עמאַנסיפּאַציע: ביידע צדדים זענען געווען אייניק, אַז בירגערלעכקייט מיט נאַציאָנאַל־אייגנס שיקט זיך נישט, נאָר איין צד האָט געלייקנט, אַז אַ יידישע נאַציע איז פאַראַן אויף דער וועלט, דער אַנדערער צד האָט געלייקנט, יידן זאָלן קאָנען ווערן בירגער. דעפּוטאַט פּלאָ האָט פאָרגעלייגט פרעגן די יידן גופא, צי האַלטן זיי זיך לויט נאַציאָנאַליטעט פאַר „באַטאַווער" אָדער פאַר יידן? דער ריידער איז זיכער, אַז אַלע, חוץ אַ הייפל „גאָט־לייקענער אָדער נאַטוראַליסטן", וועלן ענטפערן, אַז זיי געהערן נאָר צו דער יידישער נאַציע. פונדעסטוועגן האָט ער פאָר־געשלאָגן גלייכבאַרעכטיקן יידן מיט אַ תנאי, אַז יעדער ייד זאָל אין משך פון אַ יאָר געבן אַ התחיבות, אַז ער וועט נישט געהערן מער צו קיין אַנדער נאַציע, חוץ דער באַטאַווער. נאָך אַן אָנגעזעענער דעפּוטאַט, דער געוויסער מלוכה־טוער שימלפּעניק, האָט געפאָדערט גלייכבאַרעכטיקונג פאַר יידן, אַלס „יחידים", נישט אַלס יידישער פאָלקס־קבוץ. דער דאָזיקער געדאַנק

(איבערגעחזרט קלערמאַן-טאָנערס וואָרט, זע § 15) האָט פּאַראייניקט אָנהענגער אין קעגנער פון עמאַנסיפּאַציע, און לסוף האָבן זיי פאַרגעסן זייערע קאָנקרעטע חילוקי-דעות. 30 דעפּוטאַטן האָבן דעבאַטירט 8 טעג, און לסוף האָט די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג געגעבן אַ פּאָזיטיוון ענטפער. דאָ האָט אויך מיטגעהאָלפן דער פראַנצויזישער געזאַנדטער נאָעל, וואָס איז באַשטאַנען, מ'זאָל יידן גלייכבאַרעכטיקן אַזוי ווי אין פראַנקרייך. דעם 2-טן סעפּטעמבער האָט מען דאָס פאַרעפנטלעכט אין אַזאַ דעקרעט: „ביי קיין יידן טאָר נישט אָפּגענומען ווערן יענע רעכט און פּריווילעגיעס פון אַ באַטאַווער בירגער, פון וועלכע ער וועט וועלן געניסן, בתנאי, אַז ער איז יוצא אַלע פאָדערונגען און טוט אַלע פליכטן, וואָס די קאָנסטיטוציע פאָדערט פון יעדן בירגער".

דער דאָזיקער דעקרעט האָט אָפּגעשאַפט די יידישע קהילה-אויטאָנאָמיע מיט אַלע אירע אינסטיטוציעס, חוץ ריין-רעליגיעזע; ס'איז מקוים געוואָרן דאָס, וואָס האָט געשראָקן די קאָנסערוואַטיוו-נאַציאָנאַלע יידישע קרייזן אין אַמסטערדאַם. זיי האָבן דערפילט אַ קלאַפּ פאַר זייער אינעווייניקסטער נאַציאָנאַלער פרייהייט אין דעם אַקט, וואָס פּראָגרעסיסטן האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ נצחון פון גערעכטיקייט און בירגערלעכער פרייהייט. די פּראָגרעסיסטן האָבן שוין דעריבער נישט געקאָנט מער בלייבן אין דער אַלטער קהילה; אַ קליינע גרופּע האָט זיך אָפּגעטיילט און געמאַכט אַ קהילה פאַר זיך אין אַמסטערדאַם מיט דעם נאָמען „עדת ישורון", מיט אַ באַזונדער רב און אַ באַזונדער שול. די נייע רעליגיעזע פאַראייניקונג האָט איינגעפירט ביי זיך רעפאָרמעס: אָנגענומען ביבל אָנשטאָט תלמוד פאַר אַ גרונט פון נאַציאָנאַלער ערציאונג, דרשות אין שול געהאַלטן אויף האָלענדיש, אָפּגעשאַפט דעם מנהג באַלד דעמזעלבן טאָג באַגראָבן אַ מת, אויסגעשלאָסן פונם סידור קללות קעגן משומדים א. ד. ג. אויף אַזאַ שפּאַלטונג האָט די אַלטע קהילה אָפּגעענטפערט מיט חרמות און רדיפות. די פרנסים האָבן פאַרפירט אַ פּראָצעס קעגן די ווידערשפּעניקע, געמאָנט, יעדער זייערער זאָל אָפּצאָלן צו טויזנט גולדן פאַר דעם היזק, וואָס די קהילה האָט איבער דעם, וואָס זיי זענען אַרויס און אויפגעהערט צאָלן קהילה-שטייערן. דער אַמסטערדאַמער מאַגיסטראַט און שטאָט-ריכטער האָבן געשטיצט די פּרעטענזיעס פון די אָרטאָדאָקסן לויט די אַלטע פּריווילעגיעס; די פּראָגרעסיסטן האָבן געזאָלט צאָלן גרויסע געלט-שטראָפן. דאַמאָלט האָט זיך די רעגירונג אַריינגעלייגט אין דער זאַך. אונטער נאָעלס ווירקונג האָט זי דערקלערט, אַז ס'זענען בטל די אַלטע רעגלאַמענטן פון דער אַמסטערדאַמער קהילה, וואָס האָבן רעגולירט דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן, חוץ רעליגיעזע אָנגעלעגנהייטן; דאָס איז געדרונגען פון דעם דעקרעט וועגן גלייכבאַרעכטיקונג.

די אַלטע פּרנסים האָבן דעריבער אָנגעוואוירן זייערע פולמאַכטן, זיי דאַרף מען באַזייטיקן און מ'דאַרף אויסקליבן אַ דערוויילִיקע קאָלעגיע פון פינף מאַן צו פאַרוואַלטן די קהילה־אָנגעלעגנהייטן לויט דעם נייעם רעגלאַמענט (16 מערץ 1798). מ'האָט באַלד איינגעפירט די רעפאָרם. נייע פרנסים האָט מען שוין אויסגעקליבן פון דער פּראָגרעסיווער מינדערהייט, וואָס זענען צופרידן געווען מיט דעם פאַרשמעלערטן אינהאַלט פון קהילה־לעבן. בכן האָט די בירגערלעכע פרייהייט אין דעם פאַל אונטערגעריסן די אָפּגעשטאַנענקייט און דעם פאַנאַטיזם פון די קאָנסערוואַטאָרן, זי האָט אָבער אונטערגעריסן אויך די אויטאָנאָמע יידישע אָרגאַניזאַציע, וואָס דורות האָבן פאַר איר געשטרייט. מיט איין האַנט האָט די עמאַנסיפּאַציע געהיילט, מיט דער אַנדערער געביילט...

די לופט פון פּאָליטישער פרייהייט האָט דערוויילן געטאָן אירס. יידן זענען אַליין געווען צום פּאָליטישן לעבן אין לאַנד. אין די וואַלן צו דער צווייטער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג האָבן זיך יידן באַטייליקט פליי־סיקער און האָבן דורכגעפירט צוויי אייגענע דעפּוטאַטן — אַמסטערדאַמער ליבעראַן דע־לעמאָן און בראָמעט (1797). דאָס זענען געווען די ערשטע יידישע דעפּוטאַטן אין אַן אייראָפּעאישן פּאַרלאַמענט. ביי די וואַלן צו דער דריטער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג (1798) איז דורכגעגאַנגען נאָך אַ דריטער יידישער דעפּוטאַט — יצחק דאַקאָסטאַ עטיאַס, פריער אַ גליד פון אַמסטערדאַמער שטאָט־ראַט. אָנגעזעענע יידישע פּערזענלעכקייטן האָט מען אָנגעהויבן צו־לאָזן צו מוניציפּאַלע און מלוכה־שטעלעס: דער דערמאָנטער משה אַסער, למשל, איז געוואָרן אַ באַאַמטער אין יוסטיץ־מיניסטעריום.

די דאָזיקע געשעענישן פון דער „רוישנדיקער יוגנט״ פון דער באַ־טאווער רעפּובליק זאָגן אָבער נאָך נישט אַלץ, וואָס ס'האָט זיך באמת גע־ביטן אין דער סאָציאַלער יידישער לאַגע. באמת איז דאָ אויך פאָרגעקומען דאָס, וואָס מיר האָבן שוין צוגעזען אין פראַנקרייך: גלייכבאַרעכטיקונג אויף פּאַפּיר האָט זיך שווער איינגעפלאַנצט אין דער פּראַקטיק, די אַלטע געוואוינהייטן האָבן זיך נישט געלאָזט אַזוי גרינג ברעכן. אין דערזעלבער צייט, ווען יידישע דעפּוטאַטן זענען געזעסן אין פּאַרלאַמענט, האָט מען יידישע קינדער נישט צוגעלאָזן אין די האָלענדישע פּאָלקס־שולן. אייניקע באַגרעניצן זענען נאָך געבליבן גילטיק און זיי האָבן זיך געלאָזט פילן, דערהויפּט די לעצטע יאָרן פון דער צייטווייליקער רעפּובליק, ווען די באַגייסטערונג פאַר פרייהייט איז אָפּגעקילט געוואָרן. דערפירן די יידישע עמאַנסיפּאַציע ביזן סוף, איז שוין באַשערט געווען דעם האָלענדישן קעניגטום, וואָס האָט אין יאָר 1806 פאַרנומען דעם אָרט פון דער באַטאַ־ווער רעפּובליק, לויט נאַפּאָלעאָנס ווילן. דער נייער רעגירער אין לאַנד,

לודאָוויק באָנאַפּאַרט, נאַפּאָלעאָנס ברודער, האָט געהיט די ליבעראַלע פּונקטן פון דער קאָנסטיטוציע בנוגע צו יידן, צו וועלכע ער האָט זיך בכלל פריינטלעך פאַרהאַלטן. לודאָוויק האָט אַגב אָפּגעשאַפט די אַלטע באַליידיקנדיקע שבועה פאַר יידן (more judaico) אין געריכט; ער האָט אויך געהויסן איבער-טראָגן ירידים פון שבת אויף מאָנטיק, זיך רעכענענדיק מיט די רעליגיעזע איבערצייגונגען פון דער יידישער מאַסע.

דאָס ערשטע יאָר פון זיין רעגירן איז אויסגעפאַלן אין דערזעלבער צייט, ווען אין פּאַריז זענען געווען פאַרזאַמלט די „יידישע פּאַרלאַמענטן", די נאָטאַבלען-פאַרזאַמלונג און דער סנהדרין. דאָס האָט אויפגעמונטערט דעם פּראָגרעסיוון טייל האָלענדער יידן. גרויס איז געווען זייער אינטערעס צו דער ערשטער פאַרזאַמלונג, וואָס אירע באַשלוסן זענען אַזוי נאָענט געווען צו זייערע אידעאַלן. נאָך גרעסער איז געווען די פרייד פון די פּראָגרעסיסטן, ווען אין האַרבסט 1806 איז קיין אַמסטערדאַם אנגעקומען אַ צירקולאַר וועגן פּאַריזער „גרויסן סנהדרין", צו וועלכן מ'האָט געבעטן שיקן דעלעגאַטן. די דירעקציע פון דער רעפאָרמירטער קהילה „עדת ישורון" האָט באַשלאָסן (אין דער זיצונג פון 15 אָקטאָבער 1806) שיקן אַ דעפּוטאַציע קיין פּאַריז מיטהעלפן דעם „גרויסן צוועק" פונם סנהדרין, וואָס „נאַ-פּאָלעאָן דער גרויסער, דער יידישער אויסלייזער" רופט צונויף. די פירער פון דער קהילה האָבן זיך פאַרגעשטעלט דעם קעניג און געבעטן, ער זאָל זיי ערלויבן שיקן אַזאַ דעפּוטאַציע. ביי דער געלעגנהייט האָבן זיי אויס-געדריקט זייער אַנציקונג פון „די גרויסאַרטיקע מעלות, וואָס נאָר נאַפּאָ-לעאָנס פאַמיליע פאַרמאָגט אַזוינס". זיי האָבן אַרויסגעזאָגט זייער האָפנונג, אַז ביי דעם נייעם רעגירער וועלן זיך ווידער אומקערן די ליכטיקע פריי-הייט-טעג, וואָס זענען פאַרפינסטערט געוואָרן די לעצטע יאָרן פון באַטאַ-ווער רעפּובליק, ווען מ'האָט טיילווייז אַ קער געטאָן צוריק צום אַלטן רע-זשים. דער קעניג האָט ערלויבט שיקן אַ דעפּוטאַציע, וואָס איז באַשטאַנען פון דריי פּערזאָן: דעם געוועזענעם פּאַרלאַמענט-גליד דע-לעמאָן, דעם יונגן אַדוואָקאַט קאַרל אַסער און אַ תלמודיסט אַ מאַטעמאַטיקער יהודה ליטוואַק; דער לעצטער האָט געשטאַמט פון פּוילן און איז געוואָרן איינער פון די פירער אין דער רעפאָרמירטער אַמסטערדאַמער קהילה. די דעפּוטאַציע איז אָנגעקומען קיין פּאַריז שוין נאָך דעם ווי דער סנהדרין האָט זיך געעפנט און איז דאָס ערשטע מאָל בייגעווען אין דער צווייטער זיצונג, (דעם 12-טן סעפּטעמבער 1807). אַלע דריי האָבן באַגריסט די פאַרזאַמלונג אויף פראַנצויזיש און העברעאיש (העברעאיש האָט גערעדט ליטוואַק). די רעדעס זענען געווען פול מיט פרייד און לויב דעם סנהדרין, וואָס שאַפט אַ נייע תקופה אין דער געשיכטע פונם יידישן פאָלק, אַ תקופה

פון גליק, פרייהייט און בילדונג. די דעפוטאַציע האָט איבערגעגעבן דעם פּאָרזיצער אַ שריפטלעכע מעלדונג פון דער קהילה „עדת ישורון", אַז זיי זענען באַפולמעכטיקט צושטיין צו די באַשלוסן פונם סנהדרין אין אַלע פראַגן, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט פאָרגעלייגט. זיי האָבן געטריי אויסגעפירט די פולמאַכט, וואָס מ'האָט זיי געגעבן: די אַמסטערדאַמער דעפוטאַטן האָבן געפונען, אַז אַלע באַשלוסן פונם סנהדרין זענען קלוג און אַ גליק פאַר יידן, און האָבן דאָס אַרויסגעזאָגט אין זייערע רעדעס אין דער לעצטער זיצונג. קאַרל אַסער דערמאָנט אין זיין רעדע, אַז אַלע אויפגעקלערטע פרינציפּן פונם סנהדרין שטימען מיט די פרינציפּן, וואָס האָבן באַגייסטערט די גרינדער פון „עדת ישורון" נאָך אין יאָר 1796; דעם ריידער מאָלט זיך אַ „טעמפּל פון טאָלעראַנץ", וואו ס'פאַראייניקן זיך אַלע פעלקער צו דינען דעם „פאָטער פון אַלע מענטשן", יעדער אויף זיין שטייגער. דע-לעמאָן זאָגט, אַז אויפגעקלערטע יידן וועלן געפינען אין דעם סנהדרינס באַשלוסן אַ באַרואונג פאַר זייער געוויסן און אַ סאַנקציע פאַר די נויטיקע רעליגיעזע רעפאָרמעס. ליטוואַק זאָגט נביאות דעם סנהדרין, אַז ער וועט אייביק בלייבן געריסט ביי די קומענדיקע דורות... די קומענדיקע דורות האָבן אָבער געהאַט זייער מיינונג וועגן דעם.

דאָס ביטערע געפיל פון אָפּגעזונדערטקייט אין נאַפּאָלעאָנס „ישועות", וואָס איז געקומען באַלד ווי מ'האָט צעלאָזט דעם סנהדרין, האָט זיך אין האָלאַנד נישט אַזוי שטאַרק געגעבן צו וויסן ווי אין פראַנקרייך. דעם „שענדלעכן דעקרעט" פון יאָר 1808 האָט מען אין האָלענדער געזעצגעבונג נישט נאָכגעטאָן. שווערלעך איז דאָ אויך צוגעגאַנגען די קהילה-רעפאָרם לויט דער פראַנצויזישער קאָנסיסטאָריאַלער סיסטעם; די מניעות זענען דאָ געווען: די צעריסנקייט צווישן קאָנסערוואַטאָרן און פּראָגרעסיסטן און די אַלטע שפּאַלטונג צווישן אשכנזים און ספרדים אין די קהילות *). די רעגירונג האָט געפּרוווט פאַראייניקן די אַלע צעשיידטע טיילן און האָט פאַר דעם צוועק באַשאַפן אַ „צענטראַלע קאָנסיסטאָריע" אין אַמסטערדאַם, וואָס זי זאָל פירן די ענינים פון יידישע קהילות אין גאַנצן קעניגטום (סעפּטעמבער 1808). אָבער די אַמסטערדאַמער קאָנסיסטאָריע איז געווען אומבאַהאָלפן עפּעס

*) ווי גרויס ס'איז געווען די דאָזיקע פאַרפרעמדקייט, קאָן מען זען פון אַזאַ פאַקט: נאָך אין יאָר 1812 האָבן אַמסטערדאַמער פּאָרטוגעזן געבעטן דעם קולטמיניסטער, ער זאָל זיי ערלויבן האָבן אַן אייגענע סינאַגאָגע, זיי זאָלן זיך נישט אָנגעהערן מיט דער צענטראַלער קאָנסיסטאָריע, וואָס דער רוב איז דאָרט אשכנזים. אַזוינס פּראַקטיקירט זיך דאָך, זאָגן זיי, צווישן פאַרשיידענע קריסטלעכע סעקטעס אויך, וואָס „ביי זיי איז דער חילוק אין דאָגמאַטן, אין מנהגים און אין ריטואַל אַסך קלענער איידער ביי די צוויי יידישע קהילות, ביי דער אשכנזישער און פּאָרטוגעזישער".

פאַרצוונעמען, ווי בנוגע דער אַלטער אשכנזיש-ספרדישער שפּאַלטונג, אַזוי אויך בנוגע דעם אַלגעמיינעם צעפאַלן, וואָס דער האָסטיקער פּאָליטישער און קולטורעלער קריזיס האָט מיטגעבראַכט אין יידישן לעבן. שווערלעך איז צוגעגאַנגען די געפלאַנטע עפנונג פון פּראָווינציעלע קאָנסיסטאָריעס. די אַמסטערדאַמער קאָנסיסטאָריע, וואָס איז באַשטאַנען דערהויפּט פון רעפּאָר-מיסטן, מקורבים ביי דער רעגירונג, איז געווען נישט מער ווי אַ רעגירונגס-דעפּאַרטאַמענט פאַר יידישע ענינים. אין יאָר 1809 האָט זי מיטגעהאָלפן דער רעגירונג צוציען יידן צו מיליטער-דינסט. היות ווי פאַרשיידענע באַטאַליאָנען פון דער האָלענדער בירגערלעכער מיליציע האָבן נישט צו-געלאָזט קיין יידן, איז געבליבן מאַכן אַ באַזונדער פּאָלק פון יידן-מילי-ציאָנערן. דער קעניג לודאָוויק האָט באַשטעטיקט דעם פּראָיעקט, וואָס איז אינגיכן פאַרווירקלעכט געוואָרן; דאָס אייגענע יאָר נאָך איז געוואָרן אַן אָריגינעלער יידישער קאָרפּוס: צוויי באַטאַליאָן אינפאַנטעריע צו 883 מאַן מיט יידן-אָפיצירן. די דאָזיקע אייגנאַרטיקע אַרמיי האָט אָבער קיין לאַנגן קיום נישט געהאַט. אין יאָר 1810 האָט זיך לודאָוויק באַנאַפּאַרט אָפּגעזאָגט פונם טראָן, האָלאַנד איז געוואָרן אַ טייל פון דער פראַנצויזישער אימפּעריע, און די יידישע סאָלדאַטן האָט מען פאַרטיילט צווישן פאַרשיידענע פראַנ-צויזישע פּאָלקן. אין צוויי יאָר אַרום האָט די דייטשיש-רוסישע פאַראייניקטע אַרמיי פאַרנומען האָלאַנד און האָט פאַרטריבן די פראַנצויזן; אין יאָר 1815 איז די אָראַנער דינאַסטיע ווידער אַרויף אויפן טראָן. די איבערגאַנגצייט פון דער „ערשטער עמאַנסיפּאַציע" איז געווען אויס.

דאָס איז געווען אַ שטורמישע תּקופה, וואָס האָט אויפגערודערט דאָס גאַנצע יידישע לעבן אין האָלאַנד. מער פאַר אַלץ האָט זיך דער קריזיס געלאָזט פילן אין דעם עקאָנאָמישן לעבן. נאַפּאָלעאָנס „קאָנטינענטאַלע סיס-טעם", וואָס געמיינט האָט זי שטערן דעם ענגלישן האַנדל, נאָר געטראָפן האָט זי דעם גאַנצן האַנדל אין אייראָפּע, האָט דערהויפּט רואינירט האָלאַנד און אירע יידישע סוחרים, וואָס זענען געווען שטאַרק פאַרבונדן מיט ענגלאַנד. רייכע נעגאָציאַנטן האָבן פאַרמאַכט די געשעפטן און פאַרלעבט דאָס לעצט ביסל גרייטס; אָבער די אומפאַרמעגלעכע קלאַסן האָבן געליטן שרעקלעכע נויט. די אָרימקייט האָט דערלאַנגט אַזוי ווייט, אַז צוויי דריטל אַמסטער-דאַמער אשכנזישער קהילה האָט געלעבט פון צדקה. די באַפעלקערונג אין אַמסטערדאַם איז שטאַרק אויסגעוואַקסן אין דער צייט פון רעפּובליק און אימפּעריע: אין די יאָרן 1808–1813 האָט זיך אין דער אשכנזישער יידישער קהילה גערעכנט 30.000 נפשות, אין דער פּאָרטוגעזישער קהילה – 2800. אין האַאַג איז געווען 2180 יידן; היפּשע יידישע קהילות זענען נאָך געווען אין ראָטערדאַם, לײדן און אין גראָנינגען. אין דער גייסטיקער קולטור זעען מיר

צו אַ שטריט צווישן דעם אַלטן און דעם נייעם. די גרויסע מאַסע אשכנזים האָבן זיך נאָך שטאַרק געהאַלטן פאַר יידישער שפּראַך. אויף יידיש האָט מען געלערנט אין חדרים און ישיבות, וואָס די רעפאָרמירטע יידישע שול האָט זיי נישט געקאָנט באַזייטיקן. אגב, פאַר דער רעפאָרמיסטישער שול האָט מען זייער ווייניק געזאָרגט: די „אויפגעקומענע" רעפאָרמיסטן האָבן אָפּגעגעבן זייערע קינדער אין די קריסטלעכע שולן פון זינט אָן מ'האָט זיי אָנגעהויבן צולאָזן אַהין, אָבער די דאָזיקע שולן זענען געווען פאַבריקן פאַר אַסימילאַציע. די צענטראַלע קאָנסיסטאָריע, די פעסטונג פון די רע-פאָרמיסטן, האָט געררודפט אויף טריט און שריט דעם יידישן „זשאַרגאָן" און האָט געפאָדערט, די בתי-מדרשים זאָלן שרייבן זייערע געשעפטס-פּאַפּירן אויף האָלענדיש; ס'האָט אָבער נישט געהאָלפן. מ'האָט אָנגעהויבן איבערזעצן חומש אויף האָלענדיש, מ'האָט אָבער נישט באַוויזן דאָס צו פאַרענדיקן. די לפי ערך געדיכטע יידישע באַפעלקערונג אין האָלאַנד האָט זיך בכלל שטאַרקער געווערט קעגן אַסימילאַציע, איידער אין אַנדערע לענדער.

## § 26. איטאַליע: די רוימישע און ציזאַלפּישע רעפּובליק, דאָס איטאַלישע קעניגטום

די צייטווייליקע עמאַנסיפּאַציע, וואָס איז געקומען פון פראַנקרייכס ווירקונג צו דער צייט פון רעוואָלוציע און שפּעטער אין נאַפּאָלעאָנס צייט, האָט אין קיין אָרט נישט אַזוי פאַרענדערט די יידישע לאַגע, ווי אין איטאַליע, דערהויפּט אין דער קירך-געגנט. דאָ האָבן פאַרביטערט געקעמפט צוויי פיינטלעכע כּוחות: די קירך און די רעוואָלוציע, געטאָ און פרייהייט. אין דעם גרעסטן טייל מלוכהלעך אין דעם צעברעקלטן לאַנד (חוץ אין טאָסקאַנאַ און אין עטלעכע שטעט) זענען יידן געקומען צו בירגערלעכער פרייהייט פון דער שענדלעכסטער קנעכטשאַפט אַרויס. נישט פון האַלב-פרייהייט, ווי מיר האָבן דאָס צוגעזען אין האָלאַנד. דאָס יידישע געטאָ אין רוים איז נאָך געווען געשמידט אין קייטן פון דעם אינקוויזיטאָרישן יידן-רעגלאַמענט פון דעם יאָר 1775 (§ 7), די געלע לאַטע אויף דער הוט האָט נאָך געפלעקט די „פאַרשטויסענע" געטאָ-יידן, און דער קירכס יאָג-הינט האָבן נאָכגעיאָגט די דאָזיקע מאַסע „פאַרברעכער", וואָס מ'האָט צו-נויפגעטריבן אויף דעם ברעג טיבר צום פויפסטס געיעג, — אָבער פונדער-ווייטנס האָט זיך שוין געהערט דער אָפּקלאַנג פון דער רעוואָלוציע, און די פראַנצויזישע פרייהייטס-אַרמיי איז אַלץ נעענטער צוגעקומען צו די טויערן פון רוים. אין יאַנואַר 1793 האָט די רעוואָלוציע דעם ערשטן בליץ געטאָן

אין רוים. דעם אויפשטאַנד האָט צוגעגרייט דער פראַנצויזישער אַגענט באַסעוויל, נאָר אויסגעלאָזט האָט זיך דאָס שלעכט: אַ המון קאַטוילישע פאַנאַטיקער האָט אומגעבראַכט באַסעווילן. דער המון האָט געפּרוּווט באַפאַלן די פראַנצויזישע קאָלאָניע אין רוים, אָבער היות ווי מ׳האָט אַזוינס נישט דערלאָזט, האָט זיך דער המון אַ וואָרף געטאָן וואו גרינגער איז, אויפן יידישן קוואַרטאַל. דאָ האָט ער געפייערט זיין נצחון איבער דער רעוואָלוציע מיט צעראַבירן עטלעכע יידישע קראָמען. די פּויפּסטלעכע אַדמיניסטראַציע האָט אויך אויסגענוצט די געלעגנהייט צו ראַבירן. זי האָט צעלאָזט אַ קלאַנג, אַז ביי אַ יידן אַ הענדלער האָט מען געפונען צוגעגרייט פאַר די רעוואָלוציאָנערן עטלעכע טויזנט דריי-פאַרביקע קאָקאַרדעס. אויף דעם סמך האָט די פּאָליציי אַרעסטירט די רבנים און די פּרנסים פון דער קהילה און האָט זיך געהייסן באַצאָלן אַ גרויסן שטראָף פאַר פרייל־אָזן זיי. כּדי שווערער מאַכן דעם פאַרקער פון דעם געטאָ מיט דער שטאָט, האָט די אַדמיניסטראַציע געהייסן שטרענג אַכטונג געבן, מ׳זאָל אויספאָלגן די פּונקטן פונם אַלטן רעגלאַמענט, אַז אַ ייד מוז טראָגן די געלע לאַטע אַפילו אין געטאָ אויך און טאָר זיך נישט ווייזן ביינאַכט אין שטאָט. וואָס מער מ׳האָט אין פראַנקרייך דורכאַנאַנד אונטערגעריסן דעם אַבסאָלוטיזם פון דער וועלטלעכער און קריסטלעכער מאַכט, אַלץ מער איז געוואַקסן אין רוים די פאַרביטערונג און אויסגעלאָזט האָט מען דאָס צו יידן. ווען מ׳האָט אין פּאַריז געקעפּט לודאָוויק XVI, האָט דער רוימישער המון צעראַבירט דעם יידישן קוואַרטאַל. האָט די רעוואָלוציע איינגעפירט אין פראַנקרייך דעם „קולט פון שכל”, אַזוי האָט מען דאָ אין רוים אָפּגעענטפערט מיט שמדן יידן, וואָס מ׳האָט מיט געוואַלד פאַרכאַפּט אָדער פאַרנאַרט אין „הויז פאַר שמד-קאַנדידאַטן”; אין פּאַריז האָט זיך געפונען אַ ייד אַ יאַקאָבינער פעררייראַ, וואָס האָט געגנויט דעם בישאָף גאָבעל, אויף דער זיצונג פון קאָנווענט, אויסטאָן דעם צלם — דאָ אין רוים האָט מען מיט גוואַלד אָנגעטאָן צלמים יידישע קינדער...

לסוף איז געקומען די צייט, ווען אָנשטאָט אַ ווייטן ווידער-קול פון דער רעוואָלוציע האָט רוים דערהערט אירע נאָענטע טריט. אין יאָר 1797 האָט פראַנצויזיש מיליטער פאַרפלייצט איטאַליע. דעם יונגן באָנאַפּאַרטס קריגס-געניאַוס האָט באַוויזן וואונדער: ווי שטויב איז זיך פאַר אים צעפאַלן די עסטרייכישע אַרמיי אין לאָמבאַרדיע, ס׳האָבן זיך פאַר אים געבויגן רעגירער אין סאַרדיניע, טאָסקאַנע, ווענעדיק, גענוע; אויך דעם פּויפּסטס טראָן האָט אַ ציטער געטאָן. דער פּויפּסט פּיאוס VI מיט אַן אָפּגעפליקטער טעריטאָריע, רואינירט פון פראַנצויזישע קאָנטריבוציעס, איז געזעסן אין רוים און האָט געוואַרט אויף זיין פּסק. דער סכסוך צווישן

דעם קלעריקאַלן המון מיט די רעפובליקאַנער, וואָס פראַנצויזן האָבן זיי פראָטעזשירט, האָט געגעבן פראַנקרייך געלעגנהייט זיך אַריינמישן. דער פראַנצויזישער גענעראַל בערטיע האָט פאַרנומען רוים; די דאָרטיקע רעפובליקאַנער האָבן אַראָפּגעזעצט דעם פויפסט און דערקלערט די אויבער־הערשאַפט פונם פאָלק (דעם 15־טן פעברואַר 1798). דעמזעלבן טאָג, דעם ערשטן טאָג פון דער „רוימישער רעפובליק", האָבן יידן אַראָפּגענומען פון זיך דעם שאַנד־צייכן פון קנעכטשאַפט, די געלע לאַטע (sciamano פון דעם העבּרעאישן וואָרט „סימן"). אין צוויי טעג אַרום איז דאָס געטאָ געווען אילומינירט, מיט מוזיק האָט מען פאַרזעצט פאַר דער שול אַ „פרייהייטס־בוים". אינדערפרי דעם 20־טן פעברואַר איז אַרויס פון רוים דער אַראָפּגעזעצטער פויפסט פיאוס VI, דער אויפטוער פון דעם אוממענטשלעכן יידן־עדיקט פון יאָר 1775, און מער האָט ער זיך שוין נישט אומגעקערט. דער אַלטער טורמע־וועכטער איז אַוועק, בעת די טורמע פון געטאָ האָט זיך געעפנט און אויף די גאַסן פון דער שטאָט האָט זיך צעשיט די מחנה פאַרשפּאַרטע, איצט שוין פרייע בירגער פון דער רעפובליק. צווישן די ערשטע אַקטן פון דער נייער רעגירונג איז געווען יידישע גלייכבאַרעכטיקונג: „היות ווי לויט די פרינציפן, וואָס די קאָנסטיטוציע פון דער רוימישער רעפובליק האָט פעסט אַוועקגעשטעלט, דאַרפן פאַר אַלע רוימישע בירגער גילטן אַלצאיינע געזעצן — ווערט דעריבער דערקלערט אַזאַ געזעץ: פאַר יידן גילטן די אַלגעמיינע געזעצן, ווי פאַר אַלע בירגער אין דער רעפובליק, ווי ווייט זיי זענען יוצא קעגן אַלע פונקטן, וואָס ס'פאָדערט זיך אויף צו האָבן די רעכט פון אַ רוימישן בירגער; פון היינט אָן ווערן דעריבער בטל אַלע אויסנאַם־געזעצן און באַפעלן וועגן יידן".

נישט מיטאַמאָל האָט זיך די קריסטלעכע מאַסע צוגעוואוינט, אַז יידן, נעכטן נאָך קנעכט, זענען היינט בירגער גלייך מיט איר. אַסך האָבן נישט געקאָנט רואיק צוזען, ווי יידן טראָגן דריי־פאַרביקע אָפיצערישע קאָקאַרדעס אָנשטאָט דער געלער לאַטע דאָ נישט לאַנג, און באַטייליקן זיך שטאָלץ אין רעפובליקאַנישע מאַניפעסטאַציעס. די קריסטן, וואָס האָבן געוואוינט פון יענער זייט טיבר, די שכנים פון דעם געטאָ, האָבן צוגעשפילט צלמלאַך צו די קאָקאַרדעס, אָפּצעשיידן זיך פון יידן. די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע האָט תחלת נישט גערן צוגעלאָזט יידישע פרייוויליקע, שפעטער איז דער אומצוטרוי פאַרשוואונדן, וואָרום יידן האָבן באַוויזן זייער רעפובליקאַנישן פאַטריאָטיזם און האָבן אַפילו געגעבן דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע אייניקע אָפיצערן (באַראַפאַל און אַנד.) אַ יידן יחזקאל מאַרפורנאָ האָט מען געמאַכט פאַר „סענאַטאָר", פאַר אַ גליד פון דעם העכסטן געריכט אין דער רעפובליק. פונדעסטוועגן זענען יידן נישט ווייניק אויסגעשטאַנען

פון דעם מיליטערישן אָקופּאַציע-רעזשים. שווער איז געווען איבערצוטראָגן די קאָנטריבוציעס, וואָס פראַנצויזישע גענעראַלן האָבן נאָכאַנאַנד אַרויפגעלייגט. מ׳האָט גענויט צאָלן דער קריגס-קאַסע גרויסע סומעס, מ׳האָט גענויט יידישע פרויען נייען מיליטער-קליידונג פאַר סאָלדאַטן אַפילו אום שבת, וואָס האָט אויפגערודערט דאָס געטאָ. טייער האָט יידן געקאָסט די פרייהייט און די באַפרידיקונג צו זען די מפּלה פונם אַלטן שונא, דער קאַטוילישער גייסטלעכשאַפט. די רעפּובליקאַנישע מאַכט האָט קאָנפיסקירט דעם פּויפּסטס און די קאַרדינאַלס פאַרמעגן און אויספאַרקויפט אויף אַן אויקציאָן. צווישן די קויפער זענען געווען יידן אויך, און צו זיי איז אגב אַריינגעפאַלן אַסך זאַכן פון דעם קירך-ריטואַל. געטרייע קאַטוילן זענען געווען אויפגעבראַכט, וואָס „דער קירכס פיינט" האָבן אויך אַ טייל אינם ליקווידירן איר פאַרמעגן, אָבער צוליב קריסטן האָבן זיך אויך נישט פאַרהאַלטן מיט מער אַכטונג צו רעליקוויעס, איידער יידן. גייסטלעכע זענען געווען אין רוים צו שפּאָט און געלעכטער. אויף אַ פאַרזאַמלונג פון בירגער האָט איינער געפאָדערט, מ׳זאָל אַלע גלחים שטעלן צייכנס אויפן שטערן; אַנדערע האָבן געפאָדערט, אַז די הייליקע פּאָטערס זאָל מען שיקן וואוינען אין געטאָ, דאָרט, וואו זיי האָבן פריער פאַרשפּאַרט יידן. אין ערגעץ האָט זיך נאָך אַזוי בולט נישט באַוויזן דער משפּט פון דער געשיכטע, ווי אין דעם דאָזיקן אומגעריכטן איבערקער. דער איבערקער איז אָבער געווען אויף אַ ווייל: די רוימישע רעפּובליק האָט געהאַלטן ביי אויסגיין.

אין האַרבסט 1799 האָט שוין רוים געהאַט אויף זיך די הערשאַפט פון דעם נעאַפּאָליטאַנישן מיליטער אָנשטאָט דער פראַנצויזישער מאַכט. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן דאָס נקמה-נעמען פאַר דעם אָנטייל אין דער רעוואָלוציע. מ׳האָט גענומען אומברחמנותדיק רייסן ביי יידן שטראָף-קאָנטריבוציעס. חוץ דער קאָנטריבוציע, וואָס מ׳האָט גענומען פון 5 שולן, האָט מען פון יעדן איינוואוינער געמאָנט שטראָף-געלט — צוויי פּראָצענט פון זיין פאַרמעגן. דאָס בעל-הבתּעווען פון די נעאַפּאָליטאַנער איז געווען אַזוי שווער איבערצוטראָגן, אַז נאָך דעם ווי די דאָזיקע באַנדעס זענען אַרויס און קיין רוים איז געקומען דער נייער פּויפּסט פּיאוס VII (פּיאוס VI איז געשטאָרבן אין „גלות" אין פראַנקרייך), האָבן יידן אויף אים געקוקט שיר נישט ווי אויף זייער אויסלייזער (דעם 3 יוני 1800). זיי האָבן געמיינט, אַז דער נייער פּויפּסט האָט עפּעס אָפּגעלערנט פון די געשעענישן פון דער לעצטער צייט און וועט מער נישט וועלן רעגירן מיט די אַלטע אינקוויזיטאָרישע מעטאָדעס. טיילווייז האָבן זיי זיך נישט גענאַרט. פּיאוס VII האָט עטוואָס פאַרגרינגערט דעם שווערן געטאָ-רעזשים: ער האָט גרינגער געמאַכט דעם יאָך פון שטייערן, וויניקער באַגרעניצט די פרייהייט

פון פראפעסיעס, נישט באשטאנען מער אויף באליידיקנדיקע קירך-געזעצן פאר יידן. דער פויפסט האט ערלויבט יידן אויסקלייבן א נייע קהילה-פארוואלטונג פון 27 גלידער; די ניי-געקליבענע רבנים און פרנסים זענען שוין איצט פריי געווארן פון דער פערזענלעכער אחריות פאר די ציוויל- און קרימינאל-ענינים פון די קהילה-גלידער, וואס פריערדיקע צייטן האט זיי דאס געהאלטן אין שטענדיקער שרעק.

אין אכט יאר ארום האט א נייער איבערקער איבערגעריסן די רעס-טאווראציע. אנהויב יאר 1808 האט נאפאלעאנס מיליטער פארנומען רוים, דעם 10 יוני 1809 איז די גאנצע קירך-געגנט פאראייניקט געווארן מיט פראנקרייך. פיאוס דעם VII-טן האט מען אוועקגעפירט ווי א געפאנגענעם קיין פאנטענעבלא, וואו ער האט פארבראכט כמעט 5 יאר. די יידישע עמאנ-סיפאציע איז ווידער גילטיק געווארן; מ'האט אנגעהויבן איינפירן אינעוויי-ניקסטע רעפארמעס אין יידישן לעבן לויט די באשלוסן פונם פאריזער סנהדרין. לויט נאפאלעאנס א דעקרעט פונם 4 יוני 1811 איז אין רוים געווארן א צענטראלע קאנסיסטאריע פאר אלע יידישע קהילות אין דער געוועזענער קירך-געגנט מיט דעם „איבער-רב" לעאן דע-לעאנע אויבן-אן. אויף דער פייערלעכער עפענונג האט איינער א גליד פון דער קאנסיס-טאריע געהאלטן א רעדע, שטארק געלויבט נאפאלעאנען, דעם אויסלייזער: „אין דער קורצער צייט פון צוויי יאר (פון פראנקרייכס הערשונג) איז ביי אונז אויסגעוואקסן ערדארבעט און פאבריק-אינדוסטריע, אונזערע זין האבן זיך באהארצט גענומען פאר וויסנשאפט און קונסט; נאך מער, זיי האבן א טייל אין די גרעסטע נצחונות (אין נאפאלעאנס מלחמות)". די, וואס זענען בייגעווען אויפן יום-טוב, איז אפילו קיין געדאנק נישט יבערגעגאנגען, אז נישט שפעטער ווי אין דריי יאר ארום וועלן זיי וייטער פארשטויסן ווערן אין פינסטערן געטא אריין. נאך דעם ווי נאפאלעאנס גליק-שטערן איז פארגאנגען, האט דער פויפסט צוריקבאקומען די קירך-געגנט: פאר יידן האט זיך ווידער געשטעלט א צייט פון דער ערגסטער רעאקציע (1814).

דעמזעלבן ארויף און אראפ — פון קנעכטשאפט צו פרייהייט און צוריק צו קנעכטשאפט — האבן יידן דורכגעמאכט אויך אין אנדערע מלוכה-לעך פון דער צעשטויבטער איטאליע. די רעוואלוציע פון יאר 1797 אין ווענעדיק, וואס די פראנצויזישע נצחונות האבן זי מיטגעבראכט, האט געמאכט פון א אריסטאקראטישער רעפובליק — א דעמאקראטישע, אבער נישט מער ווי אויף א האלב יאר. פאר דער קורצער צייט איז דארטן פארגעקו-מען די יידישע עמאנסיפאציע. דעם 11-טן יוני האט דאס פאלק אין ווע-נעדיק מיט פרייד-געשרייען אפגעריסן די טויערן פון געטא; די יידישע גאס, וואס איז איצט איינס געווארן מיט שטאט, האט באקומען א נאמען

„די בונד-גאַס" (Contrada dall'Unione), אַ צייכן פון ברידערשאַפט און אייניקייט צווישן אַלע בירגער. אַ סך שיינע רעדעס האָט מען געהאַלטן בײַ דער געלעגנהייט; אַפילו קאַטוילישע גלחים האָבן אָנטייל גענומען אין דער מאַניפעסטאַציע פון פרייהייט און גלייכקייט. אין דעם נייעם דעמאָקראַטישן מוניציפאַל-ראַט זענען אַריין דריי פאָרשטייער פון יידן אויך. דער נייער רעזשים האָט אָבער נישט אויסגעהאַלטן. געבראַכט האָט אים דער נצחון פון דער פראַנצויזישער אַרמיי, און דער פירער פון דערזעלבער אַרמיי, נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט, האָט אים אומגעבראַכט אַלס קרבן פאַר זיינע עגאָאיסטישע פּאָליטישע צוועקן: לויט דעם שלום-אָפּמאַך אין קאַמפּאָ-פאָרמיאָ האָט ער די שטאָט ווענעדיק אָפּגעטרעטן עסטרייך (1798), וואָס האָט געשטיצט דעם אַלטן רעזשים. מיט דעם איבערגיין פון דער מאַכט צו עסטרייך (אין יאַנואַר 1798) זענען אָפּגעשאַפט געוואָרן אַלע ליבעראַלע רעפאָרמעס, בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג אויך. אין יאָר 1805 איז ווענעדיק פאַראייניקט געוואָרן מיט דעם איטאַליעניש קעניגטום (נאַפּאָלעאָנס אַ ניי באַשעפעניש), וואָס איז געוואָרן אַ טייל פון דער פראַנצויזישער אימפּעריע; יידן האָבן ווידער באַקומען גלייכבאַרעכטיקונג; דאָס מאָל האָט זיך דאָס געהאַלטן ניין יאָר, ביז דעם נצחון פון דער רעאַקציע אין יאָר 1814.

נישט אַזוי שאַרף האָט זיך געביטן די יידישע לאַגע אין יענע טיילן איטאַליע (לאָמבאַרדיע, מאָדענאַ און די לענדער, וואָס מ'האָט אָפּגענומען בײַ דער קירך-געגנט און בײַ ווענעדיק), וואָס זענען אין יאָר 1797 פאַראייניקט געוואָרן אין איין ציזאַלפּישע רעפּובליק אונטערן דרוק פון דיזעלבע פראַנצויזישע נצחונות. די רעפּובליק האָט עקזיסטירט אַכט יאָר ביז זי איז געוואָרן אַ טייל פון נאַפּאָלעאָנס איטאַליעניש קעניגטום (1805), און אירע יידן זענען אַריבער צו דער פראַנצויזישער אימפּעריע אַלס גלייכבאַרעכטיקטע בירגער; דער צושטאַנד האָט געדויערט ביזן סוף „תקופה פון דער ערשטער עמאַנסיפּאַציע". אין אַנדערע טיילן איטאַליע האָבן יידן אויך געוואוסט פון ענלעכע פרייע יאָרן אין יענער שטורמישער תקופה פון איבערקערענישן. די יידן אין טאָסקאַנאַ, מיט דער הויפּט-קהילה אין ליוואָרנאָ האָבן זיך דערוואַרט אויף עמאַנסיפּאַציע אין יאָר 1808, ווען דאָס דאָזיקע הערצאָגטום איז אַריבער צו פראַנקרייך. די אינדוסטריעלע און קולטורעלע יידישע באַפעלקערונג פון דער האַפן-שטאָט ליוואָרנאָ, וואָס האָט פריער אויך נישט געוואוסט פון שענדלעכער רעכטלאָזיקייט, האָט באַוויזן רייפקייט פאַר אַ ניי בירגערלעך לעבן. שאַרפער איז געווען די ענדערונג אין פּיעמאָנט (די קהילות טורין, אַלעקסאַנדריע און אַנד.); פאַר די אַלטע רעגירער פון דער סאַרדינישער דינאַסטיע האָט דאָרטן געהערשט דער גייסט פון רוימישן קירך-רעזשים. לויט די ראַפּאָרטן פון די פראַנצוי-

זישע פּרעפּעקטן צו דער צייט פֿון דער אימפּעריע, האָבן די סאַרדינישע הערשער געבראַכט יידן צו אַזאַ פיזישער אויסגעצערטקייט, אַז מ'פֿלעגט זיי מוזן אַסך בראַקירן צו מיליטער-דינסט (1808).

דער נייער צייטווייליקער רעזשים אין איטאַליע האָט זיך געגעבן צו וויסן נישט נאָר אין דער בירגערלעכער לאַגע אַליין, נאָר אין דעם אינעוויניקסטן קהילה-לעבן אויך. כמעט אומעטום האָט מען יידן געשטעלט אַ תּנאי פֿאַר עמאַנסיפּאַציע: זיך אָפּזאָגן פֿון אַ קהילה-אויטאָנאָמיע. אָנשטאָט דער פֿריערדיקער זעלבסט-פֿאַרוואַלטונג און אייגענע נאַציאָנאַל-קולטורעלע אינסטיטוציעס אין אַזוינע קהילות, ווי רוים, ווענעדיק, ליוואָרנאָ, האָט די אימפּערישע רעגירונג מזכּה געווען יידן מיטן שלעכטן סוראָגאַט פֿון קאָנסיסטאָריעס אויף פֿאַריזער שניט. די איטאַליענישע יידן, אין קעגנזאַץ צו די האָלענדישע, האָבן גאָר נישט געהאַט קעגן אַזאַ אָפּיציעלע זעלבסט-פֿאַרוואַלטונג, זיי האָט נישט באַנג געטאָן זייער פֿאַרלוירענע אויטאָנאָמיע. זייערע רבנים און פּרנסים האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער אַרבעט פֿון די יידישע פּאַרלאַמענטן אין פּאַריז. אין יעדער פּאַרלאַמענט איז געווען ביז 25 פֿאָרשטייער פֿון איטאַליע (דאָס האָט אויסגעמאַכט אַ פערטל פֿון דער ערשטער פֿאַרזאַמלונג און אַ דריטל פֿון דער צווייטער). אין פּרעזידיום פֿונם סנהדרין זענען געווען צוויי איטאַליענישע רבנים: אברהם דע-קאָלאָניאַ פֿון מאַנטואַ, וואָס איז אַ צייט געווען אַ גליד אין דער רעגירונג פֿון דער ציזאַלפּישער רעפּובליק, און דער פּיעמאָנטער רב יהושע סעגרע. דער צווייטער רעפערענט אין סנהדרין, נאָך דעם געוויסן פּורטאַדאָ, איז געווען דער ווענעציאַנער רב יעקב קראַקאָוויאַ. די איטאַליענישע דעפּוטאַטן האָבן מיינסטנס געהאַלטן מיט דעם ראַדיקאַלן פֿליגל אין ביידע פֿאַרזאַמלונגען, וואָס איז צופֿרידן געווען מיט נאַפּאָלעאָנס אַסימילאַטאָרישע רעפֿאָרמעס. פֿון איטאַליע שטאַמט אויך דער געוויסער דעפּוטאַט אביגדור פֿון ניצע, וואָס האָט פֿאַרגעלייגט פֿאַראייביקן אין זכרון פֿון דאַנקבאַרן יידישן פֿאָלק די טובות פֿון די קאַטוילישע גייסטלעכע (§ 22).

אין איטאַליע האָט געהערשט פֿריי-גייסט. אַסך האָבן זיך געלאָזט דערנענטערן זיך צו דער קריסטלעכער געזעלשאַפֿט. אַ פֿריינטלעכער אויפֿנעם ביי קריסטן פֿלעגט אָפֿט באַפֿליגלען די יידישע פֿאַנטאַזיע, אַז אָט בלייבט נישט מער קיין נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע צווישן-שיידן. די פּרעפּעקטן מעלדן אין זייערע ראַפּאָרטן וועגן אַזאַ דערנענטערונג (1808). אָבער „דערנענטערט" האָט זיך נאָר איין צד — יידן, דער אַנדערער צד, די קריסטן — נישט שטענדיק. די צענטראַלע יידישע קאָנסיסטאָריע אין רוים מעלדעט קיין פּאַריז (1810), אַז אין דער קאַטוילישער באַפֿעלקערונג איז נאָך טיף איינגעוואָרצלט אַ שנאה צו יידן. די ראַפּאָרטן פֿון די פּרעפּעקטן און די קאָנסיסטאָריעס

נעמען זיך פון נאַפּאָלעאָנס רדיפות קעגן יידן: דעם דעקרעט פונם 17 מערץ 1808 האָט מען אין איילעניש גענומען פאַרווענדן אויף איטאַליענישע יידן אויך. די פּרעפעקטן און יידישע קהילות האָבן גענומען אַרבעטן אין פּאַריז, מ׳זאָל אָפּשאַפן דעם דעקרעט, וואָרום ער שטערט דעם צונויפשמעלצן פון יידן מיט קריסטן, וואָס האָט זיך שוין אָנגעהויבן, און צעבלאָזט דעם רעליגיעזן האַס, וואָס איז נאָך נישט אויסגעלאָשן. למשל, דער פּרעפעקט פונם דעפּאַרטאַמענט פּאָ (פּיעמאָנט) שרייבט: „דער דעקרעט פונם 17 מערץ 1808 וועט נישט האָבן דאָ די פּעולה, וואָס אייער מאַיעסטעט קוקט אַרויס אויף דעם אין די ריין-פּראָווינצן; פאַרקערט! גיכער וועט ער שווערער מאַכן די יידישע אויפלעבונג, וואָס האָט זיך שוין אָנגעהויבן זינט דער רע-וואָלוציע אָן און קאָן גיין ווייטער נאָר ווען יידן וועלן האָבן אַלע בירגער-רעכט". די דאָזיקע השתדלותן האָבן געווירקט אין פּאַריז: לויט דעם קיסרס אַ באַפעל פון 11-טן אַפּריל 1810 איז דער „שענדלעכער דעקרעט" געוואָרן נישט גילטיק פאַר די 15 איטאַליענישע דעפּאַרטאַמענטן. פאַר יידן אין רוים איז דער דעקרעט געבליבן גילטיק; דעם פּרעפעקט פון דעם דעפּאַר-טאַמענט און דער צענטראַלער רוימישער קאָנסיסטאָריע איז נאָך אויסגעקו-מען אין נאָוועמבער 1810 זיך משתדל זיין, רוים זאָל אויך האָבן דיזעלבע פּריווילעגיע: „דאָרט זענען מער פאָראורטיילן קעגן יידן, איידער אומעטום, און צוגעבן חשק צו אַזוינע פאָראורטיילן לוינט נישט".

נאַפּאָלעאָנס רעזשים האָט יידן געבראַכט בירגערלעכע גלייכבאַרעכטי-קונג, אָבער נישט קיין עקאָנאָמישן וואוילשטאַנד. נאָכאַנאַנד פּאָליטישע קרי-זיסן, מלחמות, גזלנישע פראַנצויזישע קאָנטריבוציעס און רעקוויזיציעס האָבן רואינירט איטאַליע בכלל און יידן בפרט. פון אַזוינע קריזיסן האָבן שטאַרק געליטן יידישע האַנדלס-פירמעס אין ליוואָרנאָ און אין ווענעדיק. פונדעסט-וועגן האָט די פרייהייט פון פּראָפעסיעס, וואָס יידן האָבן באַקומען מיט דער גלייכבאַרעכטיקונג, געהאַט אַ געוויסע פּעולה: יידן האָבן זיך ריכטיקער פאַרטיילט צווישן פאַרשיידענע עקאָנאָמישע צווייגן. אין פּיעמאָנט, דעם אָפּ-געשטאַנענסטן טייל איטאַליע, איז נאָר אַ דריטל יידן געווען הענדלער, צוויי דריטל האָבן זיך באַשעפטיקט מיט מלאכות, קונסטן, געזעלשאַפטלעכע אַמטן און לאַנד-ווירטשאַפט (די יאָרן 1808—1811). יידן אויף געזעלשאַפטלעכע אַמטן זענען געווייינטלעך געווען מוניציפּאַל-גלידער, פּאָסט-באַאַמטע און ד. גל. אין איטאַליע איז געווען בערך אַ היפּשע צאָל יידן אויף אַזוינע שטעלעס, נישט געקוקט, וואָס קריסטן „האָבן נישט גערן געזעצט זיך נעבן יידן אין געזעל-שאַפטלעכע אינסטיטוציעס" (לויט די ראַפּאָרטן פון דער אַדמיניסטראַציע).

## § 27. שווייץ (העלוועטישע רעפובליק)

דאָס בילד פון עמאַנסיפּאַציע אויף אַ ווייל האָט זיך אין אַ קליינער מאָס איבערגעחזרט אין שווייץ אויך, נאָר פאַרפאַרבט מיט אַן אָרטיקן קאָלאָריט. צוויי הונדערט יידישע פאַמיליעס, וואָס זיי האָבן זיך צוגעשפּאַרט אין די „ערי-מקלט", אין ענדינגען און לענגנוי אין קרייז באַדן, האָבן אין יאָר 1792 באַנייט זייער קאָנטראַקט מיט דער רעגירונג אויף וואוינען דאָרט און קוים האָבן ברויט, בתנאי, זיי זאָלן זיך נישט מערן (§ 8). אַרויספאָרן פונם „תחום" און קומען אַהער פון אַנדערע ערטער האָבן יידן געמעגט נאָר אויף אַ קורצער צייט, און דאָס איז אויך זייער שווער אָנגעקומען: פון יידן-דורכפאָרער האָט מען גענומען דעם פּי-שטייער: „לייבצאָל", און אַנדערע ספּעציעלע אָפּצאָלן. די פראַנצויזישע רעגירונג צו דער צייט פון דער דירעקטאָריע האָט די ערשטע דורכגעבראָכן די דאָזיקע וואַנט: זי האָט געפאָדערט פון דעם שווייצישן בונדעס-ראַט, ער זאָל באַפרייען פון לייבצאָל אַלע פראַנצויזישע יידן, וואָס קומען געשעפטלעך קיין שווייץ. די שווייצישע רעגירונג האָט געמוזט נאָכגעבן (1797), דערמיט אַליין האָט זי אויסלענדישע יידן געמאַכט פאַר פּריווילעגירטע קעגן היימישע יידן. אין אַ יאָר אַרום האָט שוין פראַנקרייך באַפּעסטיקט איר פּראָטעקטאָראַט אין שווייץ און האָט צעשטערט איר אַלטפּרענקישן רעפּובליקאַנישן רעזשים.

אין יאָר 1798 איז אויף די חורבות פון דער אַלטער שווייצישער קאָנפעדעראַציע אַנטשטאַנען די „איינציקע און נישט-געטיילטע" העלוועטישע רעפּובליק מיט אַ דירעקטאָריע אויבן-אָן און מיט צוויי געזעצגעבערישע קאַמערן. באַלד נאָך דעם איבערקער האָבן זיך די יידן פונם קרייז באַדן געווענדעט צו די געזעצגעבערישע קאַמערן מיט אַ פּעטיציע, מ'זאָל זיי פאַרגלייכן אין פּרט פון פרייען פאַרקער און שטייערן מיט די פּריווילעגירטע פראַנצויזישע יידן. די רעגירונג (דירעקטאָריע) האָט געשטיצט די השתדלות. נאָך היציקע וויכוחים (דעם 31 מאַי און דעם 1 יוני 1798) האָבןביידע קאַמערן אָנגענומען דער דירעקטאָריעס פאָרשלאַג אַזוי: „אויף ווייטער ווערן בטל אין גאַנץ העלוועציע אַלע ספּעציעלע שטייערן און אָפּצאָלן פון יידן, וואָס זיי באַליידיקן דעם מענטשנס ווערדע". אַזוי איז פאַרגעקומען די שטייער-גלייכבאַרעכטיקונג, איצט האָט געזאָלט קומען די בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג.

די פראַגע וועגן גלייכבאַרעכטיקונג איז אויפגעקומען אין פּאַרלאַמענט פון וועגן דער בירגערלעכער שבועה, ד. ה. דער שבועה אויף טריי-זיין דער נייער קאָנסטיטוציע. צולאָזן יידן צו אַזאַ שבועה האָט געהייסן אַזוי גוט ווי אָנערקענען זיי פאַר בירגער, אָבער די יידנפיינטלעכע פּאַרטיי האָט

אַזוינס נישט געקאָנט דערלאָזן. לאַנגע וויכּוחים אין ביידע קאַמערן און אין אַ ספּעציעלער קאָמיסיע (אויגוסט 1798) האָבן קלאָר געמאַכט די הויפּט־סתּירה צווישן קאָנסערוואַטאָרן און ליבעראַלן אין דער עמאַנסיפּאַציע־פראַגע. דער ציריכער דעפּוטאַט עשער און דער לאָזאַנער דעפּוטאַט סעקרעטאַן האָבן געפּאָדערט גלייכבאַרעכטיקונג פאַר יידן, וואָס זענען געבוירן אין שווייץ און וואָס זענען יוצא אַלע פּונקטן פון בירגערלעכער רעכט־פעאיקייט. זייערע קעגנער האָבן זיך געשטעלט אויף די געוויינלעכע טענות: יידן קאָנען נישט געבן קיין שבועה מיטן גאַנצן האַרצן, וואָרום זיי זענען אַ באַזונדער נאַציע און קוקן אַרויס אויף משיחן, וואָס ער זאָל ווידער אויפריכטן זייער אייגענע מלוכה. מ'האָט פאָרגעלייגט אַ פּשרה: צולאָזן צו דער שבועה נאָר אַזוינע יידן, וואָס זיי וועלן צושטעלן פון די דאָרטיקע קהילות שיינען וועגן גוטער אויפפירונג און וועלן זיך פאַרפליכטן שטרענג פאָלגן די העלוועטישע קאָנסטיטוציע און זיך אָפּזאָגן פון נאַציאָנאַלער אָפּגעשלאָסנקייט. אָבער דעם דאָזיקן פאָרשלאַג האָט מען אויך אָפּגעוואָרפן פון ביידע קאַמערן. די דירעקטאָריע האָט אויף איר אָנפרעג באַקומען אַזאַ תּשובה: די פראַגע וועגן צולאָזן יידן צו אַ שבועה מוז אָפּגעלייגט ווערן ביז די זאַך וועט נישט רעכט באַהאַנדלט ווערן אין דער קאָמיסיע.

אין פעברואַר 1799 האָט די קאָמיסיע צוגעשטעלט דעם פּאַרלאַמענט דעם אָנגעזאַמלטן מאַטעריאַל, צווישן דעם אויך מיינונגען פון רבנים אין פראַנקרייך און אין דייטשלאַנד און ענטפערן פון שווייצישע יידן אויף דער אַנקעטע צו זיי. אין די ענטפערן איז געזאָגט, אַז די יידישע אמונה הייסט יידן פאָלגן נאָר די לאַנד־געזעצן, וואו זיי וואוינען, פון קיין שום סעפּאַראַטיזם ווייסט זי נישט. אין 4 זיצונגען פון דער אונטערשטער קאַמער, וואָס האָט זיך דעמאָלט פאַרזאַמלט אין לוצערן (דעם 6־טן, 12—13־טן פעברואַר און 6־טן מערץ), זענען פאָרגעקומען היציקע דעבאַטן וועגן דעם באַריכט פון דער קאָמיסיע. דער פירער פון די עמאַנסיפּאַציע־פריינט, סעקרעטאַן, האָט געזאָגט, אַז מ'דאַרף זיך נישט רעכענען מיט די פאָראורטיילן פון דער פינסטערער מאַסע קעגן יידן: „מיר זענען דאָ די פאָרשטייער פון אויפקלערונג און שכל, נישט פונם פאָלקס איינרעדענישן". עלמלינער, אַ קעגנער פון עמאַנסיפּאַציע, האָט אָפּגעמאָלט אין זיין רעדע אַ שוואַרץ בילד, וואָס מיט שווייץ וועט זיין, אויב מ'וועט יידן געבן גלייכבאַרעכטיקונג; דאָס בעסטע וואָלט געווען נאָך זיין מיינונג, מ'זאָל צונויפנעמען אַלע יידן און זיי אָפּשיקן צום גענעראַל באָנאַפּאַרט, זאָל ער זיי באַזעצן אין ירושלים, (דאָס איז געווען די צייט פון באָנאַפּאַרטס פעלדמאַרש אין סיריע און אין מצרים, ווען ער האָט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו פּאַלעסטינער יידן).

נאָך לאַנגע וויכּוחים האָט דער פּאַרלאַמענט מיט אַ קליינער מערהייט אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאַג וועגן גלייכבאַרעכטיקונג.

בכן האָט זיך דער שווייצישער פּאַרלאַמענט אַרויסגעשטעלט קאָנסערוואַטיווער פאַר דער רעגירונג. די דירעקטאָריע האָט געהאַלטן פאַר אוממעגלעך לאָזן יידן ביי דער פריערדיקער קנעכטשאַפט, האָט זי געזען ווי ווייט מעגלעך זיי פאַרגרינגערן: „תּחום"-יידן האָט זי פאַרגלייכט אין זייערע רעכט מיט אויסלענדישע, ד. ה. מיט די פּריווילעגירטע יידן. יידן פון די צוויי „ערי-מקלט" האָבן שוין געמעגט וואוינען אין גאַנצן קרייז באַדן און פאַרווערבן דאָרט נחלאות. אָבער די קריסטלעכע באַפעלקערונג פונם קאַנטאָן, מיט אירע מיטלעלטערישע השגות, האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן אַזוינע הנחות אויך. אין סעפּטעמבער 1802, יידישע ימים-טובים-צייט, האָט זי געמאַכט אַ פּאָגראָם אין ענדינגען און אין לענגנוי און צעשטערט אַסך יידישע הייזער. די דאָזיקע אומרוען האָבן געהאַט אַ געוויסע שייכות מיט דעם צייטווייליקן אַוועקגיין פון דער פראַנצויזישער אַרמיי פון די קאַנטאָנען, וואו עס זענען דעמאָלט פאָרגעקומען העפטיקע פּאַרטייריסעניש. אינגיכן איז דאָס פראַנצויזישע מיליטער צוריקגעקומען מיט דעם צוועק צו שטיצן דעם נייעם איבערקער, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט געפּלאַנט.

אין יאָר 1803 איז די העלוועטישע רעפּובליק דורך דעם „מעדיאַציאָנס-אַקט" געוואָרן מער אונטערגעוואָרפן פראַנקרייך, דערפאַר אָבער איז צוריק איינגעפירט געוואָרן די אַלטע קאָנפעדעראַציע: יעדער קאַנטאָן איז געוואָרן אויטאָנאָם אין זיין אינעווייניקסטער פאַרוואַלטונג. יידן זענען אַרונטער אונטער דער מאַכט פון קאַנטאָן אַ אַ ר ג ו י, אין וועלכן ס'איז אַריין דער קרייז באַדן, דער יידישער „תּחום". דאָסזעלבע יאָר האָבן זיי זיך געווענדט צום בונדעס-ראַט פון דער קאָנפעדעראַציע מיט אַ פּעטיציע, דער בונדעס-ראַט זאָל זיי געבן גלייכע רעכט מיט קריסטן. דער „בעל-הבית", דער פראַנצויזישער גענעראַל ניי, האָט געשטיצט די פּעטיציע. דער בונדעס-ראַט האָט אָנגעפרעגט ביי דער רעגירונג פונם קאַנטאָן אַאַרגוי און האָט באַקומען אַ תּשובה, אַז נאָך דער נייער קאָנסטיטוציע טאָר זיך די צענטראַלע רעגירונג נישט מישן אין אַ קאַנטאָנס אינעווייניקסטע זאַכן די קאַנטאָנאַלע רעגירונג האָט אַליין אויסגעאַרבעט אַ פּראָיעקט צו פאַרבעסערן די יידישע לאַגע און האָט אים צוגעשטעלט דעם קאַנטאָן-ראַט צו באַטראַכטן. דער קאַנטאָן-ראַט האָט אָבער איינגעזען צו פיל ליבעראַליזם אין דעם מעסיקן פּראָיעקט: לויט דעם פּראָיעקט האָבן געזאָלט נאַטוראַליזירט ווערן יידן, וואָס האָבן אָפּגעוואוינט אין קאַנטאָן נישט ווייניקער פאַר 26 יאָר (1805). לסוף איז נאָך לאַנגע שהיות אָנגענומען געוואָרן

אַ נייער געזעץ וועגן יידן אין אַארגוי מיט אַ שמעק ליבעראַליזם (דעם 5 מאַי 1809). וועגן דעם געזעץ זאָגט איין שווייצישער היסטאָריקער, אַז „יידן האָבן באַקומען פליכטן פון קאַנטאָן-בירגער, נאָר נישט קיין רעכט". דער „תחום" איז געבליבן נישט גערירט, נאָר אַ ייד האָט זיך געמעגט באַזעצן אין אַנדערע שטעט (חוץ ענדינגען און לענגנוי) אויך, אויב ער וועט צושטעלן אַ שיין וועגן זיין מאָראַלישער פיינקייט, קענטעניש און אונטערנעמונגס-פעאיקייט. אָבער ווי אַזוי האָט מען געקאָנט צושטעלן אַזוינע באַווייזן, אַז די רעגירונג האָט נאָך אַלץ נישט געלאָזט יידן קיין פרייען פאַרקער, פריי אַרבעטן און טאָן? די איינציקע פראָפעסיע, וואָס יידן האָבן געהאַט פריי, איז געווען „הויזירעריי" (פעדלעריי): אַן אָרעמער ייד פונם „תחום" האָט זיך אַלע זונטיק אָנגעלאָדן אַ קויש מיט סחורה אויף די פלייצעס, אויסגעוועגן די וואָך אַלע דערפער און ישובים אַרום ענדינגען און לענגנוי און צוריק אַהיימגעקומען פרייטיק פאַרנאַכט אויף שבת. אין דעם געזעץ איז געבליבן דער אַלטער פרעהס פאַרבאָט קעגן דעם, יידן זאָלן זיך מערן: יידן האָבן נישט געטאָרט חתונה האָבן אָן אַ הסכם פון דער קאַנטאָן-מאַכט, אָבער צו באַקומען אַזאַ הסכם האָט מען באַדאַרפט צושטעלן אַ שיין וועגן דעם חתנס פראָפעסיע, אַז ער איז מאַטעריעל גאָר געזיכערט.

בכן האָט שווייץ באַוויזן, נאָך דעם ווי זי האָט אויף אַ ווייל נאָכגעגעבן, צוריק אויפשטעלן איר אַלטן רעזשים פאַר יידן, און דאָס האָט זי דערגרייכט נאָך איידער די רעאַקציע האָט גובר געווען אין אייראָפּע. דאָס אייגענע זעען מיר דערנאָך אויך: אַ לאַנגע צייט האָט זיך דאָס דאָזיקע פרייע פאָלק פאַרעקשנט געוועהרט קעגן אַלע פרוּוון צו עמאַנסיפּירן דאָס הייפל יידן, וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט אין זיין לאַנד.

קאַפּיטל III

# עמאַנסיפּאַציע־שטרעמונגען און קולטור־קריזיס אין דייטשלאַנד

## § 28. די לאַגע בכלל

די אינעווייניקסטע פּאָליטיק פון די דייטשע מלוכות האָט זיך געענדערט נישט אונטער דער פריִער השפּעה פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, נאָר אונטער דעם שווערן דרוק פון נאַפּאָלעאָנס אימפּעריע. פראַנצויזישע אידייען האָבן איינגענומען אַ געוויסן טייל פון דער דייטשער געזעלשאַפט, פראַנצויזיש געווער האָט אונטערטעניק געמאַכט די דייטשע רעגירער און האָט זיי גענויט צו רעפאָרמירן דעם מלוכה־רעזשים. דער פּאָליטישער קריזיס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1806, יענעם יאָר, ווען נאַפּאָלעאָן האָט צעשמעטערט פּרייסן, ווען ס'איז געוואָרן דער „ריין־בונד", און פראַנקרייך האָט פאַרשפּרייט איר פּראָטעקטאָראַט איבער אַ גרויסן טייל דייטשלאַנד. די לאַגע פון די דייטשע יידן איז פאַרבונדן מיט די דאָזיקע ענדערונגען; פון יאָר 1789 ביז 1806 זעען מיר אַ פינסטער בילד פון רעכטלאָזיקייט אויפן אַלטן שטייגער, ליכטיקע פּונקטן — פּרוּוון פון עמאַנסיפּאַציע — באַווייזן זיך ערשט אין דער קורצער תקופה פון 1807 — 1813.

די ערשטע צייט האָט זיך די השפּעה פון דער רעוואָלוציע און פון דער עמאַנסיפּאַציע אין פראַנקרייך זייער ווייניק געלאָזט פילן אין די רעגירונגס־קרייזן פון דייטשלאַנד. מערנישט אין אייניקע דייטשע מלוכות האָבן די קאָנצעלאַריעס גענומען באַטראַכטן די יידנפראַגע: מ'האָט געשאַפן קאָמיסיעס, „טשינאָווניקעס" האָבן געשטוקעוועט מעסיקע פּראָיעקטן פון „רעפאָרמעס", אָבער פון דער דאָזיקער קאַנצעלאַרישער אַרבעט איז גאָר נישט אַרויסגעקומען. יידישע רעכטלאָזיקייט איז זיך אַזוי צוגעוואַקסן

מיטן אַלטן רעזשים, אַז כּדי דאָס אָפּשאַפן, האָט דער גאַנצער רעזשים באַדאַרפט אונטערגעריסן ווערן. שטאַרקער האָט די נייע תּקופה געווירקט אויף יידן גופא. די אויפגעקלערטע, אייראָפּעאיזירט יידישע געזעלשאַפט אין דייטשלאַנד האָט זיך אויסגעלערנט קעמפן פאַר איר גלייכבאַרעכטיקונג, מאָנען בירגער-רעכט אין נאָמען פון „מענטשן-רע״ט״, וואָס מ׳קאָן דאָס ביי קיינעם נישט אָפּנעמען. ווען די אַלע באַמיאונגען האָבן נישט געקאָנט ברעכן די עקשנות פונם אייזערנעם דייטשן אַבסאָלוטיזם, האָבן זיך יידן גענומען ווענדן צו אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס: זיי האָבן געקלאַפּט אין די טירן פון אַלע אייראָפּעאישע קאָנגרעסן און דיפּלאָמאַטישע קאָנפערענצן, וואָס האָבן זיך אָפּט פאַרזאַמלט ענדע 18-טן און אָנהייב 19-טן יאָרהונדערט, ווען נאַפּאָלעאָנס מלחמות האָבן געבראַכט צום איבערמאַכן די קאַרטע פון אייראָפּע.

צוויי מעמאָראַנדומס וועגן יידן, געווענדעט דערהויפּט צו די פאַרטרעטער פון דייטשלאַנד און עסטרייך, האָט מען דערלאַנגט דעם ראַשטאַטער קאָנגרעס (1797–1798), וואָס האָט געזאָלט פאַרפעסטיקן פאַר פראַנקרייך אירע נצחונות אויפן לינקן ברעג ריין און אין צפון-איטאַליע. דער אַנאָנימער מחבר פון איין בראָשור מאָנט ביי די קאָנגרעס-גלידער, זיי זאָלן אומקערן אַ געטריי אַרבעטס-פעאיק פאָלק זיינע מענטשלעכע רעכט; איצט „קאָן דאָס פאָלק נישט ליב האָבן אַ מלוכה, וואָס אונטערדריקט עס״. דער „גוטער״ פּרייסישער קעניג און די איבעריקע רעגירער אין דייטשלאַנד זאָלן זיך אָפּלערנען אַ מוסר פון דעם פאַרשטאָרבענעם עסטרייכישן קייזער יוסף II. יידן דאַרף מען אָפּציען פון האַנדל, וואָרום האַנדל „איז פעאיק צו באַשאַפן גאָר ענגלענדער, אָבער נישט קיין איידעלע נאַציע״ (ענגלאַנד-פיינטשאַפט איז דעמאָלט געווען אין מאָדע); מ׳דאַרף צוגעוואוינען יידן צו ערד-אַרבעט, שאַפן פאַר זייערע קינדער דייטשע שולן, צעשטערן זייער אָפּגעשלאָסנקייט, וואָס נעמט זיך, אַגב, פון זייער „העסלעכן דיאַלעקט״ (יידיש); דעמאָלט וועלן אַלע פאָראורטיילן קעגן יידן פאַרשווינדן. אַן אַנדער מעמאָראַנדום שטאַמט פון אַ דייטשן אַדוואָקאַט קריסטיאַן גרונד, וואָס בערלינער יידישע טוער האָבן אים געמאַכט פאַר זייער שתּדלן. אָבער די שטים פון יידנפריינט פאַר יידישער עמאַנסיפּאַציע האָט מען אין ראַשטאַטער קאָנגרעס נישט דערהערט; אַגב איז ער איבערגעריסן געוואָרן איבער אַ נייעם קאָן עסטרייכיש-פראַנצויזישער מלחמה.

נאָך דעם לונעווילער שלום אין יאָר 1801 האָט זיך אין רעגנסבורג פאַרזאַמלט אַ „דעפּוטאַציע פון דער אימפּעריע״: דאָ זענען זיך צונויפגעקומען פאָרשטייער פון עסטרייכיש-דייטשע לענדער, כּדי אויף דאָס ניי איינטיילן די דייטשע טעריטאָריעס, וואָס באָנאַפּאַרט האָט צעבראָקלט. דעם

קאָנגרעס איז אויך דערלאַנגט געוואָרן אַ פּעטיציע אין נאָמען פון „דייטשע יידן"; דערלאַנגט האָט דאָס ווידער דער דערמאָנטער גרונד. אין דער פּעטיציע ווערט דערמאָנט די ביטערע לאַגע פון דייטשע יידן; טיילווייז זענען זיי פאַרשפּאַרט אין געטאָ (פראַנקפורט), טיילווייז באַליידיקט מען זיי מיט אַזאַ העסלעכן שטייער, ווי „לייב-צאָל" און מען שטערט אויף יעדן טריט זייער האַנדל. די פּעטיציע-דערלאַנגער בעטן אָראָפּנעמען פון יידן דעם קנעכטישן יאָך און געבן זיי בירגער-רעכט, כדי „דאָס דאָזיקע פאָלק זאָל זיך צונויפשמעלצן מיט דער דייטשער נאַציע". די פּעטיציע האָט געשטיצט דער בעהמישער דעלעגאַט, ס'האָט אָבער נישט געהאָלפן: די פאַרשטייער פון דעם צעפּאַלענעם דייטשלאַנד האָבן געקלערט נאָר פון איין זאַך — ווי אַזוי פאַרהיילט מען די וואונדן, וואָס באָנאַפּאַרט האָט געמאַכט; יידן זענען זיי אין קאָפּ נישט געלעגן.

נאָך פריער, צו דער צייט פון לונעווילער שלום-קאָנגרעס, האָט מיכאל בער, אַ ייד אַ יוריסט פון פראַנקרייך, פאַרעפנטלעכט אַן אויפרוף, געווענדעט צום „יושר-געפיל פון פעלקער און קעניגן" (1801), אָבער דאָס האָט אויך קיין איינדרוק נישט געמאַכט אויף די רעגירער-קרייזן אין דייטשלאַנד, מיכאל בער, אַ זון פון אַן אַלטן קעמפער פאַר עמאַנסיפּאַציע אין פראַנקרייך, יצחק בער, האָט שוין געהערט צום נייעם אַסימילירטן דור יידן. ער אַליין זאָגט אין זיין אויפרוף, אַז „ער האַלט זיך פאַר מער פראַנצויז, איידער ייד", פונדעסטוועגן מיינט ער, אַז ער מעג רעדן „אין נאָמען פון אַלע איינוואוינער אין אייראָפּע, וואָס האַלטן זיך ביים יידישן גלויבן". אין זיין אויפרוף פילט זיך אַ שטאָלץ פון אַ פראַנצויז הייינט און פון אַ יידן אַמאָל. ער זאָגט: „נישט אַלס אַ גליד פון אַ אונטערדריקטן קלאַס וועק איך דאָס יושר-געפיל ביי קעניגן און פעלקער, וואָרום איך קאָן אָפן זאָגן: פראַנצויזישע יידן זענען שוין בירגער. אַלס פראַנצויזישער בירגער, אַלס מענטשן-פריינט ווילל איך דאָ בייסטיין יענע מענטשן, וואָס זייערע חסרונות האָבן זיי צו פאַרדאַנקען דער אוממענטשלעכער שנאה פון זייערע פיינט, אָבער זייערע מעלות — נאָר זיך אַליין... נישט געקוקט אויף אַלע פיינען, טויט-שרעק און פינסטער לעבן, האָבן זיי דאָך אויסגעהאַלטן דעם שטראָם פון דער צייט און איבערגעלעבט פעלקער, גלויבנס און דורות. בעת פון רוים און גריכנלאַנד זענען געבליבן נישט מער ווי גרויסאַרטיקע זכרונות, זעען מיר, ווי עס שלאָגט נאָך אַ לעבנס-אָדער אין אַ פאָלק פון עטלעכע מיליאָנען מענטשן, וואָס האָט איבערגעלעבט דרייסיק יאָרהונדערטן און דערפון זעכצן אין רדיפות". דער מחבר רופט נעענטער זיך צוקוקן צו אַ פאָלק, וואָס „נאָר דער אומגליק האָט דאָס דערנידערט", זיך צוקוקן צו זיין ראָלע בעת דער רעוואָלוציע און טעראָר אין פראַנק-

דייך: „קיין איין יידן זעט איר נישט, נישט צווישן די טעראָריסטן״ *)׳ נישט צווישן וואַנדייער, „וואָס האָבן געבראַכט אין איין טייל פון פאָטער־לאַנד פייער און שווערד״... „זאָל דאָס נייע יאָרהונדערט — זאָגט ער צום סוף — זיך אָנהויבן מיט דעם געהויבענעם אַקט באַפרייען יידן פון פיין און דערנידערונג, יידן זאָלן זיין בירגערלעך גלייכגעשטעלט אין גאַנץ אייראָפּע אַזוי ווי מיר זעען דאָס אין פראַנקרייך און אין האָלאַנד״.

אָבער דער 19-טער יאָרהונדערט האָט זיך אָנגעהויבן מיט פייער און בלוט פון נאַפּאָלעאָנס מלחמות. „קעניגן און פעלקער״ האָבן דעמאָלט גאָר קנאַפּ געקלערט פון עמאַנסיפּירן יידן. ערשט אין אַ צייט אַרום האָט דער קריזיס פון דייטשלאַנד און נאַפּאָלעאָנס שווערע האַנט געמאַכט אַ וועג פאַר אַ פרעמד אַרטיקל — פאַר יידישער גלייכבאַרעכטיקונג. ווי אַזוי יידן זענען איבערגעגאַנגען פון בירגערלעכער קנעכטשאַפט צו פרייהייט אָדער האַלב־פרייהייט, וועלן מיר זען, ווען מיר וועלן זיך צוקוקן צום יידישן לעבן אין באַזונדערע מלוכות אין דייטשלאַנד און דערהויפּט אין דער וויכטיק־סטער פון זיי — אין פרייסן.

## § 29. די רעפאָרם־פּראָיעקטן אין פרייסן

אין יענע דעצעמבער־טעג פון יאָר 1789, ווען אין פאַריזער נאַציאָ־נאַל־פאַרזאַמלונג זענען פאָרגעקומען היציקע דעבאַטן וועגן יידישע „אַקטיווע בירגער־רעכט״, האָבן פרייסישע „טשינאָווניקעס״ אין בערלין געהאַלטן אין איין באַטראַכטן די יידנפראַגע ביי זיך אין די קאַנצעלאַריעס. די ספּעציעלע קאָמיסיע, וואָס פרידריך־ווילהעלם II האָט געשטעלט צו פאַרגרינגערן פריד־ריך דעם גרויסנס רעגלאַמענט (זע § 4), האָט סוף כל סוף נאָך אַ שווערער טראָגן (צוויי יאָר) געהאַט איר פּראָיעקט צו פאַרבעסערן דעם יידישן לעבנס־שטייגער; דאָס גענעראַל־דירעקטאָריום האָט דאָס צוגעשטעלט דעם קעניג. דער רעפאָרם־פּראָיעקט האָט געלאָזט נישט אָנגערירט די אַלטע איינטיילונג אין „געדולדעטע״ און שוץ־יידן, וואָס זייער גאַנץ לעבן איז איין פלאָנטער פון פלאָג און באַגרעניצן; ער האָט שוין אָבער געגעבן עטלעכע אייגנ־אַרטיקע „הנחות״: ס׳זאָל בטל ווערן די קעגנזייטיקע ערבות פון אַלע קהילה־גלידער, איינער פאַר דעם אַנדערן, ביי שטייער־אָפּצאָלן, אָבער די עצם שטייערן, וואָס האָבן ספּעציעל רואינירט יידן, זאָלן בלייבן; יידן זאָלן מעגן פריי האַנדלען, אָבער נאָר רייכע, און נאָר דאָרט וואו ס׳איז

---

*) פאַקטיש נישט ריכטיק, זע פריער, § 19.

נישטאָ געגוג סוחרים-קריסטן; יידן זאָלן מעגן באַארבעטן ערד, אָבער קיין באַארבעטע ערד טאָר אַ ייד נישט קויפן; יידן זאָלן מעגן זיין בעלי-מלאכות, אָבער נישט פון קיין צעך-מלאכות. פאַר די אַלע חסדים האָט דער פראָיעקט געפאָדערט, יידן זאָלן ווערן דייטשן: אין דער עפנטלעכקייט זאָלן זיי באַנוצן נאָר דייטש, אין זייערע שולן זאָלן זיין נאָר דייטשע לערער; דעמאָלט וועט מען מיט דער צייט אָנטאָן דער יידישער יוגנט אַ גרויס כבוד — מ'וועט זי צולאָזן צו מיליטער-דינסט. צום סוף זענען די מחברים פון פראָיעקט אַזוי גוט, אַז זיי ערלויבן יידן זיך רופן נישט „יידן", נאָר „מאָזאַאיסטן", אָדער „דעאיסטן", ווי אייניקע אויפגעקלערטע בערלינער האָבן געבעטן. דאָס גענעראַל-דירעקטאָריום גיט נאָך צו ביים איבערגעבן דעם פראָיעקט צום קעניג: „ס'איז זייער מעגלעך, אַז דער דריטער דור יידן, אין 60—70 יאָר אַרום, וועט אָנווערן אַלע רעליגיעזע אייגנשאַפטן, וואָס שיידן זיי אָפּ פון קריסטן, חוץ אייניקע, נישט וויכטיקע און נישט שעדלעכע פאַר דער מלוכה; דעמאָלט וועט מען קאָנען אָפּשאַפן דעם רעשט באַגרענעצן אויך, וואָס איצט קאָן מען נאָך אָן זיי נישט אויסקומען".

אָנהויב יאָר 1790 האָט מען דעם קאָנצעלאַרישן „רעפאָרם-פּראָיעקט איבערגעגעבן די יידישע דעפּוטאַטן", פאָרשטייער פון בערלינער און אַנדערע קהילות, וואָס אויף זייער בקשה האָט מען פאָרגענומען די רעפאָרם. ווייניק האָבן יידישע טוער געלייגט האָפנונגען אויף דער רעאַקציאָנערער פּרייסישער רעגירונג, אָבער דאָך האָבן זיי זיך נישט געקאָנט מאָלן אַזאַ פּראָיעקט, וואָס זאָל צוזאָגן גלייכבאַרעכטיקונג דעם דריטן דור און דערווייל לאָזן די אַלטע קנעבלטשאַפּט. דער געוויסער בערלינער טוער, דוד פריד-לענדער, מענדעלסאָנס אַ תלמיד, און אַנדערע, האָבן זיך דעריבער אָנגענומען מוט און האָבן דערלאַנגט דעם גענעראַל-דירעקטאָריום אַ מעלדונג (פעברואַר 1790), אַז קיינער האָט זיי קיין פולמאַכט נישט געגעבן איבערצונעמען נייע פליכטן, בעת ס'בלייבן די אַלטע באַגרענעצן. זיי בעטן, מ'זאָל אָפּשאַפן די אויסנאַם-געזעצן, דערהויפּט אין פרט פון וואוינרעכט און פּראָ-פעסיעס, און זענען מסכים אויף די שטרענגסטע שטראָף קעגן אומערלעכן האַנדל און וואָכער. די „דעפּוטאַטן" פאַרענדיקן מיט אַזאַ פייערלעכער ווענדונג צו דער רעגירונג, וואָס פרידלענדער האָט פאַרפאַסט: „שוין צייט אַראָפּצונעמען פון אונז די קייטן, וואָס שטיקן אונז אַזוי לאַנג. די רעגירונג דאַרף זען שוואַכער צו מאַכן, ווי נאָר מעגלעך, די בירגערלעכע אונטער-שיידן, וועלכע שטאַמען פון די אונטערשיידן אין די רעליגיעס. אַזוינס קאָן געשען נאָר אין דעם פאַל, אויב מיר וועלן זיין פּאָליטיש גלייכגע-שטעלט מיט אַנדערע אונטערטאַנען, אויב דער נאָמען ייד וועט נישט דערמאָנט ווערן איז די געזעצן צו שאַנד אָדער מיט אומצוטרוי צו זיין

מאָראַל, אַכּלל, אויב די רעגירונג וועט האַלטן פאַר איר חוב נישט נאָר עפענען פאַר די יידן די קוואַלן פון חיונה, נאָר אויך זיי אומקערן זייער בירגערלעכע ווערדע... אויב אָבער אונז איז באַשערט זיך אָפּנאַרן, ס׳זאָל נישט מקוים ווערן, וואָס מיר קוקן אַרויס, מוזן מיר מיט דעם גרעסטן ווייטאָק אין האַרצן אויסזאָגן אונזער שרעקלעכן וואונש, וואָס מיט דעם איז די גאַנצע קאַלאַניע מסכּים: מיר בעטן, זאָל זיין קעניגלעכע מאַיעסטעט באַוויליקן לאָזן אונז אין אונזער פריערדיקן צושטאַנד, כאָטש דער יאָך ווערט אַלע טאָג שווערער איבערצוטראָגן״...

דאָס איז געווען אַ שיינע שטאָלצע דעמאָנסטראַציע: די געפּלאָגטע זענען מוחל די פּלאָגער זייער נדבה-גראָשן. דער דאָזיקער טראַגישער אָפּזאָג האָט אָבער נישט גערירט די פאַרשפּילעטע הערצער ביי די באַאַמטע פונם גענעראַל-דירעקטאָריום. בעת מ׳האָט באַטראַכט דעם יידישן ענטפער, האָט זיך געפונען אַ גליד אין דער „רעפאָרם-קאָמיסיע״, וואָס האָט געזאָגט: „דאָס איז נישט מער ווי אַ שאַרפער פּלפּול איינגעפּאַסט אין אַ שיינער מליצה״... ביי דער פּרייסישער ביוראָקראַטיע האָט אַלץ געהייסן מליצה: זאָל דאָס זיין אַ ביטערער קרעכץ פון געיאָגטע, אָדער רייד, וואָס באַווייזן, אַז זיי פאַרמאָגן ערן-געפיל. דאָס דירעקטאָריום האָט מיט אַ רואיק האַרץ באַגראָבן דעם „רעפאָרם-פּראָיעקט״; צוויי יאָר איז די יידנפראַגע נישט דערמאָנט געוועז.

דער אַלטער רעזשים איז געבליבן אַזוי העסלעך ווי פריער. אין יאָר 1790 האָט נאָך דער קעניג אונטערגעשריבן אַ באַפעל, וואָס נאָרמירט די צאָל יידן אין אַזאַ וויכטיקער שטאָט, ווי ב ר ע ס ל וי. ביז יענעם יאָר האָט מען יידן איינגעטיילט אין אַזוינע קאַטעגאָריעס, איינע ערגער פאַר דער אַנדערער: גענעראַל-פּריווילעגירטע, פּריווילעגירטע, געדולדעטע, „פיקסאַנטריסטן״ (פונם וואָרט ix-entrée‏, — אָנגעקומענע, וואָס צאָלן אַ פיקסירטן שטייער פאַר אַריינלאָזן זיי), „שוץ-גענאָסן״ (אַזוינע וואָס האָבן דאָס רעכט צו וואוינען אַלס אָנגעשטעלטע ביי „שוץ-יידן״), האַנדלס-אָנגעשטעלטע, דינערשאַפט און פרעמדע. די פּרייסישע רעגירונג איז געוואָרן אויסער זיך, ווען זי האָט באַמערקט, אַז שוין אַ „צייט, וואָס אַהין (קיין ברעסלוי) שפּאַרן זיך דורך מיט פאַרשיידענע אויסריידן אַ גרויסע צאָל יידן, באַשעפטיקן זיך מיט אַזוינע פּראָפעסיעס, וואָס זיי איז פאַרווערט, און קריסטלעכע סוחרים ליידן דערפון היזק״ (אַזוי שטייט אין באַפעל). בכן מאַכט דער קעניג אַ געטרויע נאָרם: אין ברעסלוי מעגן זיין נישט מער ווי 160 יידישע פאַמיליעס. די פאַמיליע-פאָטערס, איינגעטיילט אין די דערמאָנטע קאַטעגאָריעס, דאָס זענען געזעצלעכע שוץ-יידן. אָבער די גליקלעכע, וואָס זענען אַריין אין צאָל, האָבן אויך אויסצושטיין פּרעהס גזרה: זיך נישט מערן; יעדער

„שוץ-ייד" מעג חתונה מאַכן נישט מער ווי איין זון, וועלכער ירשנט דעם פאַמיליע-„נומער" פון זיין פאָטער; נאָך אַ זון קאָן חתונה האָבן נאָר ביי איינס פון די ביידע: אָדער אויב ער קלייבט זיך אַרויס פון ברעסלוי ערגעץ אַנדערש, אָדער אויב זיין כּלה האָט אַ וואַקאַנטן נומער פון דער צאָל 160. ווייטער גייט אַ גאַנצער שולחן-ערוך וועגן אַלע ענדערונגען אין דער פאַמיליע צווישן די געזעצלעכע 160, וועגן „יידן איבער דער צאָל", וואָס מ'לאָזט אַריין קיין ברעסלוי אויף אַ צייט, וועגן ספּעציעלע שטייערן, וועגן די פונקציעס פון פרנסים אין דער קהילה, וואָס זיי האָבן אויף זיך ספּעציעל אַ פּאָליציי-קאָמיסאַר וכדומה. דער דאָזיקער קעניגלעכער דעקרעט האָט יענע צייטן נאָך געהייסן אַ „מילדער" אַקעגן פרידריך II אוממענטשלעכן יידן-רעגלאַמענט. דער קעניג האָט זיך געהאַלטן גערעכט צו זאָגן אינעם אַריינפיר צום דעקרעט, אַז ער „זאָרגט פאַר דעם וואויל פון זיינע אונטערטאַנען, צו וועלכע עס געהערן די פון יידישן גלויבן אויך". אָבער דרך אַגב רעדט ער דאָ אויס: „מיר ווילן אַפילו גאָר גלייכשטעלן די דאָזיקע נאַציע מיט אַנדערע בירגער אין דער מלוכה און זי צולאָזן צו אַלע בירגערלעכע רעכט, אָבער אַזוינס צו דערלאַנגען – זענען נאָך פאַראַן מניעות, וואָס נעמען זיך אַ טייל פון אירע רעליגיעזע מנהגים, אַ טייל פון איר גאַנצן וועזן, אַזוי אַז דאָס (גלייכבאַרעכטיקונג) איז אוממעגלעך דורכצופירן, ווייניקסטנס היינטיקע צייט".

דער יידישער גהינום, הייסט דאָס, איז אין פרייסן געווען אויסברוקירט מיט דעם קעניגס בעסטע וואונטשן, אָבער דערפון איז יידן נישט גרינגער געווען. דאָך דאַרף מען זאָגן, אַז פרידריך-ווילהעלם II איז געווען בעסער פאַר זיינע מיניסטאָרן-רעאַקציאָנערן, ווי די וועלנערס און בישאָפסווערדערס. דאָס גענעראַל-דירעקטאָריום האָט מיט אַ פאַרגעניגן באַגראָבן אין אַרכיוו דעם פּלאַן פון אַ נישטיקער יידן-רעפאָרם, וואָס יידן האָבן זיך פון אים אָפּגעזאָגט. דער קעניג האָט זיך אָבער אין צוויי יאָר אַרום דערמאָנט אָן אים. דאָ האָט מסתּמא געווירקט די יידישע עמאַנסיפּאַציע אין פראַנקרייך, וואָס איז געשען נאָך לאַנגע וואַקלענישן אין סעפּטעמבער 1791. אין 4 חדשים אַרום נאָך דעם דאָזיקן אַקט (יאַנואַר 1792) האָט דער קעניג געהייסן דעם דירעקטאָריום ווידער אָנהויבן אַרבעטן וועגן דער יידנפראַגע. מ'האָט נאָכאַמאָל אויסגעאַרבעט אַ „רעפאָרם-פּלאַן" מיט קלאָגעדיקע „הנחות", די געזעצגעבערישע קאָמיסיע האָט אים באַוויליקט, און ס'איז געבליבן נישט מער, דער קעניג זאָל אים באַשטעטיקן. אָבער גראָד דעמאָלט האָט אויסגעבראָכן אַ קריג מיט פראַנקרייך, האָט דער קעניג געהייסן לאָזן דערווייל דעם פּראָיעקט ביז סוף קריג; ביז דעמאָלט זאָל די רעגירונג צוגרייטן אַלץ, כּדי פּראַקטיש דורכצופירן דאָס, וואָס „מ'האָט שוין פאַרווירקלעכט אין

אַנדערע לענדער" (דעם 26 מאַי). דער „דערוווייל" האָט זיך אָבער געצויגן 20 יאָר, און פּרייסן האָט פאַר דער צייט געפירט נישט איין מלחמה.

אונטער דער צייט איז פאָרגעקומען דאָס צווייטע און דאָס דריטע צעטיילן פון פוילן (1793, 1795). פּרייסן איז צוגעקומען נייע געגנטן מיט יידן. צו דער פריערדיקער פּוילישער פּראָווינץ מערב-פּרייסן איז צוגעקומען „דרום- און ניי-מזרח-פּרייסן": די דעפּאַרטאַמענטן פּויזן (דער נייער טייל), קאַליש, וואַרשע, פּלאָצק און ביאַליסטאָק. ס'איז אויסגעקומען אָנצומעסטן דעם פּרייסישן קאַזאַרמע-רעגלאַמענט דער יידישער מאַסע אין די נייע געגנטן, וואָס האָט נאָך נישט געוואוסט פון קיין „נומערן" פאַר יידישע משפחות. די פּרייסישע רעגירונג האָט געמוזט אויסאַרבעטן אַ יידישע קאָנסטיטוציע, ספּעציעל פאַר יענע לענדער, דעם „אַלגעמיינעם רעגלאַמענט פאַר יידן אין דרום- און ניי-מזרח-פּרייסן" (17 אַפּריל 1797). יידן, וואָס זענען געווען שטענדיקע איינוואוינער מיט אַ באַשטימטן געשעפט צו דער צייט, ווען די פּוילישע פּראָווינצן זענען אַריבער צו פּרייסן, די מעגן בלייבן; אַנדערע אָבער, וואָס האָבן נישט קיין פעסטע פּראָפעסיעס, מוזן פאַרלאָזן דאָס לאַנד צו אַ געוויסער צייט. די געבליבענע דאַרפן באַקומען פעסטער אָדער „שוץ-בריוו". די שטייערן האָט מען געהעכערט; אָנשטאָט דעם פּוילישן קאָפּ-שטייער האָט מען איצט איינגעפירט פאַרשיידענע שטייערן; פאַר „שוץ", פאַר אַן ערלויבעניש חתונה צו האָבן און דעסגלייכן. ס'מעגן חתונה האָבן נאָר מענער נישט יינגער פאַר 25 יאָר, וואָס זענען געזיכערט מיט אַ שטענדיק פאַרדינסט אָדער מיט אַ קאַפּיטאַל. קהלשע זעלבסט-פאַרוואַלטונג האָט צו טאָן נאָר מיט רעליגיעזע אינטערעסן; דער יידישער בית-דין ווערט אָפּגעשאַפט; אין די שולן מוז מען לערנען דייטש און פּויליש.

דעם דאָזיקן אַקט, דעם לעצטן פאַר פרידריך-ווילהעלם II, האָט מען דעמאָלט געהאַלטן פאַר „ליבעראַל". העכער פאַר דער מדרגה „געדולדעט" און „געשיצט" האָט אַ ייד נישט געקאָנט דערלאַנגען. די אייגענע לאַגע איז געבליבן די ערשטע צען יאָר פאַר פרידריך-ווילהעלם III (1797–1840).

## § 30. אַ פּרוּוו פון אַ רעליגיעזער פּשרה און די יידנפיינטלעכע ליטעראַטור

די שווערע לאַסט פון רעכטלאָזיקייט, וואָס האָט געדריקט די יידישע מאַסע, איז געווען נאָך דאָפּלט שווערער פאַר דער נייער אינטעליגענץ, וואָס לויט איר קוק און לעבנס-שטייגער איז זי נעענטער געווען צו דער געבילדעטער קריסטלעכער באַפעלקערונג, איידער צו דעם אייגענעם פאָלק.

די פּאָרווייטשטע איבערשטע שיכטן פון בערלינער יידן האָבן זיך געפילט פּערזענלעך באַליידיקט, וואָס מען מישט זיי צוניף מיט דער „פּינסטערער" מאַסע און מ'האַלט זיי אין איין יאָך פון בירגערלעכער קנעכטשאַפט מיט אַלע יידן. די טויער אין די דאָזיקע שיכטן האָבן זיך געמיט אויפקלערן די רעגירונג, זי זאָל זיך אומקוקן אויף דער טראַגישער לאַגע פון די געבילדעטע האַלב-דייטשן; ס'האָט אָבער נישט געהאָלפן. אין אַן ענטפער, וואָס דאָס גענעראַל-דירעקטאָריום האָט איינמאָל געגעבן אויף אַזאַ השתדלות פון די בערלינער מיוחסים — איציג, פרידלענדער און אַנדערע, איז פעסט-געשטעלט אַזאַ פּרינציפּיעלע באַנעמונג צו דער יידנפראַגע (1798): די רעגירונג ווייס וואויל, אַז אין איר יידן-רעזשים איז פאַראַן אַ געוויסע אכזריות; „לשם מענטשלעכקייט" וואָלט מען געוויס באַדאַרפט אָפּשאַפן אייניקע אויסנאַם-געזעצן פאַר יידן, אָבער די רעגירונג קאָן אַזוינס נישט טאָן, וואָרום די דאָזיקע געזעצן זענען אַ גליד אין אַ גאַנצער פּאָליטישער סיסטעם, און דער צוועק פון דער סיסטעם איז — פאַרהיטן די קריסטלעכע באַפעלקערונג פאַר די „אומבאַקוועמלעכקייטן", וואָס ס'וואָלט זיי פאַרשאַפט, ווען מ'זאָל אַריינעמען פאַר בירגער „די יידישע נאַציע", בעת זי איז אָפּגעזונדערט, פול מיט „נאַציאָנאַלן האַס", האָט אַן אייגענע קהילה-אָרדנונג, אַן אייגענע שול. כאָטש געבילדעטע יידן דערבייַ גלייך מיט פשוטע יידן, מוז דאָך די רעגירונג לאָזן אַלץ ווי ס'איז געווען, אַזוי לאַנג, ביז די יידישע מאַסע וועט זיך נישט „אויסלייטישן", — דעמאָלט וועט מעגלעך זיין אַ רעפאָרם פאַר אַלע יידן, זיי זאָלן ווערן „מלוכה-בירגער".

אַסימילירטע בערלינער יידן האָבן נישט געקאָנט פאַרטראָגן אַזאַ לאַגע. ס'האָט שוין אָנגעהויבן צו וואַקסן ביי זיי אַ געמיינע מחשבה: אויב מ'קאָן נישט באַקומען קיין גלייכבאַרעכטיקונג פאַרן גאַנצן פאָלק, זאָל מען אפשר דאָס באַקומען פאַר די „בעסערע", וואָס האָבן זיך שוין אָפּגעזאָגט פון נאַ-ציאָנאַלער אָפּגעשלאָסנקייט און „רעליגיעזע פאָראורטיילן"? בכן איז ביי אַ גרופּע אויפגעקלערטע, מיט דוד פרידלענדערן אויבן-אָן, געבליבן אָפּעלירן צו דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג. אָנהויב יאָר 1799 האָט זיך אין בערלין באַוויזן אַ אַנאָנימע בראָשור מיט דעם טיטל: „אַ בריוו צום אויבער-קאָנ-סיסטאָריאַל-ראַט פּאַסטאָר טעלער פון אייניקע פאַמיליע-פאָטערס פון יידישן גלויבן". פּאַסטאָר טעלער האָט דעמאָלט געהאַט אַ שם אין בערלין אַלס פאָרשטייער פון ליבעראַלן פּראָטעסטאַנטיזם; צו אים האָבן זיך דאָס גע-ווענדעט די מחברים פון דעם „בריוו", ער זאָל זיי אויפקלערן „אַ געוויסנס-פראַגע, וואָס רירט זיי שטאַרק אָן". די פאַרשטעלטע שרייבער זענען זיך מתוודה: מיר האָבן שוין לאַנג פאַרנומען אַ געוויסן פּלאַץ צווישן די צוויי עקסטרעמען: צווישן דעם פאַנאַטישן גלויבן פון די תלמוד-יידן און דעם

ביי־מאָדישן אומגלויבן פֿון דער יוגנט. מיר האַלטן פֿון די גרויסע וואַרהייטן, וואָס ליגן אין גרונד פֿון יעדער אמונה: גאָט איז איינער, די נשמה איז אומשטערבלעך, מ'דאַרף שטרעבן צו מאָראַלישער שלמות. די דאָזיקע גרונד־וואַרהייטן זעען מיר אין דער רעליגיע, סיי ביי משה רבינו, סיי ביי קריסטוסן; שפּעטער האָבן זיך ביידע רעליגיעס אַראָפּגעשלאָגן פֿון זייערע יסודות: יודאַאיזם האָט זיך אַריינגעלאָזט אין פֿאָרמעלע מצוות, קריסטנטום — אין מיסטישע דאָגמאַטן. יידישע מנהגים שטערן באמת די בירגערלעכע פֿליכטן און פֿאַרן וואויל פֿון אונזערע קומענדיקע דורות דאַרפֿן מיר אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך דעם יאָך פֿון מצוות. אָבער ווערן גלייך קריסטן קאָנען מיר נישט: די מניעה איז די קריסטלעכע דאָגמאַטן, דער קריסטלעכער „היסטאָרישער אמת", וואָס איז סותר דעם „שכל־אמת". ווילן מיר נישט באַגיין קיין צביעות, קאָנען מיר, למשל, נישט אָננעמען דעם דאָגמאַט פֿון „גאָטס זון" אַזוי ווי די קירך מיינט דאָס. דאָ, אין דעם פּרט, דאַרפֿן מיר אָנקומען צו אייער (טעלערס) עצה. מיר פֿילן, אַז מיר מוזן פֿאַרבעסערן אונזער בירגערלעכע לאַגע, דערצו איז נויטיק אומענדערן אונזער רעליגיעזן שטייגער, אָבער פֿאַר גליק טאָר מען דעם אמת און ערלעכקייט נישט פֿאַרקויפֿן. מיר זעען צו, ווי אַ סך אונזערע מאַכן לייכטזיניק דעם לעצטן טריט און ווערן קריסטן; מיט אַ פּאָר ווערטער ווערן זיי פּטור פֿון רעכטלאָזיקייט, אָבער אַזוינע גרים קאָנען אַ פֿאַרשטאַנדיקן מענטשן קנאַפּ פֿרייד פֿאַרשאַפֿן... „לערנט אונז, איידעלער פֿריינט פֿון ערלעכקייט! זאָגט אונז: ווען מיר זאָלן וועלן אַריינטרעטן אין דער גרויסער קריסטלעך־פּראָטעסטאַנטישער געזעלשאַפֿט, וואָס פֿאַר אַן עפֿנטלעכן אני־מאמין וואָלט איר פֿון אונז געפֿאָדערט, איר און אַנדערע מענער פֿון אייער געערטן ראַט? מיר זענען ווייניק, מיר זענען אָבער זיכער, אַז אַסך אַנדערע וועלן אונז נאָכטאָן". די מחברים לייקענען נישט, אַז זייער צוועק איז צו באַקומען בירגער־רעכט, זיי האָבן אָבער מורא, אַז זיי וועלן נישט דערגרייכן דעם צוועק, אַז זיי וועלן בלייבן „עפּעס אינמיטן צווישן יידן און קריסטן", און די „פֿאַמיליע־פֿאָטערס" מאַכן דערביי אַזאַ קאָנקרעטן פֿאָרשלאָג: „אויב די פּראָטעסטאַנטישע רעליגיע פֿאָדערט געוויסע צערעמאָניעס, — קאָנען מיר זיי אָננעמען אַזוי ווי פּשוטע פֿאָרמאַליטעטן אויף צו אַריינטרעטן אין אַ געזעלשאַפֿט. פֿאַרשטייט זיך, אַז אויספֿירן די דאָזיקע צערעמאָניעס פֿאָדערט זיך בלויז אַלס אַ סימן, אַז דער נייער גליד פֿון דער געזעלשאַפֿט האַלט פֿון אייביקע וואַרהייטן און פֿון די מענטשלעכע און בירגערלעכע פֿליכטן, וואָס שטאַמען דערפֿון, אָבער דאָס זאָל נישט הייסן, אַז ער גלויבט אין די קירך־דאָגמען פֿון דער דאָזיקער געזעלשאַפֿט".

אויף אַזאַ שטייגער האָט זיך אַ הייפֿל מענטשן אין דער באַלאַגער־

טער יידישער מחנה געגרייט איבערכאַפּן זיך צו די באַלאַגערער, מ'האָט דאָ נאָר געזאָרגט, אַז די קאַפּיטולאַציע זאָל צוגיין וואָס ווייניקער שענדלעך. אין בערלין האָט מען געוואוסט, אַז דער מחבר פון דעם „בריוו צו טע־לערן" איז דוד פרידלענדער, אָבער דאָס האָט פאַרשאַפט נאָך מער אינטע־רעס פאַר דער בראָשור. אַ פאָרשטייער פון פּראָגרעסיווע יידן, מענדעלסאָנס אַ יורש, אַ גליד פון בערלינער יידישן קהילה־ראַט, קומט אין נאָמען פון זיינע מיינונגס־גענאָסן און לייגט פאָר אַ פשרה צווישן יידנטום און קריסטנ־טום — דאָס איז דאָך באמת מערקווירדיק! טעלער האָט באַלד אָפּגעענט־פערט („אַן ענטפער אויף דעם בריוו פון אייניקע פאַמיליע־פאַטערס"). ער באַגריסט די מעלדונג פון אַ טייל יידן, אַז זיי זאָגן זיך אָפּ פון אייניקע יידישע מנהגים, און הויבט באַלד אָן צו רעדן אַזוי ווי אַ מיסיאָנער: „איר זייט שוין נישט קעגן קריסטוסן — הייסט דאָס, זייט איר מיט אים. פאַר־וואָס־זשע זאָלט איר נישט אָנטאָן קיין קירכלעך אויסזען גלייך מיט די, וואָס טראָגן קריסטוס נאָמען?" צי זייט איר נישט אַ געצייג אין גאָטס הענט פאַר אַ גרויסער זאַך? איר זאָגט, איר קאָנט נישט אָנערקענען דעם דאָגמאַט פון „גאָטס זון", איר זאָגט אָבער אויך, אַז איר ווילט נישט בלייבן אינמיטן צווישן יידן און קריסטן. אָבער צו זיין קריסט מוזט איר ווי־ניקסטנס אָנערקענען דעם סוד פון דער טויף און באַהעפטונג (אין קריס־טוס), איר מוזט אויסגיין פונם „היסטאָרישן אמת", אַז קריסטוס איז דער גרינדער פון דער העכסטער מאָראַלישער רעליגיע. איר קאָנט פריי בלייבן אין רעליגיעזע מיינונגען (Lehrmeinungen), וואָס זיי זענען פאַרשיידן אין דער קירך גופא, אָבער נישט אין דאָגמאַטן (Grundlehren)... דאָס איז אגב — אַזוי זאָגט טעלער — מיין אייגענע מיינונג; איך ווייס נישט, צי אַלע מיינע חברים־טעאָלאָגן וועלן מיט מיר מסכים זיין. איך קאָן אייך נישט פאָרויסזאָגן, וואָס פאַר אַ בירגער־רעכט די מלוכה וועט אייך געבן נאָך אייער מעלדונג: דאָס געהערט גאָר צו אַן אַנדער אינסטאַנץ. דער פּראָטעס־טאַנטיזם וואַרפט אונטער די קירך דער מלוכה, די מלוכה קאָן אָפּנעמען גלייכבאַרעכטיקונג ביי דער אָדער יענער סעקטע, אַפילו ביי אַ קריסט־לעכער".

די דאָזיקע עפנטלעכע קאָרעספּאָנדענץ וועגן דער קאַפּיטולאַציע פון יידישקייט האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם. אין דער קריסטלעכער געזעלשאַפט האָט מען זיך געוויצלט, אַז יידן ווילן האָבן אַ „טרוקענע טויף", אַ „טויף אָן טויף־וואַסער". מ'האָט געראַטן די מחברים פון דעם „בריוו" זיך אָננעמען מיט מוט און זיך נישט אָפּשטעלן אויף אַ העלפט וועג. דע־לוק, אַ גענטינ־גענער פּראָפעסאָר, אַ קלעריקאַל, אַ פיינט פון „נאַטוראַליסטן", האָט אָפּגע־דרוקט אַ „בריוו צו די יידישע מחברים"; ער איז אויפגעבראַכט אויף זייער

פילאָזאָפישן ראַציאָנאַליזם, אויף זייער גלויבן אין „פּראָגרעס", אויף דער „פאַלשער אומגעלומפּערטער אידיי פון מענטשן-רעכט" — דאָס אַלץ זאָל נאָך דעם פּראָפעסאָרס מיינונג שטאַמען פון מענדעלסאָנען; ס'איז שעדלעך פאַרן יידנטום און קריסטנטום גלייך. נאָך איינער האָט אָנגעשריבן אַ בראָ־שור „משה און קריסטוס"; ער באַציט זיך פריינטלעך צו דעם יידישן „בריוו צום פּאַסטאָר טעלער", וואָס אין דעם שפירט זיך „מענדעלסאָנס איידעלער גייסט"; ער גיט אָן עצה די מחברים פון דעם „בריוו" טאָן אַ טריט ווייטער און גאָר איבערגיין צום קריסטנטום. „אינאיינעם מיט אייך וועלן מיר גיין דורך די טויערן פון קריסטנטום צו דער רעליגיע פון שכל". כּדי צוגעבן מער חשק, זאָגט נאָך דער אַנאָנימער מחבר צו, אַז „אונזער איידעלער מאָנאַרך" וועט זיך דערויף אומקוקן.

פון אַ צענדליק בראָשורן, וואָס זענען דעמאָלט אַרויס אין בערלין וועגן דעם „בריוו" איז באַזונדערס אינטערעסאַנט: „בריוו פון אַ פּרעדיקער מחוץ בערלין". דער דאָזיקער פאַרשטעלטער „פּרעדיקער" איז געווען דער ניי־מאָדישער קריסטלעכער טעאָלאָג און ראָמאַנטיקער פ ר י ד ר י ך ש ל י י ע ר־מ אַ כ ע ר, דער מחבר פון „רעדעס וועגן רעליגיע", אַ ליבלינג אין די בער־לינער יידישע סאַלאָנען, אָבער אַ פּרינציפּיעלער פיינט פון יודאַאיזם. פון דעם יידישן „בריוו" צו טעלערן וויל ער קיין וועזן נישט מאַכן: דאָס איז פּשוט אַ קונצשטיק פון יידן צו בעסערן זייער רעכטלעכע לאַגע, געמאַכט מיט גרויס פאַראַד. אַזאַ טאַקטיק וועט געוויס פאַרדריסן אַזוינע יידישע טוער, וואָס האָבן פריער געקעמפט פאַר גלייכבאַרעכטיקונג מיט אַנדערע מיטלען. שלייערמאַכער ווייסט נישט, אָדער מאַכט זיך נישט ווינסדיק, ווער דער מחבר פון דעם בריוו איז, און זאָגט ווייטער אַזוי: „ווי אַזוי דאַרף דאָס פאַרדראָסיק זיין דעם פיינעם פרידלענדערן! אפשר וועט ער אויפהויבן זיין שטים קעגן אַזאַ פעלשונג אין אַן אמתער זאַך, ער, וואָס איז אַסך געטרייער מענדעלסאָנס לערע, איידער דער מחבר פון דעם בריוו!" נישט שיין איז אַזאַ ברען צו אַ נייער אמונה, — מיינט שלייערמאַכער — וואָס הינטער דעם שטעקן פּראַקטישע חשבונות. היינטיקע צייטן בייט מען רע־ליגיעס נאָך דעם קורס נאָך, ס'זענען פאַראַן יידן, וואָס זענען „גלייך גרייט מל זיין זייערע קינדער און טויפן זיי". דער מחבר האָט וויניק נחת פון יידישן מאַסן־שמד, וואָרום דאָס איז אַ „קריסטנטום אָן קריסטוסן": אין דער קריסטלעכער געזעלשאַפט קומען אָן מענטשן אָן גלויבן, וואָס אַהער האָט זיי פאַרטריבן דער פּאָליטישער דרוק. די קירך איז אין סכּנה, מ'זאָל זי אָנשטעקן מיט אַ „פאַריידישט קריסטנטום". אום אויסצומיידן אַזאַ סכּנה, דאַרף זיך די קירך משתדל זיין, אַז די רעגירונג זאָל באַזייטיקן דאָס, וואָס טרייבט יידן אויף אַזאַ צביעות, און געבן וואַסערע עס איז בירגער־רעכט

די קינז'ער, וואָס זייערע „פּאַטערס" (די מחברים פון דעם „בריוו") בעטן פּאַר זיי און זענען גרייט דערפאַר אפילו מקריב זיין זייער אמונה. אָבער „נאַטוראַליזירן" יידן האַלט שלייערמאַכער פאַר אוממעגלעך, אַזוי לאַנג, ווי יידן זענען נאָך אַ נאַציע, וואָס האָט זיך אירע אייגענע געזעצן און קוקט נאָך אַרויס אויף משיחן.

וואָס האָט פרידלענדער באַדאַרפט פילן נאָך אַזאַ קלאַפּ פון אַ פּאַר־שטעלטן פריינט? פון איין זייט — פּאַסטאָר טעלער, וואָס הייסט זיך דער־לאַנגען די גאַנצע האַנט, קוים האָט מען דער קירך אַ פינגער געוויזן; פון דער אַנדערער זייט — אַ קריסטלעכער פילאָזאָף, וואָס דעקט אויף די גאַנצע מיאוסקייט פון אַזאַ פשרה מיט דעם אייגענעם געוויסן. צי האָט זיך פריד־לענדער דערמאָנט, אַז פאַר ניין יאָר האָט ער מיט שטאָלץ אָפּגעוואָרפן די קבצנישע נדבה, וואָס די רעגירונג האָט זיך געקליבן שענקען יידן מיטן „רעפאָרם־פּראָיעקט", און האָט דעמאָלט הויך געהאַלטן דעם פאָלקס־כבוד, וואָס איצט האָט ער דאָס אַזוי דערנידערט אונטער אַ פאַרשטעלטן נאָמען פון אַ „גרופּע פאַמיליע־פּאַטערס"?... ער האָט געשוויגן. עפּעס איז געבליבן ביים תלמיד פון דעם רבינס גרויסער גייסטיקער ירושה (מענדעלסאָן האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן קיין משומדים), און דאָס האָט אים אָפּגעהאַלטן פון ווייטערדיקע סקאַנדאַלעזע מעשים. דער פרווו צו באַשאַפן אַ יידיש־קריסטלעכע סעקטע צוליב בירגער־רעכט האָט געפּלאַצט. וואָרום ס'האָבן זיך גענומען ווייזן אַנדערע מענטשן מיט מער „מוט": אין דעם אויבן־אָן פון דער בערלינער געזעלשאַפט האָט זיך אָנגעהויבן אַ שמד־עפּידעמיע, פשוט, אָן קונצן און אָן חרטה־געפילן.

די „פאַמיליע־פּאַטערס" האָבן אינגיכן געהאַט די געלעגנהייט איינצו־זען, אַז דער האַס צו די יידן שטעקט נישט נאָר אין דעם אַנטאַגאָניזם צווישן יידישער און קריסטלעכער אמונה. אין יאָר 1803 האָט זיך אין פרייסן צעפלאַקערט אַ אומגעהייערע יידנפיינטלעכע אַגיטאַציע; דער אויסרייד איז איצט געווען נישט די יידישע אָפּגעשלאָסנקייט, נאָר, פאַרקערט, די מורא פאַרן יידישן אַריינדרינגען אין דער קריסטלעכער געזעלשאַפט. דער רעדל־פירער פון דעם דאָזיקן ליטעראַרישן אָנגריף אויף יידן איז געווען אַ נישטיקער געריכט־באַאַמטער אין בערלין, אַ געמיינער אַגיטאַטאָר גראַ־טענויער. הינטער אים זענען, זעט אויס, געשטאַנען קאָנסערוואַטיוו־קלעריקאַלע קרייזן פון דער דייטשער געזעלשאַפט; יענע האָט שוין לאַנג באַאומרואיקט דער פאַרעקשנטער יידישער קאַמף פאַר גלייכבאַרעכטיקונג, און בפרט, וואָס יידן זענען נאָענט געוואָרן צו דעם ליבעראַלן טייל פון פרייסישער אַריסטאָקראַטיע דורך די רייכע בערלינער יידישע סאַלאָנען. גראַטענויער האָט אַרויסגעלאָזט אַ שאַרפן פּאַמפלעט „קעגן יידן"

(Wider die juden) 1803, טענהנדיק, אַז ס'איז אַ שאָד צו פאַרקערן מיט יידן, אַז פון גלייכבאַרעכטיקונג װעלן זיי בעסער ניט װערן, װאָרום אַ תהום איז צװישן זיי און קריסטן: יידן זענען אין כּלל העסלעך, זייער „עלעגאַנטע" יוגנט — זענען גאָט־לעסטערער, פּראַנטן, אויסברענגער, זייערע סאַלאָן־דאַמען זענען אומדערצייגן, כאָטש זיי חברן זיך מיט פירשטן און גראַפן. אויף יידן דאַרף נאָך ליגן קינס צייכן: מ'דאַרף, זיי זאָלן װידער טראָגן די געלע לאַטע, אַזוי װי אין מיטלאַלטער, מ'זאָל זיי װייכן, אַזוי װי אַ מגפה.

גראַטענויערס פּאַמפלעט אויף דער גראָבער גאַסן־שפּראַך האָט געװירקט װי צינד־שטאָף. אין אַ קורצער צייט זענען אַרויס זעקס אויסגאַבן, 13.000 עקזעמפּלאַרן. בערלינער יידישע טוער האָבן תּחילת ניט געהאַלטן פאַר נויטיק אָפּענטפערן דעם פּאַסקיויל־שרייבער; אָפּגערעכנט האָבן זיך מיט אים נאָר איינצלנע פּערזאָנען: איין ייד האָט אים עפנטלעך געגעבן אַ פּאַטש, זיינע קרעדיטאָרן האָבן דערלאַנגט זיינע װעקסלען אין געריכט. דאָס האָט דעם אַגיטאַטאָר נאָך מער אויפגערייצט, ער האָט אָפּגעדרוקט אַ צוגאָב צו זיין בראָשור. ער אַליין שטאָלצירט דאָרט מיט דעם נאָמען „המן" און העצט שטאַרק, מ'זאָל זיך נוקם זיין אָן יידן. דעם נייעם המן האָט אָפּגעענטפערט קאָסמאַן, אַ פּראָפעסאָר אַ קריסט, מיט אַ בראָשור „פאַר יידן". דער פאַרטיידיקער איז אָבער געװען אומפּאַרזיכטיק און האָט אָפּגעדרוקט אויפן טיטל־בלאַט אַ לכבוד „די פּרנסים פון בערלינער יידן און אַלע גוטע לייט אָן אויסנאַם פון רעליגיע", — דאָס האָט אָנגעװאָרפן אַ חשד, אַז דאָ האָבן צו שטעקן פאַראינטערעסירטע מענטשן. אַגב איז קאָסמאַנס אַפּאָלאָגיע אַרויס צו שװאַך; אין בערלין האָט מען זיך געװערטלט, אַז זי איז שעד־לעכער פאַר יידן, איידער גראַטענויערס אָנפאַל. ס'איז אַרומגעגאַנגען אַזאַ עפּיגראַם, כּלומרשט פון אַ יידנס נאָמען:

אַ גראַטענויער האָט מיך באַליידיקט — עס זיי!
אַ קאָסמאַן האָט מיך פאַרטיידיקט — אוי װיי!

ביכער־מאַרק איז װידער פול געװאָרן מיט בראָשורן פאַר און קעגן יידן. ס'האָבן זיך אויסגעזוכט כּלומרשטע „געלערנטע" פּאַלצאָװ און בוכהאָלץ *), װאָס האָבן גענומען באַװייזן מיט ראיות פון „יידישער געשיכטע און תּורה", אַז יידן טויגן ניט און מ'קאָן זיי אין אַ קריסטלע־כער מלוכה ניט ליידן. פּאַלצאָװ האָט אַפילו אויסגעטראַכט אַ בבא־מעשה, אַז יידן האָבן יום־טוב 280 טעג אין יאָר, ממילא איז דאָס אַ פאָלק ליידיק־

---

*) די װיכטיקסטע װערק פון יענער פּאַלעמישער ליטעראַטור װערן געבראַכט צום סוף בוך (פּערזאָן און ליטעראַטור)

גייער. בוכהאָלץ האָט נישט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי האָט דאָס לעסינג געקאָנט זיך באַפריינדן מיט מענדעלסאָנען: ווי קאָן דאָס געמאָלט זיין, אַ פריינטשאַפט צווישן אַ דייטש, אַ מענטש פון דעם בעסטן קריסטנטום, און אַ יידן, וואָס האַלט זיך ביי אַ „פי-רעליגיע". די גאַנצע יידנפראַגע, מיינט בוכהאָלץ, באַשטייט אין דעם, ווי אַזוי אָפצוראַטעווען קריסטן פון יידישע הענט; די דאָזיקע מערדער דאַרף מען אַלע אָפגעבן פאַר סאָלדאַטן און זיי צעשיקן אין דיסציפלינאַר-באַטאַליאָנען.

די פירער פון דער בערלינער קהילה האָבן דערזען, אַז די פאָלעמיק שמעקט מיט אַ געפערלעך העצן דעם המון, האָבן זיי געפועלט ביי דער מאַכט, די צענזור זאָל נישט דערלאָזן דרוקן נישט פאַר, און נישט קעגן יידן מחמת דעם „רעש און אומאָרדנונג", וואָס אַזאַ פאָלעמיק פאַרשאַפט. גראַטענויער האָט זיך געקלאָגט דעם קאַנצלער און אַפילו דעם קעניג: אים פאַרמאַכט מען דאָס מויל, אים, וואָס ער וויל ראַטעווען דייטשלאַנד פון יידן, וועלכע „לעבן פון אונז, נישט מיט אונז"; ניין, ער וועט זיין שטרייט ווייטער פירן, וואָרום דאָס „דינט ער דער מלוכה". דעם ליטעראַרישן פאָגראָם-מאַכער האָט דאָס אָבער נישט געהאָלפן.

נאָך דעם צענזור-פאַרבאָט אין בערלין האָט זיך דער וויכוח ווייטער געפירט אויסער בערלין. אייניקע געבילדעטע יידן אין דער פראָווינץ האָבן זיך אָנגענומען פאַר זייער פאָלק; זיי האָבן פאָרגעלייגט פאַרשיידענע פראָיעקטן, אָפטמאָלס נאַאיווע, ווי צו פאַרענטפערן די יידנפראַגע. איינער אַ קעניגסבערגער ייד האָט אָנגעוויזן אַ רפואה בדוקה: געמישטע התונות מיט קריסטן; אַן אַנדערער האָט פאַרקערט געוואָרנט יידישע טעכטער פון קנעכטשאַפט מיט גראַטענויערס אומה. אהרון וואָלפסאָן, אַ שרייבער אין דעם „מאסף" און אַ לערער אין ברעסלוי, איז אַרויס מיט אַן אַפּאָלאָגיע פאַר יידן („ישורון, אָדער אַן אומפּאַרטייאישע באַלייכטונג וועגן אַלע טענות צו יידן", 1804). „אומפּאַרטייאישקייט" האָט ביי דעם מחבר געהייסן אַזאַ זאַך: ער האָט געראַטן דער רעגירונג רעפאָרמירן דעם יידישן לעבנס-שטייגער, צענזורירן דעם תלמוד און די רבנישע ליטעראַטור און זיי אויסרייניקן פון די פאַרעלטערטע מיינונגען. קליגער פאַר די אַפּאָלאָגעטן האָבן שוין געשריבן די סאַטיריקער. איינער אַ יידישער שרייבער מיט אַ פאַרשטעלטן נאָמען עפּיפאַן האָט אָפגעדרוקט אין קעניגסבערג אַ ביכל, וואָס זיין איראָנישער נאָמען ווייזט שוין דעם אינהאַלט; דאָס ביכל הייסט: „אַן אייזערנע ראיה, אַז מ'מוז באַלד אויסהרגענען אַלע יידן-מאַנסבילן און פאַרקויפן יידישע פרויען צו קנעכטשאַפט; אַנדערש קערט זיך איבער די וועלט, דער כלל מענטשן, דאָס קריסטנטום, און אַלע מלוכות, — אַ בריוו צום יוסטיץ-קאָמיסאַר גראַטענויער פון דאָמיניק המן עפּיפאַן, אַ שונא-ישראל"

(1804). נאָך איינער, ש. י. לעפּראַנק, האָט שאַרף אָפּגעענטפערט די ייִדנפיינט אין זיין ביכל „בעלעראָפאָן, אָדער דער אָנגעשלאָגענער גראַטע־נויער, מיט אַ ווידמונג דעם טייוול" (1803). לעפּראַנק האָט גענומען רעדן מיט גראַטענויערן אויף יענעמס לשון, אויף דער גאַסן-שפּראַך. ער שרייבט: „דו באַגייסט אין ליטעראַטור דעם גרעסטן שווינדל, דו פאַרקויפסט אַזאַ געמיינע בייזוויליקע פּלוידעריי, געדרוקט אויף פויל פּאַפּיר, צו זעקס גראָשן אַ שטיק, און דו האָסט נאָך די העזה אויפצוּוואַרפן יידן, אַז זיי זענען שווינדלער; דו פאַרגינסט נישט אַ יידן, וואָס ער רעדט ריכטיק דייטש, וואָס ער טוט זיך אָן לייטישער, וואָס אָפּטמאָלס איז ער פאַרשטאַנדיקער פאַר דיר, וואָס ער האָט קיין באָרד נישט, דו זאָלסט אים קאָנען רייסן פאַר איר, וואָס ער רעדט שוין מער נישט קיין פאַרדאָרבענעם דיאַלעקט, דו זאָלסט אים קאָנען נאָכקרימען". נישט אומעטום האַלט אָבער לעפּראַנק אויס דעם טאָן, צומאָל גייט ער איבער צו אפּאָלאָגיע, און דאָס פירט אי־בער דעם איינדרוק, ווי למשל אַזאַ פראַזע, וואָס פּאַסט כּלל נישט פאַר אַן ענטפער אַ גאַסן-שרייבער: „שוין 20 יאָר, אַז יידן מיען זיך מיט אַלע קרעפטן נעענטער ווערן צו קריסטן, אָבער ווי אַזוי באַגייט מען זיך מיט זיי דאָרט? וויפיל דינים זיינע האָט שוין דער ייד מקריב געווען, אום זיך צופּאַסן צו אייך, און איר ווייזט אים נאָך אַלץ דעם רוקן!" אין אַזוינע פראַזן הערט זיך אַ קלאָגעדיקע נאָטע פון אויסגעשעפּטער ליבשאַפט, אַ טרויערדיקער ווידער-קול פון אַ צייט, ווען די יידישע געזעלשאַפט אין דייטשלאַנד האָט זיך אַזוי פיל געמיט צו פאַרווישן איר נאַציאָנאַלן טיפּ צוליב דייטשער בירגערלעכקייט, און ס׳האָט נישט געהאָלפן.

## § 31. דער קולטור־קריזיס: רעוואָלוציע אין די זיטן, שמד־עפּידעמיע

חוץ דעם דרוק פון דרויסן האָט נאָך דאָס דייטשע יידנטום איבער־געלעבט אַ שטאַרקן אינעווייניקסטן קריזיס אין לעבן און אין קולטור, כּמעט אַ נאַציאָנאַלן צעפאַל. דער קריזיס האָט תּחילת אָנגערירט נאָר דעם אויבן-אָן אין דער יידישער געזעלשאַפט, אָבער ביסלעכווייז האָט ער דער־לאַנגט ווייטער ביז אַראָפּ צו דער מאַסע. דאָס האָט זיך גענומען פון דעם אַלגעמיינעם קולטור-איבערקער, וואָס דייטשלאַנד האָט דעמאָלט דורכ־געמאַכט. וואָרום נישט געקוקט, וואָס יידן זענען געווען מיט גוואַלד דער־ווייטערט פונם פּאָליטישן לעבן, האָבן זיי דאָך געצויגן צו דייטשער גייסטי־

קער קולטור, פון איר באַאיינפלוסט געוואָרן און אַליין געווירקט אויף איר.

דאָס איז געווען אַ צייט, ווען אויפקלערונג און הומאַניזם פון לעסינג-מענדעלסאָנס תקופה האָבן אָפּגעטראָטן זייער אָרט געטע-שילערס קלאַסישן ראָמאַנטיזם און זיין דעקאַדענטישער פאַרצווייגונג — שלעגעלס און שלייער-מאַכערס מיסטישן ראָמאַנטיזם. פון דעם גריכישן שיינקייטס-קולט, וואָס דער ווייִמאַרער „גרויסער געצנדינער" האָט ווידער-באַשאַפן, איז געוואָרן אַ קולט פון תאווה, אַ „פרייהייט פון ליידנשאַפט". די זעלבע יאָרן זעען מיר אין פּאַריז פלאַקערן אַ פּאָליטישע רעוואָלוציע און אין דייטשלאַנד — אַ מאָראַלישע. דער באַרימטער ראָמאַנטיקער זשאַן-פּאָל ריכטער, וואָס האָט יענע צייט באַזוכט בערלין, שרייבט פון דאָרט: „דאָ איז אַלצדינג רעוואָלוציאָנעריש (אין דער פאַמיליע און געזעלשאַפט), און דער נאָמען ווייב האָט דאָ קיין ווערט נישט. ס'זעט אויס, אַז דאָ אין אונזער וועלטל קומט פאַר אַ וויכטיקערע און גייסטיקערע רעוואָלוציע, איידער אין פּאַריז, זי מאַכט אָן אַ חורבן נישט ווייניקער פאַר יענער". אין דער מיט פון דער דאָזיקער זיטן-רעוואָלוציע זעען מיר דעם אויבן-אָן פון דער בערלינער יידישער געזעלשאַפט, דערהויפּט פרויען.

בערלינער יידישע געבילדעטע קרייזן, וואָס נאָך צו מענדעלסאָנס צייט זענען זיי נאָענט געוואָרן צו די קריסטלעכע קרייזן, האָבן זיך אַרויסגעשטעלט זייער פייִנפּיליק פאַר נייע ליטעראַרישע שטרעמונגען. די ליטעראַטור פון דער „שטורם-און-דראַנג"-תקופה האָט פאַרשיכּורט, האָט בלינד געמאַכט פאַר דער ווירקלעכקייט. אַ זודיקער שטראָם סענטימענטאַליזם און ראָמאַנטיק האָט זיך אַריינגעריסן אין די שטילע שטרענגע יידישע פאַמיליעס, געטעס ראָמאַן „ווערטער", וואָס האָט אויפגערודערט אַזוי פיל פרויען-הערצער, האָט אָנגעמאַכט אַ שטורעם אין די הערצער ביי געבילדעטע יידישע מיידלעך און יונגע פרויען, וואָס האָבן זיך אָנגעלייענט ראָמאַנען און האָבן נישט געקאָנט מער איבערטראָגן די שטרענגע יידישע זיטן. אין די סאַלאָנען ביי בערלינער יידישע דאַמען, אין די אינטימע „לייען-געזעלשאַפטן" פלעגט מען באַהאַנדלען אַלע ליטעראַרישע נייסן, יעדער נייע ווערק פון געטען, שילערן און דעסגלייכן. שילערס קאָרעספּאָנדענט שרייבט אים אין יאָר 1797: „אויף דעם נייעם מוזן-אַלמאַנאַך קוקט מען דאָ אַרויס מיט מער געשפּאַנטקייט, איידער וואו עס איז. אין בערלינער געבילדעטע יידישע קרייזן, די איינציקע קרייזן, וואו מ'רעדט אייגנטלעך פון ליטעראַטור, זאָגט מען זיכער, אַז איר און געטע באַווייזט זיך אין דעם אַלמאַנאַך גאָר מיט אַ נייעם זשאַנר לידער". שלייערמאַכער שרייבט פון בערלין צו זיין שוועסטער (1798): „ס'איז גאר פּשוט וואָס יונגע געלערנטע און עלעגאַנטע

מענער זענען דאָ אָפּטע געסט אין אָנגעזעענע יידישע הייזער. ווער ס׳וויל נאָר געניסן אַ פיינע געזעלשאַפט מיט פרייע מאַנירן, זעט אָנגענומען צו ווערן אין אַזוינע הייזער, דאָרט נעמט מען אויף זייער גערן מענטשן מיט טאַלענט".

דער אָנגעזעענסטער צווישן די בערלינער סאַלאָנען האָט געהערט העענריעטע הערץ, אַ באַרימטער יידישער שיינהייט (1847–1764). אַ טאָכטער פון אַ האַמבורגער דאָקטאָר פון די ספרדים דע־לעמאָס, האָט זי באַקומען אַן עסטעטישע ערציאונג, ווי אַלע יידישע טעכטער אינם געביל־דעטן קלאַס. די קענטניש פון אייראָפּעאישע שפּראַכן, אָנגעלייענטקייט אין דער נייער בעלעטריסטיק, דערצו נאָך אַ זעלטענע שיינקייט — דאָס איז גענוג געווען, זי זאָל אויסנעמען ביי דער געזעלשאַפט. זייער יונג, צו 16 יאָר, האָט זי חתונה געהאַט פאַר דעם פּאָפּולערן דאָקטאָר און פילאָזאָף מאַרקוס הערץ, מענדעלסאָנס און קאַנטס אַ תלמיד, וואָס איז געווען דאָפּלט עלטער פאַר איר. דאָס גאַסטפריינטלעך הויז פון די הערץ אין בערלין איז אין די 80־ער יאָרן געוואָרן אַ מיטל־פּונקט פאַר דאָרטיקער גייסטיקער אַריסטאָקראַטיע. דאָ זענען געווען פאַרטראָטן צוויי שטרעמונגען: לעסינג־מענדעלסאָנס הומאַניזם (ניקאָלאַי, דאָם, ראַמלער, טעלער) און די נייע־מאָדישע ראָמאַנטיק (שליירמאַכער, פרידריך שלעגעל, שאַמיסאָ). דאָקטאָר הערץ האָט געהערט צו דער ערשטער ריכטונג, זיין יונגע פרוי — צו דער אַנדערער. דער מאַן דער פילאָזאָף און די ראָמאַנטיש געשטימטע קאָקעטע פרוי האָבן זיך זייער ווייניק אָנגעהערט. די יונגע פרוי, וואָס האָט געהאַט אַרום זיך אַזוי פיל פאַרערער, האָט דעריבער געצויגן צו אַ אינטימערן קרייז. פון דער פאַרשיידנאַרטיקער געזעלשאַפט אין איר סאַלאָן האָט זיך אויסגעבילדעט אַזאַ קרייזל, יוגנט פון ביידע געשלעכטער, מיט דעם נאָמען „טוגענד־בונד". אין צענטער פון דעם בונד איז געווען, חוץ העענריעטען, נאָך אַ יונגע פרוי, וואָס איז אויך אומצופרידן געווען מיט איר פאַמיליען־לעבן. דאָס איז געווען די קלוגע, טאַלענטפולע דאָראָטייע מענדעלסאָן (1839–1763), דעם באַרימטן מענדעלסאָנס אַ טאָכטער און באַנקיר פייטס אַ פרוי. צו דעם קרייז האָבן נאָך געהערט די ברידער הומבאָלט אין זייערע יונגע יאָרן: דער קינפטיקער פּאָליטיקער ווילהעלם און דער נאַטור־פאָרשער אַלכסנדר. אָבער דאָ האָבן זיך אַרומגעדרייט חשודיקע מענטשעלעך אויך, אַזוינע, ווי דער לאָוועלאַס גענץ, דער קינפטיקער אַגענט פון מע־טערניכס רעאַקציע. די בונד־גענאָסן זענען געווען זייער היימיש צווישן זיך, האָבן זיך געזאָגט „דו" און האָבן געהאַט פאַר זייער געהיימער קאָרעס־פּאָנדענץ אַ ספּעציעלן שיפר; אַ שטיק צייט איז דאָס געווען דער יידישער אַלף־בית, וואָס העענריעטע הערץ האָט אויסגעלערנט דעם פאַרליבטן ווילהעלם

הומבאָלט. געוויינלעכע „מעשים טובים" איז אין דעם „טוגענד-בונד" געווען קנאַפּ: ס'איז נאָך אָפּגעפרעגט, צי האָבן זיינע מיטגלידער שטרענג געהאַלטן דעם פּונקט פון זייער קאָדעקס, וואָס ערלויבט נאָר גייסטיקע ליבע צווישן מאַן און פרוי. דאָס איז געווען אַ מין שול פאַרן „פּראַקטישן ראָמאַנטיזם", אַ שפּיגל-בילד פונם ליטעראַרישן. נישט צופעליק זענען ביידע נביאים פון דער ראָמאַנטיק, שלייערמאַכער און שלעגעל, אין גיכן אַריין אין דער מיט פון דעם „טוגענד-בונד" און האָבן געשפּילט אַ טראַגישע ראָלע אין לעבן פון ביידע הויפּט-פיגורן פון „בונד", הענריעטע הערץ און דאָראָטייע מענדעלסאָן-פייט.

פון אַלע העריעטע הערצס ראָמאַנען האָט לענגער געהאַלטן איר ראָמאַן מיט שלייערמאַכערן, אַ פּרעדיקער ביי דער קירך Charité אין בערלין פון יאָר 1796 אָן. אַן אָפּטער אַריינגייער צו די הערצס און זייער הויז-פריינט, האָט שלייערמאַכער געוואונען הענריעטעס האַרץ מיט זיין לערע — אַ געמיש פון קריסטלעכער ראָמאַנטיק און „פרייער ליבע". אין בערלין האָט מען אַ סך גערעדט וועגן דער נאָענטשאַפט פון דעם יונגן פּרעדיקער און דער יידישער שיינהייט; ס'איז געווען באַקאַנט אַ קאַריקאַטור, אויף וועלכער דער קליינגעוויקסיקער און מאָגערער שלייערמאַכער שפּאַצירט געאָרעמט מיט דער הויכער, דיקער העריעטען, און שטעקט ביי איר אַרויס עפּעס ווי פון דער קעשענע. ביידע האָבן אָבער געזיכערט, אַז צווישן זיי איז נישט מער ווי די ריינע פריינטשאַפט. דער ראָמאַן האָט זיך איבערגעריסן אין יאָר 1804, ווען מאַרקוס הערץ איז געשטאָרבן, זיין סאַלאָן האָט זיך פאַרמאַכט, און די אלמנה אָן קינדער איז געבליבן ביי אַ קליינער הכנסה פון ירושה. העריעטע הערץ האָט זיך געהאַלטן אין די דייטשע אַריס-טאָקראַטישע קרייזן, אָבער איז נאָך געבליבן ביי דער יידישער אמונה. מ'האָט איר געהאַט פאָרגעלייגט אַ שטעל פון אַ לערערין ביי דער פּרייסי-שער פּרינצעסין שאַרלאָטע (די קינפטיקע רוסישע קיסרין, ניקאָלאַי I פרוי), נאָר בתנאי, זי זאָל זיך טויפן; זי האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט: זי האָט נישט געוואָלט מיט איר שמד קרענקען איר אַלטע מוטער. ווי נאָר די מוטער איז געשטאָרבן, האָט זיך העריעטע געטויפט, געוואָרן אַ לוטעראַנערין (1817), און דערביי איז זי געבליבן ביזן טויט. מיט יידן האָט זי זיך שוין לאַנג איינגעטלעך נישט אָנגעקערט: די יידישע אידעאַלן און אינטערעסן זענען איר געווען פרעמד, דאָס יידישע פאָלק איז ביי איר אין די אויגן געווען אַ „מת", אַ „מומיע", אַזוי ווי ביי איר פריינט שלייערמאַכערן. זי האָט זיך איינגעגלויבט אין שלייערמאַכערס דייטשיש-קריסטלעכע אידעאַלן, ווי ווייט אַ סאַלאָן-דאַמע האָט זיי געקאָנט פאַרשטיין; זי האָט אויך געהאַלטן, אַזוי ווי שלייערמאַכער, אַז אַ ייד קאָן נישט זיין קיין דייטשער בירגער, אויב ער

חערט נישט קיין קריסט. אַזוי האָט מען זיך אָפּגעוואָרפן פון נאַציאָנאַל־אייגנס אין דער פאַמיליע ביי אַ אָנגעזעענעם גרינדער פון דער השכּלה, משה מענדעלסאָנס אַ חבר.

ראָמאַנטישער צויבער און אַסימילאַציע־גיפט האָבן געבראַכט אַ חורבן אין מענדעלסאָנס פאַמיליע אויך. טראַגישער פאַר אַנדערע האָט פּאַסירט מיט זיין עלטסטער טאָכטער, מיט דער גייסטרייכער דאָראָטייע. זי האָט זיך געפילט אומגליקלעך מיט איר מאַן, שמעון פייט, אַ בערלינער באַנקיר, און צו 32 יאָר, שוין אַ מוטער פון צוויי קינדער, איז זי זיך צונויפגעגאַנגען מיט דעם פלאַמפייערדיקן ראָמאַנטיקער פרידריך שלעגעל, וואָס זי האָט זיך מיט אים געטראָפן ביי איר פריינדין הענריעטע הערץ אין הויז. שלעגעל, נאָך דעמאָלט זייער יונג (25 יאָר אַלט), איז שוין באַרימט געווען אין ליטע־ראַרישע קרייזן אַלס איינער, וואָס זוכט נייע וועגן אין פּאָעזיע, אַ „שייגעץ", וואָס האָט אין זיין קריטיק אָנגעריירט שילערן אַליין. דער ריטער פון דייטשער ראָמאַנטיק און די טאָכטער פון אַ יידישן דענקער זענען געוואָרן אינטים נאָענט, זיי האָבן דאָס גאָר נישט געוואָלט לייקענען. דאָראָטייע האָט פאַרלאָזן איר מאַנס הויז און האָט זיך באַזעצט אין איין דירה מיט שלעגעלן, אין בערלין גופא. מיט הענריעטע הערצס הילף האָט זי געקריגן אַ גט פונם מאַן. פייט האָט באַוויזן אַזוי פיל האַרץ, אַז ער האָט אַפילו אָפּ־געלאָזט די קינדער צו דער מוטער און האָט זיי אַלע באַזאָרגט מיט פּענסיע. אינגיכן איז אין דער ליטעראַרישער וועלט געשען אַ סקאַנדאַל: ס'איז אַרויס שלעגעלס ראָמאַן „לוצינדע" (1799), אַ מין עוואַנגעליום פון עראָטיזם און צעלאָזטער זינלעכקייט; דער מחבר האָט זיך נישט געשעמט אויפדעקן פאַר דער וועלט די אינטימסטע פּרטים פון זיין פאַמיליע־לעבן. דאָס איז געווען אַ לויב־געזאַנג פאַר ראַפינירטע גלוסטיקייטן, ליידיק־גייען און „ברענען דאָס לעבן", דערצו נאָך קינסטלעריש שלעכט באַאַרבעט; די קריטיק האָט דאָס זייער שלעכט אויפגענומען. אויסגענומען האָט דער ראָמאַן נאָר ביי געציילטע מענטשן, צווישן זיי אויך ביי שלייערמאַכערן, וואָס האָט אָפּ־געדרוקט אַנאָנים „בריוו וועגן לוצינדע" באַיצוּשטיין זיין פריינטס ראָמאַן. אין יאָר 1801 האָט דאָראָטייע אַרויסגעלאָזט איר ראָמאַן אויך, מיט דעם נאָמען „פלאָרענטין"; לויט דער שטימונג נאָענט צו „לוצינדע", האָט ער אָבער נישט אַזוי באַליידיקט דאָס מאָראַלישע געפיל און דעם עסטעטישן געשמאַק. די שלעגעלס האָבן געפירט אַ וואַנדער־לעבן; מ'האָט זיי געקאָנט זען אין בערלין, יענאַ, דרעזדען, לייפּציג, קעלן און פּאַריז; זיי זענען געווען דערווייטערט פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט און האָבן געליטן נויט. אין יאָר 1804 האָט זיך דאָראָטייע געטויפט, געוואָרן אַ לוטעראַנערין און האָט פאָרמעל חתונה געהאַט פאַר שלעגעלן. אין עטלעכע יאָר אַרום האָט די

ראָמאַנטיק פון „צוריק צום מיטלאַלטער" געבראַכט די פּאָר צו ווערן קאַטוילן. צו דער צייט האָבן זיי זיך באַזעצט אין ווין (1808), וואו שלעגל האָט באַקומען אַ שטעל אין דער עסטרייכישער הויף־קאַנצעלאַריע. דאָראָטייע האָט דאָרט פאַרבראַכט כּמעט דאָס גאַנצע איבעריקע לעבן, אָפּפאָרנדיק נאָר פון צייט צו צייט קיין דייטשלאַנד און קיין איטאַליע זעען זיך מיט די זין, די קינסטלער פייט, וואָס זענען שוין אויך געווען געטויפט. געשטאָרבן איז זי אין יאָר 1839 אין פראַנקפורט ביים מיין, געהאַט איבערגעלעבט איר מאַן מיט 10 יאָר. איר יינגערע שוועסטער, הענריעטע מענדעלסאָן, וואָס איז געבליבן אַ מיידל און איז געווען אַ לערערין, האָט אָנגענומען די קאַטוילישע אמונה. משה מענדעלסאָנס עלטערער זון, יוסף, אַ באַנקיר, איז געבליבן אַ ייד (געשטאָרבן אין יאָר 1848); אָבער דער צווייטער זון, אברהם, און אַלע אייניקלעך מענדעלסאָנס האָבן זיך אויסגעשמדט. דער באַרימטער קאָמפּאָזיטאָר פעליקס מענדעלסאָן־באַרטאָלדי איז געווען אברהמס אַ זון, וואָס האָט זיך געטויפט מיט זיין גאַנצער פאַמיליע.

אַזוי איז באַשערט געווען, אַז דער גאַנצער דור פון דעם השכּלה־באַשעפער, זאָל אָפּפאַלן פון יידנטום. ביי דער ערשטער דערנענטערונג צו דער דייטשער קולטור האָט די געבילדעטע יידישע געזעלשאַפט נישט אויסגעהאַלטן און איז אַנטלאָפן פון איר פאָלק. אָנגעהויבן האָבן פרויען: לויט דער ערציאונג זענען זיי נאָך ווייניקער פאַר מאַנסבילן געווען פאַרבונדן מיט דער קולטור און מיט די טראַדיציעס פון זייער פאָלק, אויף זיי האָט אויך שטאַרקער געווירקט דער כּשוף פון ראָמאַנטיזם. צו די צוויי נעמען: הענריעטע הערץ און דאָראָטייע מענדעלסאָן דאַרף נאָך דערמאָנט ווערן אַ דריטער נאָמען פון אַ גייסטרייכער פרוי, וואָס די דייטשע קולטור האָט זי אויסגעריסן ביי דער יידישער. ר ח ל ל ע ו ו י ן (1771-1833), אַ בערלינער גאָלדשמידס אַ טאָכטער, האָט אַ סך טיפער און פאַרשטאַנדיקער איבערגענומען די אידעאָלאָגיע פון דער „שטורם־און־דראַנג" תּקופה, איידער אירע פריינדינס. זי איז געווען נאָענט באַקאַנט מיט געטען, זיין אינדיווידו־אַליסטישער וועלט־קוק האָט אויף איר געהאַט די פולע שליטה, און זיינע ווערק האָט זי פאַרשטאַנען ווי ווייניק אין דייטשלאַנד. נישט מיט איר באַשיידן, נישטיק אויסזען האָט זי אויסגענומען, נאָר מיט איר שאַרפן, טיפן, כּמעט מאַנסבילשן שכל; דאָס האָט צו איר געצויגן די געבילדעטע דייטשע געזעלשאַפט. אין איר „סאַלאָן־מאַנסאַרדע", אַן אויבער־שטיבל ביי איר פאָטער אין הויז אין בערלין, זענען אויסגעוועזן אַסך דייטשע שרייבער, פּאָליטיקער און אָנגעקומענע באַרימטהייטן (אַ שטייגער — מאַדאַם סטאַל). רחל אַליין האָט געשריבן ווייניק, זי האָט אָבער פאַרמאָגט אַ זעלטענע פעאיקייט צו באַ־גייסטערן יענעם צו שאַפן און אויסצובילדן טאַלענטן אין דעם קרייז, וואָס

האָט זיך געפונען אונטער איר השפעה. שפּעט שוין, נאָך עטלעכע ליבעס-
עפּיזאָדן, האָט זי חתונה געהאַט פאַר איר פּריינט, דעם פּרייסישן דיפּלאָמאַט
און שרייבער וואַרנהאַגען פאָן-ענזע, און האָט זיך געטויפט (1814).
וואָס האָט זי זיך אָנגעקערט מיט יידן? און דאָך פלעגט איר די דאָזיקע
אָפּגעריסנקייט אַמאָל ברענגען צו טרויעריקע געדאַנקען: „מיר ווייזט זיך
אויס, — שרייבט זי — אַז בעת איך בין אויף דער וועלט געקומען, האָט
עפּעס אַן איבערנאַטירלעכער ווזן אַריינגעשטעקט מיר אין האַרצן אַזוינע
ווערטער: האָב אַ שאַרף געפיל, זע צו די וועלט, ווי ווייניק זיינען ז'אָס
פּעאיק צוצוזען, זיי גרויס און איידל און אייביק פאַרטראַכט! מ'האָט אָבער
פאַרגעסן צוגעבן: זיי אַ יידיש קינד! איבער דעם גיי איך אָפּ מיט בלוט
מיין לעבן לאַנג". מ'דאַרף אָבער זאָגן, אַז אין רחלס לעבן האָט זיך זייער
קנאַפּ געפילט דער דאָזיקער קרענקלעכער געפיל פון אָפּגעריסנקייט און גייס-
טיקער צעשפּאָלטנקייט: ביזן סוף האָט זי געלעבט מיט דייטשע פרייד און
לייד, מיט דייטשער פּאַטריאָטישער זאָרג בעת די מלחמות מיט נאַפּאָלעאָנען,
אָבער מער פאַר אַלץ — מיט דייטשער ליטעראַטור, וואָס אירע בעסטע
מייסטער האָט זי געהאַט ביי זיך אין סאַלאָן. ערשט אויפן טויטן בעט האָט
זיך רחל דערמאָנט אָן איר פאָלק; אין אַ ציִשטאַנד פון עקסטאַז האָבן זיך
ביי איר אַרויסגעכאַפּט אַזוינע ווערטער: „מיט אַנציקונג דערמאָן איך מיין
אָפּשטאַם, די קייט פון געשיכטע, וואָס ציט זיך איבער צייטן און לענדער
און פאַרקניפּט די ווייטסטע זכרונות פון דער מענטשהייט מיט די מעשים
פון אונזערע טעג. איך, די אַנטלאָפענע פון מצרים, ווייל דאָ און געפין
סימפּאַטיע. דאָס, וואָס האָט מיר אַלע יאָרן אויסגעזען ווי די גרעסטע שאַנד,
וואָלט איך איצט נישט אָפּגעגעבן פאַר קיין פּרייז".

זאָל דאָס זיין אַ פאַרשפּעטיקטע חרטה פון אַן אויפגעוועקטן גייסט?
שווער צו גלויבן! רחל איז געווען אַ געטרייע צוהערערין ביי די דייטשע
ליטעראַרישע נביאים. איר איז אָבער פרעמד געווען דער גייסט פון די
אוראַלטע יידישע נביאים. די גאַנצע סביבה, וואָס רחל און נאָך אַזוינע
„נייע מענטשן" האָבן פון דאָרטן געצויגן די יניקה, האָט געהאַט אַ ווידער-
געפיל קעגן יידן און יידישע גייסטיקע הייליקייטן. געטע, וואָס האָט
אויפגעלעבט דעם גריכישן עסטעטיזם, איז לויט זיין עצם וועלט-קוק געווען
פיינטלעך קעגן עטישן יודאַאיזם. נישט אומזיסט האָט ער פון דער אידעע-
לער געזעלשאַפט פון „שיינע גייסטער" (אין „ווילהעלם מייסטער") אויסגע-
שלאָסן יידן, וואָס זיי „לייקענען אין עצם די קוואַל פון אונזער העכסטער
קולטור". געטע, דער פּאָליטישער קאָנסערוואַטאָר, איז געווען אַן איבער-
צייגטער קעגנער פון יידישער בירגערלעכער עמאַנסיפּאַציע. אויף דער
יידנפראַגע האָט ער געקוקט מיט די אייגענע אויגן, וואס זיינע לאַנדסלייט

פראַנקפורטער פּאַטריציער, וואָס האָבן שענדלעך געקעמפט קעגן עמאַנסיפּאַציע (זע ווייטער § 33). נאָך אַ זייל פון דעמאָלטיקער ליטעראַטור, דער פילאָזאָף-נאַציאָנאַליסט פיכטע האָט געפּרעדיקט אויסגעשפּראָכענע קולטור-רעלע שנאה צו יידן (אין זיין בוך וועגן דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, 1793). יידן זענען, לויט זיין מיינונג, „אַ פיינטלעכע מלוכה, וואָס קעמפט שטענדיק מיט אַלע איבעריקע מלוכות". ס'איז געפערלעך צו געבן בירגער-רעכט אַזוינע מענטשן, וואָס „זייערע מאָראַלישע געזעצן זענען אונז פרעמד". „נישטאָ קיין בעסער מיטל פאַרהיטן זיך פאַר יידן, ווי איינגעמען ארץ-ישראל און זיי אַלע פאַרשיקן אַהין". מיר האָבן שוין געזען, אַז אַזוי האָט געהאַלטן פון יידן שלייערמאַכער אויך, דער האַרץ-פריינט און דער נשמה-פאַרזאָרגער ביי שיינע יידישע דאַמען. די נייע יידישע אינטעליגענץ איז געווען אָנגעזאַפּט מיט די אידעאַלן פון די אַלע צייט-גייסטער און האָט ביי זיי איבערגענומען די פאַראַכטונג צום אייגענעם פאָלק. פאַר אַסך אַזוינע איז זייער אָפּשטאַם געווען „די גרעסטע שאַנד" זייערע אַזוי ווי מיר האָבן דאָס געזען ביי רחל לעווין.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ שמד-עפּידעמיע. קומענדיק פון אויבן-אָן, איז זי ביסלעכווייז אַראָפּ צו די מיטעלע און נידעריקע שיכטן. מ'האָט זיך געטויפט פאַר „ליבשאַפט צו דייטשער קולטור", פאַר אַ קריסטלעכן חתן אָדער אַ כלה, פאַר מאַכן אַ לעבן, פאַר פּטור ווערן פון יידישער רעכטלאָזיקייט אָדער פון אַ אומבאַקוועמער אפּוטרופּסות. פּראָווינציעלע יונגע-לייט און מיידלעך אין בערלין, פריי פון עלטערנס השגחה, פלעגן דאָ לעבן אַ גוטן טאָג. טאָמער האָבן די פירער פון דער יידישער קהילה אַרויפגעלייגט אַ שטראָף אויף די אויסברענגער (זיי האָבן דאָס געמעגט טאָן לויטן געזעץ), פלעגן די „פריידענקער" שרעקן, אַז זיי וועלן זיך טויפן; אָפּט פלעגן זיי עס מקיים זיין אויך און דערמיט פּטור ווערן פון דער קהילהס אפּוטרופּסות. צוזעענדיק די אומגעהייערע שמד-פאַרפּלייצונג, האָט די בערלינער קהילה געפּועלט ביי דער מאַכט, אַז קינדער און דינער זאָלן זיך נישט טאָרן טויפן אָן די עלטערנס אָדער בעלי-בתימס ווילן, און פרעמד-שטעטיקע משומדים זאָל מען אַרויסשיקן אַהיים. מער איידער אומעטום האָט די שמד-עפּידעמיע געווילדעוועט אין בערלין; פון דאָרטן איז די „מאָדע" אַריבער אין אַנדערע יידישע קהילות, קעניגסבערג און ברעסלוי. לסוף האָט זיך די פּרייסישע רעגירונג אַרומגעקוקט, אַז די קירך ווערט מיטאַמאָל צו פיל רייך מיט חשודע גרים, און זי האָט איינגעשטעלט אַ קאָנטראָל. אין יאָר 1810 איז אַרויס אַ קעניגלעכער באַפעל, פאַסטאָרן זאָלן נישט שמדן קיין יידן אָן אַ שריפטלעכן שייַי פון פּאָליציי, אַז דער טויף-קאַנדידאַט מיינט דאָס ערלעך.

מיט אַ ביטער געפיל האָט געקוקט אויף דער שמד-עפּידעמיע דער טייל יידישער געזעלשאַפט פון פרידלענדערס שניט, וואָס האָט געשטרעבט צו אַסימילאַציע, וואָס האָט שוין געהאַלטן ביי דער שוועל פון דער קירך, האָט אָבער די שוועל נישט געקאָנט אַריבערטרעטן. אליעזר בן-דוד (בענדאַוויד, 1762—1832), מענדעלסאָנס אַ תּלמיד און דירעקטאָר פון דער יידישער „פרייער שול" אין בערלין, האָט געמיינט איינזען, אַז די סיבה פון דער מאַסן-אַפּטריניקייט שטעקט אין די פאַרעלטערטע פאָרמען פון יידישקייט, וואָס מוזן באַנייט ווערן. ער זאָגט: „מ'קאָן נישט אויפוואַרפן די משומדים, וואָס די לעבעדיקע פריילעכע קירך איז זיי ליבער פאַר דער עלנטער לאַנגווייליקער סינאַגאָגע" (1800). דער דאָזיקער בשורה-זאָגער פון די רעפאָרמיסטן האָט זיך בכלל נישט גענאַרט אין זיין דור. אין זיין בוך „צו דער כאַראַקטעריסטיק פון יידן" (1793, די צווייטע אויסגאַבע 1813) טיילט ער דאָס פאָלק אויף 4 טיילן: א) אָרטאָדאָקסן, פאַרגליווערט אין מצוות, מייסטנס הויך-מאָראַלישע מענטשן, אַ מין, וואָס גייט אויס, ווייל אונטערגעבן זיך דעם צייט-גייסט קאָן ער נישט. ב) צעלאָזטע יונגען, מייסטנס גבירישע קינדער, קלערן נאָר פון זייערע תאוות, שפּייען אויף יעדן מאָראַל-געבאָט, שמדן זיך גערן, אָבער קריסטן פאַראַכטן זיי. ג) האַלבגעבילדעטע, פאַרשטייען עפּעס, אַז דער אַלטער שטייגער טויג נישט; די אָרטאָדאָקסן האָבן זיי דערום נישט ליב. ד) געבילדעטע, וואָס זעגנען אַזוי ווייט פון דער אַלטער יידישקייט, ווי פון דעם ניימאָדישן אומגלויבן. דער דאָזיקער פערטער גרופּע איז אָנגעצייכנט צו רעפאָרמירן יידישקייט דורך דעם, וואָס זי וועט צוריק אויפשטעלן משה רבינוס „אמונה צרופה" (ריינע רעליגיע) און וועט באַזייטיקן אַלטע היסטאָרישע „אויסוואוקסן". בענדאַוויד, אַ סאָלידער פילאָזאָף פון קאַנטס שול (אים געהערן אייניקע טראַקטאַטן וועגן גנאָסעאָלאָגיע), איז דאָך געווען אַ שלעכטער היסטאָריקער: די גאַנצע יידישע געשיכטע פון די לעצטע 17 הונדערט יאָר זעט ביי אים אויס „פאַרצויגן מיט אַ געדיכטער שטאָק-פינסטערניש", די גאַנצע עוואָלוציע פון יידישקייט איז ביי אים אין די אויגן נישט מער ווי אַ ווילדער פּראָצעס פון אָנהייפן מנהגים און אָבערגלויבנס. דער געדאַנק, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ לעבעדיקער נאַציע, מיט אַן אַנטוויקלונג פון סאָציאַלע און גייסטיקע פאָרמען — דער געדאַנק איז אים אַזוי פרעמד ווי אַלע צוגעשפּיצטע ראַציאָנאַליסטן בכלל.

אין די מיטעלע יידישע קרייזן האָט מען זיך אָנגעשמעקט מיט האַלבבילדונג, איבערפלעכקייט, מיט פרייהייט פון הפקרות. בלינד צעשטערן אַלע יידישע היסטאָרישע שטיצן — האָט דאָ געהייסן אַזוי גוט ווי באַווייזן העלדנטום, ווי אַ סימן פון אַ גוטער געזעלשאַפט. „בערלינער מאָדע" האָט

דאָ געהערשט אין אידייען אַזוי גוט ווי אין קליידונג. פריידענקעריי איז דאָ נעווען אַ פּאָר צו דער לעצטער שרייעדיקער מאָדע. צו נישטיק זענען גע־ווען מענדעלסאָנס נאָכקומער, זיי זאָלן זיך אָקעגנשטעלן דער דעמאָראַלי־זאַציע, וואָס האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן. קוים האָט ביי זיי געקלעקט קרעפטן צו גרינדן אין בערלין און אין קעניגסבערג אַ יוגנט־בונד מיט דעם נאָמען „געזעלשאַפט פון פריינט״, כדי צו פּאַראייניקן די מעסיקע עלטע־מענטן אין דער יידישער געזעלשאַפט אַרום דעם „השכלה״־אידעאַל (1792). יוסף, משה מענדעלסאָנס עלטערער זון, און יצחק אייכל, מענדעלסאָנס אַ תלמיד, וואָס האָט אָנגעשריבן זיין לערערס ביאָגראַפיע, זענען געווען די פירער פון דער געזעלשאַפט. דער דעוויז איז דאָ געווען מענדעלסאָנס גע־באָט: „דעם אמת זוכן, די שיינקייט ליבן, גוט זיין צו יענעם, דאָס בעסטע טאָן״. די געזעלשאַפט האָט נישט געהאַלטן נישט פון דער אָרטאָדאָקסיע, נישט פון שמד, קיין אייגענעם מיטלוועג האָט זי אָבער אויך נישט געהאַט אָנצוווייזן. איין איינציקע רעפאָרם האָט זי דורכגעפירט: זי האָט אָפּגע־שאַפט דעם מנהג באַגראָבן מתים דעם אייגענעם טאָג. די געזעלשאַפט איז דערהויפּט געווען אַ מין חברה פאַר מאַטעריעלער קעגנזייטיקער הילף צווישן אירע מיטגלידער, אייגנטלעך אַ קלוב, וואָס איז אָפּגעווען עטלעכע צענדליק יאָר און האָט אין יידישן גייסטיקן לעבן גאָר נישט מיטגעבראַכט. צו גרויס איז געווען דער חורבן אין דער יידישער נשמה ביי יענעם איבערגאַנגס־דור, אַז ס'זאָל קאָנען דערגרייכט ווערן עפּעס פּאָזיטיוס; צו שוואַך זענען געווען די שאַפנדיקע קרעפטן אין אַ צייט פון דורכאויס צעשטערן. די שאַפונגס־אַרבעט פון יידישן גייסט וועט זיך אָנהויבן ערשט שפּעטער, נאָך דעם שווערן קריזיס.

## § 32. רעפאָרמעס אין פּרייסן, דער עדיקט פון יאָר 1812.

דער יידישער צעפאַל אין פּרייסן איז געקומען פון דעם קאָנטראַסט צווישן דעם בירגערלעכן און קולטורעלן יידישן צושטאַנד: בעת יידן זענען מיטאַמאָל איבערגעגאַנגען פון דער אַלטער קולטור צו נייער, זענען זיי נאָך אַלץ געבליבן ביי דער אַלטער בירגערלעכער קנעכטשאַפט. איז אָבער געקומען אַ צייט, ווען פּרייסן גופא איז געשטאַנען אין אַ געפאַר צעפאַלן ווערן — איבער דעם אייגענעם קאָנטראַסט צווישן גייסטיקן וואַקסן און פּאָליטישער אָפּגעשטאַנענקייט. דאָס לאַנד פון אַבסאָלוטיזם, וואו נאָר די ביוראָקראַטיע האָט געמעגט „טרייבן פּאָליטיק״, האָט באַקומען אַ גרויסע מפלה פון נאַפּאָלעאָנען (1806—1807). טילזיטער שלום האָט אויף העלפט

פֿאַרקלענערט פּרייסנס טעריטאָריע (מ'האָט בײַ פּרייסן אָפּגענומען כּמעט אַלע פּוילישע פּראָווינצן, וואָס זענען אַרײַן אין וואַרשעווער הערצאָגטום, און די געגנטן צווישן עלבע און ריין) און האָט דאָס לאַנד אונטערגעוואָרפֿן נאַפּאָלעאָנס ממשלה. דער דערנידעריקטער פּרייסישער קעניג פֿרידריך-ווילהעלם III האָט דעמאָלט אָנגעהויבן קלערן איבערבעטן זיך מיט זײַן אייגן פֿאָלק דורך אינעווייניקסטע רעפֿאָרמעס. צו דעם רעגירונגס-רודער זענען געקומען די ליבעראַלן שטיין און האַרדענבערג און האָבן אָנגעהויבן אַ רעפֿאָרמאַטאָרישע אַרבעט (1807—1812). מ'האָט אָפּגעשאַפֿט פּאַנשטשינע, פֿאַרברייטערט די רעכט פֿון אָרטיקער זעלבסט-פֿאַרוואַלטונג, אָפּגעשוואַכט דעם אַלטן שטאַנדן-און צעכן-רעזשים. דאָ האָט מען זיך דערמאָנט אָן יידן אויך, דעם געפּלאָגטסטן קלאַס אין פּרייסן. אין יאָר 1808, בעת מ'האָט רעפֿאָרמירט די זעלבסט-פֿאַרוואַלטונג, האָט מען יידן געגעבן וואַלרעכט אין די שטאָטראַטן. קוים געדולדעטע „שוץ-יידן" זענען מיטאַמאָל געוואָרן שטעטישע בירגער. יידן האָט מען אָנגעהויבן צולאָזן צו די מאַגיסטראַטן און סוחרישע גילדיעס. דוד פֿרידלענדער איז געווען אויסגעקליבן אין בערלינער שטאָטראַט און האָט מיט אַ קינדערשן שטאָלץ געטראָגן זײַן נײַעם טיטל „שטאַטראַט" (ראַטמאַן).

דערוואַרעמט פֿון דעם נײַעם געזעלשאַפֿטלעכן שטראָם, האָבן בערלינער יידישע טוער מיט דוד פֿרידלענדערן אויבן-אָן אָנגעהויבן נאָכאַמאָל צו אַרבעטן וועגן גלײַכבאַרעכטיקונג. רעגירונגס-קאַנצלעריעס האָבן ווידער גענומען מאַכן רעפֿאָרם-פּראָיעקטן. איין ליבעראַלן פּראָיעקט האָט דערלאַנגט אין יאָר 1808 אַ קעניגסבערגער יוריסט בראַנד, אַן אָנגעזעענער טוער אין דער שטאָט-רעפֿאָרם. בראַנד האָט געפֿאָדערט גלײַכבאַרעכטיקונג פֿאַר יידן, כּדי צו מאַכן אַ סוף מיט זייער נאַציאָנאַלער אָפּגעשלאָסנקייט. ביז איצט — זאָגט ער — איז די יידישע רעליגיע געווען די מניעה פֿאַר גלײַכבאַרעכטיקונג, אַזוי האָבן די קעגנער געטענהט. אָבער אַזאַ קוק לוינט זייער די יידן, וואָרום אין היינטיקע צײַטן פֿון גלויבנס-פֿרײַהייט קאָן מען שוין נישט אָפּנעמען קיין רעכט בײַ מענטשן איבער זייער אמונה; באמת אָבער „איז נישט די אמונה, נאָר די נאַציאָנאַליטעט און דער ווילן צו בלײַבן בײַ דער נאַציאָנאַליטעט — די סיבה וואָס פֿאַרשאַפֿט יידן אומפֿרײַנטשאַפֿט בײַ קריסטן". פֿראַנצויזן זענען זיך מתחתן מיט דײַטשן, יידן אָבער נישט. יידן זענען געבליבן „אַ נאַציע אינמיטן אַ נאַציע" און וועלן אַזוי ווײַטער בלײַבן אַזוי לאַנג, ביז מ'וועט נישט דערלאָזן קיין געמישטע חתונות מיט אומגעטויפֿטע יידן; כּדי אָבער אַזוינס צו דערלאַנגען, דאַרף מען יידן מאַכן פֿאַר בירגער. בראַנדס פּראָיעקט אויסצוראָטן יידישע אָפּגעשלאָסנקייט דורך גלײַכבאַרעכטיקונג האָט געפֿונען אַ שטיץ בײַם קאָנסערוואַטיוון מיניסטער שרעטער, וואָס

בראַנד גופא רופט אים „המן”. דער מיניסטער, וואָס האָט שט־ענג אַכטונג געגעבן, מ׳זאָל היטן די אַלע פונקטן פונם שענדלעכן יידן-רעגלאַמענט, איז געוואָרן אַ ׳שטיצער פון דער גלייכבאַרעכטיקונג, ווי נאָר ער האָט דער-שפירט, אַז עס שמעקט מיט אויסראָטן די יידישע נאַציאָנאַליטעט*). אין זיין באַריכט דעם קריסטלעך-האַרציקן קעניג ווייזט ער אָן, אַז מ׳דאַרף האָבן אַ נייע יידישע „קאָנסטיטוציע”, כדי „אונטערצוגראָבן זייער נאַציאָנאַליטעט”. מ׳דאַרף זיי געבן אַלע בירגער-רעכט, בתנאי, זיי זאָלן דערפילן אַלע ביר-גער-פליכטן. שרעטער האַלט אויך, אַז יידן האָבן שוין „פאַרדינט”, מ׳זאָל זיי צולאָזן צו מיליטער-דינסט; יידן קאָנען צונוץ קומען דער אַרמיי, וואָס דאַרף פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד. דער קעניג האָט זיך אָבער געוואַקלט, דערהויפט וועגן מיליטער-דינסט.

דאָס וואַקלעניש איז געוואָרן אויס ערשט נאָך דעם, ווי אָנשטאָט שרעטערן איז אַרויף דער ליבעראַלער קאַנצלער האַרדענבערג. האַרדענבערג האָט געהאַט אַסך באַקאַנטשאַפט מיט דער געבילדעטער יידישער געזעלשאַפט, האָט ער געשטיצט די נייע השתדלות פון פרידלענדערן און פון דער בער-לינער קהילה, מ׳זאָל יידן געבן בירגער-רעכט, בתנאי, זיי זאָלן נעמען אויף זיך אַלע בירגער-פליכטן, מיליטער-דינסט אויך (1810). צוויי יאָר האָט מען געאַרבעט איבער דעם עמאַנסיפּאַציע-געזעץ; אין דעם האָט אויך מיטגעטאָן ווילהעלם הומבאָלט, דער דירעקטאָר פון דעפּאַרטאַמענט פאַר בילדונג און קולטן, דער אַמאָליקער העלד פון יידישע סאַלאָנען**). לסוף האָט דער קע-

---

*) בראַנד באַשרייבט אַ אינטערעסאַנטן געשפּרעך זיינעם מיט שרעטערן וועגן דער יידנפראַגע. ווען בראַנד האָט אים געזאָגט, אַז ער ווייס ווי אַזוי „צו דערלאַנגען אַ טויט-קלאַפּ נישט יידן, נאָר דעם יידנטום” (אלס נאַציע), האָט אים דער מיניסטער געהייסן אָנשרייבן אַזאַ פּראָיעקט, כדי צו דערלאַנגען דעם קעניג. אַ ליבעראַל און אַ קאָנסערוואַטאָר זענען זיך צונויפגעגאַנגען אין איין פּרט: צ
פאַרניכטן די יידישע נאַציע דורך גלייכבאַרעכטיקונג. זע די אַקטן ביי גייגערן Geschichte
Geschichte der Juden ביי יאָלאָוויטשן און 182, II, der Juden in Berlin
; 118—120 in Königsberg, דער מחבר, אַן אַסימילאַטאָר, פּראָטעסטירט קעגן דעם
„בלבול”, אַז יידן זענען אַ נאַציע.

**) הומבאָלט, דער גרויסער אידעאָלאָג פון ליבעראַליזם, האָט אויך געהאַלטן גלייך מיט אַנדערע, אַז מ׳דאַרף צעשטערן די יידישע נאַציאָנאַלע איינהייט. הומבאָלט האָט נישט געוואָלט ליידן די פונקטן אין פּראָיעקט, וואו ס׳רעדט זיך וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון יידישע קהילות און באַשטימען אַן אויבער-רב פאַר גאַנץ פּרייסן, וואָרום דאָס וועט ברענגען דערצו, אַז יידן זאָלן אינעווייניק שטאַרקער און אייניקער ווערן, בעת מ׳דאַרף שטרעבן „יידן זאָלן צעבראָקלט ווערן און זיך אויסמישן מיט דער גאַנצער נאַציע” (דער דייטשער); ער ראָט אפילו פּראָטעזשירן יידישע סעקטן-מאַכעריי, וואָרום דאָס „וועט אָפּשוואַכן דעם צונויפבונד צווישן יידישע סינאַגאָגעס און קהילות”. זע שטערנבוך (אין דער ביבליאָגראַפיע צום איצטיקן §) ז. 237 א. ח.

ניג אונטערגעשריבן דעם אַקט, וואָס ער איז באַוואוסט מיט דעם נאָמען „עדיקט וועגן דער יידישער בירגערלעכער לאַגע" (דעם 11־טן מערץ 1812).

אין דעם ערשטן פונקט פון עדיקט הייסט, אַז פרייסישע יידן, וואָס האָבן דאָ פריער געלעבט אויף פאַרשיידענע פריווילעגיעס און קאָנצעסיעס, זענען „אינלענדער (היימישע) און פרייסישע שטאַאַטס־(מלוכה)־בירגער". באַגרעגעצן אין וואוינרעכט און באַשעפטיקונג, ספּעציעל יידישע שטייערן און אויסנאַם־געזעצן זענען אָפּגעשאַפט. יידן זאָל מען צולאָזן צו מוניציפּאַל־שטעלעס און צו אַקאַדעמישע אַמטן; די פראַגע וועגן צולאָזן יידן צו מלוכה־שטעלעס בכלל האָט דער קעניג צוגעזאָגט צו פאַרענטפערן „מיט דער צייט". יידן האָבן די אייגענע פליכטן, וואָס אַלע בירגער, אין דעם גייט שוין אַריין מיליטער־דינסט אויך. אין געשעפטלעכע פּאַפּירן מוזן יידן נוצן דייטש אָדער אַן אַנדער „לעבעדיקע שפּראַך", אָבער פאַר קיין פאַל נישט העברעאיש אָדער יידיש. אין דעם לעצטן פונקט איז געזאָגט, אַז יידישע „רעליגיעזע ענינים" און שול־ערציאונג וועלן רעגולירט ווערן שפּעטער, דערצו וועט באַשאַפן ווערן ספּעציעל אַ באַראַטונג מיט אויטאָריטעטע יידישע טוער.

בכן האָט פּרייסן עמאַנסיפּירט אירע יידן — און דאָס איז אויך נישט גאָר — אין 20 יאָר אַרום נאָך דער יידישער עמאַנסיפּאַציע אין פראַנקרייך. די שאַנד פון רעכטלאָזיקייט איז פון יידן אַראָפּגענומען געוואָרן. מ׳קאָן זיך פאָרשטעלן די פרייד פון די באַפרייטע, דערהויפּט אין די העכערע יידישע קלאַסן, וואָס האָבן אַזוי קרענקלעך געפילט דעם שאַנד־שטעמפּל פון האַלבע בירגער. די דאָזיקע קלאַסן זענען אָבער געווען אומפריי בײַ זיך אינעווייניק: זיי האָבן געהאַלטן, אַז מ׳דאַרף מיט עפּעס אָפּדאַנקען פאַר גלייכבאַרעכטיקונג און קודם־כּל — מיט אָפּשאַפן אין יידישן לעבן אַלע סימנים פון נאַציאָנאַלן לעבנס־שטייגער, ס׳זאָל קיין שום גרונד נישט זיין אויפוואַרפן יידן זייער נאַציאָנאַלע אָפּגעשלאָסנקייט. דער אַלטער שתּדלן דוד פרידלענדער, פאַרשכּורט פון נצחון, האָט פאַרגעלייגט דער רעגירונג זיין הילף צו רעפאָרמירן דעם יידישן גייסטיקן שטייגער, אַזוי, ווי ער האָט דאָס געהאַט אַמאָל פאָרגעלייגט דער קירך. באַלד נאָך דעם ווי דער עדיקט פון יאָר 1812 איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן, האָט ער אַרויסגעלאָזט אַנאָנים אַ בראָשור „וועגן דער נויטיקייט צו רעפאָרמירן דעם יידישן גאָטס־דינסט אין די סינאַגאָגעס, יידישע שול־בילדונג, לערן־זאַכן און די ערציאונגס־סיסטעם בכלל, מחמת דער נייער אָרגאַניזאַציע פון יידישע קהילות אין פרייסן". דער מחבר האַלט, אַז אָן אַ סינאַגאָגע און שול־רעפאָרם וועט דער קינפטיקער דור „איזראַעליטן" נישט קאָנען געניסן אין אַ פולער מאָס די געשענקטע בירגער־רעכט; „אָן אַ קירך־אָרגאַניזאַציע אָבער וועלן די איזראַעליטן

נישט קאָנען ווייטער עקזיסטירן". רעפאָרמעס זענען נויטיק אַזוינע: אונזער אַלטער סדור איז פול מיט קינות אויפן חורבן פון אונזער אַלטן פאָטער־לאַנד און פאָליטישער פרייהייט, אָבער איצט האָבן מיר דאָך באַקומען פרייהייט אַלס פרייסישע בירגער. איצט האָבן מיר נאָר איין פאָטערלאַנד: פרייסן, און פאַר אָט דעם פאָטערלאַנד דאַרפן מיר גאָט בעטן; איין מוטער־שפּראַך האָבן מיר: דייטש, די שפּראַך דאַרפן מיר איינפירן אין דער סי־נאַגאָגע, וואָרום די שפּראַך קאָן גיכער דערוועקן אין דער נשמה אַ רעליגיעז געפיל, איידער די טויטע העברעאישע שפּראַך. דאָסזעלבע זאָל אויך פאַרדייטשט ווערן די יידישע שול. דער גרונד־געדאַנק איז דאָ איינער: אַסימילאַציע איז אַ נאַטירלעכער אויספיר פון עמאַנסיפּאַציע.

פרידלענדער האָט דערלאַנגט זיין ביכל, אַלס פּראָיעקט פאַר אַ רעפאָרם, זיין פּריינט, קאַנצלער האַרדענבערג (אָקטאָבער 1812), יענער האָט דאָס איבער־געגעבן דעם קולטן־דעפּאַרטאַמענט. דער מחבר האָט געשיקט אַן עקזעמפּלאַר דעם קעניג אויך, ער האָט אָבער באַקומען זייער אַ קאַלטן ענטפער. דער פרומער קעניג האָט מורא געהאַט פאַר אַלערליי נייאיקייטן; שרייבט ער וועגן פרידלענדערס פּראָיעקט אַזוי: „אַזוי לאַנג ווי יידן וועלן בלייבן ביי יידישקייט, וואָס בעצם האַלט זיך דאָס אויף תורת־משה, קאָן איך באַוויליגן רעפאָרמעס אין זייער גאָטס־דינסט, רעליגיעזן אונטערריכט און ערציאונג נאָר אַזוי ווייט, ווי דאָס איז נישט סותר דעם עצם און די יסודות פון דער יידישער אמונה. אויב פרידלענדער מיינט אויך אַזוי, קאָן זיין פּראָיעקט צונויז קומען". האַרדענבערג האָט זיך אָנגענומען פאַר פרידלענדערן. ער דערקלערט דעם קעניג מיט צוויי בריוו, אַז דער עדיקט וועגן יידישער גלייכבאַרעכטיקונג, וואָס האָט געמאַכט יידן פאַר גלידער פונם דייטשן פאָלק, פאָדערט אַ רעפאָרם אין יידישן אינעווייניקסטן לעבן. איצט זענען שוין יידן מער נישט קיין פיינט פון דער קריסטלעכער געזעלשאַפט, קריסטן וועלן זיי שוין מער נישט פאַראַכטן; יידן דאַרפן איצט גאָט בעטן נישט וועגן משיחן, נאָר פאַר דעם וואויל פונם פרייסישן קעניג, זייער אויסלייזער און באַשיצער; איינפירן דייטש אין גאָטס־דינסט און אין דער שול — הייסט נישט אָנרירן די יסודות פון תורת־משה. פרידלענדערס פּראָיעקט האָט אויך אַרויסגערופן אַ ליטעראַרישע פּאָלעמיק. דאָס, דער פירער פון דער בערלינער יידישער קהילה, האָט זיך אָנגענומען פאַר תפלות אויף לשון־קודש און האָט אויפגעוואָרפן פרידלענדערן, אַז ער וויל ברענגען צו אַ רעליגיעזער שפּאַלטונג. דער אַלטער העברעאיסט שלמה פאַפּנהיים האָט זיך אָנגענומען פאַר העברעאיש אַלס נאַציאָנאַל־שפּראַך און פאַר נאַציאָנאַלע תפלות (1813)... אָבער דער קנאַל פון געווער האָט אינגיכן פאַרטריבן דעם אינעווייניקסטן שטרייט: פרייסן

צוזאַמען מיט אַנדערע מלוכות האָט אָנגעהויבן איר גרויסן באַפרייאונגס־קריג קעגן נאַפּאָלעאָנען.

דער פּאַטריאָטישער ברען, וואָס האָט פאַרכאַפּט דאָס גאַנצע לאַנד, האָט אויך דערהיצט יידישע הערצער, וואָס ערשט נעכטן זענען זיי געוואָרן בירגער. חוץ מאָבּיליזירטע רעקרוטן, זענען עטלעכע הונדערט יידן פריי־וויליק אַריין אין דער פּרייסישער אַרמיי. יידישע סאָלדאַטן זענען בייגעווען אין אַלע מלחמות פון די יאָרן 1813—1814; אַסך זענען דערהרגעט אָדער פאַרוואונדעט געוואָרן אין דער „פעלקער־שלאַכט" הינטער לייפּציג און ביי וואַטערלאָאָ, אַסך האָבן באַוויזן העלדן־טאַטן און האָבן באַקומען אָרדנס פון אייזערנעם קרייץ; עטלעכע צענדליקער יידן האָבן זיך דערדינט צו אָפיצערן. יידישע פרויען זענען אַוועק אויפן פראָנט פאַר באַרמהערציקע שוועסטער. יידישע קהלות האָבן געגעבן גרויסע געלט פאַרן באַפרייאונגס־קריג. אָפט פלעגט מען וועלן אַרויסווייזן פּאַטריאָטיזם, ווייזן, אַז מ'האָט פאַרדינט עמאַנסיפּאַציע... אָבער דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן: די פּאָליטישע רע־אַקציע, וואָס האָט זיך אָנגערוקט נאָך דעם ווינער קאָנגרעס, האָט מיט־געבראַכט קיין פרייסן אויך אַ רעאַקציע קעגן יידן. די עמאַנסיפּאַציע האָט מען אַרויסגעריסן ביי פרייסן אין אַ צושטאַנד פון דערנידערונג און מפלות, איצט זאָל דאָס פאַר דער באַפרייטער פרייסישער מלוכה ווערן אַן איבעריקע זאַך. די פאַרשפּעטיקטע גלייכבאַרעכטיקונג פון יידן אין פרייסן האָט עקזיס־טירט סך־הכל דריי יאָר, דערנאָך האָט זי אָנגעהויבן אָפּבליען און אויסגיין; אין לאַנד האָט שוין געשמעקט מיט רעסטאַווראַציע.

## § 33. עמאַנסיפּאַציע אויף אַ ווייל אונטער פראַנצויזישער הערשאַפט (וועסטפאַלן, פראַנקפורט, האַנזאַ)

זעקס יאָר הערשאַפט פון נאַפּאָלעאָנס פּאָליטיק אין דייטשלאַנד (1806—1812) האָבן געבראַכט יידן עמאַנסיפּאַציע אויף אַ ווייל אין די לענדער, וואָס זענען געשטאַנען אונטער דער פראַנצויזישער אויבער־הערשאַפט. קודם־כל זענען יידן גלייכבאַרעכטיקט געוואָרן אין דעם אויפגעקומענעם וועסט־פאַלער קעניגטום, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט באַשאַפן נאָך דעם טילזיטער שלום פון יאָר 1807, פון טיילן האַנאָווער, ברוינשווייג, העסן און פרייסישע געגנטן צווישן עלבע און ריין. אויבן־אָן אין דער דאָזיקער שפּיל־מלוכה איז געווען אַ שפּיל־קעניג זשעראָם באָנאַפּאַרט, נאַפּאָלעאָנס אַ ברודער, וואָס האָט רעגירט לויט דעם דיריזשאַר־שטעקעלע אין פּאַריז. נאָך דעם ווי אין וועסט־פאַלער קעניגטום איז איינגעפירט געוואָרן די לאַנד־קאָנסטיטוציע מיט גלייכע

רעכט פֿאַר אַלע בירגער, האָט דער קעניג געגעבן באַזונדער אַ דעקרעט וועגן אָפּשאַפֿן אַלע באַגרעניצן פֿאַר יידן (יאַנואַר 1808). דער דעקרעט הייבט זיך אָן אַזוי: „אַלע אונזערע אונטערטאַנען, וואָס האַלטן זיך ביי תּורת־משה, וועלן געניסן אין אונזער מלוכה די אייגענע רעכט און פֿרייהייטן, וואָס אַלע אונזערע איבעריקע אונטערטאַנען”; אַפֿילו יידן, וואָס וועלן קומען פֿון אַנדערע לענדער, זאָגט מען צו גלייכבאַרעכטיקונג. דאָס איז געווען דער ערשטער אַקט פֿון פֿולער עמאַנסיפּאַציע אויף דייטשלאַנדס ערד.

דער איבערגאַנג פֿון קנעכטשאַפֿט צו פֿרייהייט האָט אַרויסגערופֿן גרויס באַגייסטערונג ביי יידן אין וועסטפֿאַלן. ווען קעניג זשעראָם איז געקומען קיין קאַסעל, זיין רעזידענץ־שטאָט, האָבן אים יידן גאָר שטאַרק באַגריסט. בעת דער אילומינאַציע איז אין אַ פֿענסטער אין אַ יידיש הויז געווען אויסגעשטעלט אַרעסטאַנטישע הענט־קייטן מיט אַן אויפֿשריפֿט: „אונזערע קייטן זענען צעריסן”. אַ יידישע דעפּוטאַציע איז געקומען פֿערזענלעך באַגריסן דעם קעניג. אויבן־אָן אין דער דעפּוטאַציע איז געווען אַן אָנגעזעענער יידישער טוער ישראל יאַקאָבסאָן פֿון ברוינשווייג, פֿרידלענדערס אַ פֿריינט און אַ מיינונגס־גענאָסע.

ישראל יאַקאָבסאָן, דער פֿינאַנץ־אַגענט ביים ברוינשווייגער הערצאָג קאַרל־פֿערדינאַנד, איז איבערגעגאַנגען אויף אַ פֿינאַנץ־שטעל צו זשעראָם באָנאַפּאַרט נאָך דעם ווי ברוינשווייג איז געוואָרן אַ טייל פֿון וועסטפֿאַלער קעניגטום. יאַקאָבסאָן האָט שוין לאַנג געהאַלטן פֿונם פֿראַנצויזישן רעזשים, ער האָט געטרוימט וועגן יידישער עמאַנסיפּאַציע אין דייטשלאַנד אויפֿן פֿראַנצויזישן שטייגער און פֿון רעפֿאָרמעס אין אינעווייניקסטן יידישן לעבן. פֿון דער ידיעה, אַז נאַפּאָלעאָן רופֿט צוזאַמען אין פּאַריז אַ צונויפֿפֿאָר פֿון יידישע נאָטאַבלען, איז ער געקומען אין גרויס התפּעלות. ער האָט אָנגעשריבן אַ בריוו דעם קיסר, ער זאָל פֿאַרשפּרייטן זיין גרויסע „רעפֿאָרמאַטישע טעטיקייט” אויף יידן אין דער גאָרער וועלט. דער בריוו איז געווען געדרוקט אין צייטונגען; אפֿשר איז דאָס געווען אַ סיבה צווישן אַנדערע, אַז נאַפּאָלעאָן זאָל צונויפֿרופֿן דעם פּאַריזער סנהדרין. דעם סנהדרינס רעזאָלוציעס האָבן שטאַרק באַגייסטערט יאַקאָבסאָנען, וועלכער האָט זיך נאָך פֿריער אַרומגעטראָגן מיט דעם געדאַנק ראַטעווען יידן מיט אַסימילאַציע. אין שטעטל זעזען האָט יאַקאָבסאָן געעפֿנט אַ שול מיט אַ פּאַנסיאָן (1801) פֿאַר יידישע און קריסטלעכע קינדער גלייך: דאָס איז געווען אַ מוסטער־שול, און איר גרינדער האָט דורך איר באַקומען אַ שם פֿון אַ פֿילאַנטראָפּ. יאַקאָבסאָנס ליבסטע אידיי איז געווען — יידן זאָלן אויסערלעך נאָענט ווערן צו קריסטן, דער יידישער לעבנס־שטייגער זאָל ווערן גלייך דעם

קריסטלעכן, מעג דאָס אַפילו זיין אַ געמאַכטע זאַך: דער דאָזיקער געדאַנק האָט געבראַכט צו גוטע אויפטוען, אָבער אויך צו מיאוסע פעלער.

דעם 9 פעברואַר 1808 איז צום קעניג זשעראָם אין קאַסעל געקומען אַ יידישע דעפּוטאַציע — 22 פאָרשטייער פון יידישע קהילות אין וועסטפאַלן מיט יאַקאָבסאָנען אויבן-אָן. יאַקאָבסאָן האָט געהאַלטן אַ רעדע; דעם קליינעם ברודער פון נאַפּאָלעאָן דעם גרויסן האָט ער פאַרגלייכט מיט כורש, וואָס האָט באַפרייט יידן פון גלות-בבל, בעת זיי „האָבן געשמאַכט אונטערן יאָך פון אַ באַרבאַרישער גזעצגעבונג". יידן וועלן פאַרדינען די גלייכ-באַרעכטיקונג: „זיי וועלן אייך געבן סאָלדאַטן פאַר דער אַרמיי, סוחרים פאַר די שטעט, אַקער-לייט פאַר די פעלדער". דער קעניג האָט זייער האַרציק געענטפערט: „זאָגט אייערע ברידער, זיי זאָלן געניסן די רעכט, וואָס מ'האָט זיי געגעבן. זיי קאָנען זיך פאַרלאָזן אויף מיין שוץ גלייך מיט מיינע אַנדערע קינדער".

די עמאַנסיפּאַציע איז געווען געזיכערט, יאַקאָבסאָן האָט זיך האַסטיק גענומען איינפלאַנצן אין נייעם קעניגטום די פראַנצויזיש-יידישע קאָנסיסטאָ-ריאַלע סיסטעם, וואָס דער פּראָיעקט אירער איז קורץ פאַר דעם אויסגעאַרבעט געוואָרן אין פּאַריז. אַ רעגירונגס קאָמיסיע האָט מיט יאַקאָבסאָנס הילף אויף גיך צוגעשניטן דעם פּראָיעקט פאַרן אָרטיקן שטייגער. דעם 31 מערץ 1808 האָט דער קעניג זשעראָם שוין געמעלדעט מיט אַ דעקרעט וועגן אַ נייער אָרגאַניזאַציע פון יידישע קהילות אין וועסטפאַלער קעניגטום. דאָס איז געשען אין צוויי וואָכן אַרום, ווי ס'איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן נאַפּאָ-לעאָנס דעקרעט וועגן יידישע קאָנסיסטאָריעס אין פראַנקרייך (§ 24). אינם אַריינפיר צום וועסטפאַלער דעקרעט ווערן דערמאָנט אַזוינע מאָטיוון: „ווי באַלד יידן געניסן פרייהייט צו האַלטן אָפן זייער אמונה אַזוי ווי אַלע אַנדערע אונטערטאַנען, מוז דער יידישער קולט האָבן אויף זיך אונזער השגחה אַזוי ווי אַלע איבעריקע קולטן, ס'זאָל קיין סתירות נישט אויפקומען צווישן דעם קולט און דער געזעצגעבונג, ווי אויך דער געזעלשאַפטלעכער מאָראַל, וואָס זי דאַרף זיין דער וועג-ווייזער פאַר מענטשן און אויסבילדן איין פּאָליטישע געזעלשאַפט. יידן דאַרפן אויפהערן זיין אַ קאָרפּאָראַציע פאַר זיך, זיי דאַרפן צעגיין אין דער נאַציע אַזוי ווי אַלע אונזערע אונ-טערטאַנען פון פאַרשיידענע אמונות, וואָרום זיי זענען אַ גליד פון דער נאַציע". לויט דעם דעקרעט זאָל אין דער רעזידענץ, אין קאַסעל, ווערן אַ רעליגיעזע קאָנסיסטאָריע מיט אַ פּאָרזיצער, דריי רבנים און צוויי געביל-דעטע בעלי-בתים. אויף אויסצוהאַלטן די קאָנסיסטאָריע זאָלן געבן די קהילות, נישט די רעגירונג. די קאָנסיסטאָריע האָט צו זאָגן אויף אַלע גייסטיקע ענינים פון די קהילות, ממילא אויף „רעליגיעזן למוד" אויך,

אַזוי ווי אין פראַנקרייך. די קאָנסיסטאָריע דאַרף אויך זען, אַז רבנים און לערער זאָלן „פּרעדיקן, מ׳זאָל פאָלגן די געזעצן, בפרט בנוגע צו פאַרהיטן דאָס פאָטערלאַנד; זיי זאָלן לערנען, אַז מיליטער-דינסט איז אַ הייליקער חוב, און ווער עס טוט דאָס, איז פריי פון אַלע מצוות, וואָס מען קאָן זיי נישט אויספירן אין דער דינסט״.

סוף יאָר 1808 האָט זיך געעפנט די קאָנסיסטאָריע אין קאַסעל. די רעגירונג האָט געמאַכט פאַרן פרעזידענט ישראל יאַקאָבסאָן, כאָטש ער האָט נישט געהערט צו די כּלי-קודש, און פאַר גלידער — דריי רבנים און צוויי געבילדעטע וועלטלעכע יידן (איינער פון די צוויי איז געווען דוד פרענקל, אַ לערער אין דעסוי, אַרויסגעבער פון אַ פּראָגרעסיוון יידישן זשורנאַל אויף דייטש „שולמית״). די אַלע גלידער האָט יאַקאָבסאָן אָנגעוויזן, ער איז געוואָרן דער גאַנצער בעל-הבית אין דער נייער אינסטיטוציע. ער האָט באַשטעלט אַ שטעמפּל פאַר דער קאָנסיסטאָריע: „די קעניגלעכע וועסטפאַלישע קאָנסיסטאָריע פון משהס רעליגיע״; אַליין האָט ער זיך אָנגעטאָן אין אַ פּרעזידענטישער פּאַראַד-קליידונג: אַ מאַנטיע פון שוואַרץ געוואַנט אויסגענייט מיט גאָלד מיט די עשרת-הדברות אויף דער ברוסט. די קאַסעלער קאָנסיסטאָריע איז געוואָרן אַ מיניסטעריום פאַר יידישע גייסטיקע ענינים, זי האָט געגעבן דעקרעטן, וואָס האָבן רעגולירט דאָס אינעווייניקסטע יידישע לעבן אין קעניגטום*). יאַקאָבסאָן האָט זיך גענומען האַסטיק רעפאָרמירן דעם יידישן רעליגיעזן און קהילהשן שטייגער. ווי ס׳איז אַרויסצוזען פון זיינעם אַ מעמאָראַנדום צו דער רעגירונג, האָט ער געהאַלטן, אַז נאָר אַזאַ רעפאָרם איז אומשטאַנד צו פאַרהיטן די יידישע קהילה און דעם גאַנצן יונגן דור פאַר ווייטערדיקער דעמאָראַליזאַציע. אין דעם דייטשן יידישן קבוץ האָט ער צוגעזען צוויי עקסטרעמען: אויף איין זייט איז די שטרענג אָרטאָדאָקסאַלע מאַסע, וואָס האַלט הייליק די אַלטע אָפּגעלעבטע פאָרמען אין דער רעליגיע און אין לעבנס-שטייגער; אַקעגן ווידער — האָט זיך דער יונגער דור אָנגעשמעקט מיט אייראָפּעאישער בילדונג, צומאָל זייער אויבן-אויף, און ער טוט זיך גאָר אויס פון דער פאָלקס-אמונה, אָדער ער שטייט צו צו דער מחנה פוסטע פראַנטן, צעלאָזטע אומאָראַלישע פאַרשוינען, נישט צו יידן נישט צו קריסטן, וואָס זיי פאַרמיאוסן דעם געדאַנק וועגן בילדונג ביי דער קאָנסערוואַטיווער מאַסע אין די אויגן. אין פראַנקרייך — אַזוי זאָגט יאַקאָבסאָן אין זיין מעמאָראַנדום — נייט די

*) אין יאָר 1808 האָט זיך אין קעניגטום וועסטפאַלן גערעכנט ביז 15.000 יידישע נפשות. די יידישע באפעלקערונג האָט אָבער געהאלטן אין איין וואקסן: אהער פלעגן קומען אסך יידן פון אנדערע דייטשע לענדער צו געניסן דאָ יידישע גלייכבארעכטיקונג.

יידישע אויפקלערונג א זיכערן וועג: פריער האָט די רעוואָלוציע גלייכבאַ־רעכטיקט יידן און האָט גלייך געמאַכט אַלע רעליגיעס; אָבער צו דעם קאָנווענטס צייט האָט די רעוואָלוציע גאָר אָפּגעשאַפט אַלע רעליגיעס. איצט איז געקומען נאַפּאָלעאָן, דער אויפטוער פונעם פּאַריזער סנהדרין, און טוט צו אָרגאַניזירן דעם יידישן קולט; די דאָזיקע פראַנצויזישע סיסטעם צו רעפאָרמירן יידישע קהילות איז אַם בעסטן אָנגעמאָסטן פאַר וועסטפאַלער קעניגטום.

בכן האָט קאַסעלער קאָנסיסטאָריע אָנגעהויבן אַרויסצולאָזן איין ציר־קולאַר נאָכן אַנדערן: אַ צירקולאַר וועגן רעכט און פליכטן פון רבנים און פרנסים, אַ צירקולאַר וועגן מנינים. שולן און לערער. געפירט האָט זי זיך אויף נאַפּאָלעאָנס שטייגער: זי האָט געהייסן ענדערן פאַרשיידענע רעליגיעזע מנהגים, דערהויפּט אַזוינע, וואָס קערן זיך אָן מיט בירגער-אַקטן. אויפן סמך פון אַ קעניגלעכן דעקרעט האָט די קאָנסיסטאָריע געפּסלט חתונות און גטן, וואָס צו זיי זענען פריער נישט געמאַכט געוואָרן געהעריקע אַקטן אין די אָפיציעלע בירגערלעכע אינסטיטוציעס; זי האָט פאַרווערט שטעלן אונ־טערן פרייען הימל חופה און אייניקע פאַרצייטיקע חתונה-צערעמאָניעס. די קאָנסיסטאָריע האָט געמאַכט פאַר אַ פליכט רעליגיעזע „קאָנפירמאַציע" (בר-מצוה) אין שול: פאַר יינגלעך צו 13 יאָר, פאַר מיידלעך צו 12 יאָר, נאָך דעם מוסטער פון פּראָטעסטאַנטישער קאָנפירמאַציע, מיט אַן עפנטלעכן עק-זאַמען אין קאַטעכיזיס, מיט רעדעס און מיטן רבס אַ דרשה. דער דאָזיקער נייער איינפיר האָט שוין אויפגערודערט די אָרטאָדאָקסן, אָבער נאָך מער זענען זיי אויפגעבראַכט געוואָרן פון דער קאָנסיסטאָריעס אויפטוען וועגן בתי-מדרשים. כדי איינצופירן איין סדר פון גאָטס-דינסט, האָט די קאָנ סיסטאָריע פאַרווערט דאַוונען בצבור אין פּריוואַטע מנינים; אַלע יידן אין אַ שטאָט האָבן געזאָלט דאַוונען נאָר אין איין אָפיציעלער שול לויט אַ נוסח און אַ סדר, וואָס די קאָנסיסטאָריע האָט אָנגעוויזן. דערביי האָט מען אַרויס-געוואָרפן אייניקע תפלות און אָפּגעשאַפט אייניקע מנהגים. די קהילות זענען שטאַרק אויפגערודערט געוואָרן און האָבן זיך געקלאָגט פאַר דער רעגירונג אויף דעם אומרעכט, וואָס ווערט דאָ באַגאַנגען קעגן געוויסנס-פרייהייט, אָבער יאַקאָבסאָן האָט געפועלט ביים קעניג (יולי 1811) אַ דעקרעט, וואָס גיט גערעכט דער קאָנסיסטאָריע וועגן דעם פאַרבאָט צו דאַוונען אין אומ-רעפאָרמירטע מנינים. אויף אַזאַ ביוראָקראַטישן וועג איז דורכגעפירט געוואָרן די שול-רעפאָרם אויך. די קאָנסיסטאָריע האָט באַפוילן עפענען אין יעדער שטאָט צו איין שול; דעם למוד פון רעליגיע און העברעאיש זאָל לערנען אַ ייד, אַלגעמיינע למודים („דייטשישער למוד") זאָל לערנען אַ קריסט. אַלטע חדרים זענען פאַרבאָטן. אין יאָר 1810 האָט מען אין קאַסעל געעפנט די־

ערשטע אָנפאַנגס-שול פון דעם נייעם שניט און אַ /צו עו ·טעמינאַר. די אַלטע רעפאָרמעס האָבן טייער געקאָסט, און דער קהילה-שטייער האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן. די שווערע שטייער-לאַסט און די אומצופרידנקייט מיט די נייע איינפירן האָבן געבראַכט דערצו, אַז יידישע קהילות האָבן זיך גע-קלאָגט פאַרן קעניג: זיי האָבן געבעטן אָפּשאַפן די קאָנסיסטאָריע, וואָס קאָסט צו טייער און פאַרגרינגערן די לאַסט פון ספּעציעלע שטייערן, וואָס יידן מוזן צאָלן חוץ אַלגעמיינע מלוכה-שטייערן.

דאָס וועסטפאַלער קעניגטום אויף אַ ווייל האָט שוין אָבער געהאַלטן ביים סוף: ס'איז געפאַלן צוזאַמען מיט נאַפּאָלעאָנען; דערמיט איז אויך געפאַלן די גאַנצע יידישע נייע אָרגאַניזאַציע. נישט לאַנג האָט דאָ געדוי-ערט די יידישע עמאַנסיפּאַציע; קוים 6 יאָר האָט דער וועסטפאַלער ישוב פון גלייכבאַרעכטיקונג עקזיסטירט אין דייטשן מדבר. צוואַנציק טויזנט יידן האָבן פריי אָפּגעאָטעמט די קורצע צייט: פון „געדולדעטע" און „שוץ-יידן" זענען זיי געוואָרן בירגער. אַסך האָט געצויגן צו דעם פרייהייטס-פייערל; פון די אָפּגעשטאַנענע דייטשע לענדער האָבן זיך אַסך רעכטלאָזע יידן אי-בערגעצויגן קיין וועסטפאַלן. נישט לאַנג האָבן אויך געדויערט די אינעווי-ניקסטע יידישע רעפאָרמעס, וואָס יאַקאָבסאָן האָט פאָרגענומען. אגב האָבן זיי באַדאַרפט פלאַצן, ווען אַפילו נישט דער פּאָליטישער קריזיס. יאַקאָבסאָן האט געווויס געהאַט אַ גוטן מיין: מיט רעפארמעס האט ער געוואלט צופוצן דאס יידישע גייסטיקע לעבן, דאס זאל האבן מער חן ביי דעם נייעם דור „געבילדעטע" יידן, וואס האבן נישט געקאנט פאַרטראגן די אַלטפרענקישע יידישע מנהגים און זיטן. אבער דא איז געוועזן נאך אַ מיין: איבערמאַכן אויפן דייטשן שטייגער די סינאַגאגע, די שול, די קהילה-ארגאַניזאַציע, כדי יידן זאלן אויסזען ווי דייטשן. יאַקאבסאן האט נישט פאַרשטאַנען די טיפע סיבות, וואס רייסן אפּ דעם יידישן געבילדעטן קלאַס פונם יידישן כלל, האט ער זיין גאַנצע מי און האפנונגען אַריינגעלייגט אין רעפארמירן דעם אויסערלעכן צערעמאניאַל, וואס ער האט נאך דערצו געטאן ביד חזקה. ער האט געמאַכט פון דער קאנסיסטאריע אַ רעפארם-פאַבריק; די רעפארם-סחורה האט מען אנגעווארפן די קהילות מיט גוואַלד און זיך נישט וויסנ-דיק געמאַכט אויף די פראטעסטן פון אומצופרידענע. יאַקאבסאן האט נישט פאַרשטאַנען קיין רעפארם, וואס זאל שטימען מיט דער אַנטוויקלונג פונם פאלק און זאל האבן ווארצלען אין דער היסטארישער סביבה, אַזוי, ווי דער גרעסטער טייל טוער פון יענער רעוואלוציאנערער תקופה האט דאס נישט פאַרשטאַנען. ער האט אויך געלייקנט די אידיי פון יידישער נאַציע, אַזוי, ווי פרידלענדער און אַנדערע פירער פונם „נייעם יידנטום" האבן דאס

געטאָן; זיין גאַנצע אַרבעט איז געווען צו מאַכן אַ פשרה צווישן אומגלויבן און צוגעפּוצטער רעליגיע לויט דער לעצטער מאָדע.

נאָך ווייניקער איידער אין וועסטפאַלן האָט די עמאַנסיפּאַציע געדויערט אינם אַלטן נעסט פון רעכטלאָזיקייט — אין דער אימפּעריישער פרייַשטאָט פראַנקפורט אַם מיין. דאָ איז די פרייהייט אויף אַ ווייל נאָך שווערער אָנגעקומען. ביז נאַפּאָלעאָנס אַריינקומען איז פראַנקפורטער געטאָ געווען דער פעלז פון מיטלאַלטער אין אַ שטורעמדיקן ים פון נייער צייט. די אָליגאַרכיע פון פּאַטריציער, וואָס האָבן רעגירט איבער דער שטאָט, האָט נישט געוואָלט הערן פון קיין נייע אויפטוען. די פּאַרשפּאַרטע אין געטאָ האָבן געקלאַפּט אין די טירן צו אַלע איירעפּעאישע קאָנגרעסן (§ 28), מ׳האָט זיי אָבער נישט געענטפערט. דערווייל האָט זיך אין געטאָ גופא גענומען עפּעס רירן: דער פרייגייסט האָט גענומען שפּאַרן דורך די לעכער, וואָס די בערלינער השכלה האָט דורכגעבראָכן, און האָט געוועקט צו אַ ניי לעבן. אַ גרופּע אויפגעקלערטע פראַנקפורטער יידן האָבן געגרינדעט אַ גימנאַזיע „פילאַנטראָפּין" צו ערציען יידישע קינדער אין אַ היינט-וועלטיקן גייסט (1804); די נייע אינסטיטוציע איז געוואָרן אַ פעסטונג פאַר דער רעפאָרם, ס׳זענען אָנגעקומען ידיעות פון דער דעפּוטאַטן-פאַרזאַמלונג אין פאַריז, און פראַנקפורטער משכילים זענען ביי זיך שטאַרקער געוואָרן, בפרט נאָך, אַז דאָסזעלבע יאָר (1806) האָט נאַפּאָלעאָן גענומען דייטשלאַנד אין די הענט און האָט געגרינדעט דעם „ריין-בונד" מיט פראַנקפורט אין צענטער. פון פראַנקרייך זענען געקומען האָפענונגען אויף עמאַנסיפּאַציע; פונם געטאָ האָט מען געענטפערט מיט ליוב-געזאַנגען דער באַפרייאונג. אין פראַנקפורט איז געוואָרן אַ פּראָגרעסיווער פאַרבאַנד פון 250 קהילה-גלידער, וואָס האָט געוואָלט אַריבערטראָגן קיין דייטשלאַנד פראַנצויזישע רעפאָרמעס. אין נאָוועמבער 1806 האָט דער פאַרבאַנד געשיקט אַ באַגריסונגס-אַדרעס דער יידישער דעפּוטאַטן-פאַרזאַמלונג אין פאַריז. אין דעם אַדרעס האָט מען גערימט און געלויבט די איידלקייט פון דער פראַנצויזישער נאַציע, „וואָס האָט צעריסן די קייטן פון אַ פאָלק, וואָס איז אַזוי לאַנג געפּלאָגט געווען", די חסדים פון דעם „אומשטערבלעכן נאַפּאָלעאָן", וואָס האָט צונויפגערופן די בעסטע מענטשן ביי יידן „אָפּצורייניקן אונזער רעליגיע" און די „קלוגע תשובות", וואָס די פאַריזער פאַרזאַמלונג האָט געגעבן אויף נאַפּאָלעאָנס פראַגן. דאָ האָט מען זיך אויך געוואונשן, אַז „דער שיינער מוסטער, וואָס פראַנקרייך האָט געוויזן, זאָל איבערגענומען ווערן אויף יענער זייט פראַנצויזישע אימפּעריע אויך". די דעפּוטאַטן-פאַרזאַמלונג האָט אויסגעהערט דעם אַדרעס גראָד אין דעם מאָמענט, ווען ס׳האָט זיך שוין געקליבן דער „גרויסער סנהדרין"; דער פאָרזיצער פורטאַדאָ האָט געענטפערט נאַפּאָלעאָנס

חסידים אין דייטשלאַנד מיט ענגלעכע אויסדרוקן. אין צווײ חדשים אַרום האָבן שוין פאַרשטייער פון פראַנקפורטער קהילה (דער רב שלמה טריר און יצחק הילדעסהיים) געהאַט דאָס גליק צו זיצן אין פּאַריזער סנהדרין. אויף איינער פון די לעצטע זיצונגען האָבן פראַנקפורטער דעפּוטאַטן געמעלדעט, אַז זייער קהילה שטייט צו גאָר און גאָר צום סנהדרינס באַשלוסן; זי איז גרייט זיי צו פאָלגן „נאָך דעם ווי אונזער רעגירער וועט זיי באַוויליקן און אונזערע ברידער וועלן געניסן די אייגענע בירגער-רעכט, וואָס יידן אין פראַנקרייך און אין איטאַליע". אין אַזאַ מעלדונג איז אָפן געזאָגט, אַז די אינעווייניקסטע יידישע רעפאָרם איז אַ סילוק פאַר עמאַנסיפּאַציע; דאָס פראַנקפורטער עולה-רגל-זיין קיין פּאַריז האָט דאָ באַקומען דעם ריכ-טיקן אויסטייטש.

דער פראַנקפורטער רעגירער, וואָס די דעפּוטאַטן דערמאָנען אים, דאָס איז דער געוועזענער מיינצער קורפירשט קאַרל דאַלבערג, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט אים געמאַכט פאַר אַ הויפּט פון ריין-בונד. אַ ליבעראַלער מענטש אין פראַנצויזישן סטיל, איז ער גרייט געווען אָפּצושאַפן דעם שענדלעכן געטאָ-רעזשים, אָבער ביי דער פראַנקפורטער שטאָט-אָליגאַרכיע, ביי די קאָנסערוואַ-טיווע פּאַטריציער און ביורגער האָט מען געקאָנט פועלן נישט מער ווי נישטיקע הנחות. דעם 30 נאָוועמבער 1807 איז אַרויס אַ נייער רעגלאַמענט פאַר פראַנקפורטער יידן, וואָס האָט זייער ווייניק געענדערט דעם פריערדיקן רעזשים. דער יידישער קוואַרטאַל איז פאַרברייטערט געוואָרן, אָבער נישט אָפּגעשאַפט; די צאָל פאַמיליעס אין פראַנקפורט טאָר נישט זיין מער פאַר דער אַלטער נאָרם (500); חתונה האָבן מעג מען נאָר, אויב ס'איז פאַראַן „אַ וואַקאַנסיע" אין דער נאָרם. אַ סך האַנדלס-צווייגן זענען נאָך יידן פאַר-ווערט, פריי איז פאַר זיי נאָר מלאכה און שול-בילדונג. פאַר אַזוינע „פּריווילעגיעס" זאָל פראַנקפורטער יידישע קהילה צאָלן דער שטאָט אַ גרוי-סע סומע שוץ-געלט: 22.000 גולדן אַ יאָר. חתמענדיק דעם דאָזיקן אַקט, האָט דער פירשט-פּרימאַס דאַלבערג צוגעשריבן: מיט דער צייט לאָזט זיך דער אַקט ענדערן „לויט דעם גייסט פון דער צייט", אַדער ס'וועלן גאָר אָפּגעשאַפט ווערן אַלע באַגרעניצן, וואָס זענען נאָך געבליבן אין דעם אַקט.

פראַנקפורטער יידן, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט „ישועות ונחמות" פונם פראַנצויזישן פּראָטעקטאָראַט, האָבן זיך געפילט אָפּגענאַרט מיט דעם נייעם רעגלאַמענט. די פּראָגרעסיסטן האָבן געמאַכט אַ פּראָטעסט, די נייע פּרנסים פון דער יידישער קהילה, וואָס די אַדמיניסטראַציע האָט אָנגעשטעלט, האָבן נישט געוואָלט פאַרטרעטן די אַמטן. אַ דעפּוטאַציע פון דער קהילה איז געקומען צום פירשט-פּרימאַס קיין פּאַריז און האָט אים דערלאַנגט אַ פּראָ-טעסט-פּעטיציע מיט הונדערטער חתימות. אין דער זאַך האָט זיך אַריינ-

געלייגט ישראל יאַקאָבסאָן, דער פירער פון די עמאַנסיפירטע וועסטפאַלער ייִדן. ער האָט דערלאַנגט דעם פרימאַס אַן „אונטערטעניקסטן ראַפּאָרט": דער פרימאַס זאָל גיין אויפן וועג פון נאַפּאָלעאָן, דעם „העלד פון אונזער צייט", און זאָל מאַכן אַ סוף צו דעם רעשט ווילדקייט, וואָס איז אַ שאַנד פאַר פראַנקפורטער געזעצגעבונג (אנהויב יאָר 1808). ס'האָט זיך געפונען איינער, וואָס האָט זיך אנגענומען פאַר דעם אַלטן ייִדן-רעגלאַמענט און איז אַרויס מיט אַ אַנאָנימער בראָשור קעגן יאַקאָבסאָנס געדרוקטן ראַפּאָרט. געטע, דער גרויסער פראַנקפורטער, דער פירשט פון פּאָעזיע או דער פּאָעט פון פירשטן, האָט זיך אויך פאַראינטערעסירט מיט דעם שטרייט. אויף דער גרויסער הויך פון געדאַנק האָט זיך געטע נישט געקאָנט באַפרייען פון די אידעאַלן פון זיין פּריווילעגירטן קלאַס; זיינע סימפּאַטיעס זענען געווען מיט די באַדריקער. ווי ס'איז אַרויסגעוויזן פון פּריוואַט-בריוו, האָט ער געהאַלטן, אַז די נייע פראַנקפורטער „קאָנסטיטוציע" טוט רעכט, וואָס זי „טראַקטירט זיי (ייִדן) אַלס אמתע ייִדן און געוועזענע קייזערס קאַמער-קנעכט". געטע שרייבט אין אַ בריוו אין אַ פריילעכן קאַלאַמבור-טאָן: „ס'איז מיר געווען זייער צום האַרצן, וואָס מ'האָט אַזוי קונציק אפּגעפּטרט דעם דאָזיקן פינאַנץ-ראַט, דעם יאַקאָבינישן איזראַעליסאָן" (אַ קאַלאַמבור-איבערמאַכונג פון ישראל יאַקאָבסאָנס נאָמען). די פּעטיציעס און די פּראָטעסטן פון די עמאַנסיפּאַציע-שרייבער האָבן די ערשטע צייט טאַקע נישט געמאַכט קיין איינדרוק.

געענדערט האָט זיך די לאַגע ערשט אין יאָר 1810, ווען ס'האָט זיך ענטגילטיק קאָנסטיטואירט דאָס גרויסע פראַנקפורטער הערצאָגטום מיט דעם-זעלבן פירשט-פרימאַס אויבן-אָן (דאָס הערצאָגטום איז באַשטאַנען פון דער אימפּערישער שטאָט פראַנקפורט מיט טיילן פון מיינצערן קורפירשט-לענדער און אייניקע געגנטן ביים ריין). אין די גרונד-געזעצן פון הערצאָגטום איז געווינטלעך געשטאַנען, אַז אַלע בירגער זענען גלייך אַקעגן דעם געזעץ, פונדעסטוועגן האָט מען זיך נישט געאיילט גלייכבאַרעכטיקן ייִדן. די בירגער האָבן זיך אָנגעהויבן דינגען מיט ייִדן, ווי גרויס זאָל זיין די גלייכבאַ-רעכטיקונג און וואָס זאָלן ייִדן באַצאָלן דערפאַר. דער פירשט-פרימאַס קאַרל, איצט שוין גרויס-הערצאָג, איז באַשטאַנען געבן ייִדן גלייכבאַרעכטיקונג, בתנאי, אַז די פראַנקפורטער ייִדישע קהילה זאָל באַצאָלן דער שטאָט 440.000 גולדן, ד. ה. אַ צוואַנציק-פאַכיקן באַטרעף, וואָס ייִדן פלעגן פריער צאָלן שוץ-געלט אַ יאָר און וואָס די שטאָט ווערט איצט אָן. ייִדן האָבן צוגעשטימט, און מ'האָט געשלאָסן דאָס געשעפט. דעם 28-טן דעצעמבער 1811 איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דעם הערצאָגס אַן עדיקט, אַז דער פונקט וועגן בירגער-גלייכקייט אין די גרונד-געזעצן גילט פון היינט אָן פאַר

פראַנקפורטער יידן אויך, ס'ווערן אָפּגעשאַפט אַלע פריערדיקע באַגרעניצן פאַר יידן.

בכן האָבן פראַנקפורטער יידן געקויפט בירגער-רעכט פאַר אַ האַלב מיליאָן גולדן. ס'איז נאָך אָפּגעפרעגט צי וואָלטן זיי געגעבן אַזאַ פאַרמעגן, ווען זיי זאָלן געווען פאַרזען, אַז די גלייכבאַרעכטיקונג וועט דויערן נישט מער פאַר 2 יאָר. ווי נאָר דייטשלאַנד האָט געוואונען דעם באַפרייאונגס-קריג (די יאָרן 1813—1814), האָבן פראַנקפורטער בירגער אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם „יאָך" פון יידישער גלייכבאַרעכטיקונג צוזאַמען מיטן פראַנצויזישן יאָך.

פראַנצויזישע הערשאַפט האָט געבראַכט יידן פרייהייט אויף אַ ווייל אויך אין די האַנזאַ-שטעט: אין האַמבורג, לובעק און ברעמען. די גרויסע יידישע קהילה אין האַמבורג (ביז 9000 נפשות) האָט געשמאַכט אונטערן יאָך פון דעם יידן-רעגלאַמענט, וואָס די געזעצגעבער פון דער פריישטאָט, דער ביורגער'שער סענאַט און די האַנדלס-גילדיעס האָבן צוגעקלערט; דאָ איז מען אויסן געווען ציטעריק צו פאַרהיטן קריסטלעכע האַנדלס-אינטערעסן פאַר יידישער קאָנקורענץ. אין יאָר 1810 האָט פראַנצויזיש מיליטער פאַרנומען האַמבורג, די שטאָט איז פאַראייניקט געוואָרן מיט דער פראַנצויזישער אימפעריע, דערמיט גופא זענען האַמבורגער יידן געוואָרן אויטאָמאַטיש גלייכבאַרעכטיקטע בירגער (1811), אַלע באַגרעניצן אין וואוינרעכט, אין פאַרווערבן נחלאות, אין האַנדל, מלאכה און שול-בילדונג זענען אָפּגעשאַפט געוואָרן; יידן האָט מען אַפילו געקליבן אין מוניציפּאַליטעט אויך. מ'האָט אָנגעהויבן איינפירן אין דעם קהילה-לעבן די פּאַריזער קאָנסיסטאָריאַלע סיסטעם. אָבער די גלייכבאַרעכטיקונג, וואָס איז געקומען מיט די פראַנצויזן, איז אויך אַוועק מיט זיי, ווען די דייטשע באַפרייאונגס-אַרמיי האָט פאַרנומען האַמבורג (אָנהויב 1814). האַמבורגער יידישע יוגנט, וואָס האָט געדינט און בלוט פאַרגאָסן אין דער דאָזיקער אַרמיי, האָט זיך אַפילו נישט געקאָנט מאָלן, אַז באַפרייען דאָס דייטשע פאָטערלאַנד הייסט אַזוי גוט ווי ווידער פאַרקנעכטן יידן.

אין די האַנדלס-שטעט לובעק און ברעמען, וואָס פריער האָט מען יידן אַהין נישט אַריינגעלאָזט, זענען אין משך פון די דריי יאָר אויסגעוואַקסן קליינע יידישע קהילות; דערהויפּט האט מען זיך אַהער איבערגעצויגן פון אַרומיקע שטעט און דערפער. ווי נאָר מ'האט די דאָזיקע שטעט באַפרייט פון די פראַנצויזן, האבן זיי זיך באַלד „פרייגעמאַכט" פון אומגעוווּנשענע קאנקורענטן פאַר קריסטן-סוחרים, פון יידן.

## § 34. דער אַלטער רעזשים קעגן דעם נייעם
## (זאַקסן, בייערן, מעקלענבורג, באַדן)

אין אַסך דייטשע מלוכות האָבן יידן נישט באַוויזן צו דערגרייכן גלייכבאַרעכטיקונג אַפילו פאַר דער צייט פון פראַנצויזישער הערשאַפט. קיין הנחות האָט נישט אויסגעפירט דאָס הייפל יידן אין זאַקסן; כאָטש די זאַקסישע רעגירונג איז מער פאַר אַנדערע געקראָכן פאַר נאַפּאָלעאָנען, האָט זי דאָך באַוויזן אַ קונץ צו דערהאַלטן איר אַלטן יידנפיינטלעכן רעזשים (§ 2). יידן זענען דאָ מייסטנס געבליבן קוים „געדולדעטע"; מערן האָבן זיי זיך נישט געטאָרט; ביי אַריינפאָרן אין שטאָט פלעגט מען ביי יידן מאָנען דעם „פּי-שטייער", וואָס איז שוין געווען אָפּגעשאַפט כמעט אין גאַנץ דייטשלאַנד. צוליב נאַפּאָלעאָנען האָט מען פראַנצויזישע און וועסטפאַלישע יידן באַפרייט פון דעם שענדלעכן שטייער. דעם שטייער האָט מען אָפּגעשאַפט ערשט אָנהויב באַפרייאונגס-קריג (1813), ווען די פאַרבינדעטע פּרייסיש-רוסישע אַרמיי האָט פאַרנומען זאַקסן און געמאַכט דאָרט אַ דערוויילִיקע רעגירונג.

בייערן איז שטאַרק באַשטאַנען אויף איר רעכט צו האַלטן יידן אָן רעכט. דרייסיק טויזנט יידן*) אין דעם לאַנד האָבן געשמאַכט אונטער אַ פּרעס פון אויסנאַם-געזעצן. אָבער דאָ איז שוין אויפגעקומען אַ נייע ליבעראַלע באַוועגונג, וואָס האָט זיך אַקעגן-געשטעלט דעם אַלטן רעזשים. אין אַ לאַנד, וואו קאַטוילִיש איז געווען אָנערקענט פאַר דער אָפיציעל-גילטיקער רעליגיע און אַפילו פּראָטעסטאַנטן האָבן געמוזט ליידן פון געוויסע באַגרעניצן, האָט מען נאַטירלעך נישט געקאָנט וואַרטן אויף אַ גרויסן נצחון. קורפירשט מאַקסימיליאַן-יוסף (פון יאָר 1806 — קעניג), וואָס האָט געשמט פאַר אַ „ליבעראַל", האָט געגעבן אַן עדיקט וועגן גלויבנס-פרייהייט, אָבער נאָר פאַר פּראָטעסטאַנטן (1800); צו יידן האָט זיך דאָס נישט אָנגעקערט. וועגן יידן איז נאָר געזאָגט געווען אַ וואונש, אַז „דער דאָזיקער אומגליק-לעכער קלאַס מענטשן, וואָס מ'קאָן זיי נישט פאַרטרייבן פונם לאַנד, וואָרום מ'וואָלט אונז אויפגעוואָרפן, אַז מיר זענען אומדערבאַרעמדיק און אומגערעכט — זאָל באַקומען אַזאַ אָרגאַניזאַציע, אַז זיי זאָלן ביסלעכווייז זיך קאָנען אויפ-הויבן אויף אַ מדרגה פון נוצלעכע בירגער". דערמונטערט פון אַזאַ „גנאָדי-קער" רעזאָלוציע, האָבן זיך יידן אין פראַנקען געווענדעט צו אָבערטירן, אַ ווירצבורגער פּראָפעסאָר פון טעאָלאָגיע, וואָס האָט געוואָלט שפּילן די ראָלע פון דעם איידעלן אַבאַט גרעגואַר, ער זאָל פועלן ביים קעניג, מ'זאָל

---

*) די דאָזיקע ציפער געהערט צו דער צווייטער העלפט תקופה (די יאָרן 1801—1806), ווען אַ בער נאַפּאָלעאָנס מלחמות זענען בייערן צוגעקומען נייע לענדער: פראַנקען און שוואָבן.

יידן שענקען גלייכע בירגער-רעכט מיט קריסטן (1803). אָבער טיר האָט אַזאַ פּאָדערונג געהאַלטן פֿאַר צו ריזיקאַליש, האָט ער „פֿון דיפּלאָמאַטיע וועגן" דערלאַנגט אין נאָמען פֿון יידן אַ מעסיקערע פּעטיציע, וואָס ער גופֿא האָט רעדאַקטירט. די פּעטיציע איז „אַן אונטערטעניקסטע בקשה" פֿון יידן אין פֿראַנקען, „מ'זאָל זיי פֿאַרגרינגערן זייער ביטער מזל" און פֿאַרגלייכן זיי מיט אַלע אונטערטאַנען „אין פּרט פֿון מלוכה-שטייערן, האַנדל און געווערב, און בכלל אין אַלע פּריווילעגיעס פֿון דער בירגערלעכער געזעלשאַפֿט, ווי ווייט מ'קאָן אַזוינס דערלאַנגען און ווי ווייט דאָס שטערט נישט מלוכה-אינטערעסן". די רעגירונג האָט פֿאַרשפּאָרט אַפֿילו ענטפֿערן אויף אַזאַ שוין צו הכנעה־דיקער בקשה, וואָס דער „אונטערטעניקסטער" טעאָלאָג האָט אָנגעוואָרפֿן יידן: דאָ איז דאָך שוין געווען אַ פּאַרטיקער תּירוץ, וואָרום אויף וואָס פֿאַר אַ גזרה לאָזט זיך נישט זאָגן, אַז מ'מוז דאָס האָבן צוליב „מלוכה-אינטערעסן ?"

דער פּאָליטישער שטורעם פֿון יאָר 1806 האָט עטוואָס אָפּגעריי‌ניקט די לופֿט אין בייערן אויך, נאָך דעם ווי דאָס לאַנד איז אַריין אין „ריין-בונד". די נייע קאָנסטיטוציע האָט געגעבן בירגער-רעכט אַלע איינוואוינער „אָן אויסנאַם פֿון רעליגיעזער געזינונג", אָבער נאָר פֿאַר קריסטלעכע גלויבנס. יידן האָבן באַקומען נישטיקע הנחות: מ'האָט אָפּגעשאַפֿט דעם „לייב-צאָל" (1808) און מ'האָט אָנגעהויבן צולאָזן יידן אין אַלגעמיינע שולן; עטוואָס פֿריער האָט מען זיי „געטאָן די ערע" זיי צולאָזן צו בירגער-מיליציע. פֿונם בירגער-לעבן האָט מען נאָך יידן געהאַלטן פֿונדערווייטנס, דערפֿאַר אָבער האָט מען גענומען פֿאַרשמעלערן די אַלטע קהילה-אויטאָנאָמיע: מ'האָט אָפּ-געשאַפֿט דעם יידישן בית-דין. די פֿיורטער גרויסע קהילה האָט פּראָטעסטירט קעגן דעם, וואָס ביי יידן ווערן אָפּגענומען אַלטע פּריווילעגיעס, בעת קיין נייע בירגער-רעכט גיט מען זיי נישט (1809). די קהילה האָט דערלאַנגט אַ פּעטיציע דעם קעניג, וווייזנדיק, אַז יידן דאַרפֿן האָבן אַ בית-דין צו רעגולירן אינעווייניקסטע שטרייטיקייטן, בפּרט, אַז אַסך ציוויל-אַקטן זענען פֿאַרבונדן מיט יידישע דינים (חתונות, צוואות און דעסגלייכן). דער קעניג האָט באַפֿרידיקט די בקשה און האָט ערלויבט דעם יידישן בית-דין דער-ווייל בלייבן. דערפֿאַר אָבער האָט ער ביזן יאָר 1812 נישט געוואָלט הערן פֿון יידישער גלייכבאַרעכטיקונג. אין יענעם יאָר איז דער דראַנג פֿון יידישע השתדלותן נאָך שטאַרקער געוואָרן. דער פּרייסישער עמאַנסיפּאַציע-אַקט פֿון דעמגעלבן יאָר האָט געשטאַרקט די בייערישע יידן. מינכענער און באַמ-בערגער קהילות האָבן דערלאַנגט פּעטיציעס דעם קעניג, געבעטן, ער זאָל עמאַנסיפּירן אין דער גאַנצער מלוכה זייערע „גלויבנס-גענאָסן" לויט דעם פּרינציפּ: „גלייכע רעכט און גלייכע פֿליכטן". די בעטער האָבן זיך פֿאַר-

דופן אויף די באַשלוסן פונם פּאַריזער סנהדרין און באַווייזן, אַז די יידישע אמונה שטערט נישט צו זיין גוטע בירגער; זיי האָבן אויך אָנגעוויזן, אַז יידן זענען שוין עמאַנסיפּירט אין פראַנקרייך, האָלאַנד, וועסטפאַלן, פראַנק-פורטער הערצאָגטום און אין פּרייסן.

די יידישע השתדלותן נאָכאַנאַנד האָבן לסוף געגויט די בייערישע רעגירונג אַרויסצוגעבן אַ נייעם געזעץ וועגן יידן (דעם 10-טן יוני 1813). אָבער די קעמפער פאַר יידישער עמאַנסיפּאַציע האָבן זיך אָפּגענאַרט אינם געזעץ: אָנשטאָט פרייהייט האָט מען זיי דערלאַנגט די אַלטע קנעכטשאַפט מיט אַ נייעם נאָמען. אינם אַריינפיר צום עדיקט רעדט זיך פון אַ פולער „גלויבנס-פרייהייט", אָבער די 34 פּונקטן, וואָס גייען נאָכדעם, זענען פּונקט דער הפוך דערפון. דער נייער געזעץ האָט געלאָזט אומגעענדערט די צוויי וויכטיקסטע שטיצן פון דער אַלטער קנעכטשאַפט: דאָס שענדלעכע „שוץ-יידנטום", דאָס הייסט וואוינרעכט אַלס אַ קאָנצעסיע, וואָס מ'דאַרף פאַר איר טייער באַצאָלן, און די נאָרם אָקעגן פאַרמערונג. יעדע יידישע פאַמיליע, וואָס האָט זיך געזעצלעך באַזעצט אין בייערן ביזן יאָר 1813, האָט באַ-דאַרפט אַרויסנעמען ספּעציעל אַ „מאַטריקל" אויף וואוינרעכט ביי זיך אויף אַן אָרט; דער „מאַטריקל" גייט איבער בירושה פונם פאָטער צום עלטסטן זון. דער עלטסטער זון האָט רעכט חתונה צו האָבן, די איבריקע זין מוזן וואַרטן מיט חתונה-האָבן אויף אַ „וואַקאַנסיע", ד. ה. ביז אַ יידישע פאַמיליע שטאַרבט אויס, אָדער זי קלייבט זיך אַרויס; אַלס אויסנאַם קאָן מען קויפן אַ נייעם מאַטריקל פאַר אַ געצאָלט ביז 1000 גולדן. אין פּונקט 12 רעדט זיך אָפן, וואָס מ'איז אויסן מיט אַזאַ רעגלאַמענטאַציע: „די צאָל יידישע פאַמיליעס אין יעדער אָרט, וואו זיי האָבן געוואוינט ביז אַהער, זאָל בכלל ביסלעכווייז קלענער ווערן אויב זי איז צו גרויס, אָבער בשום אופן נישט גרעסער ווערן". דער אייגענער אידעאַל (יידן זאָלן ווערן ווייניקער) זאָל אויך דערלאַנגט ווערן דורך אַ סיסטעם פון שווערע באַגרעניצן אין פאַרקער און אין האַנדל. פרעמדע יידן-סוחרים טאָרן זיך אין לאַנד נישט באַזעצן, דער קעניג קאָן אַרויסגעבן מאַטריקלען נאָר פאַבריקאַנטן, בעלי-מלאכות און ערד-אַרבעטער.

אַזוי האָט זיך די בייערישע רעגירונג אָפּגערופן אויף אַ „פאָדערונג פון דער צייט". ס'האָט געהייסן, דער נייער עדיקט זאָל „אויסלייטישן" אָדער „ערציען" יידן; דורך רעפאָרעסיעס זאָלן יידן „לייטישער" ווערן, זיי זאָלן נאָכדעם זוכה זיין אַריינצוקומען אין דעם געבענטשטן לאַנד פון פריי-הייט. אָבער די בייערישע רעגירונג האָבן דערמיט נאָר באַוויזן, אַז זיי גופא דאַרף מען פּאָליטיש ערציען. ריכטיק באַמערקט איין בייערישער היס-טאָריקער (לערכנפעלד), אַז די ווערטער וועגן „גלויבנס-פרייהייט" אין אָנהויב

צדיקט קלינגען ווי אַ ביטערער שפּאַס... דער נייער פּרעה-געזעץ האָט אויפגעבראַכט יידישע קהילות, בפרט נאָך, אַז דער געזעץ האָט שטאַרק אָנגערירט די קהילה-אויטאָנאָמיע: די רעגירונג האָט ווידער אָפּגעשאַפט דעם יידישן בית-דין אַזוי ווי אַ באַפרידיקונג פאַר די „חסדים״, וואָס זי האָט באַוויזן יידן אין פּרט פון בירגער-רעכט. ס׳האָט ווידער פּראָטעסטירט די אַלטע פיורטער קהילה, וואָס האָט זיך געריִמט מיט אירע רבנים, ישיבות און צדקה-חברות. די פיורטער פּרנסים שרייבן אין זייער פּעטיציע: „ס׳קרענקט אונז צו לייענען דעם פּונקט (אַז יידן זאָל ווייניקער ווערן). ביז איצט האָבן מיר געקוקט אויף דעם צוקום אָדער אָפּפאַל אין אונזער קהילה אַלס אויף אַ סימן, אַז דער וואוילשטאַנד אונזערער און פון דער שטאָט הויבט זיך אָדער ער פאַלט; אין דעם עדיקט פון אייער מאַיעסטעט זעען מיר אַ שטרעבן צו פאַרהאַלטן אונזער וואוילשטאַנד, אָבער אַ לאַנגער שטילשטאַנד ברענגט יעדן אָרגאַניזם צו פאַלן. מיר קאָנען אויך נישט פאַרהוילן אונזער זאָרג, אַז אַזאַ באַציאונג צו אונז פון אייער מאַיעסטעט וועט אין המון אויסגעטײַטשט ווערן אַזוי, אַז יידן זענען לחלוטין שעדלעך, און דאָס וועט אונז פאַרשאַפן נאָך מער פּלאָג און פאַראַכטונג״. צום לעצט בעט די פיורטער קהילה לאָזן דעם יידישן בית-דין, דער קעניג האָט באַפרידיקט די בקשה וועגן בית-דין נאָר בנוגע פיורט, אַלס אויסנאַם; פון דעם פּראָטעסט אָבער בכלל קעגן דעם עדיקט האָט ער זיך נישט ווייסנדיק געמאַכט. די שענדלעכע בייערישע „יידן-קאָנסטיטוציע״ האָט געגאָלטן אַ לאַנגע צייט ביז איבער דער רעוואָלוציע פון יאָר 1848.

בעסער איז מיט די רעפאָרמעס צוגעגאַנגען אין מעקלענבורג, וואָס איז אויך צוגעשטאַנען צום „ריין-בונד״. דער הערצאָג פרידריך-פראַנץ I, וואָס האָט פריער געהאַלטן פון נאָרמירן די צאָל יידישע באַפעלקערונג (§ 2), האָט איצט גענומען נאָכגיין נאָך דער פראַנצויזישער מאָדע. אים איז אָבער אויסגעקומען אויסצושטיין אַ קאַמף פאַר אַ יידן-רעפאָרם מיט דעם יידנפיינטלעכן לאַנדטאַג. אין יאָר 1811 האָבן דעפּוטאַטן פון מעקלענבורגער יידישע קהילות דערלאַנגט דעם הערצאָג אַ פּעטיציע וועגן גלייכבאַרעכטיקונג. די פּעטיציע איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם לאַנדטאַג מיט אַ רעזאָלוציע פון הערצאָג, אַז ס׳איז געוואונשן גלייכבאַרעכטיקן יידן, כּדי „אָפּצושאַפן דאָס בייז, וואָס ווערט איצט באַגאַנגען קעגן יידן ביי זייער איצטיקער לאַגע אין דער מלוכה״. דער לאַנדטאַג, וואָס איז באַשטאַנען פון פּריצים און סוחרים, האָט צוגעשטימט, אַז מ׳דאַרף גרינגער מאַכן די יידישע לאַגע „פון וועגן יושר, מענטשלעכקייט און מלוכה-אינטערעסן״, ער האָט זיך אָבער שטאַרק אַקעגן-געשטעלט קעגן פולער יידישער עמאַנסיפּאַציע איבער די אינטערעסן פון דער אייגענער קעשענע. „וועט דער ייד פריי ווערן, —

אַזוי האָבן זיי געטענהט — וועט ער אויסנוצן זיינע האַנדלס-פּעאיקייטן אויף אַרויסצושטופּן קריסטן פונעם האַנדל". דער לאַנדטאַג האָט דעריבער פאָרגע-לייגט אַזוינע קאַנדיציעס פאַר עמאַנסיפּירן יידן בהדרגה: 1) יידן זאָלן זיך אָפּזאָגן פון אייניקע „נישט-וויכטיקע" פּרטים אין זייער רעליגיע, ווי למשל פון שבת, פון כשר, פון יידישע חתונה-דינים. 2) דער יונגער יידישער דור זאָל ערצויגן ווערן אין דער דייטשער שול; יעדער פאָטער זאָל מעגן נע-מען צו מסחר נאָר איין זון; די איבריקע זאָל ער געוויינען צו מלאכה, ערד-אַרבעט אָדער קונסט (יאַנואַר 1812). מ'קאָן זיך פאָרשטעלן, ווי אַזאַ פּראָיעקט צו רעגלאַמענטירן מיט פּאָליציי-כּללים דאָס יידישע גייסטיקע און פאַמיליען-לעבן, האָט אויפגעבראַכט מעקלענבורגער יידן. דעפּוטאַטן פון יידישע קהילות האָבן זיך געווענדעט נאָך הילף צום אַלטן געלערנטן טיק-סענען, פּראָפעסאָר פון טעאָלאָגיע אין ראָשטאָק, אַ קענער פון דער העב-רעאישער ליטעראַטור, וואָס האָט אַ סך מי אָפּגעגעבן — און אומזיסט גע-ווינטלעך — אויף מאַכן יידן פאַר קריסטן. די דעפּוטאַטן האָבן געבעטן טיקסענען, ער זאָל אויסנוצן זיין השפּעה אויפן הערצאָג, כּדי צו-נישט מאַכן דעם לאַנדטאַגס צביעותדיקן פּראָיעקט. דער פּראָפעסאָר האָט זיי צוליב גע-טאָן, כאָטש דערביי האָט ער נישט אויפגעהערט צו חזרן די אַלטע מיסיאָ-נערישע טענה, אַז ווי לאַנג יידן וועלן זיך נישט אָפּזאָגן פונם תּלמוד און פונם שלחן-ערוך, וועלן זיי זיך נישט איינלעבן מיט קריסטן.

אגב האָט דער הערצאָג אַליין אויך געהאַלטן פון אַ רעפאָרם. די פּרייסישע עמאַנסיפּאַציע פון יאָר 1812 האָט אים צוגעגעבן מוט, האָט ער אין פעברואַר 1813 געגעבן אַן עדיקט לויטן פּרייסישן שטייגער, נאָר שטאַרק פאַרשמעלערט. יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן שוין „שוץ-בריוו", באַקומען אַ נאָמען „היימישע" און ווערן גלייכבאַרעכטיקט מיט קריסטן, נאָר מיט געוויסע אויסנאַמען. זייערע קינדער, וואָס האָבן נאָך נישט קיין שוץ-בריוו דאַרפן באַקומען ביי דער רעגירונג אַ קאָנצעסיע אויף דעם נאָמען „היימישע"; דערצו דאַרפן זיי צושטעלן אַ שיין פון זייער רעכטס-פּעאיקייט. אַלע פּראָ-פעסיעס זענען פאַר יידן אָפן, חוץ הויזירן; דערויף דאַרף מען האָבן ספּע-ציעל אַן ערלויבעניש. יידן ווערן צוגעלאָזט צו מיליטער-דינסט און צו מוניציפּאַל-שטעלעס, אָבער דערווייל נישט צו מלוכה-שטעלעס; דאָס זאָל קומען „מיט דער צייט". פאַר די דאָזיקע הנחות זאָלן זיך יידן אָפּזאָגן פונם יידישן בית-דין, אויך פון זייערע דינים וועגן חתונות און גטן; דאָס זאָל געהערן צו די אַלגעמיינע ציוויל-אינסטיטוציעס. ס'מעגן זיין געמישטע חתונות, אָבער בתנאי, אַז די חתונה זאָל פאָרקומען לויט דעם קריסטלעכן שטייגער און די קינדער זאָלן ערצויגן ווערן ווי קריסטן. די „שטאַנדן" אין לאַנדטאַג זענען אָבער געווען שטאַרק אומצופרידן אויך מיט דער דאָזיקער אַרומגע-

פליקטער „יידן-קאָנסטיטוציע". בעת יידישע יוגנט האָט אין די יאָרן 1813—1814 פאַרגאָסן בלוט פאַר באַפרייען דייטשלאַנד, האָבן מעקלענבורגער פריצים און טוחרים-קריסטן נישט אויפגעהערט צו פאַרוואַרפן דעם הערצאָג מיט פעטיציעס, ער זאָל ראַטעווען דאָס לאַנד פון יידישער „גלייכבאַרעכטיקונג".

די יידן-פּאָליטיק אין באַדן איז געווען אַ געמיש פון אַ נייעם עמאַנסיפּאַציע-וועג און פון אַלטע רעפרעסיעס. דאָ אין דעם הערצאָגטום, בשכנות מיט פראַנקרייך, האָבן זיך נאָך פאַר נאַפּאָלעאָנס נצחונות געלאָזט פילן די פראַנצויזישע פרייהייט-אידייען; דער קריזיס אין יאָר 1806 האָט פאַרשטאַרקט די ליבעראַלע שטרעמונגען. לויט דער קאָנסטיטוציע פון יאָר 1807 האָט מען באַדענער יידן איבערגעטראָגן פון „שטייער-שטאַנד" אין דער קאַטעגאָריע „פרייע שטאַטס-בירגער", אָבער צו באַקומען די רעכט פון דעם נייעם שטאַנד האָט יעדער ייד באַדאַרפט צושטעלן אַ שיין, אַז ער „לעבט פון די זעלבע פּראָפעסיעס, וואָס קריסטן", ד. ה., אַז ער באַשעפטיקט זיך נישט מיט קליינהאַנדל, מעקלעריי און וואָכער. דעמזעלבן דיסציפּלינאַרן גייסט זעען מיר אויך אין הערצאָג קאַרל-פרידריכס עדיקט וועגן יידן פון 13 יאַנואַר 1809. באַדענער יידן, „אַלס אַ רעליגיעזע גרופּע אין לאַנד", באַקומען רעכט פון געמיינדע-בירגער, אָדער פון אָרטס-בירגער, אָבער נאָר דעמאָלט, ווען זיי שפּייזן זיך „פון בירגערלעכע חיונה-קוועלן". חוץ „הויזירער" (פּעדלער), מעקלער, פּראָצענטניקעס זענען אויסגעשלאָסן פונם בירגער-שטאַנד אויך פּי-הענדלער, וואָס גראָד אין באַדן זענען זיי געווען אַ סך צווישן יידן. אַזוי איז דער גרעסטער טייל פון דער יידישער מאַסע, וואָס איז באַשטאַנען — אויב נישט אַריינרעכענען די וואָכערניקעס — פון אָרימע הענדלער („נויט-האַנדל" ווי דער געזעץ דריקט זיך אויס), געווען אויסגעשלאָסן פון גלייכבאַרעכטיקונג. דערפאַר אָבער האָבן די געטרייע רעגירער שטאַרק געזאָרגט פאַר איבערבויען די יידישע „רעליגיעזע" קהילות. די פראַנצויזישע קאָנסיסטאָריאַלע סיסטעם האָט דאָ אין באַדן באַקומען אַזאַ אויסזען: יעדע סינאַגאָגע אויף אַן אָרט האָט זיך איר אָרטיקן רב, זי איז אונטערגעוואָרפן דער קרייז-סינאַגאָגע מיט דעם קרייז-רב; די העכסטע פאַרוואַלטונג — „דער איזראַעליטישער אויבער-ראַט" זיצט אין דער רעזידענץ (קאַרלסרוהע) און באַשטייט פון 8 רבנים און וועלטלעכע מענטשן לויט דעם הערצאָגס באַשטימען. דער אויבער-ראַט, וואָס האָט פאַר אַ פאָרזיצער אַגעבילדעטן רב אָדער אַ געבילדעטן וועלטלעכן מענטשן, פירט איין באַשטימטע נאָרמען פאַר קהילהשער זעלבסט-פאַרוואַלטונג און זאָרגט פאַר אינעווייניקסטע רעפאָרמעס. אין יאָר 1812 איז ין אויבער-ראַט באַשטימט געוואָרן אַ רעגירונגס-קאָמיסאַר, וואָס אָן זיין סאַנקציע האָט קיין באַשלוס אין אויבער-ראַט קיין מאַכט נישט געהאַט. אין באַדענער עדיקט פון יאָר

1809 האָבן געשטעקט אַסך גוטע כוונות אָבער צו פיל איז ער געווען אָנגעזאַפּט מיטן גייסט פון אפוטרופסות און סאָרטירן בירגער אויף קאַטעגאָריעס; מ׳קאָן אים דעריבער נישט האַלטן פאַר קיין אַקט פון עמאַנסיפּאַציע, ווי מ׳האָט שפּעטער, אין דער תקופה פון רעאַקציע, געמיינט.

## § 35. די נייע ליטעראַטור און די נייע שול

מיר האָבן שוין פריער געהאַט אָנגעוויזן, אַז דער אינעווייניקסטער קולטור-קריזיס איז ביי די דייטשע יידן פאָרגעקומען האַסטיקער און שאַרפער, איידער דער פּאָליטישער קריזיס. דער פּראָגרעסיווער טייל פון יידישער געזעלשאַפט האָט זיך צוגעאיילט אַראָפּוואַרפן פון זיך צו פיל פון איר אַלטער קולטור; צוזאַמען מיט אָפּגעלעבטס האָט מען דאָ אַרויסגעוואָרפן אייביקע לעבנס-פעאיקע נאַציאָנאַלע ווערטן, און דאָס איז געטאָן געוואָרן אין אַ צייט, ווען רעגירונגען און פעלקער האָבן זיך נאָך פעסט געהאַלטן ביי זייער אַלטער פיינטלעכער באַנעמונג צו יידן. דאָרט ווידער, וואו די געענדערטע פּאָליטישע לאַגע האָט געבראַכט יידן גאַנצע אָדער האַלבע עמאַנסיפּאַציע, האָט דאָס נאָך צוגעגעבן חשק צו צעברעכן דעם גאַנצן יידישן לעבנס-שטייגער. די אַלע קריזיסן האָבן זיך קנאַפּ אָפּגעשפּיגלט אין דער ליטעראַטור ביי יידן אין יענע צייטן. די ליטעראַטור האָט נישט באַוויזן מיטגיין מיט דעם האַסטיקן אימפּעט פון דער צייט.

די רעוואָלוציאָנערע תקופה אין נאַפּאָלעאָנס צייט מיט די שטורעמדיקע איבערקערענישן איז נישט געווען מזלדיק פאַר דער יונגער, נאָך שוואַכער השכלה-ליטעראַטור. קודם-כל האָט פונם קולטור-קריזיס געליטן די יידישע שפּראַך און די נאַציאָנאַלע ליטעראַטור-פאָרם. די אומגאַנגס-שפּראַך, יידיש, האָט מען צו מענדעלסאָנס צייט פאַריאָגט פון דער פאַמיליע און פון דער שול. מענדעלסאָנס דייטשע ביבל-איבערזעצונג, געדרוקט מיט יידישע אותיות, האָט געהאַט אַ קלאָרן צוועק: אַרויסצושטופּן פון דער שול און פון דער סינאַגאָגע דעם יידיש-דייטשן „זשאַרגאָן". ערב רעוואָלוציע האָט מענדעלסאָנס קרייז געפּרוווט באַשאַפן אַ ליטעראַטור אויף ניי-העברעאיש. אָבער דאָס איז צוגעגאַנגען זייער שווער, און איניגכן איז דאָס אין דייטשלאַנד צו-נישט געוואָרן. דער „פאַריין פון ליבהאָבער פון דער העברעאישער שפּראַך" האָט אַרויסגעגעבן די זאַמל-ביכער „המאסף" מער ווייניקער רעגולער ביזן יאָר 1790, צופעליקע זאַמלונגען זענען דערנאָך אַרויסגעגאַנגען מיט אינטערוואַלן ביזן יאָר 1797, דערנאָך איז די אויסגאַבע נישט געוואָרן. אין יאָר 1809 איז געמאַכט געווען דער לעצטער פּרווו צו באַנייען די

זאמל-ביכער, אָבער אין צוויי יאָר אַרום האָבן זיי זיך גאָר אָפּגעשטעלט
(פאַר דער צייט האָט זיך דריי מאָל געביטן דער אָרט פון דער אויסגאַבע:
בער־לין, קעניגסבערג, ברעסלוי). געגומען האָט זיך דאָס דערפון, וואָס די
העברעאישע שפּראַך איז אַלץ מער פאַרשוואונדן געוואָרן פון שול און פון
דער ליטעראַטור ביי די געבילדעטע יידן, וואָס האָבן באַקומען ערציאונג
אין דער דייטשער שול אויף דער דייטשער שפּראַך. „ליבהאָבער פון
העברעאיש" איז געוואָרן אַלץ ווייניקער: דער „המאסף", וואָס האָט נישט
געהאַט קיין צושטראָם פון יונגע ליטעראַרישע קרעפטן און פון נייע לעזער,
האָט געצאַנקט און איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן אין זיין השכלה-ערציערישן
אינהאַלט, ביז ער איז גאָר אַנטשוויגן געוואָרן. דער רעדאַקטאָר שלום
הכהן, וואָס האָט אין יאָר 1809 געמאַכט דעם לעצטן פּרוּוו אויפצולעבן
דעם „המאסף", קלאָגט זיך: „מיט אַ געקלעמט האַרץ האָבן מיר צוגעזען,
ווי אונזער הייליקע שפּראַך פאַלט אַלץ און צאַנקט. טאָג אויף טאָג ווערן
אירע פריינט ווייניקער. איז דען שוין קיין האָפנונג נישט פאַראַן אויפ-
הויבן איר ווערט, באַווייזן פעלקער איר שיינקייט?" ס'האָט זיך אַרויסגע-
שטעלט, אַז נישט גראָד „פעלקער", נאָר אַפילו דאָס איינציקע פאָלק, וואָס
די „הייליקע שפּראַך" האָט באַדאַרפט ביי אים האָבן אַ קולטור-ווערט, אַפילו
דאָס דאָזיקע פאָלק, אין דעמאָלטיקן דייטשלאַנד ווייניקסטנס, מאַכט זיך זייער
ווייניק פון העברעאיש. דער אָרגאַן אויף העברעאיש האָט געמוזט אָפּטרעטן
פאַר אַן אָרגאַן אויף דייטש.

אין יאָר 1806 האָט אין דעסוי, אין מענדעלסאָנס היים, אָנגעהויבן
אַרויסצוגיין אויף דייטש אַ חודש-זשורנאַל (שפּעטער איין מאָל אין צוויי
חדשים) מיט דעם נאָמען „שולמית, אַ פּעריאָדישע אויסגאַבע צו אַנטוויק-
לען קולטור און הומאַניזם ביי דער יידישער נאַציע". דער שטענדיקער
רעדאַקטאָר איז געווען דוד פרענקל, דירעקטאָר פון יידישע שולן אין
הערצאָגטום אַנהאַלט-דעסוי און אַ גליד פון יאַקאָבסאָנס קאָנסיסטאָריע אין
וועסטפאַלישן קעניגטום. דער זשורנאַל, וואָס איז אויפגעקומען צו דער
צייט, ווען מ'האָט אין פּאַריז צונויפגערופן די יידישע דעפּוטאַטן-פאַרזאַמלונג,
איז געוואָרן דער שופר פאַר די אידייען פון דער פאַרזאַמלונג און דערנאָך
פון דעם פאַריזער סנהדרין. די אידעאַלן פון „קולטור און הומאַניזם" האָבן
אין דער פּראַקטיק געהייסן: עמאַנסיפּאַציע און אַסימילאַציע. די ערשטע
צייט האָט מען אין זשורנאַל געפּרעדיקט אַסימילאַציע זייער איינגעהאַלטן,
אָבער וואָס מער די יידישע עמאַנסיפּאַציע איז אַריינגעדרונגען קיין דייטש-
לאַנד, אַלץ שטאַרקער און אָפענער איז געוואָרן די אַסימילאַציע-טענדענץ.
נאָך דעם יאָר 1807 ווערט נישט אין קעפּל די ווערטער: „ביי דער יידי-
שער נאַציע"; אָנשטאָט דעם קומט די אויפשריפט „ביי איזראַעליטן". אין

די יאָרן 1812–1808 ווערט דער זשורנאַל פאַקטיש אַן אָרגאַן פון ישראל יאַקאָבסאָן און פון דער וועסטפאַלער קאָנסיסטאָריע; דער רעדאַקטאָר גופא איז געווען אַן אַקטיווער גליד אין דער דאָזיקער קאָנסיסטאָריע. מיטאַרבעטער זענען געווען דוד פרידלענדער און די שפּעטערדיקע שטרייטער פאַר אַ רעליגיעזער רעפאָרם (סאַלאָמאָן, קלעע, יאָלסאָן און אַנד.). לויט דעם אינהאַלט און ליטעראַטור-פאָרם שטייט דער זשורנאַל „שולמית" העכער פאַר דעם פרימיטיוון „המאסף", אָבער דער יונגער דור איז געבליבן קאַלט צום דייטשן זשורנאַל אַזוי ווי פריער צו דעם העבּרעאישן; דער דור האָט אָנגעוואוירן נישט די שפּראַך אַליין, נאָר יעדן אינטערעס בכלל צו יידישער ליטעראַטור אויף יעדער שפּראַך.

ס'איז מערקווירדיק, וואָס אין משך פון דער גאַנצער איבערגאַנגס-תקופה פון דער „ערשטער עמאַנסיפּאַציע" האָט דאָס דייטשע יידנטום נישט געגעבן קיין איין אָנגעזעענעם שרייבער. מיטלמעסיקע ליטעראַרישע קרעפטן, וואָס זענען אינגיכן פאַרגעסן געוואָרן, האָבן זיך גרופּירט אַרום די דערמאָנטע אויסגאַבן. דוד פרידלענדערס ליטעראַרישע אַרבעטן האָבן געהאַט נאָר אַן אַגיטאַציע-ווערט אויף אַ ווייל, אַלס אַ טייל פון זיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט; אליעזר בענדאַוויד (§ 31) האָט זיך אַסך אָפּגעגעבן מיט קאַנטס פילאָזאָפיע, און יידן האָט ער געשענקט אַ פּאָר נישטיקע בראָשורן. יענע צייט, ווען די יידישע אַסימילירטע אינטעליגענץ האָט געהאַלטן אין איין ברעכן דאָס יידישע לעבן, איז אויסגערונען דער קוואַל פון יידישער שאַפונג. די אָרטאָדאָקסאַלע מאַסע ווידער איז געשטאַנען ווי געפּלעפט פאַר דעם תהום, וואָס האָט זיך געעפנט פאַר אירע אויגן, און איז געווען לחלוטין אומבאַהאָלפן מיט איר פאַרעלטערט געווער קעגן דעם דראַנג פונם היסטאָרישן שטורעם.

דער קאָסמאָפּאָליטיזם פון דער רעוואָלוציע-תקופה האָט פאַרשוועכט אין זיין שטראָם דאָס גאַנצע פריידנקערישע, וואָס דאָס יידנטום האָט פאַרמאָגט. דער פּראָגרעסיווער אני-מאמין האָט געהייסן, ס'זאָל ווערן אויס צווישן-שיידן צווישן נאַציעס, אַלע פאָלקס-טיפּן זאָלן זיך צונויפשמעלצן; די איינטיילונג לויט קולטור-היסטאָרישע טיפּן, לויט נאַציעס, האָט פאַר יענער איבערפלעכלעכער צייט אויסגעזען פונקט אַזוי ווילד, ווי אונטערשיידן צווישן פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס בירגער, די ביטערע ירושה פונם אַבסאָלוטיזם און פונם שטאַנדן-רעזשים. אָבער אין דער פּראַקטיק האָט דער יידישער קאָסמאָפּאָליטיזם געלייקנט נישט מער ווי די יידישע נאַציע, וואָרום אַסימילאַציע, דער צווייטער אני-מאמין פון יענער צייט, האָט געהייסן דווקא זיך אַריינטאָן אין די אינטערעסן פון די אַרומיקע נאַציעס; יידישע קאָסמאָפּאָליטן זענען געווען אויסגעצייכנטע דייטשע אָדער פראַנצוי-

זישע פּאַטריאָטן. נישט גרינג איז יידן אָנגעקומען אויפגענומען ווערן אין דער דייטשער געזעלשאַפט, וואו ס'איז נאָך פאַרבליבן גענוג איינגעבאַקענע יידנפיינטשאַפט; נישט ווייניק דערנידערונג און שפּאָט זענען זיי אויסגעשטאַנען. ס'איז געוואָרן אַ קנעכטישע געוווינהייט: פאַרהוילן פאַר קריסטן דעם יידישן אָפּשטאַם. לודוויג בערנע, דעמאָלט אַ סטודענט אין היידלבערגער אוניווערזיטעט, שרייבט צו העגריעטע הערץ (1807): „דאָ שטודירן איי‌ניקע יידישע יונגע-לייט פון פיינע פאַמיליעס. ס'איז אינטערעסאַנט צוצוזען ווי פלייסיק די לייט באַהאַלטן דאָס אויס, אַז זייער אור-פאָטער האָט צוגעהונקען. וועסט דאָ קיינמאָל נישט טרעפן, צוויי יידן זאָלן שפּאַצירן אינאיינעם אָדער אַפילו רעדן (אין עפנטלעכע ערטער)”. דער היסטאָריקער יאָסט, וואָס האָט אין יאָר 1813 שטודירט אין געטינגען, דערציילט, אַז זיינע יידישע חברים זענען שוין דעמאָלט געווען ערב שמד. אין זיין „געשיכטע פון דער נייער צייט” באַמערקט ער, ווי יידן זענען פון דער הויט געקראָכן נושא חן זיין ביי קריסטן און פלעגן דערפאַר ווערן אויסגעלאַכט. אַ געבילדעטער ייד פלעגט דעמאָלט קוקן אין די אויגן נאָר דער אויסערלעכער סביבה; פאַר איר האָט ער זיך געוואָלט פאַרענטפערן, איר האָט ער געוואָלט באַווייזן, אַז ער איז מיט איר איינס, אַז ער קערט זיך מער נישט אָן מיט דעם אַלטן יידנטום, וואָס איז געווען אין זיינע אויגן אַ סימבאָל פון טויט און פוסטקייט.

דער גרעסטער אַסימילאַציע-קעסל — דאָס איז געווען די דייטשע שול, די אָנפאַנגס-מיטל- און הויך-שול, וואוהין די יידישע יוגנט האָט געשפּאַרט. אָבער די יידישע שול, צוגעשניטן אויפן דייטשן שטייגער, איז נישט פיל בעסער געווען. אין דער בערלינער „פריישול”, וואו בענדאַוויד איז געווען דירעקטאָר, און אין יאַקאָבסאָנס שול-פּאַנסיאָן אין זעזען האָבן געלערנט צוזאַמען יידישע און קריסטלעכע קינדער, און דאָס לערנען איז געווען צוגעפּאַסט צו דער דאָגמע פון פאַרדייטשן *). די ברעסלויער „ווילהעלם-שול”, געגרינדעט אין יאָר 1791 אויף דער רעגירונגס איניציאַטיוו, אָבער אויסגעהאַלטן אויף יידיש קהילה-געלט, האָט די אָרטאָדאָקסן געקרענקט און די אויפגעקלערטע געפרייט: יענע האָבן דאָ געזען אַן אומגליק פאַר יידן, די— אַ הילף און אַן אויפלעבונג. גובר געווען האָבן די אויפגעקלערטע, און זיי האָבן גענומען פירן די יוגנט אויפן וועג צו אַסימילאַציע. דיזעלבע סיסטעם האָט אויך געהערשט אין פראַנקפורטער „פילאַנטראָפּין” (§ 33) און אין

*) אין דעם באַריכט פון דער „פריי-שול” פאַר דאָס יאָר 1815 ווערט גערעדט מיט פרייד וועגן דעם צוזאַמענלערנען פון יידן מיט קריסטן — דער בעסטער וועג, זיי זאָלן נעענטער ווערן; גראָד דאָסזעלבע יאָר האָט פון ס'ביי אויפגעפלאַקערט אַ פייער פון יידנפרעסעריי אין דייטשלאַנד.

אַנדערע „נאָרמאַלע״ שולן, וואָס זענען געוואָרן פאַבריקן אויף צו פּראָדוצירן „דייטשן פון משה-רבינוס גלויבן״.

די קולטור-רעוואָלוציע ביי די דייטשע יידן האָט זיך געשפּייזט נישט אַליין פון די פּאָליטישע און אידייאישע קריזיסן אין דייטשלאַנד צו יענער צייט, נאָר אויך פון דעם גרינדלעכן עקאָנאָמישן איבערקער, וואָס איז פאָרגעקומען אין יידישן לעבן. האַנדל האָט אויפגעהערט צו זיין די איינ-ציקע יידישע פּראָפעסיע, יידן האָבן זיך גענומען פאַר פאַבריק-אינדוסטריע, פאַר מלאכות, פאַר פרייע פּראָפעסיעס; געשען איז דאָס אַ טייל מחמת דער ווירקונג פון דער עמאַנסיפּאַציע-באַוועגונג, אַ טייל איבער די עקאָנאָמישע קריזיסן צו נאַפּאָלעאָנס צייט. צו פרייע פּראָפעסיעס האָט זיך געריסן די יידישע יוגנט, וואָס האָט שטודירט אין די הויכשולן. צו נאַפּאָלעאָנס צייט האָט זי געהאַט גרויסע אויסזיכטן אויף מלוכה-אַמטן און געזעלשאַפטלעכע שטעלעס, וואָס אין וועסטפאַלן זענען זיי שוין געווען אָפן פאַר יידן; אין אַנדערע ערטער (פּרייסן) איז געווען אַ צוזאָג אויף דער נאָענטסטער צייט. די פרייע פּראָפעסיעס אָדער דאָס גרייטן זיך צו זיי זענען געווען אַ גוטע פּראַקטישע שול פאַר אַסימילאַציע, ווייל דאָ איז די יידישע אינטעליגענץ פון דער הויט געקראָכן צו באַווייזן, אַז זי פאַרדינט בירגערלעכע און פּאָליטישע גלייכבאַרעכטיקונג.

## קאַפּיטל IV

# די פעסטקייט פונם אַלטן רעזשים אין עסטרייך

### § 36. די פּאָליטישע לאַגע בכלל

די עסטרייכישע מאָנאַרכיע האָט פעסטער פאַר אַנדערע אויסגעהאַלטן דעם זרוק פון דער רעוואָלוציע. נאָך יוסף דעם II-טנס טויט (1790) האָט דער אַלטער קלעריקאַלער אַבסאָלוטיזם אַרויסגעשטופּט דעם נייעם, דעם „אויפגעקלערטן". דער צוריק-אויפגעקומענער רעזשים האָט שווער געדריקט דאָס לאַנד מיט די פיל פעלקער, צווישן זיי אויך אַ האַלבן מיליאָן יידן. די פראַנצויזישע רעוואָלוציע מיט איר אומוואַרפן „טראָנען און אַלטאַרן" האָט אַרויסגערופן מצד די אָרדנונגס-היטער נאָך אַ שטאַרקערן ווידערשטאַנד קעגן רעפאָרמעס. נאַפּאָלעאָנס מלחמות האָבן אָנגעריזט עסטרייך נאָר אין די גרעניץ-געגנטן, אָבער נישט אין צענטער; דאָס יאָר 1806, וואָס האָט אויף אַ ווייל איבערגעקערט גאַנץ דייטשלאַנד, האָט עסטרייך אָנגערירט נאָר מאָראַליש: ביים עסטרייכישן קייזער איז אָפּגענומען געוואָרן די קרוין פון דער „הייליקער רוימישער אימפּעריע" און דער פאָרמעלער טיטל: דער הויפּט פון דער דייטשער נאַציע. דעם אַלטפרענקישן לאַנד פון די האַבסבורגער האָט מען נישט אָנגעוואָרפן קיין פרעמדע קאָנסטיטוציע.

לויט דער צאָל יידן איז עסטרייך געווען דאָס צווייטע לאַנד נאָך רוסלאַנד. יידן זענען געווען שיטערער אין ווין און אין דייטש-עסטרייך; די געדיכטע מאַסע האָט געלעבט אין די סלאַווישע און אין די אונגאַרישע לענדער: אין בעהמען און מעהרן (76 טויזנט לויט דער ציילונג פון יאָר 1803), אין גאַליציע, (295 טויזנט), אין אונגאַרן מיט סלאַוואָניע און טריעסט (85 טויזנט). די דאָזיקע דריי מלוכה-טיילן זענען געווען דער געזעצלעכער „תחום" פאַר יידן, אין אַנדערע זענען זיי געווען איינוואוינער אויף אַ ווייל. יידן זענען געשטאַנען אויסער דער בירגער-געזעלשאַפט: דריי

פאַרשיידענע סיסטעמען גזעצגעבונג האָבן רעגולירט זייער בירגערלעכע לאַגע: 1) אין ווין און אין דייטש-עסטרייך האָבן געציילטע פריווילעגירטע פערזאָנען, באַזונדערס די זייער רייכע, געקאָנט באַקומען קאָנצעסיעס צו וואוינען און צו האַנדלען דאָרט פאַר אַ באַשטימטן אָפּצאָל. 2) אין בעהמען און אין מעהרן איז געווען אַ געוויסע געזעצלעכע נאָרם פאַר דער צאָל יידן; איבער דער נאָרם האָבן זיך יידן נישט געטאָרט מערן. 3) אין גאַליציע און אין אונגאַרן איז נישט געווען קיין פאַרבאָט אויף מערן זיך. אָבער דאָס גאַנצע יידישע לעבן איז רעגולירט געוואָרן דורך באַגרענעצונגס-געזעצן, וואָס די צענטראַלע אָדער די אָרטיקע מאַכט האָט פאַר זיי צוגעקלערט. חוץ די שטאַרקע באַגרענוצן אין פרט פון פערזענלעכע און בירגערלעכע רעכט, האָבן נאָך יידן געליטן (דערהויפּט אין בעהמען און אין גאַליציע) אין נאַציאָנאַלן לעבן אויך: די מאַכט פלעגט זיך אָפּט אַריינמישן אין יידישע אינעווייניקסטע ענינים מיט דעם צוועק צו דענאַציאָנאַליזירן — אַ ירושה פון יוסף II פּאָליטיק „אויסצולייטישן" יידן.

נאָך יוסף II טויט האָבן די קלעריקאַלן געוואָלט אָפּשאַפן זיין „טאָלעראַנץ-עדיקט"; די אידיי פון טאָלעראַנץ גופא איז ביי זיי געווען געהאַסט. די קאַטוילישע בישאָפן האָבן זיך געקלאָגט פאַרן נייעם קייזער לעאָפּאָלד II (1790–1792) אויף דער טאָלעראַנטער באַציאונג צו נישט-קאַטוילן פאַר דעם געוועזענעם קייזער; בפרט האָבן זיי זיך געקלאָגט, וואָס יידן לאָזט מען צו אין קריסטלעכע שולן; דאָס קאָן ברענגען, אַז קריסטן זאָלן, חלילה, פאַרפירט ווערן אין יידישקייט. די קריסטלעכע גייסטלעכשאַפט האָט געוואָלט האָבן, אַז טאָלעראַנץ צו יידן זאָל נישט זיין קיין לאַנד-געזעץ, די מאַכט אָדער פעאָדאַלן אויף די ערטער זאָלן האַנדלען לויט זייער איינזען. אָבער די נייע רעגירונג האָט אויך נישט געקאָנט אָנהויבן איר פירונג פון אַזאַ אכזריותדיקער אַקציע. גראַף קאָלאָווראַט, דער פאַרוואַלטער פון דער הויף-קאַנצעלאַריע, האָט אָנגעוויזן דעם קייזער אין אַ ראַפּאָרט, אַז פאַר עסטרייכס פּרעסטיזש וואָלט זייער שעדלעך געווען אָפּצושאַפן דעם טאָלעראַנץ-עדיקט, וואָס אין זיין צייט האָט ער אויסגענומען ביי גאַנץ אייראָפּע, און איינפירן אַ רעזשים פון „אונטערדריקן דאָס געוויסן". דער הויכגעשטעלטער הויף-מענטש האָט געלערנט דעם מאָנאַרך אַזעלכע אלף-בית-תורות, אַז „פון נויטן מיט געוואַלד ווערט יענער קיין רעכטער קריסט נישט; ס'קומען נאָר צבועיאַקעס, וואָס אין האַרצן פאַראַכטן זיי און לעסטערן די רעליגיע, וואָס זיי האָבן געמוזט אָננעמען איבער נויט". לעאָפּאָלד II האָט אָפּגעוואָרפן די השתדלות פון די קלעריקאַלן. מ'פאַרשפאָרט אָפן אָפּשאַפן „טאָלעראַנץ", אַז מ'קאָן דאָס שענער מאַכן פאַרשטעלט: אָנשטאָט טאָלעראַנץ צו יידן סתם,

קאָן מען זאָגן: טאָלעראַנץ צו געוויסע קאַטעגאָריעס יידן און דערמיט באַ- שאַפן אַ הייפל פּריווילעגירטע מיט גוט באַצאָלטע פּריווילעגיעס, בעת די גרויסע מאַסע וועט בלייבן ביי איר רעכטלאָזיקייט. דאָס דאָזיקע קונצשטיק איז אָפּגעטאָן געוואָרן שפּעטער, אין דער לאַנגער רעגירונגס-צייט פון פראַנץ I (1835—1792).

דער דאָזיקער מאָנאַרך האָט איבערגעלעבט די גרעסטע היסטאָרישע איבערקערן: דעם שטורעם פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, די דונערס פון נאַפּאָלעאָנס מלחמות, וואָס האָבן אים געקאָסט אַ היפּש שטיק לאַנד, און דאָך האָט זיין געקרוינטע קאָפּ זיך גאָר נישט אָפּגעלערנט. מער פאַר אַלץ האָט פראַנץ מורא געהאַט פאַר „נייע אויפטועך", און ער פלעגט זיך אָפּט קלאָגן, אַז „די וועלט איז היינט משוגע געוואָרן אויף נייע קאָנסטיטוציעס". אַזוי וויט האָט ער מורא געהאַט פאַר „נייס", אַז ער פלעגט אָפּציען און לגמרי באַגראָבן אַזוינע רעפאָרמעס, וואָס ער אַליין האָט שוין פאַרשטאַנען, ווי נויטיק זיי זענען. אין זיינע באַפעלן פלעגט ער אָפּט דערמאָנען, אַז ער מיינט פאַרבעסערן די יידישע לאַגע, אָבער געטאָן האָט ער פונקט פאַרקערט. אָנגעהויבן האָט ער דערפון, וואָס ער האָט דערלאָזט אין יאָר 1792 צו באַשאַפן אין ווין אַ „יידן-אַמט", אַ באַזונדער פּאָליצײ-אָפּטיילונג, וועלכע זאָל אַכטונג געבן אויף יידן, וואָס וואוינען אָדער וואָס קומען צו פאָרן קיין ווין, זאָל קאָנטראָלירן זייער וואוינרעכט, געבן זיי שיינען אויף באַזעצן זיך אָדער אויף אַרויסציען און דעסגלייכן. דורך דעם דאָזיקן פּאָליצײ-גיהנום זענען דורכגעגאַנגען צוויי דורות רעכטלאָזע יידן, וואָס די בויט האָט זיי געטריבן אין דער רעזידענץ. דער „יידן-אַמט", וואָס איז גע- גרינדעט געוואָרן אַלס אַ פּרווו, האָט עקזיסטירט מער ווי פופציק יאָר, ביז דער רעוואָלוציע פון יאָר 1848.

לויט די געזעצן פון די יאָרן 1798 — 1790 האָבן אין ווין געמעגט וואוינען נאָר אַזוינע יידן, וואָס האָבן אַ באַשטימטע באַשעפטיקונג, פאַרמאָגן דערצו אַ קאַפּיטאַל נישט וויניקער פאַר 8 — 10 טויזנט פלאָרין און שטעלן צו אַ שיין וועגן זייער ריינעם „מאָראַלישן כאַראַקטער". אַזאַ קאָנצעסיע האָט געהייסן „טאָלעראַנץ" און האָט געקאָסט אַ היפּש ביסל „טאָלעראַנץ-געלט"; ווער עס האָט באַקומען אַזאַ קאָנצעסיע, האָט געהייסן „טאָלערירטער ייד". אין יאָר 1804 איז אין ווין געווען סך-הכל 119 אַזוינע „טאָלערירטע" יידישע פאַמיליעס, און זיי האָבן געצאָלט 18 טויזנט פלאָרין אַ יאָר נאָר פאַר וואוינרעכט אַליין; די איבעריקע, „נישט-טאָלערירטע" יידן האָבן געוואוינט אין דער רעזידענץ אומלעגאַל, ד. ה. מיטן חסד פון פּאָליצײ, וואָס האָט דערפאַר געגומען כאַבאַר. דער פּאָליצייאישער דרוק האָט באַשאַפן אַ דעמאָ- ראַליזאַציע. רייכע פּריווילעגירטע יידן האָבן קרום געקוקט אויף צוגעקומענע

„טרפע״ ברידער; ס׳האָט דערלאַנגט אַזוי ווייט, אַז די פּריווילעגירטע האָבן געבעטן די רעגירונג, זי זאָל זיך אומקוקן אויף די „פּרעמדע״ און זאָל אָננעמען שטרענגע מיטלען קעגן זיי. באַנקירן און רייכע סוחרים האָבן געאַרבעט, מ׳זאָל אָפּשאַפן יידישע באַגרעניצן נאָר פאַר זיי און פאַר זייער-גלייכן.

זעלטן ווען האָבן זיך די פּריווילעגירטע איינגעשטעלט צו בעטן, מ׳זאָל גרינגער מאַכן דער יידישער מאַסע. אין יאָר 1793 האָט ווינער קהל דערלאַנגט אַ פּעטיציע אין דער הויף-קאַנצעלאַריע און האָט דאָרט געבעטן אַזוינס זאַכן: מ׳זאָל אָפּשאַפן די „בילעטן-טאַקסע״, וואָס מ׳פּלעגט אין ווין אויפמאָנען פון אַריינגעפאָרענע פאַר יעדן טאָג וואוינרעכט, ווארום דאָס איז אייגנטלעך דער אייגענער „לייב-צאָל״, וואָס איז שוין אָפּגעשאַפט; מ׳זאָל נעמען ביי יידן חתונה-שטייער נישט מער ווי ביי קריסטן, און ס׳זאָל נישט זיין קיין מוז, אַז ביי דער חופה זאָל בייזיין אַ פּאָליציי-באַאַמטער; מ׳זאָל אין די אָפיציעלע מעלדונגען צו יידן אויסמיידן דעם טיטל „יודע״, און מ׳זאָל פון „יידן-אַמט״ אַראָפּנעמען די שילד מיט דער אויפשריפט: „פאַר יידן, מעבלטרעגער און פורמאַנעס״. אָבער צוגלייך מיט אַזוינע בקשות האָבן די פּעטיציע-שרייבער געשטעלט דער רעגירונג נאָך צוויי וואונטשן, וואָס זענען געווען צו דרייסט פאַר יענער צייט: צולאָזן יידן צו מלוכה-אַמטן און נישט אַרויסגעבן קיין שום באַפעלן וועגן יידן אָן דעם וויסן פון ווינער קהל. דערויף האָט ווינער קהל באַקומען אַ שאַרפן קאַנצעלאַרישן אָפּענטפער: מ׳קאָן נישט אָפּשאַפן די בילעטן-טאַקסע, ווייל דערפון האַלט מען אויס דעם „יידן-אַמט״, ד. ה. די פּאָליצייאישע אינסטיטוציע, וואָס דאַרף אַכטונג געבן אויף יידישער רעכטלאָזיקייט און דערנידערן יידן אויף יעדן טריט; די רעגירונג מוז נויטיק האָבן די „שלייער-טאַקסע״ אָדער חתונה-שטייער, — מסתמא אַ באַפרידיקונג פאַר דעם „שאָדן״, וואָס יידן מערן זיך; דער פּאָליצייאישער קאָמיסאַר מוז בייזיין ביי דער חופה צוליב קאָנטראָל; די הויף-קאַנצעלאַריע קאָן באַשטיין אויסמיידן דעם טיטל „יודע״ אין אָפיציעלע פּאַפּירן, אָבער די שילד אין „יידן-אַמט״ מוז בלייבן. די קאַנצעלאַריע איז מודה, אַז אין געזעץ איז נישט פאַראַן קיין פאַרבאָט, יידן זאָלן פאַרנעמען מלוכה-אַמטן, בפרט, אַז צווישן יידן זענען איצט פאַראַן אַסך געבילדעטע און ספּעציאַליסטן אין פאַרשיידענע פאַכן, אָבער מ׳קאָן דאָס נישט אויספירן. אַ תירוץ גיט מען דערביי אַזאַ, אַז דער אָנהויב קלעפּט זיך נישט צום סוף: „יידן וועלן נישט וועלן אָנקומען אויף אַסך שטעלעס מחמת זייערע רעליגיעזע מנהגים״, און אויב מ׳זאָל יידן צולאָזן צו מלוכה-שטעלעס, וואָלטן זיי געווען „איבערפול״ אומעטום. וועגן דעם, אַז די רעגירונג זאָל זיך באַראַטן מיטן קהל, ווען ס׳האַנדלט זיך וועגן יידישע ענינים, איז דער

ענטפער אַזוי: די רעגירונג קאָן אָנפרעגן עקספּערטן אין פאַרשיידענע ענינים, אָבער קיין מוז איז דאָס פאַר איר נישט; בכן איז אַזאַ בקשה פון ווינער קהל „אַ גאוה און אַ העזה.״

אַזוי קלוג האָט די רעגירונג פאַרשטאַנען אָפּצוענטפערן אויף אַ השתדלות צו פאַרבעסערן די יידישע לאַגע. זי האָט זיך אָבער אויך נישט געלאָזט פירן פון אַנטיסעמיטן, וואָס האָבן געאַרבעט צו פאַרערגערן די לאַגע. אין יאָר 1794 האָט די הויף־קאַנצעלאַריע אָפּגעוואָרפן דעם פּראָיעקט, אַז יעדער „טאָלערירטער״ ייד זאָל מוזן אַריינטראָגן 12 טויזנט פלאָרין פאַר זיכערקייט, אַז ער וועט פּינקטלעך צאָלן די יערלעכע „טאָלעראַנץ־טאַקסע״. דער אויפטוער פון דעם פּראָיעקט האָט זיך באַמיט צו באַווייזן עפּעס מיט אַ מין קרומער לאָגיק, אַז דאָס וועט זיין אַ שטיק רעפאָרם אין יודאַאיזם. די קאַנצעלאַריע האָט אים אָפּגעענטפערט, אַז געוויס איז זייער געוואונשן צו רעפאָרמירן די „יידישע נאַציע״ און „אָפּרייניקן איר לערע פון פאַלשע תלמודישע און רבנישע אַ׳יסטייטשן״, אָבער אַזאַ זאַך לאָזט זיך נישט דערלאַנגען דורך דעם, וואָס מ׳זאָל פאַרשמעלערן די „טאָלעראַנץ״. יידן דאַרפן אַליין זען אָפּרייניקן דעם קערן פון תורת־משה פון דער תלמודיש־רבנישער שאָלאַכץ; דאָס דאַרף מען איבערלאָזן „די געלערנטע און פאַרשטאַנדיקע דענקער, וואָס זענען ביי יידן שוין פאַראַן אַסך״.

„ווינער „טאָלערירטע יידן״ זענען געווען אַ מין באַזונדער קאַטעגאָריע אין דער באַפעלקערונג. דער דאָזיקער נאָמען האָט זיך געטראָפן אין אָפיציעלע פּאַפּירן און אַפילו אויף מצבות אויך; ביז היינט נאָך זענען געבליבן מצבות מיטן נוסח: „דאָ ליגט דער טאָלערירטער יודע (אַזוינער און אַזוינער)...״ היות ווי „טאָלעראַנץ״ האָט מען געקאָנט קויפן פאַר געלט, איז וואָס אַמאָל געוואָרן אַלץ מער בעלנים אויף דער סחורה, כאָטש זי האָט געקאָסט טייער. די רעגירונג האָט זיך איבערגעשראָקן פאַר אַזאַ וואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג. אין ווין איז אין יאָר 1802 אַרויס אַ קייזערלעכער עדיקט, מ׳זאָל אויפהערן פאַרקויפן טאָלעראַנץ־שיינען. פון דעמאָלט אָן האָט זיך אַ ייד געקאָנט באַזעצן אין ווין נישט אַנדערש נאָר ווי מיט דעם קייזערס גנאָד; צו אַזאַ גנאָד האָבן זוכה געווען נאָר גרויסע קאַפּיטאַליסטן. שפּעטער האָט מען אויסגעטייטשט, אַז „טאָלעראַנץ״ גיט מען יידן נאָר ווי לאַנג ער אַליין לעבט, און נאָך זיין טויט דאַרף זיך זיין אַלמנה מיט די קינדער אַרויסציען פון ווין. די פּאָליציי האָט באַקומען אַ געלעגנהייט צו ווילדעווען ווי וויט זי האָט געוואָלט; אָן רחמנות פלעגט זי פאַריאָגן פון דער רעזידענץ די פאַמיליעס פון פאַרשטאָרבענע. אָבער די „געזעצלעכע״ יידן האָבן אויך נישט געקאָנט זיך פריי באַשעפטיקן מיט וואָס זיי האָבן געוואָלט. יידן־סוחרים האָבן נישט געטאָרט האַנדלען מיט

תבואה, מיט זאַלץ און שפּייז-וואַרג. אַ ייד אַ דאָקטאָר האָט נישט געטאָרט היילן קיין קריסטן. יידן האָבן נישט געטאָרט נישט קויפן, נישט בויען קיין הייזער אין ווין. ערשט אין יאָר 1811 האָט מען מיט גרויס מי געפּועלט, זיי זאָלן מעגן אויסבויען אַ בנין פאַר אַ סינאַגאָגע און אַ שול. די רעגירונג האָט נישט געקאַרגט אויך אין קליינלעכע קלעריקאַלע פאַר-אָרדנונגען. אין קאַטוילישע תעניתים האָבן כּלי-זמר נישט געטאָרט שפּילן אויף יידישע חתונות; אַפילו פּורים-שפּילן זענען די טעג געווען פאַרווערט. און ביים קייזער פראַנץ איז דאָס געווען איינע פון זיינע מלוכה-זאָרגן, אַז די דאָזיקע פאַרבאָטן זאָלן אויסגעפירט ווערן.

ס'איז געווען אַ מאָמענט, ווען דער קייזער און די רעגירונג האָבן דערפילט אַ מורא פאַר די, וועלכע זיי האָבן אַזוי פיל געטראָטן מיט די פיס. דאָס איז געווען אין די יאָרן 1806—1807, ווען אין פּאַריז איז זיך צונויפגעקומען די דעפּוטאַטן-פאַרזאַמלונג און דער סנהדרין. נאָך דעם ווי ס'איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער אויפרוף, אַז יידישע פאָרשטייער פון אַלע לענדער זאָלן זיך באַטייליקן אין סנהדרין, האָט זיך אין דער עסט-רייכישער רעגירונג אָפּגערופן איר שטענדיקע מורא פאַר פראַנקרייך און זי איז צערודערט געוואָרן. אינם „יידישן פּאַרלאַמענט” האָט זי איינגעזען נאַפּאָלעאָנס אַ פּאָליטיש קונצשטיק: אַ טייוולשן מיין צו מאַכן אַ געהיימען בונד פון יידן אין אַלע לענדער צו שטיצן פראַנצויזישע פּאָליטיק. די רעגירונג האָט מורא געהאַט, אַז עסטרייכישע יידן וועלן אויסנוצן די גע-לעגנהייט און וועלן צוזאַמען מיט די זיגער זיך נוקם זיין פאַר זייער רעכטלאָזיקייט און דערנידערונג. פאָן-זומעראַו, שעף פון דער פּאָליציי, האָט צעשיקט אַ צירקולאַר אַלע פּאָליציי-פאַרוואַלטער אין דער פּראָווינץ (17 אָקטאָבער 1806), מ'זאָל אַכטונג געבן אויף דער אַגיטאַציע, וואָס שטאַמט פון פּאַריז: „גענוג איין קוק טאָן אויף דער זאַך, ווי זי טוט זיך, אום איינצוזען איר פּאָליטישע טענדענץ און פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ געפאַר דאָ שטעקט פאַר די מלוכות, וואו דאָס דאָזיקע פאָלק איז פאַר-שפּרייט און ס'האָט וואָג מחמת זיין רייכקייט, זיינע באַציאונגען, הינטער-געגנג און אחדות. דאָס, זעט אויס, איז די אייגענע טאַקטיק, צוליב וועל-כער נאַפּאָלעאָן האָט געמאַכט פון די מאַסאָנען אַ פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע און האָט זיך פאַרשאַפט דורך זיי אין אייניקע לענדער אַ געהיים-פּאָליציי פאַר זיינע צוועקן”. דער פּאָליציי-שעף פאָדערט דעריבער, די אָרטיקע מאַכט זאָל אָננעמען אַלע מיטלען, עסטרייכישע יידן זאָלן זיך נישט פאַר-בינדן מיט דעם פּאַריזער יידישן „קאָנגרעס”. צו דעם צוועק זאָלן זיי אַכטונג געבן אויף דער אויסלענדישער קאָרעספּאָנדענץ ביי יידן, דערהויפּט ביי געבילדעטע, און שטרענג נאָכשפּירן, צי איז נישט אָנגעקומען ערגעץ צו

אַ קהילה אַן איינלאַדונג פון פּאַריז. פּאליציי זאָל פאר קיין פאַל נישט געבן יידן קיין פּעסער צו פארן נאך פּאַריז, און זאל געבן צו פאַרשטיין אַזוינע יואס ווילן פארן, וואס פאַר אַ מיאוסן סוף זיי קאנען האבן, זיי און זייער פאלק אויך

די עסטרייכישע פּאָליציי האָט אָנגעהויבן „קוקן״ און שרייבן ראַפּאָרטן צו „נאַטשאַלסטווע״, — טיילווייז מיט ריכטיקע ידיעות, טיילווייז מיט נאַרישע קלאַנגען. דאָס, וואָס פּאָליציי האָט צוגעזען אין בעהמען, מעהרן און אין גאַליציע, האָט איר קלאָר געמאַכט, אַז די אָרטיקע יידן, אַלס שטרענגע אָרטאָדאָקסן און חסידים, האַלטן נישט פונם פּאַריזער סנהדרין, וואָס ער איז אויסן צו רעפאָרמירן יידישקייט. דער דירעקטאָר פון ווינער פּאָליציי האָט אַפילו צוגעשטעלט „פּאַקטישן מאַטעריאַל״, ד. ה. אַ צעטל יידישע פאַמיליעס אין ווין, און אָנגעצייכנט דערביי, וואו מ׳האַלט שטרענג יידישקייט און מ׳עסט כשרס, און וואו נישט. פּאָליציי האָט פלייסיק איבערגעכאַפּט יידישע קאָרעספּאָנדענץ· זי פלעגט מיט שרעק אָנזאָגן, אַז דער און דער האָט באַקומען אַ בריוו מיט ידיעות וועגן סנהדרין; אַזוינע בריוו פלעגט מען פריער גוט דורכקוקן, איידער זיי זענען געקומען צו די אַדרעסאַטן אין די הענט; די אַדרעסאַטן גופא פלעגט מען שוין אויך גוט נאָכקוקן. דערהויפּט איז די רעגירונג אומרואיק געווען איבער דעם, וואָס האָט זיך געטאָן אין דער פּראָגרעסיווער טריעסטער קהילה, דער איינציקער אין עסטרייך, וואָס האָט געהאַלטן פונם פּאַריזער סנהדרין. דאָ האָט מען באַפוילן פּאָליציי פאַרהאַלטן יעדן יידן, וואָס וועט קומען פון פּאַריז קיין טריעסט און אים נעמען אויף אַ שטרענגן פאַרהער. דעם עסט-רייכישן געזאַנטן אין פּאַריז האָט מען באַפוילן „אַכטונג געבן, ווי ווייט מעגלעך, אויף עסטרייכישע יידן, אויב אַזוינע זאָלן זיין דאָרט״. וועגן אַלע אַזוינע ידיעות פלעגט באַראָן זומעראַו ראַפּאָרטירן דעם קייזער פראַנצן; ביידע האָבן געבראָכן זייערע מלוכה-קעפּ, ווי אַזוי בייצושטיין אַזאַ „געפאַר״. דער קייזער איז געווען שטאַרק צופרידן, וואָס די קאָנסערוואַטיווע יידישע קרייזן האַלטן נישט פון נאַפּאָלעאָנס אויפטוען, אים האָט אָבער געמאַכט זאָרג דאָס הייפל אויפגעקלערטע, וואָס איז „נוטה צו דעאיזם״. דער רעגירונגס פחדנות האָט זיך איבערגעוואָרפן אויף אָ גצזעענע ווינער יידן אויך. ווען בערנאַרד עסקעלעס, דער רייכסטער קהלס-מאַן אין ווין, האָט באַקומען פונם ס[רע]טאַר פון דער פּאַריזער דעפּוטאַטן-פאַרזאַמלונג אַן אויפרוף מיט אַן איינלאַדונג צום סנהדרין, האָט ער זיך דערשראָקן און האָט דאָס באַלד איבערגעגעבן דעם פּאָליציי-דירעקטאָר. עסקעלעס האָט געהאַט די זכיה אויפגענומען ווערן ביים שעף זומעראַו, און מ׳האָט ביי

אים גענומען אַ וואָרט, אַז ער וועט איבערגעבן פּאָליציי דעם צעטפּער, וואָס ווינער קהל וועט שיקן קיין פּאַריז.

די יידן, וואָס האָבן פאַרשטאַנען דעם אמתן צוועק פונם סנהדרין און נאַפּאָלעאָנס מיין דערביי, האָבן געהאַט וואָס צו לאַכן פון דער קאָמישער שרעק, וואָס איז באַפאַלן דעם עסטרייכישן קייזער און זיין רעגירונג. אינגיכן איז די שרעק אַריבער און מ'האָט זיך מיט יידן אין עסטרייך ווידער אָנגעהויבן פירן אַזוי ווי פריער. דערזעלבער פראַנץ I, וואָס האָט בעתן איבערשרעק אַזוי געשעצט די סימפּאַטיע פון „זיינע" יידן, האָט זיך מיט זיי גראָב אָפּגערעכנט נאָך נאַפּאָלעאָנס מפּלה. אַפילו אין פּאַריז, צווישן די פאַרבינדעטע מאָנאַרכן (1814), פאַרגעסט ער נישט זיינע קליינלעכע „היימישע געשעפטן"; דאָ, אין פּאַריז דערגייט צו אים אַ ידיעה פון ווין, אַז אייניקע יידן פאַרבויגן דעם געזעץ און פאַרווערבן זיך דאָרטן הייזער — שיקט ער דעם קאַנצלער אַ שטרענגן באַפעל: אַ סוף מאַכן צו אַזאַ „סקאַנדאַל". דאָ, אין פראַנקרייך, אין לאַנד פון דער גרויסער רעוואָלוציע, דערוויסט ער זיך אויך און ווערט אויפגעבראַכט, וואָס ניט-קאַטוילן פאַרגינען זיך מאַכן בעלער און טענץ אין די טעג פון „גרויסן פאַסטן" — שיקט ער אינמיטן דעם פעלדצוג אַ באַפעל קיין ווין: פאַרווערן אַזוינע פאַרווײַלונגען. די מלוכה האָט פון דעם דאָזיקן באַפעל געהאַט דעם גוטן געווין, וואָס פורים האָט עסטרייכישע פּאָליציי אַכטונג געגעבן, אַז קריסטן זאָלן נישט זיין ביי יידן צו דער סעודה.

## § 37. די סיסטעם פון נאָרמירונגען אין בעהמען און מעהרן

די סיסטעם פון „קאָנצעסיעס" אָדער „טאָלעראַנץ" פאַר יידן אין דייטש-עסטרייך, ד. ה. אויסער דעם יידישן „תחום", איז געווען אַ פּשוטע פאָרם פון רעכטלאָזיקייט. קונציקער איז געווען די סיסטעם פון נאָרמירן די צאָל יידן, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין די „קרוין-לענדער", אין בעהמען און אין מעהרן. דאָ איז געבליבן פעסט די אַלטע נאָרם פאַר דער יידישער באַפעלקערונג: ס'האָט געמעגט זיין 8600 פאַמיליעס אין בעהמען און 5400 אין מעהרן. פאַר בעהמען איז די דאָזיקע נאָרם נאָכאַמאָל באַשטעטיקט געוואָרן אין יאָר 1789, און מ'האָט שטרענג אָפּגעהיט, דאָס זאָל זיין אַן אייזערנע וואַנט קעגן דעם נאַטירלעכן צוואוקס. די מעטאָדע איז באַקאַנט: אין יעדער פאַמיליע מעג חתונה האָבן נאָר דער עלטסטער זון, וועמענס פאַמיליע ס'וועט פאַרנעמען דאָס אָרט פון זיין עלטערן-פאַמיליע נאָך איר צעפאַלן; די אַנדערע זין טאָרן נישט חתונה האָבן, סיידן זיי דאַרפן זיך

אַרויסציִען פֿונם לאַנד, אָדער ס'זאָל טרעפֿן אַ גליק, אַז עמעצער אַ פֿאָטער פֿון אַ געזעצלעכער פֿאַמיליע זאָל שטאַרבן אָן קינדער, ס'זאָל, הייסט דאָס, פֿריי ווערן אַ „פֿאַמיליע-נומער״ אין דער נאָרם. בחורים איבער דער נאָרם קאָנען באַקומען אַן ערלויבעניש חתונה האָבן נאָר אין פֿאַל, ווען זיי קומען אָן פֿרייוויליק אין מיליטער-דינסט אָדער ווען זיי נעמען זיך פֿאַר ערדאַר-בעט. אָבער אַפֿילו די, וואָס מעגן שוין חתונה האָבן לויט דער נאָרם אָדער אַלס ספּעציעלע פּריווילעגיע, קאָנען דאָס טאָן נאָר בײַ אַזוינע תּנאָים: דער חתן טאָר נישט זײַן ייִנגער פֿון 22 יאָר, די כּלה — פֿון 18 יאָר; חתן כּלה דאַרפֿן צושטעלן אַ שײַן, אַז זיי האָבן געענדיקט אַן עלעמענטאַרע „נאָרמאַל-שול״; זיי דאַרפֿן האָבן אַ געזיכערטן קוועל פֿאַר חיונה און אַ גע-וויס פֿאַרמעגן; און צו אַלעם דעם דאַרפֿן זיי האָבן אַן ערלויבניש פֿון דעם קרייז-אַמט. די דאָזיקע שענדלעכע געזעצגעבונג, וואָס האָט אײַנגעטיילט די יוגנט אין „פֿאַמיליאַנטן״ (אַזוינע, וואָס האָבן אַ „פֿאַמיליע-נומער״ און מעגן חתונה האָבן) און אַזוינע, וואָס קאָנען נישט חתונה האָבן אָדער מוזן לעבן אָן חופּה וקידושין, האָט פֿאַרשאַפֿט בײַ מער ייִדן אַסך פּיין און דערנידע-רונג; דאָס איז געווען די שענדלעכסטע זאַך אין ייִדישער קנעכטשאַפֿט אין אָנהייב 19-טן יאָרהונדערט.

די עסטרײַכישע רעגירונג האָט נאָרמירט דעם נאַטירלעכן צוװאַקס בײַ ייִדן. זי האָט אָבער נישט פֿאַרגעסן אָן ייִדישע פּרנסות אויך *) און האָט דאָס געטאָן מיט איר געוויינלעכער צביעות: מיט זיסע רייד וועגן דעם וואויל פֿון די, וועמען זי האָט געפּלאָגט. איין פּונקט אין בעהמישן רעגלאַמענט (1797) זאָגט אַזוי: „היות ווי די רעגירונג שטרעבט צו מאַכן ייִדן פֿאַר העכסט נוצלעכע בירגער, וואָס זאָלן ווערט זײַן די שוץ, וואָס די מלוכה גיט זיי, זענען פֿאַר זיי בכלל אָפֿן אַלע אָנשטענדיקע חיונה-קוועלן, אַזוי ווי פֿאַר קריסטן״. דאָס איז דער אָנהייב, און ווײַטער גייען נאָכאַנאַנד פּונקטן, וואָס מאַכן צו-נישט דעם כּלומרשט פֿרומען מיין: ייִדן טאָרן נישט אַרענדירן נישט קיין שענקען, נישט קיין מילן, טאָרן נישט האַנדלען מיט קיין תּבֿואה, און מיט קיין זאַלץ, ד. ה. ייִדן איז פֿאַרווערט אַסך אָנשטענדיקע פּרנסות, וואָס זענען פֿאַר קריסטן אָפֿן. ייִדן-הויזירער אין פּראָג האָבן געמעגט האַנדלען נאָר מיט אַלטוואַרג — מסתּמא אויך פֿון „כּבֿוד״ וועגן.

---

*) דא און ווייטער ווערט באהאנדלט די געזעצגעבונג פון דער גאנצער עפּאָכע; דער היכטיקסטער אקט איז דא דער בעהמישער „יידן-פּאטענט״ פון יאָר 1797, וואָס מ׳האָט אים געהאלטן פאר א געווינס קעגן פריערדיקע רעגלאמענטן. די זעלבע סיסטעם האָט געגאָלטן פאר ייד אין מעהרן אויך.

אין בעהמען האָבן יידן געהאַט וואוינרעכט נאָר אין די ערטער, וואו זיי זענען געווען צוגעשריבן. אַ „נומערירטע" פאַמיליע האָט זיך נישט געטאָרט איבערציען אין אַ נײַ אָרט אָן אַ הסכם פון דאָרטיקער מאַכט. אין צענטער פון בעהמישן יידישן קבוץ, אין פּראָג, האָט מען באַדאַרפט האָבן ספּעציעל אַן ערלויבעניש אויף זיך איבערציען פונם „יידישן קוואַרטאַל" („יידן-שטאָט") אין „קריסטלעכן" טייל פון שטאָט, און נישט אַלע מאָל האָט מען אַזוינס געקאָנט פועלן. בײַ יידן האָט מען געריסן ספּעציעלע גרויסע שטייערן; עסטרייכישע „טאָלעראַנץ" האָט טייער געקאָסט. אין רעגלאַמענט פון יאָר 1797 איז געווען געשריבן, אַז „אַלע יידן מעגן פרײַ האַלטן די רעליגיע פון זייערע אבות און זייערע אַלטע טראַדיציעס", אויף ציפערשפּראַך האָט די דאָזיקע „פרײַהייט" געהייסן אַזוי: אויף צו בויען אַ סינאַגאָגע דאַרף מען האָבן אַן ערלויבניש און דאָס קאָסט 1000 פלאָרין שטייער אַ יאָר; אַזעלכע שטייערן דאַרף מען צאָלן פון בית-עולמס אויך. רבנים, די יידישע שול און יידישע ליטעראַטור, אַפילו רעליגיעזע ספרים, האָבן אויף זיך אַ שטרענגן קאָנטראָל פון אַ קריסטלעכער אַדמיניסטראַציע. רבנים מעגן זײַן נאָר אַזוינע פּערזאָנען, וואָס פאַרמאָגן אַ דײַטשע בילדונג. אין יאָר 1798 האָט דער בעהמישער „גובערניום" געגעבן אַ באַפעל, אַז צו רבנים-שטעלעס זאָל מען צולאָזן נאָר אַזוינע, וואָס האָבן דורכגעמאַכט אַ קורס „פילאָזאָפיע, נאַטור-רעכט און עטיק" אין אַן עסטרייכישן אוניווערזיטעט. ס'איז אַ מוז פאַר אַלע יידישע ייִנגלעך און מיידלעך צו לערנען אין אַ דײַטשער „נאָרמאַלער" שול: אָן אַ שײַן פון אַ שול טאָר מען נישט חתונה האָבן. תּלמוד ווערט שטאַרק גערודפט אין חדרים און אין ישיבות. אַ לערער פון תּלמוד מעג זײַן נאָר אַן אָפיציעלער רב, וואָס האָט אַלגעמיינע בילדונג; „הויז-לערער" ד. ה. מלמדים, מעגן לערנען מיט קינדער נאָר העברעאיש און עלעמענטאַרע למודים פון יידישקייט. ייִנגלעך מעג מען אַוועקזעצן פאַר דער גמרא נישט פריער, איידער זיי ברענגען אַ שײַן, אַז זיי האָבן געענדיקט אַ דײַטשע נאָרמאַל-שול. ס'האָט אויך נישט געפעלט קיין צענזור אויף יידישע ספרים: אַ דעקרעט פון יאָר 1811 פאַרווערט צו נוצן בײַם דאַווענען אין שול און אין דער היים סדורים און מחזורים, וואָס זענען נישט דורכגעגאַנגען די עסטרייכישע צענזור. אַ שטרענגע צענזור האָט געגאָלטן אויך פאַר יידישע וועלטלעכע ביכער; אויף אויסשרײַבן ביכער פון אויסלאַנד האָט מען יעדער מאָל באַדאַרפט האָבן אַ באַזונדער ערלויבניש.

אויף דער שפּראַך פון דעם עסטרייכישן געזעצגעבער האָט דאָס געהייסן: „גלײַכע רעכט און גלײַכע פליכטן", און מ'האָט זיך בײַ אַזאַ סיסטעם נישט געשעמט אָפן צו זאָגן (אין דעקרעטן פון די יאָרן 1808 און 1811): „היות ווי די „יידנשאַפט" געניסט פּריווילעגיעס מיט קריסטלעכע

אונטערטאַנען גלייך (?), דאַרף זי טראָגן אַלע מלוכה־פליכטן אויך גלייך מיט זיי". און תוך כדי דבור, כדי צו באַשטעטיקן דעם פרינציפּ פון „גלייכע פליכטן", זאָגט מען: „אין פרט פון שטייערן גילטן פאַר יידן ספּעציעלע געזעצן". אַזוי האָט מען אין בעהמען און אין מעהרן געמאַכט „גלייכע" געזעצן פאַר יידן: יעדער אוממענטשלעכער אויסנאַם־געזעץ הויבט זיך אָן מיט אַ הקדמה, אַז אויסן איז מען נאָר „טאָלעראַנץ" און דאָס וואויל פון אַלע אונטערטאַנען אָן אונטערשייד פון אמונות. מיט שיינע הקדמות האָט מען געוואָלט יוצא זיין קעגן דעם גייסט פון דער צייט, אָבער אין דעם טעקסט פון געזעץ האָט מען מיט דעם דאָזיקן גייסט געקעמפט.

## § 38. די אויסלייטישן־פּאָליטיק אין גאַליציע

אין דעם געדיכטן יידישן ישוב אין גאַליציע, וואָס איז צוגעקומען עסטרייך פון פוילן *), האָט מען נישט געקאָנט גלאַט נאָרמירן די צאָל יידן — האָט דאָ די עסטרייכישע רעגירונג אויסגעפונען אַנדערע מיטלען, ווי צו פייניקן זיי, אַלץ, געוויינטלעך, מיט דעם מיין „אויסצולייטישן" יידן. אין דער געגנט האָט געגאָלטן אַ באַזונדער יידישע קאָנסטיטוציע — יוסף דעם צווייטנס „טאָלעראַנץ־פּאַטענט" פון יאָר 1789 מיט אַסך צוגאָבן און אויס־טייטשן, וואָס זענען שפּעטער צוגעקומען פון פאַרשיידענע רעגירער. דער יידן־רעגלאַמענט, אייגנטלעך אַ שטראָף־קאָדעקס פאַר יידן, האָט דאָ אויך, געוויינטלעך, געהאַט אַ קלינגעדיקן נאָמען: „פּאַטענט, וואָס אויף זיין גרונד זאָלן יידן געניסן אַלע רעכט און פריווילעגיעס ווי אַלע בירגער". „גלייך מיט אַלע בירגער" האָט דאָ געהייסן נישט מער, וואָס יידן זענען געוואָרן אונטערגעוואָרפן דער שטאָטישער פאַרוואַלטונג און דעם שטאָטישן געריכט, דערפאַר האָט מען ביי יידן אָפּגענומען זייער אַ וויכטיקע ירושה פונם פוילישן רעזשים: די ברייטע קהילה־אויטאָנאָמיע האָט מען שטאַרק פאַרשמעלערט. דאָס יידישע עקאָנאָמישע לעבן איז פאַרענגט געוואָרן דורך שטרענגער רעגלאַמענטאַציע. יידן זענען פאַרווערט פּראָפעסיעס, וואָס זענען באַזונדערס פאַרשפּרייט צווישן זיי: אַרענדירן לאַנדווירטשאַפטלעכע צווייגן, שענקען,

---

*) דער פאַרנעם פון דער געגנט האָט זיך געביטן אין די יאָרן 1789—1815. נאָך דעם דריטן צעטיילן פוילן (1795) איז צו עסטרייך צוגעקומען מערב־גאַליציע מיט קראָקאָ (מזרח־גאַליציע האָט עסטרייך שוין געהאַט פון פריער). אין יאָר 1809 איז מערב־גאַליציע אָפּגעריסן געוואָרן פון עסטרייך און פאַראייניקט מיט וואַרשעווער הערצאָגטום. אָבער אין יאָר 1815 איז דאָס ווייטער אומגע־קערט געוואָרן צו עסטרייך.

ביר-ברייזן, מילן; קויפן ערד אין דערפער מעג אַ ייד נאָר פאַר זיך, וויפיל ער איז בכח אַליין צו באַאַרבעטן. קיין נייע יידישע פאַמיליעס האָבן זיך נישט געטאָרט באַזעצן אין לעמבערג, אַלטע, איינגעזעסענע פאַמיליעס, האָבן געמעגט דאָרטן וואוינען נאָר אין געוויסע קוואַרטאַלן. יידן האָבן באַדאַרפט זיך נעמען פאַמיליע-נעמען פאַר דער אָפיציעלער רעגיסטראַציע, מייסטנס האָבן זיי אַזוינס נישט געהאַט. אויף חתונות איז געווען אַ שטרענגער קאָנטראָל; דאָס האָט געהערט צו דער סיסטעם פון אָפיציעלער מוז-בילדונג פאַר יידן, וואָס האָט פאַרנומען דעם אויבן-אָן אין עסטרייכישער יידן-פּאָליטיק.

די עסטרייכישע רעגירונג האָט זיך גענומען מיט גוואַלד בילדן יידן, נישט באַהאַלטנדיק דעם אמתן מיין: מאַכן אַ ניי יידנטום מיט וואָס ווייניקער נאַציאָנאַלער קולטור; און דאָס האָט זי פאַרגענומען אין אַ גרויסער געגנט, וואו יידן האָבן געשטעקט איבערן קאָפּ אין רבנות און חסידות, וואו אויף אייראָפּעאישער בילדונג האָט מען געקוקט ווי אויף אַן אומגליק, וואָס וויל צעשטערן די אייביקע יסודות פון יידישקייט, און וואו מ'האָט דעריבער געדאַרפט לאָזן פירן אַ פ ר ײ ע ן קאַמף קעגן דעם אָפּגעלעבטן לעבנס-שטייגער. און ס'האָט זיך געטופנען אַ ייד, וואָס האָט אויף זיך גענומען אַזאַ קלאָגעדיקע שליחות מיט גוואַלד בילדן יידן: דאָס איז געווען ה ע ר ץ ה אָ מ ב ע ר ג.

האָמבערג איז געבוירן אין פראָג, פאַרבראַכט יאָרן אין ישיבות און איז שפּעטער אויפגעקלערט געוואָרן אין בערלין אין מענדעלסאָנס קרייז. רוסאָס „עמיל" האָט געהאַט אויף אים אַזאַ ווירקונג, אַז ער האָט באַשלאָסן זיך אָפּגעבן מיט פּעדאַגאָגישער אַרבעט. אַ צייט (1787—1782) איז ער געווען לערער ביי מענדעלסאָנס קינדער, מיטגעאַרבעט אין דעם ראַציאָנאַליסטישן „ביאור" צו מענדעלסאָנס תנ"ך. ד ידיעה וועגן טאָלעראַנץ-עדיקט און יוסף דעם צווייטנס בילדונגס-רעפאָרמעס האָבן האָמבערגן זייער דערפרייט, און ער איז געקומען צוריק אַהיים מיטאַרבעטן ביי די רעפאָרמעס. אין ווין האָט ער אויסגעהאַלטן אַן אוניווערזיטעטס-עקזאַמען אויף פילאָזאָפיע, ער האָט געפּרווט באַקומען אַ קאַטעדרע אין פּראָגער אוניווערזיטעט, אָבער די רעגירונג האָט אים נישט געוואָלט באַשטעטיקן פאַר דאָצענט; דעמאָלט האָט ער זיך איבערגעגעבן דער רעגירונג דורכצופירן די יידישע שול-רעפאָרם אין גאַליציע. אַליין אַ טרוקענער ראַציאָנאַליסט, אָן פאַרשטענדעניש פאַר היסטאָרישער עוואָלוציע, האָט האָמבערג געמיינט, אַז יידן לאָזט זיך איבער-מאַכן דורך „בילדונג" מיט גוואַלד; אַלס קאַריעריסט האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ס'לוינט אים בעסער צו דינען דער רעגירונג, איידער זיין אייגן גע-פּרווט פאָלק. אין יאָר 1787 האָט האָמבערג באַקומען דעם אַמט פון „אויבער-

אויפזעער" אויף אַלע נייע יידישע שולן, וואָס ער גופא האָט געזאָלט עפענען אין גאַליציע. אין לעמבערג האָט ער געהאַט אַ שלעכטן אויפנעם ביי יידן, אַלס אפיקורס און רעגירונגס-אַגענט. קיינער האָט אים נישט געוואָלט פאַרדינגען קיין דירה; דאָס האָט אים אָבער נישט געשטערט זיך נעמען מיט אַ ברען פאַר דער אַרבעט. אין דער צייט פון פיר יאָר האָט ער געעפנט אין גאַליציע ביז הונדערט „דייטשיש-יידישע" אָנהויב-שולן מיט אַסך דייטש און קנאַפּ יידישקייט, און קוים צונויפגעשאַרט פאַר זיי לערער צווישן דעם הייפל „משכילים". אינגיכן איז אין לעמבערג געוואָרן אַ סעמיבאַר פאַר יידישע לערער. זייער שווער איז אָנגעקומען צונויפטרייבן קינדער אין די רעגירונג-שולן, בעת יידן האָבן געקוקט אויף די שולן, ווי אויף פאַבריקן פאַר משומדים; נאָר דאָ איז צו הילף געקומען די רעגירונג: דער „פּאַטענט" פון יאָר 1789 האָט געגניט יידן אָפּגעבן זייערע קינדער אין די נייע שולן: אָן אַ שיין פון אַזאַ שול האָט אַ יינגל נישט געטאָרט לערנען גמרא אין אַ חדר; אָן אַזאַ שיין אָדער אַ באַווייז, אַז מ'האָט זיך געלערנט דייטש אין דער היים, האָט מען נישט געטאָרט חתונה האָבן.

האָמבערגן האָט מען איבערגעגעבן דורכפירן די דאָזיקע גוואַלד-בילדונג מיט דער הילף פון דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע, און אינגיכן האָט זיך געלאָזט הערן אַ וויינעשריי פון דער יידישער מאַסע, וואָס האָט נישט געקאָנט אויסשטיין דעם יאָך פון אַ „טשינאָווניק" אַ יידן. האָמבערג און די נייע לערער, דער רעגירונגס איבערגעגעבענע אַגענטן האָבן אומדערבאַרעמדיק געבראָכן די לאַנגאָניקע סיסטעם פון יידישער ערציאונג. מ'האָט זיך אַריינגעריסן מיט פּאָליצייאישער גוואַלד אין יידישן גייסטיקן לעבן, גערודפט די איינגעשפּאַרטע. האָמבערגס נאָמען איז נאָך מער פאַרהאַסט געוואָרן, ווען מ'איז דערגאַנגען, וואָס פאַר אַ חלק ער האָט געהאַט אין מאַכן אַ נייעם שטייער אויף יידן, די ליכטפאַכט. אין יאָר 1795 האָט אַ לעמבערגער געשעפטס-מאַכער, קאָפלער, אויפגעגעבן דער רעגירונג אַ פּראָיעקט מאַכן אַ שטייער אויף בענטש-ליכט ביי יידן; אַזאַ אָפּצאָל זאָל, נאָך זיין מיינונג, איינטראָגן דער קרוין אַ היפשן באַטרעף; ער גופא האָט זיך אויסגערופן נעמען די פאַכט פון אַזאַ אָפּצאָל פאַר אַ סומע פון צוויי הונדערט טויזנט פלאָרין אַ יאָר. קייזער פראַנצן האָט דאָס זייער געשמעקט, ער האָט אָבער נישט געקאָנט מיטאַמאָל באַשליסן אַרויפוואַרפן אַזאַ נייע לאַסט אויף דער אָרימער יידישער מאַסע, דערצו נאָך, אויף אירן אַ הייליקן מנהג; האָט ער אָנגעפרעגט ביי האָמבערגן. יענער האָט געענטפערט, אַז ליכט-בענטשן האָט נישט קיין וואָרצלען אין יידישן קולט; יידן וועט דער נייער אָפּצאָל נישט שווער זיין. בכן איז אין יאָר 1797 איינגעפירט געוואָרן די ליכט-פאַכט, אַ נייע לאַסט אויף יידן, וואָס האָט זיך געצויגן אַריבער 50 יאָר (ביזן יאָר

1848). אַלע זענען זיכער געווען, אַז האָמבערג האָט דאָ אַ טובה געטאָן דעם פּאַכטער קאָפּלערן און נישט גלאַט פאַר אַ דאַנק-וואָרט. אינגיכן האָבן קיין ווין אָנגעהויבן לויפן נאָכאַנאַנד אָנקלאָגן אויף האָמבערגס אומגעזעצלעך האַנדלען אין זיין אַמט; ער האָט געמוזט פאָרן קיין ווין פאַרענטפערן זיך. צום סוף האָט ער געמוזט פאַרלאָזן לעמבערג און זיך באַזעצן אין ווין (1801). אין 5 יאָר אַרום (מערץ 1806) האָט דער קייזער געגעבן אַ באַפעל פאַרמאַכן אַלע דייטשיש-יידישע שולן אין גאַליציע. יידישע קינדער האָבן געמעגט לערנען אין אַלגעמיינע שולן, בתנאי, זיי זאָלן זיצן אויף באַזונדערע בענק, אָפּגעזונדערט פון קריסטלעכע לערן-קינדער.

געבליבן אָן אַ שטעל, האָט זיך האָמבערג גענומען פאַר אַן אַנדער פּראָפעסיע: מאַכן אָפיציעלע לערנביכער פאַר דער יידישער יוגנט. פון יאָר 1808 אָן גיט ער אַרויס יידישע קאַטעכיזיסן („אמרי שפר", „בני-ציון", „בן-יקיר") אויף העברעאיש מיט אַ דייטשער איבערזעצונג. די דאָזיקע לערנביכער, געשריבן אין אַ טאָן פון אָפיציעלן פּאַטריאָטיזם און טרוקענער מאָראַל, זענען זייער געפעלן דער רעגירונג אַלס אַ זיכערער געצייג „אויסצוליי-טישן" יידן און זיי צוגעוויינען פאָלגן ווי קנעכט. אַ קייזערלעכער דעקרעט פון 14-טן דעצעמבער 1810 האָט געהייסן: 1) איינפירן האָמבערגס לערנביכער אין אַלע יידישע שולן, 2) געבן ערלויבענישן אויף חתונות אין גאַליציע און אין בעהמען נאָר די יונגעלייט, בחורים און מיידלעך, וואָס וועלן אויסהאַלטן ביי פּאָליציי אַן עקזאַמען אויף קאַטעכיזיס „בני-ציון". צו עסטרייכס קלאָגעדיקער געזעצגעבונג וועגן יידישע חתונות איז בכן צוגעקומען נאָך אַ ווילדע המצאה: אַן עקזאַמען ביי פּאָליציי אויף חתן אָדער אויף כלה. די דאָזיקע „רעפאָרם" האָט מען איינגעפירט אין דער שפּעטער-דיקער תקופה פון רעאַקציע (1815—1848), און זי האָט מיטגעבראַכט נישט ווייניק טראַגיש-קאָמישע מעשיות.

בעת ער איז געווען צענזאָר אויף יידישע ספרים, האָט האָמבערג פאָרגעלייגט דער רעגירונג אַ פּלאַן אויסצוריייניקן יידישע ספרים, וואָס האָט געשמעקט אַזוי גוט ווי אַ מסירה (1811): די צענזור זאָל נישט דורכלאָזן קיין נייע תפילות (חוץ תפילות פאַר דעם קייזער), קיין קבלה-ספרים, קיין דרוש-חבורים אָן מאָראַלישע פאָרשריפטן, קיין נייע רבנישע ספרים (אַלטע איז שוין אויך איבער-גענוג), קיין ביאָגראַפיעס פון רבנים, וואָס האָבן גאָר נישט אויפגעטאָן חוץ אין תלמוד, קיין מעשיות פון צדיקים. האָמבערג האָט אויך פאָרגעלייגט צונויפרופן אַן אסיפה פון רבנים אין בעהמען, מעהרן, אונגאַרן און גאַליציע, זיי זאָלן אויסמעקן פון סדורים און פון רבנישע ספרים אַלץ, וואָס קאָן באַליידיקן נישט-יידן. האָמבערג גופא האָט צונויפגעשטעלט פאַר דער עסטרייכישער צענזור אַ צעטל יידישע ספרים. וואָס זענען

„טריף" פונם פּאָליטישן קוק. פאַר די אַלע פּאַרדינסטן האָט קייזער פראַנץ געמאַכט האַמבערגן פאַר אינספּעקטאָר אויף יידישע שולן אין בעהמען (1814); אין דעם אַמט איז דער מיסיאָנער פון פּאָליציייאישער בילדונג אָפּ-געווען ביזן טויט (1841).

גאַליציאַנער יידן האָבן אויסגעפּירט בילדונגס-דינסט פּונקט אַזוי שלעכט ווי ס׳איז געווען מיט מיליטער-דינסט, וואָס מ׳האָט זיי אָנגעוואָרפן נאָך אין יאָר 1788. די זאָרג, וואָס דער געזעץ וועגן די רעקרוטן (§ 5) האָט פאַר-שאַפט דער יידישער מאַסע, איז נאָך ניט געווען אַריבער. די אָרטאָדאָק-סאַלע מאַסע האָט דאָס געהאַלטן פאַר אַ גזרה אויף אירע קינדער, אויף איר רעליגיע און מנהגים, און האָט זיך נישט געקאָנט באַרואיקן: זי האָט זיך געקערט צום מלך אויפן הימל און צום מלך אויף דער ערד, זי האָט גאָט געבעטן אין די שולן, געשיקט דעפּוטאַציעס קיין ווין, מ׳זאָל אָפּשאַפן די גזרה. אין יאָר 1790 האָט די רעגירונג זיי צוליב געטאָן און האָט ערלויבט יידן צאָלן אַ רעק-רוטן-שטייער אָנשטאָט צושטעלן רעקרוטן, אָבער אין יאָר 1804 איז דער געזעץ וועגן רעקרוטן ווידער גילטיק געוואָרן. דאָס איז געווען אין רעכטן ברען פון נאַפּאָלעאָנס מלחמות, און דער פאַרקנעכטעטער גאַליציאַנער ייד האָט געהאַט גענוג גרונדן נישט צו וועלן פאַרגיסן בלוט פאַר אַ מלוכה, וואָס האָט אים געיאָגט און געפּלאָגט. אַ סך יונגעלייט האָבן עמיגרירט קיין רוסלאַנד און אין אַנדערע לענדער, אַנדערע האָבן געפונען עצות קעגן גע-זעץ, אַ סך האָבן פונדעסטוועגן געדינט אויך. די קאָמאַנדירן האָבן זיי גרינ-גער געמאַכט די דינסט דורך דעם, וואָס זיי האָבן זיי געשטעלט אין פור-דינסט, נישט אין די מאַרש-טיילן.

## § 39. אונגאַרן

דאָס אונגאַרישע יידנטום איז געווען זייער ענלעך צום גאַליצישן לויט זיין סאָציאַלער לאַגע און קולטור-שטייגער. די רעכטלעכע לאַגע איז דאָ אָבער געווען אַנדערש אין געוויסע פּרטים. דער גאָרער יידישער קבוץ אין אונגאַרן איז געווען באַלעסטיקט מיט אַ שווערן „טאָלעראַנץ-שטייער" אַריבער אַ מיליאָן גולדן. מחמת דער אונגאַרישער פּאָליטישער אויטאָנאָמיע און דעם פעאָדאַלן רעזשים, האָבן יידן געהאַט אויף זיך אַ סך בעלי-בתים: אין די קעניג-שטעט האָבן איבער זיי געהערשט דעם שטאַטהאַלטערס באַ-אַמטע און די מאַגיסטראַטן; אין די פּריצישע ישובים — די פּריצים. יידן האָבן געלעבט אין געדיכטע מאַסן אין פּרעסבורג, אָפן, פּעשט און האָבן שטענדיק באַדאַרפט אויסשטיין אַ קאַמף פאַר וואוינרעכט און פאַר באַשעפ-

טיקונגס-רעכט קעגן די מאַגיסטראַטן, וואָס האָבן געוואָלט אויסנוצן זייער אַלטע פּריווילעגיע נישט צו דערלאָזן יידן (de non tolerandis judaeis). יידן האָבן לגמרי נישט געטאָרט וואוינען אין ראַיאָן פון באַרג-אינדוסטריע. מ׳האָט זיי געשטערט, אין אייניקע ערטער אַפילו פאַרווערט קליינהאַנדל און הויזירעריי, וואָס האָט געשפּייזט אַ סך אָרימע יידישע פאַמיליעס.

אָפּקלאַנגען פון דעם קאַמף פאַר עמאַנסיפּאַציע און האָפענונגען אויף דעם נייעם רעגירער (לעאָפּאָלד II) האָבן אויפגערודערט די יידישע געזעל-שאַפט אין אונגאַרן. אין יאָר 1790 האָט זי זיך געווענדעט צום קייזער מיט אַ פּעטיציע וועגן פאַרבעסערן די יידישע לאַגע. די פּעטיציע האָט מען איבערגעשיקט דעם אונגאַרישן סיים, וואָס האָט זי איבערגעגעבן צו באַהאַנדלען אין אַ באַזונדער קאָמיסיע. ס׳האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז דער סיים (אין דער סעסיע פון יאָר 1791) איז גרייט צופרידנשטעלן די יידישע השתדלות, בתנאי, אַז יידן זאָלן געבן רעקרוטן אין דער אַרמיי (דעמאָלט איז דאָס נאָך נישט געווען קיין מוז פאַר אונגאַרישע יידן). אין רעכניץ איז זיך צונויפגעקומען אַן אסיפה פון יידישע קהילה-פאָרשטייער און האָט באַהאַנדלט די פראַגע, צי לוינט דאָס טאָן, כּדי צו געווינען סימפּאַטיע ביים סיים. אַ דעלעגאַט נפתלי ראָזנטאַל האָט אָנגעוויזן, אַז יידן לוינט בעסער מיט גוטן נעמען אויף זיך מיליטער-דינסט, כּדי געווינען דערפאַר בירגער-רעכט, וואָרום פריער-שפּעטער וועט די רעגירונג אַלץ-איינס אָנוואַרפן יידן די לאַסט. אָבער קאָפּל טעבען, אַ פּאָפּולערער פאַרטרעטער פון דער פרעסבורגער קהילה, האָט אָפּגערעדט די פאַרזאַמלונג פון אַרויפוואַרפן פריי-וויליק אויפן פאָלק די שווערסטע לאַסט, דאָס רוב האָט צו אים צוגעשטימט. דערווייל האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דער אונגאַרישער סיים האַלט נאָך ווייט פון צו נעמען אַזאַ קרבן ביי יידן. ווען אין סיים איז צו רייד געקומען פון מיליטער-דינסט פאַר יידן, האָט באַטיאַני, קאַרדינאַל-פּרימאַס, מיט היץ אָנגעוויזן, אַז יידן האָבן נישט פאַרדינט דעם כּבוד צו דינען אונטער דער אונגאַרישער פאָן. דער פּראָיעקט פון דער קאָמיסיע וועגן געבן יידן אַ טייל רעכט האָט אַפילו נישט דערלאַנגט צום סיים אין יאָר 1792 — ס׳איז געבליבן ביים אַלטן.

אַ נייע פּאָליטישע כוואַליע — די באַפרייאונגס-באַוועגונג, וואָס נאַפּאָ-לעאָנס נצחונות האָבן מיטגעבראַכט, האָט אויפגעמונטערט די אונגאַרישע יידן צו קעמפן פאַר זייערע רעכט. אין יאָר 1807 האָבן זיי דערלאַנגט דעם סיים אַ פּעטיציע, ער זאָל זיי געבן גלייכע רעכט מיט די נישט-אַדל-שטאַנדן, נאָר בתנאי, זיי זאָלן דערהאַלטן זייער קהילה-אויטאָנאָמיע; ווייטער האָבן זיי געבעטן, מ׳זאָל געזעצלעך אנערקענען אַזוינע קלאַסן ביי יידן: ערד-אַרבעטער, פאַבריקאַנטן, בעלי-מלאכות, סוחרים, שטעטישע און הויזירער;

דער לעצטער קלאַס (הויזירער), וואָס דער געזעץ איז קעגן אים, זאָל אויך טאָלערירט ווערן אַזוי לאַנג, ביז ערד- און פאַבריק-אַרבעט וועלן פאַר־שפּרייט ווערן ביי יידן. די סיים-קאָמיסיע האָט אָבער נישט געקאָנט „לייד" הויזירער, וואָס קאָנקורירן מיט קרעמער; יידן איז אויסגעקומען זיך ווענדן צום קייזער פּראַנץ מיט אַ בקשה, ער זאָל נישט לאָזן רואינירן אַן אָרעמע מאַסע הויזירער, וואָס ברענגט נוצן דעם לאַנד.

די רעגירונג האָט זיך נאָך געוואַקלט, צי זאָל זי אָפּנעמען דעם לעצטן ביסן ברויט ביי די צענדליקער טויזנטער קליינהענדלער צי נישט. אָבער וועגן מיליטער-דינסט פאַר יידן האָט זי נישט לאַנג געטראַכט; זי האָט באַשלאָסן נעמען ביי זיי רעקרוטן (1807). אין דערזעלבער צייט האָט זי געהעכערט אויף 50 פּראָצ. דעם „טאָלעראַנץ-שטייער", אַ סימבאָל פון קנעכטשאַפט פאַר „פרעמדע", וועלכע מען האָט נאָר-וואָס פאַרפליכטעט פאַרגיסן בלוט פאַרן פאָטערלאַנד. אַזוי האָט מען פאַרשטאַנען גלייכע פליכטן און גלייכע רעכט אין אונגאַרן. אין יאָר 1811 האָט דער טאָלע־ראַנץ-שטייער שוין אָנגעטראָפן 1.600.000 גולדן, אונגאַרישע יידן האָט נישט אויסגעמיטן קיין אָפּיציעלע בילדונגס-מאַכערייַ אויך; דאָ איז דאָס אָבער נישט פּראַקטיקירט געוואָרן אין אַזאַ גרויסער מאָס, ווי אין גאַליציע. אויף חתונה-האָבן האָט מען באַדאַרפט ברענגען אַ שיין, אַז מ'האָט געענדיקט אַ „נאָרמאַלע שול". יידן האָבן זיך געמוזט „אַן עצה טאָן" קעגן געזעץ, אָדער אויפן אַלטן שטייגער זיך אויסקויפן ביי דער מאַכט מיט געלט פון אויספירן דעם אָנגעוואָרפענעם געזעץ.

## § 40. דער קולטור-צושטאַנד

עסטרייכישע יידן זענען נישט געווען אַזוי שטאַרק אַריינגעצויגן אין דער פּאָליטישער באַוועגונג פון דער רעוואָלוציאָנערער תקופה, און דערי־בער האָט זיי נישט אַזוי אָנגערירט דער קולטור-קריזיס, וואָס האָט חרוב געמאַכט דאָס יידישע גייסטיקע לעבן אין דייטשלאַנד. דאָ האָבן זיך נאָך געהאַלטן די צוויי זיילן פון דער אַלטער קולטור: רבנות און חסידות, בעת אין דייטשלאַנד איז שוין דאָס ערשטע געווען שטאַרק אונטערגעבראָכן און דאָס צווייטע האָט זיך גאָרנישט באַוויזן צו באַפעסטיקן. רבנות איז נאָך געווען פעסט אין בעהמען, אין מעהרן און אין אונגאַרן; אין די גרויסע קהילות זענען געווען אָנגעזעענע אָרטאָדאָקסישע רבנים, ווי ר' יחזקאל לאַנדוי און זיינע נאָכקומער אין פּראָג, ר' מרדכי בענעט אין ניקאָלסבורג („לאַנד-ראַבינער אין מעהרן"), ר' משה סופר („חת"ם סופר")

אין פרעסבורג און אַנדערע. אין גאַליציע אָבער האָט חסידות, אָנהויבנדיק פון סוף 18-טן יאָרהונדערט, פאַרפלייצט כמעט אַלע קהילות, חוץ געציילטע גרעסערע רבנישע צענטרען (לעמבערג, קראָקע, בראָד). די „גוטע יידן" האָבן געבראַכט די יידישע מאַסע אין גרויס התפעלות, אייניקע מיט באַוויזן „ניסים", אַנדערע מיט זייער פרומקייט און הייליקייט (ר' אלימלך ליזענסקער און זיינע נאָכקומער, ר' וואָלף זבאַראַזשער, ר' משה-לייב סאַסאָווער א. אַנד.). דאָס לעצטע צענדליק יאָר פונם 18-טן יאָרהונדערט איז נאָך אין די קהילות צוגעגאַנגען אַ שטרייט צווישן רבנים און גוטע יידן. דער געוויסער אַגיטאַטאָר קעגן חסידים, דער מתנגדישער דרשן ישראל לייבל, איז געקומען פון ליטע קיין גאַליציע גראָד אין דער צייט (1798), ווען אין רוסלאַנד האָט ווידער אויסגעבראָכן די מלחמה פון מתנגדים מיט חסידים (זע ווייטער, § 52). אָבער דאָ האָט ער געטראָפן אַן אָרגאַניזירטע חסידישע מאַכט, וואָס האָט אים נישט געלאָזט זאָגן אין די שולן און האָט אים פאַרמסרט פאַר פּאָליציי, אַלס אַ געפערלעכן אַגיטאַטאָר. די ערשטע יאָרן פון 19-טן יאָר-הונדערט איז די מלחמה צווישן חסידים און מתנגדים עטוואָס אָפּגעשוואַכט געוואָרן. די קעגנער האָבן דערפילט, אַז אויף זיי ביידע רוקט זיך אַ נייע „גזרה" — בילדונג, וואָס די רעגירונג האָט גענומען איינפירן מיט אַזוינע אַגענטן ווי הערץ האָמבערג.

שוין דאָס אַליין, וואָס משכילים אין עסטרייך האָבן זיך פאַרבונדן מיט דער רעגירונג, בעת יענע האָט געהאַלטן אין איין רודפן די יידישע מאַסע, איז גענוג געווען, זי זאָל וואַרפן אַן אומחן אויף דעם עצם געדאַנק פון בילדונג. געוויס איז דאָס געווען אָפּגעשטאַנענקייט און חסידישע ווילד-קייט פון דער מאַסע, ווען זי האָט זיך מיט אַלע מעגלעכע מיטלען גע-ווערט קעגן די „דייטשיש-יידישע" שולן, אָבער דאָ האָט געשטעקט אַ פּאָלי-טישער פּראָטעסט אויך; וואָרום פאַר יידישע גייסטיקע אינטערעסן האָט מיטאַמאָל גענומען זאָרגן אַ רעגירונג, וואָס האָט געפירט אַ פרעה-פּאָליטיק קעגן יידן, זיי זאָלן זיך נישט מערן, און האָט זיי געהאַלטן אין דער ערגסטער רעכטלאָזיקייט. די שנאה צו די אָפיציעלע אויפקלערער פון האָמ-בערגס שניט האָט זיך איבערגעוואָרפן אויף די שטילע משכילים-אידעאַליסטן, וואָס האָבן זיך באמת באַגייסטערט מיטן אידעאַל פון אַ קולטור-אויפלעבונג. מ'האָט גערודפט די נייע אַפּיקורסים, מ'האָט זיי געטריבן פון דער פאַמיליע, פון דער געזעלשאַפט, מ'האָט געברענט זייערע „שעדלעכע" ביכלעך. די משכילים אין גאַליציע איז אויסגעקומען אויסצובאַהאַלטן זיך, בילדן גע-היימע קרייזן, וואו מ'האָט שטילערהייט געלייענט לעסינגס, שילערס, מענ-דעלסאָנס ווערק און די נאַאיווע מליצה פון דער ניי-העבראַישער ליטעראַ-טור, וועמענס אָרגאַן ס'איז געווען דער בערלינער „המאסף" (§ 35).

ממילא האָט די נײַ־העברעאישע ליטעראַטור נישט געקאָנט שטאַרק אַרויסקוקן אויף אָנגעזעענע שרײַבער אין עסטרײַך. חוץ האָמבערגן, וואָס ער האָט זיך גאָר אַרײַנגעלאָזט מאַכן שלעכטע אָפּיציעלע לערנביכער, איז דאָ געווען איין אָנגעזעענער שרײַבער יהודה־לייב בן־זאב. ער איז געווען אַ געבוירענער אין קראָקע און דאָרט האָט ער שטילערהייט שטו־דירט די פּאַרבאָטענע וויסנשאַפטן; דערנאָך איז ער געקומען קיין בערלין און ברעסלוי און איז אָפּן געוואָרן אַ מיטאַרבעטער אין אפּיקורסישן „המאסף". ער האָט זיך גענומען אַ צוועק צו באַשאַפן אַ געצײַג אויף אויפצולעבן די ביבלישע ליטעראַטור־שפּראַך, וואָס די רבנישע ליטעראַטור האָט זיך דער־ווײַטערט פון איר, און האָט אָנגעשריבן צוויי גרונד־ווערק: אַ העברעאישע גראַמאַטיק („תלמוד לשון עברי", ברעסלוי 1796) און אַ העברעאישן לעקסי־קאָן („אוצר השרשים", ווין 1807). דאָס איז געווען אַ נויטיקער טייל צום „ביאור" (מענדעלסאָנס פּירוש אויף תנ"ך) און האָט געהאַט דעמזעלבן צוועק — אַז דער יסוד פון דער נײַער ליטעראַטור זאָל זײַן תנ"ך, נישט תלמוד. בן־זאב האָט נאָך מער ראַציאָנאַליסטיש אויסגעטײַטשט דעם תנ"ך, איידער דער „ביאור"; ער האָט דער ערשטער זיך אײַנגעשטעלט צו פּאַרעפנטלעכן אַן „אַרײַנפיר אין תנ"ך" („מבוא למקראי קודש", ווין 1810), אַ שטיק ביבל־קריטיק, וואָס ער האָט גענומען ביים באַוואוסטן דײַטשן אָריענטאַליסט אייכ־האָרן. דעם גרעסטן טייל ליטעראַרישע ווערק האָט בן־זאב געשריבן און געדרוקט אין ווין, דאָרט האָט ער פּאַרבראַכט די לעצטע צען יאָר אַלס קאָרעקטאָר אין יידישער דרוקערײַ פון שמיד (געשטאָרבן איז ער אין ווין אין יאָר 1811, צו 43 יאָר). דאָ אין ווין, ווײַט פון זײַנע גאַליציש פּאַ־באַטיקער, האָט ער געהאַט די מעגלעכקייט צו שרײַבן און נישט מורא האָבן פאַר קיין רדיפות. פונדעסטוועגן איז ער דאָ אויך נישט געווען גאַנץ רואיק. איינער פון זײַנע גאַליצישע פרײַנט האָט אים געבעטן אַרויסטרעטן מיט אַ קריטיש ווערק קעגן חסידות. דערויף האָט אים בן־זאב געענטפערט (1808), אַז ער האָט מורא אָנרירן חסידים, וואָרום זיי קאָנען פון נקמה וועגן פאַרברענען אַלע זײַנע ביכער אין גאַליציע. „אגב, זאָגט ער, האָבן מיר צו דאַנקען די צבועיאַקעס (חסידים), וואָרום וואָלטן נישט זיי, וואָלטן מיר נישט געקאָנט אויסהאַלטן פון די מתנגדים. אַז צוויי גנבים קריגן זיך, קאָן אַמאָל אַן ערלעכער מענטש אַרויסבאַקומען, וואָס מ'האָט ביי אים אַוועק־געגנבעט. חתידים פאַלן אָן אויף לומדים, לומדים אויף חסידים, דער טײַוול טאַנצט צווישן זיי, דערווײַל לאָזט מען אונז (משכילים) צו־רו"... אין די ווערטער הערט זיך אַ באַליידיקט געפיל פון אומבאַהאָלפנקייט. די פּיאָנערן פון השכלה זענען נאָך געווען שוואַך און עלנט אין דער אָפּגעשטאַנענער פרום־פּאַרצײַטיקער מאַסע אין עסטרײַך; די השכלה גופא איז נאָך געווען

פון אויבן אויף. מיר וועלן נאָך זען, ווי די שטרעבונג צו אַ מאָדערנער לעבעדיקער קולטור ווערט מיט דער צייט טיפער און ברייטער, און אַ סך דראַמאַטישער וועט אויסזען דער קאַמף קעגן דעם אָפּגעלעבטן יידישן שטייגער.

בערלינער „שמד-עפּידעמיע" האָט נאָך נישט דערלאַנגט קיין עסטרייך. משומדים האָבן זיך געמערט בלויז ביי דער ווינער יידישער אַריסטאָקראַטיע, וואָס האָט געזוכט אַ וועג צו דער קריסטלעכער געזעלשאַפט. אין די דאָ-זיקע אַריסטאָקראַטישע נעסטן האָט זיך די אַסימילאַציע איינגעוואָרצלט. אין אָנהויב 19טן יאָרהונדערט טרעפן מיר נאָך אין ווין פאַני אַרנשטיינס סאַ-לאָן (§ 5), דער פרוי פון אַ ווינער באַנקיר, וואָס דער קייזער האָט איר געגעבן דעם באַראָן-טיטל. ביי דער באַראָנעסע אין גרויסאַרטיקן סאַלאָן (אגב איז זי אָפיציעל געבליבן ביי יידישקייט) האָבן זיך געטראָפן רייכע און געבילדעטע יידן — נאָך אַלץ מיט דעם טיטל „טאָלערירטע", מיט עסטרייכישע באַאַמטע, שרייבער און קינסטלער. אין די יאָרן פונם באַפריי-אונגס-קריג קעגן נאַפּאָלעאָנען, האָט באַראָנעסע אַרנשטיין אַרויסגעוויזן אין איר פילאַנטראָפּישער טעטיקייט אַ פייערדיקן דייטשן פּאַטריאָטיזם. נאָכדעם, בעת דעם ווינער קאָנגרעס, פלעגן אין סאַלאָן צו איר אָפט אַריינקומען דיפּלאָמאַטן פון פאַרשיידענע אייראָפּעאישע מלוכות.

קאַפּיטל V

# יידן אין פּוילן אין דער צייט פון די לעצטע צעטיילן

## § 41. די יידנפראַגע אין דער ליטעראַטור פונם פיריאָריקן סיים

דאָס ערשטע יאָר פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע איז געווען דאָס יאָר פון רעפאָרמעס אין פוילן. אין פאַריז זענען די גענעראַל-שטאַטן מיט דעם גאַנג פון דער רעוואָלוציע געוואָרן פון אַ שטאַנדן-פאַרלאַמענט אַ נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג; אין וואַרשע איז דער רעפאָרמאַטאָרישער סיים, דער פיריאָריקער אָדער דער גרויסער סיים, געבליבן אַ שלאַכטישער, אָבער אויף אים האָט זיך אויך געפילט די ווירקונג פון די פראַנצויזישע פרייע אידייען. דער דריטער שטאַנד, די שטעטישע („מעשטשאַנעס"), האָבן געפאָדערט גלייכבאַרעכטיקונג און איינע פון די ערשטע הויפט-רעפאָרמעס פון סיים איז געווען צו געבן זיי גלייכע בירגער-רעכט מיט דער שלאַכטע, אָבער נישט קיין גלייכע פּאָליטישע רעכט. די רעפאָרמאַטאָרס האָבן געהאַט פאַר זיך נאָך צוויי וויכטיקע פראַגן: פויערים און יידן. די פויערים-פראַגע איז באַהאַנדלט געוואָרן, אָבער אין אַ פאַרלאַמענט פון פריצים האָט מען געגעבן דערויף אַן ענטפער, ווי ס'לוינט פאַר קנעכט-אייגנטימער. די יידנפראַגע האָט נאָר דורכגעשוועבט, ווי אַ שוואַרצער שאָטן, אין די רעשיקע זיצונגען פון פיריאָריקן סיים, און מען האָט דעם שאָטן פאַריאָגט אין אַ ווייט ווינקל, אין אַ באַזונדער „דעפּוטאַציע" אָדער קאָמיסיע; דאָרט איז די פראַגע געבליבן שטעקן נישט פאַרענטפערט. מ'דאַרף אָבער זאָגן, אַז שולדיק דערין איז געווען נישט אַליין דער קאָנסערוואַטיזם פון די פוילישע רעפאָרמאַטאָרס; דאָ איז געווען נאָך אַ סיבה, וואָס האָט געשטערט צו ראַדיקאַלע רעפאָרמעס: רוסלאַנד האָט פוילן צוגעשטעלט אַ מעסער צום האַלז. רוסלאַנד האָט גאָרנישט געוואָלט, פוילן זאָל רעפאָרמירט ווערן, ווארום נאָך דעם ערשטן צעטיילן האָט פוילן געזאָלט זיין אַ צווייטער און אַ דריי-

טער געריכט ביי די „גרויסע מלוכות" צום טיש. דער סיים האָט געקעמפט קעגן רוסלאַנדס אפּוטרופּסות, וואָס איז געטאָן געוואָרן דורך דעם רוסישן רעזידענט אין וואַרשע; דער סיים האָט געגרייט דאָס לאַנד צו אַן אומ־פאַרמיידלעכער מלחמה קעגן דעם שטאַרקן שכן. די סיים־שטאַנדן איז געלעגן אַסך מער צו רעאָרגאַניזירן די אַרמיי און פאַרשטאַרקן דעם קריג־פאָנד, איידער אינעווייניקסטע רעפאָרמעס.

מחוץ דעם סיים האָט געברויזט און געשטורעמט. נעבן דעם געזעצגע־בערישן פאַרלאַמענט איז געוואָרן נאָך אַ פאַרלאַמענט, אַ ליטעראַרישער — די „פּאָליטישע ליטעראַטור פונם פּיריאָריקן סיים", וואו עס האָט זיך אָפּגע־שפּיגלט דער פּאָליטישער ליבעראַליזם. „קאָלאָנטאַיס קוזניצע" אַליין, די פּובליציסטישע קאַנצעלאַריע פון די רעפאָרמאַטאָרס, האָט פאַרפלייצט דאָס לאַנד מיט בראָשורן און פליג־בלעטער וועגן אַלע פראַגן, וואָס באַלאַנגען צו רעפאָרמירן פּוילן. צענדליקער בראָשורן האָבן באַהאַנדלט אינגאַנצן אָדער טיילווייז די יידנפראַגע. דאָ האָט מען געפירט אַ היציקע פּאָלעמיק וועגן דער „יידן־רעפאָרם" אָנשטאָט דעבאַטן אין סיים.

אָנגעהויבן האָט זיך די ליטעראַרישע פּאָלעמיק וועגן דער יידנפראַגע פון אַ בראָשור, וואָס בוטרימאָוויטש, סיים־דעפּוטאַט פון פּינסק, דער הויפּט־קעמפער פאַר רעפאָרמירן דאָס יידישע לעבן, האָט אַרויסגעלאָזט. דאָס איז אייגנטלעך געווען איבערגעדרוקט די בראָשור פון „איינעם אָן אַ נאָמען" (§ 9). בוטרימאָוויטש האָט די בראָשור איבערגעדרוקט אין יאָר 1789 מיט אַ נייעם טיטל: „אַ מיטל צו מאַכן פון פּוילישע יידן נוצלעכע בירגער אין לאַנד" און מיט אַ צוגאָב פון אייגענע באַמערקונגען. בכן האָט דער פּאָפּולערער דעפּוטאַט געשטעלט זיין חתימה אויף אַ „רעפאָרם־פּראָיעקט", וואָס אין תוך האָט דאָ געשטעקט אַזאַ געדאַנק: יידן זענען ביי זייער איצטיקן צושטאַנד „שעדלעך פאַר דער מלוכה" נישט דערפאַר, ווייל אַזוי איז זייער נאַטור, נאָר מחמת זייער באַזונדער סיסטעם ערציאונג און לעבנס־שטייגער; דעריבער דאַרף מען זיי פריער געבן אַ נייע ערציאונג, אַ פּאָלי־טישע און אַ מאָראַלישע, איידער מ׳מאַכט זיי פאַר בירגער. די רעפאָרם איז: מ׳זאָל יידן צוציען צו פּראָדוקטיווער אַרבעט, צו מלאכה און ערד־אַרבעט, מ׳זאָל זיי דערווייטערן פון שעדלעכער שענקעריי און מ׳זאָל באַ־זייטיקן זייער אָפּגעזונדערטקייט; דאָס לעצטע זאָל דערגרייכט ווערן דורך דעם, וואָס מ׳זאָל פאַרשמעלערן זייער קהילה־אויטאָנאָמיע, מ׳זאָל איינפירן פּויליש אָנשטאָט „זשאַרגאָן" אין דער יידישער שול און אין געשעפטס־לעבן, מ׳זאָל פאַרווערן די יידישע קליידונג און נישט לאָזן ברענגען ספרים פון אויסלאַנד. צו אַזאַ פּראָיעקט פון „אויסלייטישונגס"־מיטלען האָט בוטרי־מאָוויטש צוגעגעבן נאָך אַ זאַך: יידן זאָלן נישט טאָרן דינען ביי מיליטער,

ביז זיי וועלן נישט ווערן דורך בילדונג גוטע פּאַטריאָטן, וואָס זענען גרייט דינען דעם פֿאָטערלאַנד.

אָבער אַפילו אַזאַ פּראָיעקט, וואָס שטייט בעצם אויף אַ סיסטעם פֿון אַפּוטרופּסות און אַסימילאַציע, האָט דעם גרעסטן רוב פּוילישע געזעלשאַפֿט אויך אויסגעזען צו ליבעראַל. אַ פּוילישער פּראָגרעסיווער זשורנאַל האָט זיך אָפּגערופֿן מיט אַן אַרטיקל: „געדאַנקען וועגן בוטרימאָוויטשס פּראָיעקט פֿון אַ יידן־רעפֿאָרם" (דעצעמבער 1789). דער מחבר פֿון די „געדאַנקען" געפֿינט אינם פּראָיעקט אַ קערן „געזונטע פּאָליטיק", ער פֿאַרשטייט אָבער נישט, ווי אַזוי מען „פֿאַרמאַכט די אויגן אויף יידישע חסרונות איבער צו פֿיל זאָרג פֿאַרן פּרינציפּ פֿון מענטשן־רעכט". דער אַנאָנימער זשורנאַליסט פֿאָדערט, מען זאָל נאָר אָפּשאַפֿן קהל, יידישע קהילות זאָלן האָבן נישט מער ווי אַ סינאַגאָגאַלע אויטאָנאָמיע; ער האַלט אויך, אַז מ'דאַרף באַגרעניצן יידישע קרעמערייַ אין די שטעט, כדי יידן זאָלן זיך מוזן נעמען פֿאַר מלאכה און ערדאַרבעט. אייניקע פּובליציסטן האָבן גערעדט וועגן יידן זייער שאַרף. דער געוויסער סטאַשיץ, אַ דעמאָקראַטיש־געשטימטער קסיאָנדז, דער מחבר פֿונעם ווערק „אַ התראה פּוילן", זאָגט אויף יידן, אַז דאָס איז „אַ היישעריק אין לאַנד זומער און ווינטער"; אַזאַ „מחנה שנאָרער" האָט זיך געקאָנט געפֿינען אַן אָרט נאָר אין אַ סביבה, וואו מ'פּראָטעזשירט ליידיק־גייערייַ; דערבייַ האָט סטאַשיץ פֿאַרגעסן, אַז די דאָזיקע „שנאָרער" האָבן באַשאַפֿן האַנדל אין לאַנד פֿון שלאַכטע און כלאָפּעס. דער רוב שרייבער, וואָס האָט שאַרף קריטיקירט יידן, איז געווען אייניק, אַז אויסלייטישן די נאַציע קאָן מען נאָר מיט רעפֿאָרמעס, וואָס זאָלן געגעבן ווערן פֿון אויבן. אַן אַלט היסטאָריש פֿאָלק, מיט אַן אַלטער זעלבסט־פֿאַרוואַלטונג, האָט מען דאָ באַהאַנדלט ווי אַן ערב־רב, וואָס מ'קאָן איבערמאַכן זייער לעבנס־שטייגער, ווי מ'וויל: ס'איז גענוג צו פֿאַרבייטן יידיש מיט פּויליש, פֿריער אײַן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, דערנאָך אין פּריוואַט־לעבן; אָנשטאָט אַ יידישער שול — געבן אַ פּוילישע שול; אָנשטאָט קהל — אַ מאַגיסטראַט; אָנשטאָט האַנדל — הייסן זיך נעמען פֿאַר מלאכה און ערדאַרבעט. דער חילוק ביי די פּראָיעקטן־מאַכער איז געווען נאָר אין גראַד פֿון ראַדיקאַליזם און צוואַנג: אייניקע ווילן גאָר אָפּשאַפֿן די קהילה־אויטאָנאָמיע (קאָלאָנטאַי), אַנדערע ווילן איינצוימען און מאַכן די רעגירונג פֿאַר אַן אַפּוטרופּוס אויף איר (בוטרימאָוויטש און אַנדערע). אייניקע האַלטן, אַז מ'דאַרף יידן שערן בערד און פּאות, ברענען תלמוד און קלענער מאַכן די צאָל ימים־טובים; אַנדערע האַלטן פֿאַר גענוג פֿאַרווערן יידישע קליידונג, פֿאַרמאַכן יידישע דרוקן און העלפֿן איבערזעצן יידישע רעליגיעזע ספֿרים אויף פּויליש. אַלע פּראָיעקטן־מאַכער געפֿעלט זייער נאָרמירן יידישע חתונות אויפֿן פּרייסיש־עסטרייכישן שטייגער (מ'זאָל

חתונה האָבן נאָר מיטן הסכם פון דער מאַכט, מ׳זאָל דאַרפן באַווייזן, אַז מ׳איז מאַטעריעל געזיכערט און מ׳האָט דורכגעמאַכט אַ שול). אייניקע פּובליציסטן האָבן צו אַלעם דעם נאָך אַריינגעמישט די פראַגע וועגן די „נעאָפיטן״, ד. ה. וועגן משומדים פון דער סעקטע פ ר אַ נ ק י ס ט ן, וואָס זענען אַריין צווישן פּוילישן אַדל און בירגער, אָבער דאָרט האָבן זיי זיך געפילט פרעמד, זענען געווען עלנט אין דער מיט צווישן קריסטלעכער און יידישער געזעלשאַפט; די שרייבער האָבן אויסגעדריקט די פאַראַכטונג, וואָס די פוילישע געזעלשאַפט האָט געהאַט צו די פאַרשטעלטע נעאָפיטן, וועלכע האָבן זיך נאָך געהאַלטן ביי זייערע סעקטאַנטישע מנהגים, פלעגן פאָרן קיין אויסלאַנד צו פראַנקן און אים שיקן פדיונות.

קעגן דעם כאָר שטימען, וואָס האָבן אין איין קול געלעסטערט יידן, און האָבן געזען פאַר זיי נאָר איין אויסוועג: „איבערמאַכן״ זיי מיט פּאָליציי-מיטלען — קעגן די אַלע האָט זיך געלאָזט הערן נאָר איין יידישע שטים. דער כעלמער רב הערש יאָזעפאָוויטש האָט אָפּגעדרוקט אַ בראָשור אויף פּויליש: „געדאַנקען וועגן דעם פּלאַן צו מאַכן פון פּוילישע יידן נוצלעכע איינוואוינער אין לאַנד״. דער מחבר ווייסט צו שעצן בוטרימאָוויטשס גוטן ווילן; ס׳איז אים אָבער גרויס וואונדער, וואָס אַפילו געבילדעטע לייט פאַרשוואַרצן דעם כלל יידן און מאַכן אים ערב פאַר די שולד פון יחידים, בעת דער כלל האָט דאָך מעלות אויך און ברענגט נוצן דעם לאַנד. דער מחבר פּראָטעסטירט שאַרף קעגן אָפּשאַפן *קהל און קעגן מישן-זיך אין יידישע גייסטיקע ענינים, בכלל קעגן אַלע אַסימילאַציע-פּראָיעקטן, וואָס וועט „אומברענגען דאָס יידישע פאָלק״. אַלס אָרטאָדאָקסישער רב, קאָן ער נישט נאָכגעבן אַפילו אין פּרט יידישע קליידונג; דערביי זאָגט ער מיט אַן איראָניע, אַז אויב יידן זענען שוין יאָ אַזאַ פאַרדאָרבענע אומה, איז דאָך שוין גלייכער, זיי לאָזן זייער איצטיקע קליידונג, מ׳זאָל זיי גרינגער דערקענען צווישן די גוטע און פרומע קריסטן.

יענע צייטן איז נאָך אין וואַרשע נישט געווען קיין קרייז „בערלינער״ משכילים (זיי האָבן זיך באַוויזן בעת דער הערשאַפט פון פּרייסן), וואָס זאָלן זיך אויך אַרויסזאָגן וועגן די רעפאָרם-פּראָיעקטן פון זייער קוק. „געבילדעטע״ האָבן דעמאָלט געהייסן אַזוינע, וואָס האָבן פאַרקערט מיט דער רעגירונג אין פינאַנץ-אָפּעראַציעס אָדער צוגעשטעלן סחורות פאַר דער מלוכה. אין אַרכיוו איז געבליבן אַ פּראָיעקט פון איינעם אַזאַ „פּראָגרעסיסט״, דעם קעניגלעכן פאַקטאָר אברהם הירשאָוויטש, וואָס ער האָט דערלאַנגט דעם קעניג סטאַניסלאַוו-אויגוסט בעת דעם „גרויסן סיים״. דער מחבר לייגט פאָר אייניקע פּאַטענטירטע מיטלען, גענומען ביי די פּוילישע רעפאָרמאַטאָרס: מאַכן פון יידן בעלי-מלאכות און ערד-אַרבעטער („איז די פרייע

סטעפּן פון אוקראַינע״) און פאַרווערן חתונות צווישן מינדעריעריקע; די קליידונג-רעפאָרם ראַט ער אָנצוהויבן דערוווייל פון פאַרווערן לוקסוס-זאַכן: זייד, אַטלעס, סאַמעט, פּערל און צירונג, וואָרום די תּאווה צו לוקסוס רואינירט דעם מיטלשטאַנד. רבנים דאַרף מען באַשטימען נאָר אין גרויסע שטעט, וואָרום אין די פּריצישע שטעטלעך קויפט מען רבנות ביי פּריצים און דערנאָך באַרייסן די רבנים די קהילות. די רעגירונג דאַרף איינשטעלן אָרדנונג אין די קהילות, וואָרום יידן אַליין „קאָנען נישט איינשטעלן קיין צוועקמעסיקע פירונג״ איבער זייערע שטענדיקע מחלוקתן. דער מחבר איז גרייט מיט לייב און לעבן פאָלגן דער מאַכט „אויסצוואָרצלען די איינ-רעדענישן און פאַלשע באַגריפן פון דער פאַרפירטער נאַציע״...

יענע צייט האָט זיך נאָך נישט געפונען דער פרייער ייד, וואָס זאָל אָפן זאָגן די פּוילישע רעפאָרמאַטאָרס: ווילט איר מאַכן יידן „נוצלעך דער מלוכה״, איז מאַכט פריער די מלוכה נוצלעך פאַר יידן, אַזוי ווי פאַר אַלע פעלקער אין לאַנד. ס׳איז פאַראַן נאָר איין וועג צו פאַרריכטן דאָס, וואָס הונדערטער יאָרן קנעכטשאַפט און רדיפות האָבן איבערגעפירט: בירגערלעכע גלייכשטעלונג און פרייהייט. די פּוילישע רעפאָרמאַטאָרס, וואָס זענען נאָך געווען איינגעגלויבט אינעם „אויפגעקלערטן אַבסאָלוטיזם״, זענען אָבער נאָך נישט געווען דערוואַקסן צו דעם פּשוטן געדאַנק, וואָס איז אין פאַריז פאָרמולירט געוואָרן בעת דער רעוואָלוציע: „ס׳קאָן נישט זיין קיין פרייהייט אויף העלפט, אַזוי ווי ס׳קאָן נישט זיין קיין גערעכטיקייט אויף העלפט״.

## § 42. די גאַס און די סיים-קאָמיסיע

אין יאָר 1789 און די ערשטע העלפט 1790 איז די יידנפראַגע נישט דערמאָנט געוואָרן אויף די זיצונגען פון פיריאָריקן סיים. דער סיים האָט מיט היץ דעבאַטירט וועגן וויכטיקע געזעץ-פּראָיעקטן, וועלכע האָבן באַדאַרפט באַשטימען דעם גורל פון לאַנד, און האָט זיך נישט געוואָלט צו-הערן צום דעפּוטאַט בוטרימאָוויטשס רייד, אַז אַ יידן-רעפאָרם געהערט אויך צו די ערשט-וויכטיקע פראַגן, וואָס מ׳טאָר זיי נישט אָפּלייגן. די יידנ-שאַפטלעכע ליטעראַרישע פּאָלעמיק האָט אויך קיין פּעולה נישט געהאַט אויפן סיים, ער זאָל גיכער צוקומען צו דער יידנפראַגע. אָבער פּלוצים האָט זיך די גאַס אַריינגעריסן אין סיים אַריין, דער סיים איז וואַך געוואָרן.

דער וואַרשעווער המון האָט זיך גענומען פאַרענטפערן די יידן-פראַגע אויף אַן אייגענעם שטייגער. קודם-כּל האָבן קריסטלעכע הענדלער און בעלי-

מלאכות נישט געוואָלט ליידן קיין יידישע קאָנקורענץ. די ערשטע צוויי יאָר סיים-צייט איז פון זיך אַליין בטל געוואָרן דער געזעץ, אַז יידן מעגן קומען קיין וואַרשע נאָר אויף ירידים, בעת די סיים-סעסיעס. היות ווי דער סיים האָט זיך דערקלערט פאַר אַ לאַנגיאָריקן, האָבן יידן געהאַלטן, אַז זיי מעגן וואוינען אין וואַרשע, כּל-זמן די סעסיע דויערט. פון דער פּראָווינץ זענען אָנגעקומען אַ מאַסע יידן-סוחרים און בעלי-מלאכות צו זוכן אַ פּאַר-דינסט; פּוילישע הענדלער און האַנטווערקער האָבן דאָס באַלד דערפילט: די אָנגעקומענע האָבן אָפּגענומען קונדן ביי די תּושבים, די מיטגלידער פון וואַרשעווער צעכן און גילדיעס. דער פּריווילעגירטער קלאַס שטעטישע בירגער איז געווען אויפגעבראַכט. אין מערץ פון יאָר 1790 האָט זיך אַ מחנה צעך-האַנטווערקער, דערהויפּט שניידער און קירזשנער, געלאָזט צו דעם ראַטהויז און האָט געמאַכט אַ ליאַרעם, אַז אויב דער מאַגיסטראַט וועט נישט פאַרטרייבן יידן פון וואַרשע, וועלן זיי, די צעך-לייט, זיי אַלע אויס-קוילן. דער בירגערמייסטער יאַן דעקערט, דער קעמפער פאַר גלייכבאַרעכ-טיקונג פון די „מעשטשאַנעס", האָט באַלד צו וויסן געגעבן דעם סיים וועגן דער דעמאָנסטראַציע; דער סיים האָט געשיקט צוויי דעפּוטאַטן באַ-רואיקן דעם עולם. די דעפּוטאַטן האָבן געפרעגט, וואָס ווילן די דעמאָנ-סטראַנטן; דערויף האָט מען זיי געענטפערט, אַז פון די צוגעקומענע יידן קאָן מען מער נישט אויסהאַלטן: זיי רייסן אויס ביי די היימישע שניידער און קירזשנער דאָס לעצטע פאַרדינסט. די דעפּוטאַטן האָבן צוגעזאָגט טאָן אין דער זאַך, און האָבן געהאַלטן וואָרט; אויף מאָרגן האָט די אַדמיניס-טראַציע פאַרטריבן פון וואַרשע אַלע יידישע בעלי-מלאכות און גאַסן-הענד-לער; אין שטאָט זענען געבליבן נאָר סוחרים און געשעפטס-מענטשן, וואָס האָבן קראָמען אָדער סקלאַדן.

די פאַרטריבענע אָרעמע מאַסע, וואָס האָט זיך נישט געהאַט וואוהין אַהינצוטאָן, איז אינגיכן שטילערהייט צוריקגעקומען קיין וואַרשע. צווישן קריסטן איז ווידער געוואָרן אַ גערודער, דעם 16-טן מאַי 1790 איז דאָס געקומען צו אַ פּאָגראָם. דעם טאָג האָט אַ צעכן-שניידער פאָקס געטראָפן אין גאַס אַ יידן אַ שניידער מיט אַ שטיקל-אַרבעט, איז ער באַפאַלן דעם יידן און גענומען ביי אים רייסן דאָס פּעקל פון די הענט; דער ייד האָט זיך אויסגעריסן און איז אַנטלאָפן. פאָקס האָט געמאַכט אַ געשריי, ס'זענען זיך צונויפגעלאָפן אַסך מייסטערס-קריסטן. עמעצער האָט אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז יידן האָבן געהרגעט אַ שניידער אַ פּאָלאַק, איז געוואָרן אַ גע-שריי: „נקמה נעמען". אַ באַנדע איז באַפאַלן טלאָמאַצקער גאַס, אָבער יידן האָבן זיך דאָ באַפעסטיקט הינטער אַ פאַרקאַן און אָפּגעוואָרפן דעם אָנפאַל. דערפאַר האָט דער המון „געוואונען די שלאַכט" אין אַנדערע גאַסן: מ'האָט

צעראַבירט יידישע הײַזער און קראָמען, דאָס בעסטע צעשלעפּט, דאָס איבעריקע אַרײַנגעוואָרפן אין די ברונימער. ס׳איז געקומען דעם מאַרשאַלעקס וואַך, האָט זי געכאַפּט פון די באַנדעס שטיינער. ערשט אַ קאָמאַנדע פּוססאָלדאַטן און קאַוואַלעריסטן האָט צעטריבן דעם המון און אײַנגעשטעלט אָרדנונג. דער סיים איז געווען אויפגערודערט פון דעם געשעענעם, ער האָט געהייסן אויספאָרשן די זאַך און באַשטראָפן די שולדיקע. די שטראָף איז געווען נישט מער, וואָס מ׳האָט אַרעסטירט דעם אויפטוער פּאָקסן, און אייניקע זײַנע מיטטוער. דערפאַר אָבער האָט מען זיך שטאַרק גענומען צו יידן: מ׳האָט געכאַפּט אין די גאַסן בעלי-מלאכות מיט זייער אַרבעט, גאַסן-הענדלער מיט סחורה און צוגעשטעלט זיי אין פּאָליציי-צירקל צום מאַרשאַלעק. דאָרט האָט מען זיי געגעבן שמיץ און דערנאָך פאַרטריבן פון שטאָט. אַזוי האָט מען באַהאַנדלט יידישע בעלי-מלאכות גראָד די יאָרן, ווען אין אַלע רעפאָרם-פּראָיעקטן האָט מען אײַנגעלייגט די ווערט, אַז מ׳מוז יידן צוגעבן חשק צו פּראָדוקטיווער אַרבעט.

די אומרוען אין וואַרשע האָבן געבראַכט צו וויכטיקערע רעזולטאַטן. דעם סיים איז קלאָר געוואָרן, אַז מ׳קאָן שוין ווײַטער נישט אָפּלייגן די פראַגע, וואָס די גאַס האָט זיך שוין צו איר גענומען אויף איר שטייגער. דעם 22-טן יוני 1790 האָט דער סיים אויסגעקליבן אַ „דעפּוטאַציע (קאָמיסיע) פאַר אַ יידן-רעפאָרם" פון די דעפּוטאַטן: בוטרימאָוויטש, יעזוערסקי (לוקאָווער קאַשטעלאַן) און אַנדערע. אינגיכן איז יעזוערסקי געוואָרן פאָרזיצער אין דער קאָמיסיע. ער האָט געהאַלטן פון ראַדיקאַלע רעפאָרמעס בכלל, און ספּעציעל אין דער יידנפראַגע האָט ער אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען דעם עקאָנאָמישן תּוך פון דער פראַגע. אַקעגן דער אָפּגעדראָשענער פראַזע, אַז „מ׳דאַרף יידן מאַכן פאַר נוצלעכע בירגער", האָט ער געטענהט אין סיים, אַז יידן זענען שוין לאַנג נוצלעך: זיי פירן אַרויס פּוילישע פּראָדוקטן קיין אויסלאַנד, דערמיט באַרײַכערן זיי דאָס לאַנד; זאָלן יידן בעסער באַהאַנדלט ווערן, וועט די פינאַנץ-לאַגע פון דער מלוכה בעסער ווערן, דער האַנדלס-אומזאַץ וועט גרעסער ווערן אויף אַסך מיליאָנען. אונטער בוטרימאָוויטשס און יעזוערסקיס פירונג האָט די קאָמיסיע זייער ענערגיש געאַרבעט. זי האָט באַטראַכט די רעפאָרם-פּראָיעקטן, וואָס בוטרימאָוויטש, טשאַצקי און אַנדערע האָבן דערלאַנגט. בוטרימאָוויטשס פּראָיעקט איז געווען אַן אויסצוג פון דער פריער-דערמאָנטער בראָשור, וואָס ער האָט איבערגעדרוקט. ענלעך צו דעם איז געווען דער פּראָיעקט פונם געוויסן היסטאָריקער און פּובליציסט טאַדעוש טשאַצקי, דעם פירער פון דער פינאַנץ-קאָמיסיע אין סיים. די גרונט-געדאַנקען פון זײַן פּראָיעקט זענען אַזוי: 1) ביז איצט האָט די רעגירונג נאָר געליטן יידן, פון הײַנט אָן באַקומען זיי רעכט פון „בירגער" („אָבי-

וואַטעלי״). 2) פאַר בירגער־רעכט, וואָס די רעגירונג גיט זיי, קאָן זי פאָדערן, אַז יידן „זאָלן זיין ציוויליזירט, דער מלוכה צו נוצן״. 3) ס׳ווערן אָפּגעשאַפט אַלע אונטערשיידן פון יידן ביז קריסטן, חוץ אין רעליגיע־זאַכן. 4) אַלע פּראָפּעסיעס זענען פאַר יידן אָפן, חוץ שענקעריי, פון וועלכער מ׳דאַרף זיי באַזייטיקן אויף 50 יאָר, און אָנשטאָט דעם דאַרף מען זיי צוגעוואוינען צו ערדאַרבעט. מיט דעם צוועק צו ציוויליזירן יידן מוז מען איינפירן אַזעלכע באַגרעניצן און צוואַנגס־מיטלען: יידן זאָל פאַרווערט זיין פרי־צייטיקע חתונות (ביז 20 יאָר פאַר מענער, ביז 18 יאָר פאַר פרויען); ס׳טאָרן נישט חתונה האָבן אַזוינע פערזאָנען, וואָס האָבן נישט קיין זיכערע מיטלען צום לעבן; די, וואָס וועלן נישט צושטעלן קיין שיין, אַז זיי האָבן געענדיקט אַן עלעמענטאַרע בילדונגס־שול, ווערן באַגרעניצט אין זייערע בירגער־רעכט און פּראָפעסיע־רעכט; יידישע ספרים ווערן צענזורירט; יידן זאָלן פאַרבייטן זייער קליידונג אויף אַ פּוילישער אָדער אויף אַ דייטשער און זייער יידישע שפּראַך אין אָפיציעלע דאָקומענטן — אויף פּויליש.

אָנהויב יאָר 1791 האָט די סיים־דעפּוטאַציע אויסגעאַרבעט אַ רעפאָרם־פּראָיעקט און האָט אים דערלאַנגט דעם סיים צו באַטראַכטן. דער טעקסט פונם פּראָיעקט איז צו אונז נישט דערגאַנגען, אָבער ס׳איז קלאָר, אַז אין גרונד איז ער גענומען פון בוטרימאָוויטשס און טשאַצקיס פּראָיעקטן. דער סיים איז געווען פאַרטאָן אין די הכנות צו פאַרעפנטלעכן די קאָנסטיטוציע פונם 3־טן מאַי, האָט ער קיין צייט נישט געהאַט צו פאַרנעמען זיך מיט דער יידנפראַגע. שוין נאָך דעם ווי די קאָנסטיטוציע איז געווען פאַרעפנטלעכט, האָט בוטרימאָוויטש געפאָדערט אין דער זיצונג פון 24־טן מאַי, מ׳זאָל איילּיק באַטראַכטן דעם פּראָיעקט פון דער „יידישער קאָמיסיע״, אָבער אַ צווייטער גליד פון דער קאָמיסיע, דער בראַצלאַווער דעפּוטאַט כאָלאָנעווסקי, האָט דערקלערט, אַז דער פּראָיעקט פון דער קאָמיסיע, וואָס פאַרברייטערט יידישע האַנדלס־רעכט, איז שעדלעך פאַר קליינפּוילן, דעריבער לייגט ער פאָר דעם סיים זיין אייגענעם פּראָיעקט. דער סיים האָט זיך גערן אָנגעכאַפּט פאַר דער געלעגנהייט אָפּצולייגן די פריקרע פראַגע. אין יוני איז די סעסיע איבערגעריסן געוואָרן ביז סעפּטעמבער. בכן איז די גרויסע פּוילישע רעפאָרם, די קאָנסטיטוציע פונם 3־טן מאַי 1791, פאַרעפנטלעכט געוואָרן אָן שום ענדערונגען אין דער יידישער לאַגע. אמת, די קאָנסטיטוציע האָט געלאָזט אומגערירט אויך דעם אַלטן שטאַנדן־רעזשים, דעם פּריצישן פעאָדאַליזם און פּויערשע קנעכטשאַפט, אָבער דאָך האָט זי געגעבן געוויסע רעכט שטאָטישע בירגער און האָט אין אַ געוויסער מאָס דעמאָקראַטיזירט די פאַרטרעטונגס־אינסטיטוציעס. דאָס גרויסע פּוילן האָט אין איר צוואה פאַרגעסן נאָר אָן דעם שטיף־קינד — אָן יידן.

די סיים-סעסיע, וואָס האָט זיך ווייטער געפירט אין הערבסט 1791, האָט געאַרבעט ביי זייער אַ שווערער לאַגע: די רעאַקציאָנערע קעגנער פון דער נייער קאָנסטיטוציע האָבן אויפגערודערט דאָס לאַנד: ס'האָט זיך אָנגערוקט אַן אינעווייניקסטער בירגער-קריג און אַ מלחמה מיט רוסלאַנד. פונדעסטוועגן איז בוטרימאָוויטש נישט מיד געוואָרן צו דערמאָנען דעם סיים, אַז די רעגירונג מוז זיך אומקוקן אויף דעם „אומגליקלעכן פאָלק, וואָס קאָן זיך אַליין נישט אַרויסהעלפן און ווייסט אַפילו נישט, ווי אַזוי מאַכט מען זיך בעסער" *). ער האָט געפאָדערט, די קאָמיסיע זאָל נאָך אַ מאָל באַטראַכטן דעם פּראָיעקט פון פריער, בתנאי, זי זאָל דעם פּראָיעקט אויסבעסערן „לויט די איצטיקע אומשטאַנדן" און זאָל אים ווידער דער-לאַנגען דעם סיים. יעזערסקי האָט געשטיצט דעם פאָרשלאָג און האָט גע-האַט מוט אַרויסצוזאָגן (אין דער סיים-זיצונג פון 30-טן דעצעמבער) זיין אויבן-דערמאָנטן געדאַנק, אַז יידן פאַרשפּאָרט מען ערשט „מאַכן פאַר נוצ-לעכע בירגער", זיי זענען „שוין נוצלעך". דער סיים האָט אָנגענומען בוט-רימאָוויטשעס פאָרשלאָג, און די קאָמיסיע האָט זיך ווידער גענומען פאַר דער אַרבעט, אָבער דער רעזולטאַט איז געווען אַ קלאָגעדיקער. נאָך לאַנגע רייד איז די קאָמיסיע געקומען צו אַזאַ אויספיר: „צו פאַרבעסערן די יידישע לאַגע מוז מען איינרעגולירן דאָס יידישע לעבן, אָבער רעגולירן לאָזט זיך דאָס נישט, ביז פון יידן וועלן נישט אַראָפּגענומען ווערן די קהלשע חובות **); דאָס וועט דערגרייכט ווערן ערשט דעמאָלט, ווען די פינאַנץ-קאָמיסיע וועט נעמען ליקווידירן די חובות". דער סיים האָט גערן צוגעשטימט צו דער קאָמיסיע; אַ יאָך איז פון אים אַראָפּ: מ'דאַרף מער נישט קלערן פון קיין רעפאָרם, פון קיין גלייכבאַרעכטיקונג; ס'איז גענוג, מ'זאָל הייסן די אָרטיקע געריכטן פעסטשטעלן, וואָס באַטרעפן די חובות, און די פינאַנץ-קאָמיסיע זאָל זיי דעקן פון קהלשע פאָנדן אָדער פון ספּע-ציעלע קוועלן; אַרבעט וועט דאַ קלעקן אויף יאָרן-לאַנג. אַזוי האָט מען

*) דער פראַנצויזישער סטיל פון דעם דאָזיקן אויסדרוק און די צייט, ווען ער איז געזאָגט געוואָרן, ברענגען צום געדאַנק, אַז אויף די רעפאָרמיסטן אין דער קאָמיסיע האָט געווירקט די פראַנצויזישע יידן-עמאַנציפּאַציע, וואָס איז גראָד דאַן פּראָקלאַמירט געוואָרן (28 סעפּ-טעמבער 1791).

**) די יידישע קהילות אין פוילן האָבן געהאַט גרויסע חובות, וואָס זיי האָבן געמאַכט אין פאַרשיידענע צייטן צו דעקן דעפיציטן פון שטייערן, עקסטרא-הוצאות וכדומה. די קרעדיטאָרן זענען געווען: שטאַט-מאַגיסטראַטן, קאַטוילישע קלויסטערס און פּריוואַטע מענטשן. וועגן ליקווידירן די חובות פון יידישע קהילות האָט מען אַסך גערעדט אין די סיימען פון 18-טן יאָרהונדערט.

ליקווידירט די „יידן־רעפאָרם" מיט דעם אויסרייד, אַז מ'ליקווידירט יידישע חובות.

יידן, וואָס זענען באַעולהט געוואָרן אין דער קאָנסטיטוציע פונם 3־טן מאַי, זאָלן האָבן געפּרווט ווירקן אויף דער רעגירונג און אויפן סיים דורך דעם קעניג סטאַניסלאַוו־אויגוסט (אַזוי ווייניקסטנס דערציילן אייניקע שרייבער פון יענער צייט); דערצו האָבן זיי אויסגענוצט זייערע פאַרבינ־דונגען אין הויף. ערגעץ וואו זאָל געווען פאָרקומען אַ געהיימע באַראַטונג פון יידישע שתדלנים, און דאָרט האָט מען אויסגעקליבן דריי דעלעגאַטן צו אונטערהאַנדלען מיטן קעניג וועגן פאַרבעסערן די יידישע לאַגע. די דעלעגאַטן האָבן געטאָן דאָס דורך דעם קעניגס סעקרעטאַר פּיאַטאָלי (ענדע 1791 און אָנהויב 1792). איניגיכן האָט זיי דער קעניג אויפגענומען אויף אַן אוידיענץ זייער פייערלעך: ער זאָל געווען געזעסן דערביי אויפן טראָן. יידן האָבן געבעטן בירגער־רעכט און רעכט צו קויפן נחלאות אין די שטעט, נישט אָנרירן זייער קהילה־אויטאָנאָמיע, זיי זאָלן אויך פריי זיין פונם מאַגיסטראַטס אפוטרופסות. מ'דערציילט, אַז די יידישע דעלעגאַטן זאָלן האָבן צוגעזאָגט דעם קעניג אַ מתנה פון 20 מיליאָן צו דעקן זיינע חובות. פון דעם זאָלן האָבן געוואוסט אייניקע סיים־פירער אויך, צווישן זיי דער ראַדיקאַל קאָלאָנטאַי. דער קעניג האָט כלומרשט געפּרווט דורכפירן אַ יידן־רעפאָרם דורך דער קאָמיסיע און דורך דעם סיים, נאָר ס'איז נישט געראָטן... די פראַגע פון הונדערטער יאָרן־לאַנג האָט נישט געקאָנט פאַר־ענטפערט ווערן אין אַזאַ שווערער צייט, דען דער טויט האָט שוין גע־שוועבט איבערן לאַנד, וואָס האָט אָנגעשטרענגט די לעצטע קרעפטן אין דעם קאַמף פאַר אומאָפּהענגיקייט.

## § 43. דאָס צווייטע און דאָס דריטע צעטיילן פון פּוילן. בערעק יאָסעלעוויטש

פּוילן האָט געגוססט. די קאָנסערוואַטיווע קעגנער פון דער מאַי־קאָנ־סטיטוציע האָבן זיך פאַראייניקט מיט דער רוסישער רעגירונג, וואָס האָט פאַרשטעלט דעם וועג צום ליבעראַליזם. ס'איז געוואָרן די טאַרגאָוויצער קאָנפעדעראַציע, ס'האָט אויפגעפלאַקערט אַ בירגער־קריג (זומער 1792). יידן זענען בכלל געווען ווייט פון פּאָליטיק, דאָך האָבן זיי אין אייניקע ערטער געהאַלטן מיט די קעמפער פאַר דער נייער קאָנסטיטוציע אין פּוילן: יידי־שע שניידער אין ווילנע האָבן זיך גענומען אומזיסט אויפנייען צוויי הונ־דערט מונדירן פאַר דער פרייהייטס־אַרמיי; סאָכאַטשעווער און פּולאַווער

קהילות האָבן געגעבן געלט אויף פּאַטריאָטישע צוועקן; באַרדיטשעווער יידן זענען מיטגעווען אין דער דעפּוטאַציע פון אָרטיקע סוחרים, וואָס האָבן מקבל־פּנים געווען דעם פירער פון דער פּוילישער אַרמיי יוזעף פּאָניאַטאָווסקי. זיי האָבן אים דערלאַנגט אינסטרומענטן פאַר די פּאָלק־מוזיקאַנטן. יידישע קהילות אין וואָלין און אין פּאָדאָליע האָבן שטאַרק געליטן פון די קריגס־אָפּעראַציעס. די אָסטראָהער קהילה האָט איבערגעלעבט די באָמבאַרדירונג פון דער שטאָט דורך רוסישן מיליטער (יולי 1792). אָבער דאָס לאַנד איז נישט געהאָלפן געוואָרן, אין יאָר 1793 איז פאָרגעקומען דאָס צווייטע צעטיילן פון פּוילן צווישן רוסלאַנד און פּרייסן. רוסלאַנד האָט צוגענומען וואָלין מיט אַ טייל קיעווער געגנט, פּאָדאָליע און מינסקער קאַנט; פּרייסן האָט צוגענומען דעם צווייטן טייל גרויס־פּוילן (קאַליש, פּלאָצק) מיט דאַנציק און טאָרן. פון פּוילן איז ווידער אָפּגענומען געוואָרן אַ גרויסער טייל לאַנד מיט הונדערטער טויזנטער יידן. די באַליידיקטע פּוילישע נאַציע האָט געפילט אַ שמערצלעכן וויי פון דעם נייעם ריס — ס'האָט אויפגעפלאַקערט אַ רעוואָלוציע (1794).

קאָסטיושקאָ, דער פירער פון דעם אויפשטאַנד, וואָס האָט געהאַט אויף זיך די השפּעה פון צוויי גרויסע רעוואָלוציעס, פון אַמעריקאַנער און פראַנצויזישער, האָט געהאַט אַ סך העכערע באַגריפן פון פּאָליטישער און בירגערלעכער פרייהייט, איידער די שלאַכטע אין פּוילן, וואָס האָט געקעמפט פאַר פרייהייט: ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ס'קאָן נישט זיין קיין פרייע מלוכה ביי פּאַנשטשינע און אומגלייכקייט פון בירגער. דעם פירערס דעמאָקראַטישע שטרעבונגען האָבן צייטנווייז אויפגעבליצט אין ברען פון קאַמף פאַר באַפרייען דאָס פאָטערלאַנד, און די געדריקטע קלאַסן האָבן געפילט, אַז דאָ קומט פאַר עפּעס מער פון אַ שלאַכטישער רעוואָלוציע. די באַגייסטערונג פאַר פרייהייט האָט פאַרכאַפּט אַ טייל יידן אויך. דאָס האָט זיך אַרויסגעשטעלט בעת וואַרשע איז אַ צייט געווען באַלאַגערט (זומער און האַרבסט 1794) דורך דער רוסיש־פּרייסישער אַרמיי און די גאַנצע באַפעלקערונג איז גערופן געוואָרן צו פאַרטיידיקן די רעזידענץ. די אייגענע יידן, וואָס קורץ פאַר דעם פלעגט מען זיי באַפאַלן אין גאַס און די אַדמיניסטראַציע פלעגט זיי טרייבן פון וואַרשע, זענען איצט געשטאַנען אויף דער וואַך מיט זייערע פּלאָגער גלייך, צוזאַמען האָט מען געמאַכט גראָבנס און שאַנצן צו פאַרטיידיקן די שטאָט. אָפט פלעגן די דאָזיקע פרייוויליקע קומען אויפן ערשטן אומרואיקן סיגנאַל מיט געווער אין האַנט צו געבן אַ ווידערשטאַנד די באַלאַגערער; אונטער קוילן און גראַנאַטן פלעגן זיי אָפּוואַרפן דעם שונא, צוזאַמען מיט אַלע וואַרשעווער, אָנווערנדיק דערהרגעטע און פאַרוואונדעטע. ביי וואַרשעווער יידן, וואָס האָבן פאַרטיידיקט

די שטאָט, איז אויפגעקומען אַ געדאַנק צו מאַכן אַ באַזונדער יידישן לעגיאָן צו פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד. אויבן-אָן אין דער דאָזיקער גרופּע פּאַטריאָטן איז געווען בערעק יאָסעלעוויטש.

בערעק יאָסעלעוויטש איז געבוירן בערך אין יאָר 1765 אין אַ זאַמוטער שטעטל קרעטינגען; ער האָט דורכגעמאַכט דעם שווערן לעבנס-וועג, וואָס אַלע יידישע יונגע-לייט צו זיין צייט: פריער דער חדר, דערנאָך א פאקטאָר ביים פריץ. ער איז אָנגעקומען אויף אַ שטעלע צום ווילנער בישאָף מאַסאַלסקי, און דאָ הויבט זיך אָן זיין אויסטערלישע קאַריער. מאַסאַלסקי פלעגט אָפט פאָרן קיין אויסלאַנד, דערהויפּט קיין פּאַריז, און מיטנעמען מיט זיך זיין קערעוודיקן פאַקטאָר. בערעק האָט זיך אויסגעלערנט פראַנצויזיש און האָט געהאַט די געלעגנהייט זיך צוקוקן פון דער זייט צו פּאַריזער סאַלאָנען, וואו זיין פּאַטראָן פלעגט פאַרקערן. דאָ האָט ער דערזען פאַר זיך גאָר אַן אַנדער וועלט, ער האָט דערשפירט די נייע אידייען, וואָס זענען געבוירן געוואָרן אין דער וועלט-שטאָט ערב רעוואָלוציע. צו דער צייט פונם פיריאָריקן סיים האָט בערעק, שוין דעמאָלט אַ פאַמיליע-מאַן, פאַרלאָזן די שטעלע ביי מאַסאַלסקין און האָט געוואוינט אין וואַרשע אין דער פאָרשטאָט פּראַגע. דאָ, אין דער אַטמאָספער פון פּאַטריאָטישער באַגייסטערונג, זענען ביי בערעקן רייף געוואָרן די פּאָליטישע איינדרוקן, וואָס ער האָט באַקומען פון זיין פאַרקערן מיט פריצים און פון רייזן אין אויסלאַנד. דער אויפטריט פון דעם העלד קאָסטיושקאָ און דאָס באַלאַגערן וואַרשע האָט פאַרקערפּערט זיין נעפּלדיקן פּאָליטישן געדאַנק אין אַ קאָנקרעטער אידיי: מ׳דאַרף קעמפן פאַר באַפרייען פוילן, פאַר רעטן די רעזידענץ, וואו דער פיינט האָט פאַרשפּאַרט סיי יידן און סיי קריסטן; מ׳דאַרף באַווייזן, אַז דעם פאָטערלאַנדס שטיף-קינדער קאָנען אויך קעמפן אין איין שורה מיט אירע זין און אַז זיי פאַרדינען אַ בעסערע מערכה. סעפּטעמבער 1794, אין רעכטן ברעג פון פאַרטיידיקן וואַרשע, האָט בערעק יאָסעלעוויטש דערלאַנגט דעם הויפּט-קאָמאַנדיר קאָסטיושקאָ אַ בקשה, ער זאָל ערלויבן מאַכן אַ באַזונדער טייל גרינגע קאַוואַלעריע פון יידישע וואָלאָנטערן. קאָסטיושקאָ האָט גערן צוגעשטימט און האָט דאָס מיטגעטיילט אין אַ באַזונדער באַפעל דעם 17-טן סעפּטעמבער. אין דעם באַפעל לויבט ער שטאַרק דעם פּאַטריאָטישן ברען פון די פרייוויליקע, וואָס „זיי געדענקען דאָס לאַנד, וואו זיי זענען געבוירן געוואָרן, און זיי פאַרשטייען, אַז פון פוילנס פרייהייט וועלן זיי אויך געניסן גלייך מיט אַנדערע״. בערעקן האָט מען געמאַכט פאַר קאָמאַנדיר פונם יידישן פּאָלק; ער האָט אָנגעהויבן פאַרווערבן וואָלאָנטערן און זאַמלען געלט אויף וואָפן.

דעם 1-טן אָקטאָבער איז אין דער וואַרשעווער „רעגירונגס-צייטונג" ערשינען בערעק יאָסעלעוויטשס אַן אויפרוף צו יידן אויף פויליש, נאר אין אַן אַלטן העברעאישן סטיל: „הערט קינדער פונם פאָלק ישראל, איר אַלע, וואס איר האט אין האַרצן דעם גרויסן גאט, איר אַלע, וואס איר ווילט העלפן ביישטיין דאס פאטערלאַנד!... ווייסט, איצט איז געקומען די צייט אָפּצוגעבן דערפאַר אַלע כוחות... אַסך גרויסע פריצים, שלאַכטישע קינדער און געלערנטע זענען גרייט זיך מפקיר זיין פאַרן פאָטערלאַנד. פאַרוואָס-זשע זאָלן מיר, גערודפטע, זיך נישט נעמען פאַר געווער, בעת מיר זענען גע-פלאָגט מער פאַר אַלע אויף דער וועלט?... פאַרוואָס זאָלן מיר נישט מיט אונזער פראַצע זיך פאַרווערבן פרייהייט, וואס מ'האט אונז צוגעזאָגט פונקט אַזוי פעסט און ערלעך, אַזוי ווי אַלע אַנדערע?... אָבער פריער דאַרף מען פאַרדינען פרייהייט... מיך האָט געטראָפן אַ גליק באַשטימט צו ווערן פאַר פּאָלקאָווניק. וואַכט זשע אויף צו באַפרייען דאָס געפּלאָגטע לאַנד פוילן! ברידער געטרייע, לאָמיר מלחמה האַלטן פאַרן פאָטערלאַנד ביזן לעצטן טראָפּן בלוט! אויב מיר וועלן דאָס נישט דערלעבן (די באַפרייאונג), זאָלן ווייניקסטנס אונזערע קינדער לעבן פריי און רואיק, נישט וואַנדערן ווי ווילדע חיות. וואַכט אויף אַזוי ווי לייבן און לעמפּערטן!..."

בערעקס שפּראַך איז זייער נאַאיוו, זיין פּאָליטישער געדאַנק אויך. ער רופט יידן בלוט פאַרגיסן פאַר פרייהייט מיט „גרויסע פריצים" גלייך, און פאַרגעסט, אַז פריצימס פרייהייט הייסט נאָך נישט יידישע פרייהייט, וואָרום זייער ווייניק איז געווען פריצים אַזוינע הומאַניסטן ווי קאָסטיושקאָ. ער האָט געלעבט אין אַ צייט, ווען מערב-יידן האָבן געשטרעבט צו באַווייזן, אַז זיי זענען געטרייע בירגער. מסתמא האָבן געשוועבט פאַר זיינע אויגן יידישע געשטאַלטן, וואָס האָבן אין יאָר 1789 געדינט אין פאַריזער נאַציאָנאַל-גוואַרדיע... בערעקס באַגייסטערונג האָט אים געבראַכט אַ היפּשע צאָל וואָלאָנטערן. אין אַ קורצער צייט איז געוואָרן אַ פּאָלק פון 500 מאַן. דער יידישער מיליטער-טייל, באַוואָפנט אויף גיך אויף קאַרגע מיטלען פון דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונגס-קאַסע און פון נדבות, האָט גיכער אויסגעזען ווי אַ פאָלקס-מיליציע, אָבער דאָס פליכט-געפיל איז ביי זיי אַלע געווען פעסט, כאָטש זיי האָבן דאָס ערשטע מאָל געהאַלטן אַ ביקס אין האַנט. דער יידישער פּאָלק האָט באַוויזן זיין פעאיקייט זיך מקריב זיין דעם אומגליק-לעכן טאָג פון 4 נאָוועמבער, ווען סוואָראָווס מיליטער האָט געשטורעמט פּראַגע. צווישן די 15 טויזנט פּאָלאַקן, וואָס זענען אומגעקומען אויף די וואַלן פון פּראַגע, אין די גאַסן פון וואַרשע און אין די כוואַליעס פון ווייסל, איז געווען דער יידישער פּאָלק אויך. דער גרעסטער טייל איז געפאַלן אויף די פעסטונגען פון רוסישע קוילן און שפּיזן. בערעקן איז געראָטן צו

אַנטלויפן קיין אויסלאַנד צוזאַמען מיטן גענעראַל זאַיאָנטשיק, קאָסטיושקאָס מיטטוער (קאָסטיושקאָ איז נאָך פריער געווען געפאַנגען). בערעק איז געווען אַרעסטירט אין עסטרייך. נאָר אין אַ צייט אַרום האָט ער זיך אַרויסגעריסן, אינגיכן איז ער שוין געווען אין פראַנקרייך צוזאַמען מיט אַלע פוילישע עמיגראַנטן פונם לעצטן אויפשטאַנד.

דאָס דריטע צעטיילן פון פוילן (1795) האָט אַריינגעבראַכט קיין רוסלאַנד די געדיכטע יידישע מאַסע פון ליטע (ווילנער און גראָדנער געגנט). פרייסן האָט איינגעשלונגען דעם רעשט גרויס-פוילן מיט וואַרשע און מאַזאָוויע און דעם ביאַליסטאָקער קרייז. עסטרייך איז צוגעקומען קראָקע און לובלינער געגנט. פון דעמאָלט אָן ווערט דער פויליש-יידישער קיבוץ צעשפאָלטן צווישן די דריי דערמאָנטע לענדער און פירט זיין געשיכטע צוזאַמען מיט אַלע יידן אין יענע לענדער. דאָס דריטע צעטיילן איז אָבער נאָך נישט געווען דאָס לעצטע. אויף אַ קורצער צייט באַווייזט זיך ווידער דער שאָטן פון אַ האַלב-פרייען פוילן. אין 12 יאָר אַרום נאָך דעם דריטן צעטיילן, בעת נאַפּאָלעאָן האָט געהאַלטן אין צעשניידן די פּאָליטישע קאַרטע פון אייראָפּע און אויסטיילן מלוכות אויף אַ ווייל, האָט ער אָפּגעריסן ביי פרייסן גרויס-פוילן און באַשאַפן דאָס וואַרשעווער הערצאָגטום אונטער דער הערשאַפט פון דעם זאַקסישן קעניג פרידריך-אויגוסט דעם III-טן (אַן אייניקל פון אויגוסט דעם III-טן, דעם לעצטן פוילישן קעניג פון דער זאַקסישער דינאַסטיע). דאָס איז געשען אין יאָר 1807, נאָך דעם ווי נאַפּאָלעאָן האָט צעשמעטערט פרייסן. אין צוויי יאָר אַרום נאָך זיין נצחון איבער עסטרייך האָט נאַפּאָלעאָן אָפּגענומען ביי איר אַ טייל פוילישע פּראָווינצן און צוגעגעבן צום וואַרשעווער הערצאָגטום (1809).

## § 44. וואַרשעווער הערצאָגטום

וואַרשע, אָפּגעצייכנט פון פּרוסאַקעס, איז נאָך אַן איבעררייס פון 12 יאָר ווידער געוואָרן די רעזידענץ פון דער פוילישער מלוכה, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט צוריק אויפגעשטעלט אונטער זיין אַפּוטרופּסות. וואַרשעווער הערצאָגטום, וואָס איז באַשטאַנען פון 10 דעפּאַרטאַמענטן גרויס- און קליין-פוילן (וואַרשע, קאַליש, לאָמזשע, פּלאָצק, פּויזן, בידגאָשטש, דערנאָך קראָקע, לובלין, ראַדאָם, סעדלעץ), האָט באַקומען אַ ליבעראַלע קאָנסטיטוציע מיט צוויי געזעצגעבערישע קאַמערן (סיים און סענאַט), מיט „נאַפּאָלעאָנס ציוויל-קאָדעקס", וואָס איז אָקאָרשט איינגעפירט געוואָרן אין פראַנקרייך. אין זי גרונד-געזעצן איז געשטאַנען, אַז אַלע זענען גלייך אַנטקעגן געזעץ. דער

פראָגרעסיווער טייל יידן אין וואַרשע האָט דערזען אַ האָפנונג אויף בעסערע צייטן. פריער ביים פרייסישן רעזשים, זענען זיי געוויינט געווען נישט צו גלייכבאַרעכטיקונג (אַזוינס איז אין פרייסן גופא נישט געווען), אָבער צו קעמפן פאַר גלייכבאַרעכטיקונג, קעגן דעם ווילן פון דער אָפּגעשטאַנענער חסידישער מאַסע, וואָס האָט זיך געהאַלטן ביים אַלטן רעזשים. אין דער יידישער געזעלשאַפט האָט מען נאָך שטאַרק געגלויבט אין נאַפּאָלעאָנען, מ'האָט געגלויבט, אַז ער וועט זיך אָננעמען פאַר פוילישע יידן אויך. אָבער זיי האָבן זיך אָפּגענאַרט. דאָס ערשטע יאָר פונם וואַרשעווער הערצאָגטום (1808–1807) איז אויסגעפאַלן גראָד דאָס יאָר, ווען נאַפּאָלעאָן האָט אָנגע-הויבן פירן אַ רעפּרעסיווע פּאָליטיק קעגן די יידן: דעם 17-טן מערץ 1808 איז אַרויס דער „שענדלעכער דעקרעט", וואָס האָט אָפּגעשטעלט דעם געזעץ וועגן יידישער גלייכבאַרעכטיקונג כמעט אין דער גאַנצער פראַנצויזישער אימפּעריע אויף 10 יאָר. פוילישע פּאָליטיקער, וואָס האָבן זיך גאָר נישט אָפּגעלערנט פון אַלע אומגליקן, האָבן נאָך איצט אויך נישט געקאָנט פועלן ביי זיך גלייכבאַרעכטיקן יידן, און זיי האָבן אויסגענוצט די רעאַקציע קעגן יידן אין פראַנקרייך.

פרילינג 1808 האָט די רעגירונג פון וואַרשעווער הערצאָגטום זיך געמוזט באַשעפטיקן מיט דער יידנפראַגע: יידן האָבן דערלאַנגט פּעטיציעס וועגן בירגער-רעכט, דערצו איז דאָס נאָך געווען ערב די וואַלן אין סיים. דער מיניסטאָרן-ראַט האָט שוין געוואוסט פון נאַפּאָלעאָנס „שענדלעכן דעק-רעט", האָט ער זיך אָנגעכאַפּט פאַר אים מיט ביידע הענט. דעם הערצאָג פרידריך-אויגוסט האָט מען דערלאַנגט אַ ראַפּאָרט: „פאַר דעם הערצאָגטום וואָלט געווען אַ געפאַר, ווען דאָס יידישע פאָלק, וואָס געפינט זיך דאָ אין די גרויסע מאַסן, זאָל מיטאַמאָל באַקומען בירגער-רעכט", וואָרום דאָס דאָזיקע פאָלק „האַלט זיך ביי זיין נאַציאָנאַלן גייסט, וואָס איז פרעמד דעם לאַנד", און איז באַשעפטיקט מיט אומפּראָדוקטיווע פּרנסות*). ווי אויף אַ מיטל זיך אַרויסצומאַכן פון „גלייכע בירגער-רעכט", וואָס שטייט אין דער קאָנסטיטוציע, ווייזט אָן דער מיניסטאָרן-ראַט אויף נאַפּאָלעאָנס דעקרעט, וואָס שאַפט נישט אָפּ די גלייכבאַרעכטיקונג, נאָר לייגט זי אָפּ. די וואַר-

---

*) ווי אַזוי פוילישע מיניסטאָרן האָבן זיך פאָרגעשטעלט אידעאַלע יידן, וואָס פאַרדינען עמאַנסיפּאַציע, דאָס באַווייזט אַ בריוו פונם פוילישן פינאַנץ-מיניסטער דעמבאָווסקי (מערץ 1808) „לויט דער קאָנסטיטוציע טאָרן יידן נישט האָבן נישט קיין באַזונדערע קהילות, נישט קיין בית-דין, נישט קיין באַזונדער שבועה, נישט קיין אייגענע קליידונג, נישט קיין באַזונדערע מנהגים און פאָראורטיילן, נישט קיין אייגענע שולן און אַ באַזונדער סיסטעם ערציונג -- בכלל דאַרפן זיי נישט זיין קיין באַזונדער פאָלק מיט חתונות נאָר צווישן זיך"

שעווער רעגירונג האָט זיך געוואָלט גאַראַנטירן נאַפּאָלעאָנס הסכם אויף איר פּאָליטיק, האָט זי געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט אירע אַגענטן אין פראַנקרייך און מיט דעם פראַנצויזישן מיניסטער, דעם אַנטיסעמיט שאַמפּאַנאי. ביי נאַפּאָלעאָנען האָט מען דאָס געפּועלט, און ווי נאָר דאָס איז דערגאַנגען קיין דרעזדען און קיין וואַרשע, האָט דער הערצאָג אַרויסגעגעבן אַזאַ דעקרעט (דעם 17-טן אָקטאָבער 1808): „די איינוואוינער אין וואַרשעווער הערצאָגטום פון משה׳ס רעליגיע ווערן באַזייטיקט אויף צען יאָר פון פּאָליטישע רעכט, וואָס זיי האָבן געזאָלט באַקומען, מיט דער האָפנונג, אַז פאַר דער צייט וועלן זיי אויסוואָרצלען אין זיך אַלע סימנים, וואָס שיידן זיי אָפּ פון אַנדערע. דער דאָזיקער באַשלוס זאָל אונז פונדעסטוועגן נישט שטערן שענקען פּאָליטישע רעכט איינצלנע פּערזאָנען פון יענער אמונה פריער פאַר דעם טערמין אויך, אויב נאָר זיי וועלן פאַרדינען ביי אונז אַזאַ גנאָד און זיי וועלן יוצא זיין קעגן די פּונקטן, וואָס מיר וועלן פעסטשטעלן אין אַ באַזונדער באַפעל וועגן די, וואָס געהערן צו משה׳ס רעליגיע".

אַזוי האָט וואַרשעווער רעגירונג, מיט איידעלע רייד אין ניי-מאָדישן פראַנצויזישן סטיל, אָפּגענומען ביי אַלע, „וואָס געהערן צו משה׳ס רעליגיע", די בירגער-רעכט, וואָס זיי קומט לויט דער קאָנסטיטוציע. פון מליצה וועגן ווערט דאָ געזאָגט „פּאָליטישע רעכט", בעת באמת האָט מען ביי יידן אָפּגענומען וויכטיקע בירגער-רעכט. נאָוועמבער 1808 איז יידן פאַרווערט געוואָרן צו פאַרווערבן שלאַכטישע פאַמיליע-גיטער. מ׳האָט ווידער באַגרעניצט דאָס יידישע וואוינרעכט אין וואַרשע; דער דעקרעט פון 16-טן מערץ 1809 באַפעלט יידן זיך אַרויסציען אין משך פון אַ האַלב יאָר פון די הויפּט-גאַסן אין וואַרשע חוץ יחידים, ווי באַנקירן, גרויסע סוחרים, דאָקטוירים, קינסטלער. מ׳האָט גענומען צוריק פירן די אַלטע פּוילישע יידן-פּאָליטיק אין די שענדלעכסטע פאָרמען.

אין דער יידישער געזעלשאַפט האָט זיך אַ ריר געטאָן. אין וואַרשע איז שוין דעמאָלט געווען אַ היפּשע גרופּע פּראָגרעסיווע יידן, וואָס האָבן איבערגענומען בערלינער אויפגעקלערטקייט און האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס אויסערלעכע יידישע אויסזען, וואָס יידן זענען דערפאַר געשטראָפט געווען מיט אָפּנעמען ביי זיי די בירגער-רעכט. אַ גרופּע אַזוינע יידן (17 מאַן) האָט געוואָלט אויסנוצן פאַר זיך דעם צווייטן טייל דעקרעט פונם 17-טן אָקטאָבער 1808, אַז דער הערצאָג קאָן שענקען בירגער-רעכט אַזוינע, וואָס וועלן „אויסוואָרצלען אין זיך אַלע סימנים" פון יידישקייט; האָבן זיי זיך געווענדעט צום יוסטיץ-מיניסטער (יאַנואַר 1809): „שוין פון לאַנג מיען זיי זיך נעענטער ווערן צו דער קריסטלעכער באַפעלקערונג אין זייער מאָראַ-

לישער פירונג און אין קליידונג; איצט זענען זיי זיכער, אַז זיי זענען שוין ווערט בירגערלעכע רעכט". אויף אַזאַ קנעכטישער בקשה האָט דער יוסטיץ-מיניסטער לובענסקי (פון די „קאָנסטיטוציאָנעלע" מיניסטאָרן, וואָס האָבן פאַרשטאַנען דורכפירן דעספּאָטישע פּאָליטיק אונטער ליבעראַלע דעקאָראַציעס) אָפּגעענטפערט מיט אַ דריי: „דאָס, וואָס לויט דער קאָנסטיטוציע זענען אַלע גלייך פאַר דעם געזעץ, הייסט נאָך נישט, אַז אַלע זענען בירגער, אַ בירגער איז נאָר דער, ווער ס'איז געטריי דעם קעניג און האַלט נאָר פוילן פאַר זיין פאָטערלאַנד. צי קאָנען אָבער אַזוינע, וואָס געהערן צו משהס רעליגיע, האַלטן דאָס לאַנד פאַר זייער פאָטערלאַנד? צי ווילן זיי דען זיך נישט אומקערן אַ היים, אין לאַנד פון זייערע אבות? צי האַלטן זיי זיך דען נישט פאַר אַ באַזונדער נאַציע? בייטן די קליידונג איז נאָך נישט גענוג".

חוץ די דאָזיקע פּראַק-אויפגעקלערטע, וואָס האָבן געטראַכט פון פּריווילעגיעס נאָר פאַר זיך, זענען נאָך אין דער וואַרשעווער יידישער געזעלשאַפט געווען אָנהענגער פון בערלינער השכלה, וואָס האָבן געהאַלטן אַ חוב פאַר זיך צו קעמפן פאַר די רעכט פון זייער פאָלק. דעם 17-טן מערץ 1809 האָבן פינף פאָרשטייער פון דער וואַרשעווער קהילה (מיכל ראַוויסקי-עטינגער און אַנדערע) דערלאַנגט דעם סענאַט פון הערצאָגטום אַ מעמאָראַנדום; דאָ האָט זיך שוין געהערט נישט נאָר אַ בקשה אַליין, נאָר אַ פאָדעראָס אויך: „טויזנטער מענטשן פונם פוילישן פאָלק פון יידישן גלויבן, וואָס וואוינען אין לאַנד שוין הונדערטער יאָרן לאַנג און האָבן געוויס רעכט צו האַלטן דאָס לאַנד פאַר זייער פאָטערלאַנד מיט אַנדערע איינוואוינער גלייך, ווערן באַליידיקט און געפייניקט אַלע טאָג אָן שום שולד פון זייער זייט: דאָס איז אַ שאָד פאַר דער געזעלשאַפט און אַ באַליידיקונג פאַר דעם כלל מענטשן". נישט געקוקט אויף דעם אויפגעקלערטן גייסט פון אונזער צייט און אויף דער „קלוגשאַפט פון נאַפּאָלעאָן דעם גרויסנס געזעצן", האָבן יידן נישט קיין בירגער-רעכט, קיין פּאַרטיידיקער אין סיים און נישט אין סענאַט; מיט ווייטאָק מוזן זיי צוזען, אַז „זייערע קינדער און קינדסקינדער וועלן קיין בעסערס נישט דערלעבן". „אויף אונז ליגט דער לאַסט פון שטייערן, שווערער איידער אויף אַלע אַנדערע; מיר טאָרן זיך נישט פאַרגינען קיין פרייד צו פאַרווערבן אַ שטיקל ערד, אויסבויען אַ הויז, פאַרווערבן אַ ווירטשאַפט, אַ פאַבריק, פריי האַנדלען — בכלל מיר טאָרן קיין זאַך נישט, וואָס גאָט און נאַטור לאָזן דאָס דעם מענטשן פריי. אין וואַרשע הייסט מען אונז אַפילו זיך אַרויסציען פון די הויפּט-גאַסן. צי דען זאָל אונז אייביק בלייבן פרעמד די ערד, וואָס אונזערע עלטערן זענען דאָ געבוירן געוואָרן און האָבן טייער באַצאָלט

פאַר אַזאַ מתנה? הערן סענאַטאָרס! זאָלן קומען פאַר אייך די טרערן פון פאָטערס, קינדער און שפּעטערדיקע דורות: מיר בעטן, איר זאָלט דער-נענטערן די גליקלעכע מיגלעכקייט, מיר זאָלן אויך גענֿיסן די רעכט און די פרייהייטן, וואָס נאַפּאָלעאָן דער גרויסער האָט געשענקט אַלע איינוואוי-נער אין לאַנד און וואָס אונזער ליב פאָטערלאַנד גיט אַלע אירע קינדער".

אויף אַזאַ טרערן-בקשה, אויף אַזאַ הכנעהדיק פאַררעכענען-זיך צו „מענטשן פון פּוילישן פאָלק", האָט דער סענאַט זיך אָפּגערופן מיט אַ שאַרפן ראַפּאָרט צום הערצאָג: יידן זענען אַליין שולדיק אין זייער רעכט-לאָזיקייט, וואָס קומט פון זייערע „אומערלעכע פּרנסות" און פון זייער „לעבנס-אַרט, וואָס איז שעדלעך פאַר דער געזעלשאַפט". מ'דאַרף רעפאָרמירן דעם יידישן לעבנס-שטייגער, דערויף דאַרף מען אַוועקזעצן אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל אויסאַרבעטן אַ רעפאָרם-פּלאַן. אַזאַ קאָמיסיע איז שוין געווען פון סוף 1808 אָן מיט רעפערענדאַר וואָידאַ אַלס פאָרזיצער, זי האָט געאַרבעט איבער אַ „רעפאָרם-פּלאַן" לויט דעם געוויסן מוסטער: בילדונג מיט געוואַלד און מאַכן יידן פאַר פּאָליאַקן, אָבער אַלע אַזעלכע קאָמיסיעס זענען געווען נישט מער ווי אַן אָנשטענדיקער אויסרייד צו באַגראָבן די יידנפראַגע.

גראָד די צייט, ווען די רעגירונג פונם וואַרשעווער הערצאָגטום האָט אָפּגעוואָרפן די יידישע קלאָג-בקשה וועגן גלייכבאַרעכטיקונג, מיט דעם אויסרייד, אַז זיי פעלט פּאַטריאָטיזם, — גראָד דעמאָלט האָט אין וואַרשע געלעבט און געאַרבעט בערעק יאָסעלעוויטש, די פאָן פון יידישן פּאַטריאָ-טיזם, דער העלד פון דער רעוואָלוציע פון יאָר 1794; צוועלף יאָר האָט ער געוואַנדערט אין מערב-אייראָפּע, באַטייליקט זיך אין אַסך נאַפּאָלעאָנס מלחמות צווישן „דאָמבראָווסקיס פּוילישע לעגיאָנען", איצט האָט ער זיך אומגעקערט אַהיים, אין וואַרשעווער הערצאָגטום, און איז געוואָרן שעף פון אַן עסקאַדראָן אין דער רעגולערער פּוילישער אַרמיי. דעם אַלטן קעמפּפער טרוים איז נישט מקוים געוואָרן: אומזיסט איז זיין „יידישער פאָלק" גע-פאַלן אויף פּראַגער וואַלן אין יאָר 1794, די ברידער פון יענע פּאַטריאָטן האָבן איצט באַדאַרפט אויסבעטן בירגער-רעכט פאַר זיך. אָבער בערעק האָט שוין פאַרגעסן אָן זיין ערשטן אויפרוף: ער איז געוואָרן אַ פּראָפעסיאָנאַל אַ מיליטער-מענטש. פּוילישער פּאַטריאָטיזם און פערזענלעכער העלדנמוט האָבן אים געבראַכט צו דער לעצטער העלדן-טאַט אין זיין לעבן. אין פרילינג 1809 האָט אויסגעבראָכן אַ מלחמה פון דעם הערצאָגטום מיט עסטרייך; בערעק יאָסעלעוויטש האָט זיך אין שפּיץ פון זיין עסקאַדראָן אַ וואָרף געטאָן אין שלאַכט נעבן קאָצק קעגן דעם פיינטס קאַוואַלעריע, און אין דער שלאַכט איז ער אומגעקומען נאָך גרויסע העלדן-טאַטן (5 מאַי). די צייטונגען האָבן באַווײַנט דעם העלדס אומקומען. אַ פאָרשטייער פון

דער פּוילישער אַריסטאָקראַטיע, סטאַניסלאַוו פּאָטאָצקי, האָט וועגן אים אַ רעדע געהאַלטן אין וואַרשעווער „געזעלשאַפט פון פריינט פון וויסנשאַפט": „נאָך דיר, העלדישער פּאָלקאָווניק בערקאָ, וועט טרויערן דאָס לאַנד פון העלדן. דאָס פּאָטערלאַנד געדענקט דיינע אַלטע וואונדן און דיינע אַלטע שלאַכטן. אייביק וועט מען געדענקען, אַז דו האָסט דער ערשטער געוויזן דיין פאָלק אַ וועג פון אויפגעוואַכטער העלדישקייט. דו האָסט אויפגעלעבט געשטאַלטן פון די קריגס-לייט, וואָס די טעכטער פון ציון האָבן אַמאָל באַוויינט". דאָס „פּאָטערלאַנד" האָט אים אָפּגעדאַנקט אויף זיין שטייגער: בערעקס אלמנה, וואָס האָט נישט געהאַט פון וואָס צו לעבן און דערציען אירע קינדער (די פּענסיע איז געווען צו קליין), האָט דורך אַ ספּעציעלן הערצאָגס דעקרעט, באַקומען אַן ערלויבעניש צו וואוינען אין דעם „פאַר-באָטענעם" טייל וואַרשע און צו „האַנדלען דאָרט מיט בראָנפן"...

נישט נאָר קריסטן אַליין האָבן מורא געהאַט פאַר יידישער גלייכ-באַרעכטיקונג, מיר זעען דאָס צו ביי יידן אויך, ביי דער גרויסער מאַסע, וואָס האָט געשטעקט איבערן קאָפּ אין חסידות און האָט געקוקט „גוטע-יידן" אין מויל אַריין. די געפּלאָגטע אָרימע מאַסע האָט, געוויינטלעך, געוואָלט פּטור ווערן פון די ביטערע אויסנאַם-געזעצן, וואָס האָבן איר פאַראומערט דאָס לעבן, זי האָט אָבער מורא געהאַט פאַר „בירגערלעכער עמאַנסיפּאַציע", זי האָט מורא געהאַט, אַז דער יידישער גייסטיקער שטייגער זאָל געבראָכן ווערן, די אויטאָנאָמע יידישע קהילה און די שול זאָל נישט בלייבן, ס'זאָל זיך מערן אפּיקורסות און יידן זאָלן מיט גוטן אָדער מיט בייזן פאַרפּוילישט ווערן. דאָס, וואָס מ'האָט צוגעזען אין די מערב-לענדער און ביי אייגענע יידישע רעפאָרמאַטאָרס, האָט נאָר געקאָנט אָפּשרעקן די יידישע אָרטאָדאָקסיע. דערהויפּט האָט זיך די פרומע מאַסע געשראָקן פאַר מיליטער-דינסט אין יענער צייט, ווען די רעגירונג פונם וואַרשעווער הערצאָגטום האָט גענומען ביי יידן רעקרוטן פאַר די בלוטיקע שלאַכטן, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט געפירט. די רביים (ישראל קאָזעניצער, יעקב-יצחק לובלינער) האָבן געמאַכט אַ גרויסע אַגיטאַציע אין לאַנד אָפּצושאַפן די צווייענדיקע גזרה: גלייכבאַרעכטיקונג און רעקרוטן, וואָס איז אַן אומגליק פאַר דער אמונה און פאַרן פאָלק. חסידישע דעפּוטאַציעס זענען געגאַנגען צום קריגס-מיניסטער יוזעף פּאָניאַ-טאָווסקי און צו אַנדערע מיניסטאָרן בעטן, אַז פאַר יידן זאָל גילטן די אַלטע פּוילישע געזעצגעבונג. אַזאַ בעטן, אָפּט מיט אַ היפּשן געלט-צוגאָב דערצו, איז פּוילישע מיניסטאָרן געווען אַסך מער צום האַרצן, איידער השתדלותן פון וואַרשעווער פּראָגרעסיווע יידן וועגן גלייכבאַרעכטיקונג. די רעגירונג האָט איצט געהאַט אַ תירוץ אויף איר שלעכטער יידן-פּאָליטיק: אמתע פרומע יידן ווילן אַליין נישט קיין עמאַנסיפּאַציע. מיר האָבן שוין

נעזען, אַז נאָך אין יאָר 1808 האָט די רעגירונג כּמו פאָרגעזען דעם ווילן פון דער פאַנאַטישער יידישער מאַסע און האָט זיי אויסגעשלאָסן פון בירגער־רעכט אויף צען יאָר; איצט האָט זי זיך געכאַפּט, אַז פון מענטשן, וואָס מ׳האָט זיי אויסגעשלאָסן פון דער בירגער־געזעלשאַפט, קאָן מען נישט מאָנען אַזאַ בלוטיקן קרבן, ווי געבן רעקרוטן; האָט זי צוליב געטאָן יידן און האָט זיי ערלויבט צאָלן אַ געוויסן געלט־שטייער אָנשטאָט דינען אין מיליטער. דאָס איז געטאָן געוואָרן אין דעם דעקרעט פון 29־טן יאַנואַר 1812; יידן האָבן געצאָלט אַריינטראָגן 700.000 גילדן אַ יאָר רעקרוטן־געלט. פּוילישע יידן האָבן שוין נישט באַדאַרפט מער צושטעלן קיין האַרמאַטן־פליייש פאַר נאַפּאָלעאָנס בלוטיקע אויפטועו אָבער יידנפיינט האָבן באַקומען נאָך אַ גע־לעגנהייט טייטן מיט די פינגער, אַז יידן זענען קיין פּאַטריאָטן נישט.

אין קריגס־שטורעם פון יאָר 1812, נישט לאַנג פאַר איר פאַלן, האָט די רעגירונג פון וואַרשעווער הערצאָגטום געפונען צייט אונטערצוריסן די יידישע עקאָנאָמישע לאַגע. דעם 30־טן אָקטאָבער איז, לויט מיניסטער לובענסקיס ראַפּאָרט, אַרויס אַ דעקרעט, אַז אין צוויי יאָר אַרום טאָרן יידן מער נישט האַנדלען מיט קיין בראָנפן און האַלטן שענקען; דאָס הייסט, מ׳האָט אָפּגענומען ברויט ביי צענדליקער טויזנטער יידישע פאַמיליעס. אין אַ געהיים־צירקולאַר האָט די רעגירונג געגעבן אַזאַ פאַרענטפערונג: אינגיכן זאָל די טעריטאָריע פונם הערצאָגטום גרעסער ווערן, פּוילן זאָל זיך אומ־קערן צו די אַלטע גרעניצן (אַזוי האָט מען דעמאָלט אַרויסגעקוקט), בכן דאַרף מען זיך פאָראויס פאַרהיטן פאַר דער גרויסער מאַסע יידן, וואָס וועט צוקומען פּוילן. די פּוילישע פּאָליטיקער האָבן זיך אָפּגענאַרט אין חשבון: נאַפּאָלעאָנס שטאַרקייט איז געבראָכן געוואָרן, ער גופא איז געפאַלן; דאָס וואַרשעווער הערצאָגטום, אַ שאָטן פון פרייען פּוילן, איז ווידער אַריינגע־פאַלן אין די הענט צו די דריי מלוכות, וואָס האָבן צעטיילט פּוילן, דער־הויפּט צו רוסלאַנד. און דער מיליאָן פּוילישע יידן האָט שוין געוואוסט, וואָס זיי קאָנען אַרויסקוקן פון די נייע הערשער...

## קאַפּיטל VI

# דער נייער יידישער צענטער אין רוסלאַנד

### § 45. דער געזעצגעשטעלטער יידישער „תחום"

### (סוף יעקאַטערינע II רעגירן)

וואָס מער די רוסישע מלוכה האָט איינגעשלונגען גרויסע שטיקער פּוילן מיט אַ היפּשער צאָל יידן, אַלץ שטאַרקער האָט זי געפילט, אַז אין איר אינעווייניקסטער פּאָליטיק קומט צו אַ נייע פּראַגע — די יידנפּראַגע. יענע צייטן, צום סוף פון 18-טן יאָרהונדערט, האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין פון אַ גלייכן וועג, פון גלייכבאַרעכטיקן יידן; מ'האָט געהאַלטן פאַר גלייכער זייטן-וועגן: ספּעציעלע געזעצן וועגן יידן. אַנדערש האָט מען זיך גאָרנישט געקאָנט פאָרשטעלן אין אַ לאַנד, וואָס האָט זיך געהאַלטן אויף פאַרקנעכטעטע פּויערים פון אונטן און אויף דער קיסרישער זעלבסטהערשונג מיט דעם אַדל פון אויבן. דאָס ביסל ליבעראַליזם, וואָס האָט זיך צומאָל געלאָזט פילן אין לאַנד, האָבן פאַרטראָגן אַהער צופעליקע פּאָליטישע מערב-ווינטן, אָבער זיי זענען געווען צו שוואַך און האָבן נישט געקאָנט דורכלופטערן די שטיקנדיקע אַטמאָספער. ווען אין די מערב-לענדער האָט זיך אַ לאָז געטאָן דער שטורעם-ווינט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, האָט מען דאָ אין רוסלאַנד גענומען פאַרשטעקן אַלע שפּאַרעס, מ'זאָל אַהער נישט דערלאַנגען די „פּאָליטישע עפּידעמיע". יעקאַטערינע II האָט אָנגעהויבן רעגירן ליבעראַל און האָט פאַרענדיקט רעאַקציאָנער (די יאָרן 1789—1796). גראָד אין די דאָזיקע רעאַקציע-יאָרן איז געשען אין דער יידישער געשיכטע אַ וויכטיקער קריזיס: דאָס צווייטע און דאָס דריטע צעטיילן פון פּוילן האָט איבערגעגעבן דער רוסישער מלוכה נייע טעריטאָריעס מיט אַ געדיכטער יידישער באַפעלקערונג: אוקראַאינע און ליטע; צוזאַמען מיט דעם טייל רייסן (ווייסרוסלאַנד), וואָס איז נאָך פריער פאַראייניקט געוואָרן מיט רוסלאַנד, איז דער רוסישער מלוכה צוגעקומען אַ גרויסע יידישע מאַסע

אין מערב-געגנט. וואָס די דאָזיקע געגנט וועט גרעסער, וועט אַלץ קלאָרער די באַציאונג פון דער רוסישער מלוכה צו יידן. עס איז שוין נישט צו באַמערקן יענע אומזיכערקייט און וואַקלעניש אין דער יידנפראַגע, וואָס מ'האָט געקאָנט צוזען אין אָנהויב פון יעקאַטערינעס רעגירן: ס'ווערט אַלץ קלאָרער און באַשטימטער איין טענדענץ: צושמידן יידן צו דער צוגעקומענער געגנט, נישט אַריינלאָזן זיי אין די אַלט-רוסישע טיילן פון דער אימפּעריע, און דאָ, אין דער צוגעקומענער געגנט גופא, זאָל אויך פאַרשמעלערט ווערן דער קרייז פון זייער עקאָנאָמיש לעבן; יידן זאָלן אויסגעטיילט ווערן פונם שטאַנד סוחרים און שטעטישע („מעשטשאַנעס") אין אַ באַזונדער שטייער-גרופּע, וואָס זאָל טראָגן אויף זיך די שווערסטע שטייער-לאַסט. אויסנאַם-געזעצגעבונג פאַר יידן ווערט אַ סיסטעם.

פאַר דעם צווייטן צעטיילן פון פּוילן, ווען די רוסישע רעגירונג האָט פאַרגעזען, אַז איר וועט צוקומען אַ נייע מאַסע יידן, האָט זי זיי צוגעגרייט אַ טרויעריקע מתנה: דעם געזעץ וועגן יידישן „תחום", וואָס האָט געוואָלט שאַפן אַ פאַרקנעכטעטן שטאָטישן קלאַס אין אַ ים פון פויערשע דאָרף-קנעכט. גענומען האָט זיך דאָס נישט פון אויבן, פון דער רעגירונג, נאָר פון אונטן, פון דעם קריסטלעכן סוחרים-שטאַנד, וואָס האָט זיך דערשראָקן פאַר פרייער יידישער קאָנקורענץ און האָט געבעטן שוץ. יידן-סוחרים אין די צוויי רוסישע גובערניעס, מאָהילעווער און פּאָלאָצקער (וויטעבסקער), וואָס זענען געלעגן ביי דער גרענעץ פון סמאָלענסקער און מאָסקווער גובערניעס, האָבן אָנגעהויבן פאָרן קיין סמאָלענסק און מאָסקווע און האַנדלען דאָרט הורט און לאַחדים מיט אויסלענדישער מאַנופאַקטור. יידן האָבן געמאַכט גוטע געשעפטן. זיי האָבן פאַרקויפט גוטע סחורות צו מעסיקע פרייזן. דאָס האָט אָבער אָנגעריירט מאָסקווער סוחרים, האָבן זיי אין פעברואַר 1790 דערלאַנגט דער מאָסקווער העכערער מאַכט אַן אָנקלאָג אויף יידן: „יידן האַנדלען מיט אויסלענדישע סחורות, פאַרקויפן ביליקער, איידער די אַנדערע און ברענגען דערמיט היפש שאָדן דעם היגן האַנדל". די אָנקלאָגער פאַרופן זיך אויף די אַלטע מאָסקאָוויטער טראַדיציעס, וואָס האָבן נישט צוגעלאָזט אַהער קיין יידן; זיי פאַרזיכערן די מאַכט, אַז פון יידישער קאָנקורענץ וועט דער גאַנצער אָרטיקער האַנדל צערודערט ווערן און רוסישע סוחרים וועלן רואינירט ווערן. די דאָזיקע בקשה פון רוסישע סוחרים, וואָס האָבן געוואָלט האַלטן ביי זיך די האַנדלס-מאָנאָפּאָליע, כדי צו עקס-פּלואַטירן דעם רוסישן קויפער, האָט שטאַרק אויסגענומען ביי דער רעגי-רונג. אין האַרבסט פון דעמזעלבן יאָר, ווען דער מלוכה-ראַט האָט באַ-האַנדלט די קעגן-השתדלות פון יידן, מ'זאָל זיי ערלויבן זיך צושרייבן צו מאָסקווער און סמאָלענסקער סוחרים-שטאַנד, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז יידן

קאָן מען נישט לאָזן פריי האַנדלען אין די אינעווייניקסטע רוסישע גובער-ניעס, וואָרום „קיין נוץ וועט נישט זיין פון אַזאַ צולאָזן זיי". אין אַ יאָר אַרום האָט יעקאַטערינע II באַשטעטיקט דעם באַשלוס אין אַ באַזונדער אוקאַז (23 דעצעמבער 1791): „יידן טאָרן זיך נישט צושרייבן צום סוחרים-שטאַנד אין די אינעווייניקסטע רוסישע שטעט און האַפן-שטעט; זיי קאָנען זיין בירגער און שטעטישע נאָר אין רייסן". כדי גרינגער צו מאַכן די גזרה, ווערט אין דעמזעלבן אוקאַז צוגעגעבן: „מ'האַלט פאַר וואויל, אַז דאָס אייגענע רעכט פאַר יידן צו זיין בירגער ווערט פאַרשפרייט, חוץ רוסישע גובערניעס, נאָך אויף יעקאַטערינאָסלאַווער און טאַורישער געגנט". די רעגירונג איז צו יענער צייט בכלל אויסן געווען צו קאָלאָניזירן די דאָזיקע צוגעקומענע אומבאַזעצטע געגנט (ניי-רוסלאַנד), — האָט זי „צוגעלאָזט" יידן אויך.

אַזוי זענען רוסלענדער יידן צום ערשטן מאָל פאַרשפאַרט געוואָרן אין אַ „תחום" — אין רייסן. אין צוויי יאָר אַרום, נאָך דעם צווייטן צעטיילן פון פוילן, איז צו דעם צפון-מערב-געטאָ צוגעקומען בשכנות מינסקער גובערניע און די דרום-מערב-געגנט: וואָלין מיט אַ גרויסן טייל קיעווער און פאָדאָליער קאַנט. דעם 23-טן יוני 1894 האָט דער געזעץ פעסטגע-שטעלט אַ גרעסערן „תחום": „יידן מעגן זיך פאַרנעמען מיט סוחרישע און שטעטישע באַשעפטיקונגען אין די גובערניעס: מינסקער, איזיאַסלאַווער (וואָלינער), בראַצלאַווער (פאָדאָליער), פאָלאָצקער (וויטעבסקער), מאָהילעווער, קיעווער, טשערניגאָווער, נאָוואָגראַד-סעווערסקער (פאָלטאַווער), יעקאַטערינאָסלאַ-ווער און אין טאַורישער געגנט". מיט דעם דאָזיקן אוקאַז איז דער „תחום" פאַרגרעסערט געוואָרן אויף רוסיש-אוקראַאינע אָדער קליינרוסלאַנד (טשערניגאָווער, פאָלטאַווער און אַ טייל קיעווער גובערניע), וואָס פון דאָרטן פלעגט מען טרייבן יידן פאַר די דריי קיסרינס, וואָס פאַר יעקאַטערינע II. די דאָזיקע רוסיש-אוקראַאינישע געגנט איז געווען שטאַרק פאַרבונדן מיט דער נאָר-וואָס צוגעקומענער פויליש-אוקראַאינע, און די רעגירונג האָט געמוזט אַהין „צולאָזן" די אַלטע איינוואוינער — יידן; אַפילו די הייליקע שטאָט קיעוו האָט מען פריי געעפנט פאַר יידן. די געגנט פון ביידע זייטן דנעפּר איז איצט געוואָרן דער יידישער צענטער. אין יאָר 1795, לויטן דריטן צעטיילן פון פוילן, איז צו דעם דנעפּר-באַסיין צוגעקומען דער נעמאַן-באַסיין — ליטע (ווילנער און גראָדנער גובערניעס). אַזוי האָט זיך אויסגעבילדעט דער יידישער „תחום" צום סוף 18-טן יאָרהונדערט. מזרח-רוסלאַנד האָט מען אָבער פונקט אַזוי שטרענג געהיט פאַר יידן, ווי אַמאָל צו דער צייט פון מאָסקאָוויטער מלוכה. ווער האָט דאָס געקאָנט פאָראויס-זאָגן דעם מיליאָן יידן, וואָס איז איצט אַריינגעפאַלן צו רוסלאַנד, אַז די

אַלטפרענקישע מאָסקווער פּאָליטיק צו פאַרשפּאַרן די טירן פאַר אַ גאַנץ פאָלק וועט בלייבן אַ הייליקער געבאָט ביים רוסישן רעזשים דאָס גאַנצע 19-טע יאָרהונדערט און אַ טייל פון 20-טן?

אין דעמזעלבן אוקאַז פון יאָר 1794, וואָס האָט פאַרצוימט דעם יידישן „תחום" מיט אַן אייזערנער וואַנט, איז פאַראַן נאָך אַ באַזונדער שטייער-אויסנאַם פאַר יידן. יידן, וואָס ווילן זיך צושרייבן אין די שטעט צום סוחרים-שטאַנד אָדער צו שטעטישע („מעשטשאַנעס"), „דאַרפן צאָלן דאָפּלטן שטייער אַקעגן קריסטלעכע סוחרים און שטעטישע"; ווער ס'וויל נישט בלייבן אין שטעט אויף אַזוינע קאָנדיציעס, דאַרף זיך אַרויסציען פון רוסלאַנד, אָפּצאָלנדיק פריער אַ געלט-שטראָף: דעם דאָפּל-שטייער פאַר דריי יאָר. דאָס הייסט, אז פאַר דאָס „רעכט" צו בלייבן אויפן אַלטן אָרט און נישט טאָרן פריי פאַרקערן אין דער אימפּעריע קומט פון אַ יידן צוויי מאָל אַזוי פיל שטייער, ווי פון אַ שטעטישן קריסט, וואָס איז פריי צו פאַרקערן אין גאַנץ רוסלאַנד. צו דער דאָזיקער שטייער-שטראָף קומט נאָך צו אַ רעקרוטן-אָפּגאָב, וואָס יידן דאַרפן צאָלן גלייך מיטן קריסטלעכן סוחרים-שטאַנד אָנשטאָט צו געבן רעקרוטן (אוקאַזן פון די יאָרן 1794 און 1796). קאַראַאימען אין טאַווערישער גובערניע האָט מען באַפרייט פון דעם דאָפּל-שטייער אויף דעם גענעראַל-גובערנאַטאָר זובאָווס השתדלות; קאַראַאימען האָבן אויך געמעגט האָבן לאַנד-גיטער. בכלל האָט מען די קאַראַאימען געגעבן דיזעלבע רעכט, וואָס קריסטן, „נאָר מיט אַ התראה, אַז זיי זאָלן נישט צולאָזן צו זיך רבנישע יידן" (אַן אוקאַז פונם 8-טן יוני 1795). דער נאַציאָנאַל-רעליגיעזער מאָטיוו פון אויסנאַם-געזעצן פאַר יידן איז דאָ קלאָר: אַ הייפל קאַראַאימען, וואָס זענען הונדערטער יאָרן לאַנג געווען אָפּגעריסן פון דער יידישער היסטאָרישער עוואָלוציע, זענען געווינשטע בירגער אין לאַנד, — יידן אָבער דאַרף מען האַלטן אויף אַ קייט.

קלאָר איז ניכּר דער שטראָף-גייסט אינם אוקאַז פון יאָר 1795: אַלע דאָרפס-יידן זאָלן זיך צושרייבן אין שטעט; „מ'זאָל זען, זיי זאָלן זיך איבערציען אין די אויעזד-(קרייז)-שטעט, כּדי די לייט זאָלן זיך נישט אַרומדרייען דער געזעלשאַפט צום שאָדן, נאָר זיי זאָלן האַנדלען און טאָן מלאכות, זיי זאָלן אַליין האָבן און דער געזעלשאַפט נוץ ברענגען". דערמיט האָט מען סאַנקציאָנירט דאָס אומגעזעצלעך האַנדלען פון דער אַדמיניסטראַציע, וואָס פלעגט אָפט אַרויסטרייבן איינגעזעסענע יידן פון די דערפער אין די שטעט אַריין מיט דעם אויסרייד, אַז יידן מעגן זיין צוגעשריבן נאָר צו שטעטישע. יידן, וואָס מ'פלעגט אַרויסטרייבן פון די דערפער, זענען רואינירט געוואָרן; זיי האָבן נישט געקאָנט מיטאַמאָל איינאָרדנען זיך אַלס הענדלער און בעלי-מלאכות, בעת אָרטיקע סוחרים און

האַנטווערקער האָבן שווער פאַרדינט זייער ברויט. די סיסטעם פון מלוכה־אַפּוטרופּסות האָט נאָר געקאָנט שטערן, נישט אַנטוויקלען יידישע עקאָנאָמישע אַרבעט. יעקאַטערינע האָט נאָכגעטאָן יוספּס, דעם עסטרייכישן קייזערס סיסטעם (§§ 5 און 38).

מ׳האָט געפּרוּווט פאַרשמעלערן די קהלשע זעלבסט־פאַרוואַלטונג אויך. אין יאָר 1795 איז אַ צווייט מאָל איבערגעחזרט געוואָרן דער באַפעל, אַז היות ווי יידן מעגן זיך באַטייליקן אין דער שטעטישער זעלבסט־פאַרוואַלטונג, אין די ראַטהויזן און אין די מאַגיסטראַטן, ווערן ביי קהל אין די גובערניע־און אויעזד־שטעט אָפּגענומען אַלע געזעלשאַפטלעכע און גערישטלעכע פונקציעס; „זיי דאַרפן מער זיך נישט אָנקערן מיט קיין זאַך, חוץ אמונה־זאַכן״. באמת אָבער האָבן יידן זיך זייער ווייניק אָנגעקערט מיט שטעטישער זעלבסט־פאַרוואַלטונג איבער דער פיינטשאַפט, וואָס קריסטלעכע שטעטישע האָבן זיי באַוויזן. דעם קהל אָבער האָט די רעגירונג גופא באַדאַרפט נויטיק האָבן: זי האָט אים אָנגעוואָרפן אויפמאָנען און גאַראַנטירן שטייערן פון יידן. דער קהל איז דעריבער געבליבן אויך ביי דער נייער פאַרשמעלערטער קהילה־אויטאָנאָמיע (ווייטער § 51).

אַזוי האָט זיך די לעצטע יאָרן פון יעקאַטערינעס רעגירן אָנגעהויבן אויסבילדן אַ סיסטעם פון אויסנאַם־געזעצן פאַר יידן. צווישן מזרח־ און מערב־רוסלאַנד האָט מען אָוועקגעשטעלט אַ פעסטע „מאָסקווער״ וואַנט. אינעווייניק, אין „תחום״ גופא, האָט מען אָנגעהויבן אויסבילדן נאָך אַן ערגערן „תחום״: יידן זאָלן פאַרטריבן ווערן פון דערפער און איינגעפּרעסט ווערן אין שטעט און שטעטלעך. יעקאַטערינעס נאָכפאָלגער איז באַשערט געווען גיין ווייטער אין דעם דאָזיקן וועג.

איין רעפאָרם איז אין יענער צייט יאָ געמאַכט געוואָרן: אין די עפנטלעכע אַקטן פון די לעצטע יאָרן פון יעקאַטערינעס רעגירן איז נישט צו באַמערקן מער דאָס זידל־וואָרט „זשיד״; אָנשטאָט דעם קומט דאָס וואָרט „יעווריי״. דאָס איז די איינציקע רעפאָרם, וואָס די רוסישע רעגירונג האָט דורכגעפירט.

## § 46. פּראָיעקטן צו רעגלאַמענטירן דעם יידישן לעבנס־שטייגער (פאַוועל דעם I־טנס רעגירן)

פאַר פאַוועל I (1796—1801) זעען מיר צו די זעלבע סיסטעם פון שטרענגער אַפּוטרופּסות אויף יידן. דעם יידישן „תחום״ איז צוגעקומען נאָך אַ פּאַס ערד: קורלענדער גובערניע. אין קורלענדער הערצאָגטום, וואָס איז

פאַראייניקט געוואָרן מיט רוסלאַנד אין יאָר 1795, זענען געווען עטלעכע טויזנט יידן, „טאָלערירטע", לויטן נוסח דייטשלאַנד, אַלס אויסלענדער, וואָס האָבן זיך נאָר טיילווייז דערשלאָגן צו אָרגאַניזירן קהילות. דאָ איז געוואָרן אַ פראַגע: ווי אַזוי מאָנט מען אויף שטייערן ביי די הויזירער (וואַנדער־הענדלער), ד. ה., ביי אַ גרויסן טייל יידן אין קורלאַנד, וואָס זענען נישט געווען צוגעשריבן נישט צו שטעט, נישט צו דערפער, נישט צו יידישע קהילות? אין יאָר 1799 האָט די רוסישע רעגירונג געגעבן דערויף אַן ענטפער: פאַרגלייכן יידן אין קורלאַנד מיט יידן אין אַנדערע גובערניעס, זיי מעגן זיך צושרייבן צום סוחרים־שטאַנד און צו שטעטישע און האָבן אַ קהילה. אַזוי זענען די פינאַנץ־אינטערעסן פון דער מלוכה געוואָרן אַ געלעגנהייט צו באַשאַפן יידישע קהילות אין דער ממשלה פון דייטשע באַראָנען.

די יידישע באַפעלקערונג, וואָס איז געווען איינגעפּרעסט אין „תחום" פון די מערב־גובערניעס, האָט אפילו נישט געקאָנט פריי רירן זיך אין דעם „תחום" גופא. אַסך יידן פון דעם פאַראָרימטן רייסן האָבן זיך אַריבערגע־צויגן אין די רייכערע קליינרוסלענדער גובערניעס, דערהויפּט אין נאָוואָ־ראָד־סעווערסקער (פּאָלטאַווער) גובערניע. די רעגירונג האָט זיך אומגעקוקט אויף אַזאַ אינעווייניקסטער יידישער עמיגראַציע און האָט זי גענומען „רע־גולירן": אַרויספאָרן פון רייסן קיין אוקראַינע האָבן געמעגט נאָר סוחרים; נישט־צוגעשריבענע צו האַנדלס־גילדיעס האָבן דאָס געקאָנט טאָן נאָר אויף דיזעלבע קאָנדיציעס, וואָס פאַר אַלע פערזאָנען פון די נידעריקע שטייער־קלאַסן (מעשטשאַנעס און פויערים), ד. ה. זיי האָבן באַדאַרפט אַרויסנעמען אַרויסלאָז־שיינען פון זייער שטאַנד־געזעלשאַפט (דעצעמבער 1796).

נישט קיין סך איז אויפגעטאָן געוואָרן אין דער געזעצגעבונג פאַר יידן אין די יאָרן פון פּאַוועלס רעגירונג; דערפאַר אָבער האָט מען זיך אַ סך געגרייט צו אַזאַ געזעצגעבונג. די צייט איז רייך מיט פּראָיעקטן צו רעגלאַמענטירן דעם יידישן לעבנס־שטייגער אויפן גרונט פון אָפיציעלע „אויספאָרשונגען". די לעצטע יאָרן פון 18־טן יאָרהונדערט (1797—1800) אַרבעטן די קאַנצעלאַריעס אויף אַלע כלים צו באַקענען די רעגירונג מיט דעם צושטאַנד פון די צוגעקומענע פּראָווינצן און ספּעציעל פון דער יידי־שער באַפעלקערונג דאָרט. אָנגעהויבן האָט מען פון אויספרעגן פּריצים און די אַדמיניסטראַציע אין יענע געגנטן. אין יאָר 1797 איז די געלעגנהייט דערצו געווען דער הונגער אין מינסקער גובערניע. פון פּעטערבורג האָט מען באַפוילן דעם מינסקער גובערנאַטאָר קאַרנעיעוון אויספרעגן די אָרטיקע מאַרשאַלס (אַדל־פירער), אויפקלערן, „פון וואַנען נעמט זיך די אָרימקייט ביי פויערים", און צושטעלן אַ פּראָיעקט, ווי זייער צושטאַנד צו

פאַרבעסערן. דאָס איז געווען אַ קנאַפּע חכמה פאָרלייגן פּריצים, קנעכט־אייגנטימער, זיי זאָלן אויפקלערן די אמתע סיבות, פאַרוואָס פּויערים, זייערע קנעכט, הונגערן. דעם ענטפער אויף אַזאַ קלוגע שאלה איז נישט שווער געווען פאָראויסזען. פּוילישע מאַרשאַלס זענען זיך צונויפגעקומען קיין מינסק און האָבן געפונען דעם שולדיקן: די פּאָליטישע ענדערונגען אין דעם געוועזענעם פּוילישן קאַנט, די אומגערעטעניש, שלעכטע וועגן א. ד. ג. דער־הויפּט אָבער יידן: „אַ סך פּריצים האַלטן יידן ביי זיך (אין די דערפער אויף אַרענדעס און אין שענקען קעגן דעם ווילן פון דער מאַכט, וואָס הייסט זיי (יידן) וואוינען אין די שטעט". יידן־שענקערס אין די דערפער ברענגען פּויערים צו שכורן דורך דעם, וואָס זיי גיבן זיי בראָנפן אויף באָרג, און „איבער דעם טויגן פּויערים נישט מער צו ווירטשאַפט". זיי אַליין, די פּריצים, און די מאַגנאַטן זענען געוויינטלעך גאָט די נשמה שול־דיק. צו ראַטעווען די פּויערים דאַרף מען נאָר ווידעראַמאָל באַשטעטיקן, אַז „טרייבן בראָנפן מעגן נאָר פּריצים; יידן און אַנדערע שענקערס איז דאָס פאַרווערט", און אין דאָרף־שענקען „זאָלן נאָר פּריצים מעגן פאַרקויפן בראָנפן". דאָס הייסט: פּויערים וועלן אויפגעריכט ווערן און ווערן אַרבעטס־פעאיק, אויב זיי וועלן טרינקען נאר פּריצישן בראָנפן, נישט קיין יידישן... מ'האט, דוכט זיך, געקאָנט פאַרשפּאָרן צו האָבן אַ גרויסן מלוכה־קאָפּ אום איינצוזען, וואָס זענען אויסן מיט אַזאַ „מיינונג" די פּריצים, וועלכע האָבן דאָ געזאָרגט נאָר וועגן זייער בראָנפן־מאָנאָפּאָליע (די פּוילישע „פּראָפּינאַציע"); פונדעסטוועגן האָט דער מינסקער גובערנאַטאָר צוגעשטעלט די מיינונג דעם קיסר, און יענער האָט געמאַכט אַזאַ רעזאָלוציע: „אָננעמען מיטלען, אַזוי ווי די אַדל־מאַרשאַלעס ווייזן אָן, צו באַגרעניצן די רעכט פון יידן, וואָס זיי רואינירן דאָס פּויערטום" (28 יוני 1797). דער סענאַט האָט אויך דער־מאָנט דעם גובערנאַטאָר אָן יעקאַטערינעס אוקאַז, אַז מ'זאָל זען איבערזעצן יידן אין די אויעזד־שטעט, „כדי די לייט זאָלן זיך נישט אַרומדרייען דער געזעלשאַפט צום שאָדן". דאָס איז געווען אַזוי גוט ווי געבן „אָפענע הענט" אַרויסצוטרייבן יידן פון דערפער און פאַרוואַנדלען איינגעזעסענע יידן אין נע־ונדניקעס.

אין יאָר 1798 האָט מען גענומען אויספרעגן פּריצים אין וואָלינער און פּאָדאָליער גובערניע, ווי קלערן זיי צו באַגליקן דאָס פאָטערלאַנד. די מאַרשאַלס פון פּאָדאָליער גובערניע זענען זיך צונויפגעקומען קיין קאַ־מענעץ און האָבן אויסגעאַרבעט נאָך אַ ברייטערן „רעפאָרם־פּלאַן", איידער זייערע מינסקער קאָלעגן. זיי דאַנקען דעם קיסר „פאַר דעם מאַיעסטעטישן גנאָד, וואָס מ'האָט זיי געלאָזט די פּראָפּינאַציע", און פאָדערן, אַז „נישט יידן, נישט קריסטן אַפילו זאָלן נישט טאָרן אַרענדירן בראָנפן־טרייבן אָדער

פראָפינאַציע אין שטעטלעך און אין דערפער״; די „פּריווילעגיע״ זאָל בלייבן נאָר פאַר פּריצים, זיי זאָלן מעגן אַריינזעצן אין די שענקען וועמען זיי ווילן. נאָך דעם, ווי זיי האָבן זיך גאַראַנטירט די מאָנאָפּאָליע אָנצושכורן פויערים דורך אייגענע שענקערס, האָבן די פּריצים גענומען מאַכן אַ תכלית פון יידן: יידן זאָלן אַרויספירן דאָרפישע, ד. ה. פּריצישע פּראָדוקטן קיין אויסלאַנד, כּדי „ערד-אַרבעטער און פּריצים זאָלן דערפון געניסן״, די רעשט יידן זאָלן אַ טייל „בלייבן ביי די פּריצים אין די שענקען״ און אַ טייל „זאָל מען נויטן צו ערדאַרבעט און מלאכות״.

יידן גופא זענען אָבער, זעט אויס, נישט געווען שטאַרק צופרידן פון אַזוינע גאָלדענע אויסזיכטן, זיי זאָלן זיין פאַרקויפט ביי פּריצים אויסצו-ברענגען זייערע דאָרף-פּראָדוקטן און בראָנפן. ביי יידן איז פאָרגעקומען אַ ישוב אין אָסטראָג (וואָלינער גובערניע). ס׳זענען זיך צונויפגעקומען דעלעגאַטן פון קהילות, און ס׳איז געבליבן, מאַכן געלט און שיקן אַ דעפּו-טאַציע צום קיסר, זי זאָל איבערגעבן די נויטן און די פאַרלאַנגען פון יידן אין דרום-מערב-געגנט, וואָס מ׳האָט ביי זיי אַפילו פאַרגעסן פרעגן, ווי זיי גופא שטעלן זיך פאָר זייער צוקונפט. דער דרום-מערבדיקער גענעראַל-גובערנאַטאָר, גראַף גודאָוויטש, „איז שטילערהייט דערגאַנגען״, וואָס יידן ווילן טאָן. אַלס וויטזיכטיקער פּאָליטיקער האָט ער מורא געהאַט, „טאָמער שטעקט דאָ עפּעס אין דעם געלט-זאַמלען (אויף אַ יידישער דעפּוטאַציע) אַ יידיש שפּיצל״. ער האָט קאָנפיסקירט דאָס צונויפגענומענע געלט און האָט וועגן דעם מיטגעטיילט קיין פּעטערבורג. ווי פאַרוואונדערט איז אָבער געווען דער איבערפלייסיקער גענעראַל-גובערנאַטאָר, ווען פון פּעטערבורג האָט ער באַקומען אַן ענטפער, אַז דער קיסר האַלט דאָס פאַר קיין עוולה נישט, וואָס יידן ווילן שיקן צו אים אַ דעפּוטאַציע; דאָס קאָנפיסקירטע געלט הייסט מען אים אומקערן און די דעפּוטאַציע זאָל ער לאָזן פאָרן (סעפּטעמבער 1798). צי איז די דעפּוטאַציע געפאָרן און וואָס איז געווען דער סוף — ווייסט מען נישט, אָבער דער פאַקט גופא באַווייזט, אַז אַפילו אין יענער פינסטערער צייט האָט די אָפּגעשטאַנענע חסידישע מאַסע אין וואָלין און אין פּאָדאָליע נישט איגנאָרירט אָנגעוואוירן דעם חוש פון דעם פּאָליטישן און סאָציאַלן קריזיס, וואָס קומט פאָר.

צוליצעט האָט זיך דער ליטווישער אַדל אָפּגערופן אויף דער רעגירונגס-אַנקעטע. מאַרשאַלס פון 19 אויעזדן אין ליטע האָבן אין יאָר 1800 דערלאַנגט דעם ווילנער גובערנאַטאָר פּריזעלן זייער „מיינונג״, אָנ-גענומען אין אַ באַראַטונג מיט אַלע שטימען קעגן דריי. לויטן דאָזיקן ראַדיקאַלן פּראָיעקט טאָרן יידן נישט טרייבן קיין בראָנפן און האַלטן אייגענע שענקען, זיי טאָרן נישט פאַרקויפן קיין בראָנפן אַפילו אין

„שלאַכטישע שענקען" אויך. דאָרפס-ייִדן, וואָס וועלן דורכדעם בלייבן אָן ברויט, דאַרף מען אַ טייל אַרויסשיקן אין די שטעט, אַ טייל „באַזעצן אויף מלוכה- און פּריוואַט-ערד, זיי זאָלן זיך דאָרט מעגן באַשעפטיקן מיט ערד-אַרבעט, אַרענדירן און נעמען אין זיכערקייט לאַנד-גיטער". צו דער עקאָנאָמישער רעפאָרם זאָל צוקומען אַן אינעווייניקסטע רעפאָרם: מ'דאַרף „פאַרווערן די ייִדישע קליידונג, זיי זאָלן זיך קליידן אַזוי ווי אַלע": מ'דאַרף בכלל מאַכן אַ סוף מיט דער ייִדישער אָפּגעשלאָסנקייט, וואָרום איצט „האַלטן זיי זיך פאַר אַ באַזונדער פאָלק, האָבן אַן אייגענע פירונג מיט דעם נאָמען סינאַגאָגעס אָדער קהלס, וואָס נעמען זיך נישט נאָר די גייסטיקע מאַכט אַליין, נאָר זיי מישן זיך אויך אין ציוויל-זאַכן און אַפילו אין פּאָליציי-זאַכן". זאָל דאָס אַלץ ווערן אויס, וועלן ייִדן ווערן איינס מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג. דעם ליטווישן אַדל, וואָס האָט פאַראיינס מיט ייִדישע שענקען געוואָלט אָפּשאַפן די קהילה-אויטאָנאָמיע, קומט דער „רעפאָרמאַטאָרישער" ברען פון אויסן: דאָס האָט זיי אונטערגעזאָגט דער ווילנער גובערנאַטאָר פריזעל, אַ געבילדעטער דייטש, וואָס איז געווען באַקאַנט מיט די רעפאָרם-פּלענער אין דייטשלאַנד. אין אַפּריל 1800 האָט ער אָפּגעשיקט דעם סענאַט די מיינונג פון ליטווישן אַדל מיט אַ צוגאָב פון אַן אייגענעם היפּשן מעמאָראַנדום, גענומען מייסטנס פון די פּוילישע פּראָיעקטן צו דער צייט פונם פיריאָריקן סיים. פריזעל האַלט, אַז מ'דאַרף האָבן אַ „גרינדלעכע רעפאָרם" פאַר ייִדן און פאַררופט זיך אויף די מערב-לענדער, אָבער פון דאָרט האָט ער גענאַשט די ערגסטע מעטאָדן פונם „אויפגעקלערטן אַבסאָלוטיזם". ער מיינט, „אַז דאָס ערציען פון ייִדישן פאָלק דאַרף מען אָנהויבן פון זיין רעליגיע": מ'דאַרף „אויסראָטן אַלע סעקטעס און אָבערגלויבן, פאַרווערן נייע רעליגיעזע ריכטונגען, וואָס שווינדלער פאַרפירן דערמיט די ייִדישע מאַסע און פאַרפינסטערן זי נאָך מער ווי פריער" (אַ רמז אויף חסידות און רביים; די רעגירונג האָט זיך גראָד יענע צייט אינטערעסירט מיט דער מחלוקת צווישן חסידים און מתנגדים). מ'דאַרף נויטן ייִדן, זיי זאָלן אָפּגעבן זייערע קינדער אין „עפנטלעכע שולן", פירן אַלע געשעפטס-פּאַפּירן אויף פּויליש, גיין געקליידעט אַזוי ווי אַלע, חתונה האָבן נישט פריער פאַר 20 יאָר. ייִדן זאָלן זיין איינגעטיילט אין דריי קלאַסן: סוחרים, בעלי-מלאכות און ערד-אַרבעטער; די דריי קלאַסן זאָלן זיין איינגעשלאָסן אין די אַלגעמיינע שטאַנדן אין לאַנד; דערמיט וועט מען פאַרשפּאָרן אָנקומען צו קהל אַלס אַ שטייער-אויפמאָנער, און קהלשע אויטאָנאָמיע וועט פון זיך אַליין בטל ווערן.

די אַלע מיינונגען פונם אַדל און פון די גובערנאַטאָרס זענען אָנגעקומען אין סענאַט אין פרילינג 1800; דעם סענאַט האָט דאָס אַלץ געזאָלט

נוצן אַלס מאַטעריאַל פאַר אַ נייעם „סטאַטוט" וועגן יידן. דאָ איז דאָס צו האַנט געקומען דעם באַרימטן רוסישן דיכטער ד ע ר ז ש אַ ו י ן; ס'איז באַשערט געווען, אַז ער זאָל אינגיכן ווערן אַ „ספּעציאַליסט" אין דער יידן-פראַגע. דערזשאַווין אַליין איז געווען אַ געבוירענער פון אַ וויטן מזרח-געגנט אין רוסלאַנד, דעם גרעסטן טייל לעבן האָט ער פאַרבראַכט אין פעטערבורגער קאַנצעלאַריעס; די יידישע מאַסע האָט ער דאָס ערשטע מאָל דערזען אין אַ רייסיש שטעטל שקלאָוו, וואָס אַהין איז ער געשיקט געוואָרן אין יאָר 1799 וועגן אַן אַקציע מיט גענעראַל זאָריטש, דעם אייגנטימער פון דעם שטעטל. זאָריטש איז געווען יעקאַטערינעס אַ פאַוואָריט, אין שקלאָוו האָט ער געפירט אַ פאַרשייט ברייט לעבן, אַזוי ווי ס'פּאַסט פאַר אַ גוטס-באַזיצער אַ סאַטראַפּ. ער האָט אָנגערירט יידן אויך ביי זיך אין שטעטל: זאָריטש האָט זיך איינגעבילדעט, אַז יידן אין זיין שטעטל זענען פונקט אַזוינע קנעכט זיינע, ווי די פויערים אין דאָרף, און ער מעג זיך מיט זיי פירן ווי אים גלוסט; אייניקע יידן האָט ער פאַרטריבן פונם שטעטל און צוגענומען ביי זיי די הייזער, אַנדערע האָט ער געפּאַטשט, ביי אַנדערע ווידער האָט ער צוגענומען משקאות נישט צאָלנדיק. יידן האָבן זיך געקלאָגט אויף אַזאַ פאַרקנעכטונג, און פּאַוועל האָט געשיקט דעם סענאַטאָר דערזשאַווין קיין שקלאָוו איינצוימען דעם צעווילדעוועטן גוטס-באַזיצער. דערזשאַווין מיט זיין פריצישן גייסט האָט נישט געמאַכט קיין גרויס וועזן פון זאָריטשס ווילדע מעשים און האָט ראַפּאָרטירט, אַז יידן זענען אויך שולדיק. זאָריטש איז אינגיכן געשטאָרבן (1800), און דערמיט האָט זיך דער סכסוך פאַרענדיקט. אָבער ביי דער געלעגנהייט האָט דער סענאַט דערקלערט, אַז יידן געהערן בכלל צום סוחרים-שטאַנד און צו שטעטישע און זענען נישט אונטערגעוואָרפן די פריצים אין פריצישע שטעטלעך און דערפער.

אין אַ יאָר אַרום איז דערזשאַווין נאָך אַ מאָל געשיקט געווען קיין רייסן, דאָס מאָל מיט גאַנץ גרויסע פולמאַכטן. אין ביידע ווייסרוסישע גובערניעס איז געווען אַ שרעקלעכער הונגער, און שולדיק איז געווען נישט די אומגערעטעניש אַליין, נאָר אויך די ווילדע אויפפירונג פון די פריצים: זיי האָבן געלאָזט זייערע אייגענע פויערים אָן ברויט, און אַליין האָבן זיי צוגעשטעלט גרויסע פּאַרטיעס תבואה אויף אַרויסצופירן אָדער אויף די גוראַלנעס צו מאַכן בראַנפן, וואָס דערמיט האָט מען דעמאָראַליזירט דיזעלבע פויערים. דער קיסר האָט באַפוילן דערזשאַווינען אַ סוף מאַכן צו די דאָזיקע פאַרברעכערישע מעשים, באַשטראָפן יענע פריצים, וואָס „יאָגן זיך נאָך געלט אָן אַ מאָס און לאָזן זייערע פויערים אָן הילף", אָפּנעמען ביי זיי די גיטער און אָוועקשטעלן אונטער אַ השגחה (יוני 1800). אין דער צוגאָב-אינסטרוקציע, וואָס אָבאָליאַנינאָוו, דער גענעראַל-פּראָקוראָר פונם סע-

נאַט, האָט געגעבן דערזשאַווינען, איז געווען נאָך אַזאַ פּונקט: „און היות ווי לויט די ידיעות האָבן די זשידעס נישט קיין קלײנעם חלק אין דער פֿויערשער אָרימקייט אין רייסן, איז זיין מאַיעסטעטס ווילן, אַז אײער עקסעלענץ זאָל זיך דערהויפּט אומקוקן אויף זײער אַרבעט אין דעם פּרט און איר זאָלט אָנגעבן אײער מיינונג, ווי אַזוי צו באַזייטיקן די שעדלעכקייט, וואָס זיי פֿאַרשאַפֿן”. די דאָזיקע ייִדנפֿיינטלעכע צושריפֿט, וואָס דאָ האָט געשטעקט דערזשאַווינס האַנט, יעדנפֿאַלס זיין הסכּם, האָט געזאָלט אָפּשוואַכן דעם קלאַפּ אויף די פּריצים און אים אָפּפֿירן אויף ייִדן.

מיט דער רעוויזיע אין רייסן איז דערזשאַווין פֿאַרטיק געוואָרן זײער גיך; ער האָט געמאַכט אַן אַפּוטרופּסות אויף אַ [illegible]ט פֿון אַ פּוילישן מאַגנאַט אָגינסקי, אַליין פֿאַרמאַכט אַ ייִדישע גוראַלנע אין ליאָזנע, דער רעזידענץ פֿון באַקאַנטן חסידישן רבי שניאור זלמן; דאָס איז געטאָן געוואָרן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז דערפֿון איז אַרויסגעשפּרונגען אַן אָנקלאָג אויף דערזשאַווינען, אַז ער האָט געשלאָגן אַ ייִדישע פֿרוי. נאָך דעם ווי ער האָט אַזוי „איינגעשטעלט אָרדנונג”, האָט זיך דערזשאַווין גענומען פֿאַר דער הויפּטזאַך, לויט זיין מיינונג, ד. ה. צונויפֿשטעלן אַ מעמאָראַנדום וועגן ייִדן מיט אַזאַ טיטל: „סענאַטאָר דערזשאַווינס מיינונג, ווי אַזוי צו באַזייטיקן דעם ברויט-מאַנגל אין רייסן דורך דעם, וואָס ייִדן זאָלן איינגעצוימט ווערן אין זײערע אומערלעכע באַשעפֿטיקונגען, ווי אַזוי צו רעפֿאָרמירן זיי (ייִדן) און דעסגלייכן”. אין דעם טיטל גופֿא שטעקט שוין דער מיין; אַרויפֿוואַרפֿן אויף ייִדן די שולד פֿאַר דעם עקאָנאָמישן חורבן, אין וועלכן עס זענען שולדיק געווען פּריצים. דערזשאַווין האָט אָבער נישט געהאַלטן פֿאַר גענוג אָפּשאַצן די ייִדישע עקאָנאָמישע ראָלע אַליין; ער האָט געוואָלט אָפּמאָלן דאָס ייִדישע אינעווייניקסטע לעבן, זײער גלויבן און מנהגים, ערציאונג און קהילה-פֿירונג, דעם ייִדישן „מאָראַלישן צושטאַנד”. צו דעם האָט ער געהאַט פֿאַרשיידענע קוועלן. דעם מעמאָראַנדום האָט ער געשריבן אין וויטעבסק אין האַרבסט 1800. דאָרט האָט ער אויסגעפֿרעגט קריסטלעכע סוחרים און שטעטישע, וואָס האָבן געטראָגן אַ שטענדיקן האַס אויף ייִדן, „געלערנטע” פֿון דער יעזואיטישער קאָלעגיע, „טשינאָווניקעס” אין פֿאַרשיידענע קאַנצעלאַריעס און אַפֿילו „קאָזאַקן אַליין” אויך. אגב האָט דערזשאַווין געהאַט צו האַנט צוויי פּראָיעקטן פֿון „אויפֿגעקלערטע ייִדן”. איין פּראָיעקט שטאַמט פֿון נאָטע שקלאָווער, אַ רייכן סוחר פֿון פּעטערבורג, אַ געוועזענעם ליוועראַנט אין פּאָטיאָמקינס אַרמיי, וואָס האָט פֿאָרגעלייגט מאַכן פֿאַבריקן פֿאַר ייִדן אין באַזונדערע קאָלאָניעס, „נאָענט צו די האַפֿנס ביים שוואַרצן ים”, וווּ מען זאָל זיך פֿאַרנעמען מיט ערדאַרבעט און פֿי-צוכט אויך. דער אַנדערער פּראָיעקטן-מאַכער, אײנער אַ דאָקטאָר פֿראַנק פֿון קרעסלאַווקע (וויטעבסקער

גובערניע), אַ דייטשער ייד פון מענדעלסאָנס חסידים, האָט פאָרגעלייגט, די רעגירונג זאָל נעמען רעפאָרמירן די יידישע רעליגיע, וואָס „אין איר ער־שטער עכטער געשטאַלט שטיצט זי זיך אויף דעאיזם און אויף ריינער מאָראַל", נאָר מיט דער צייט איז זי פאַרהויקערט געוואָרן מחמת דעם „תּלמודס נאַרישקייטן". פראַנק האַלט, אַז אין רוסלאַנד דאַרף מען נאָכטאָן מענדעלסאָנען; מ'דאַרף מאַכן פאַר יידן עפנטלעכע שולן, די יוגנט זאָל לערנען רוסיש, דייטש און העברעאיש, ווייל אַן אויפגעקלערטער ייד איז שוין געוויס אַ נוץ פאַר דער מלוכה. חוץ די דאָזיקע פּראָיעקטן האָט דער־זשאַווין געהאַט פאַרשיידענע פּרייסישע „יידן־רעגלאַמענטן", די דערמאָנטע „מיינונגען" פון די מאַרשאַלס און גובערנאַטאָרס אין מערב־געגנט און דעסגלייכן. דער הויך־געשטעלטער באַאַמטער, וואָס האָט געזען יידן נאָר דורכפאָרנדיק אין רייזן, האָט געהאַלטן, אַז ער ווייסט שוין גענוג, און ער האָט גענומען צונויפשטעלן אַן אויספירלעכע „מיינונג", ווי אַזוי צו רעפאָרמירן דאָס יידישע לעבן.

דאָס בילד פונם יידישן לעבנס־שטייגער, וואָס דערזשאַווין האָט אָפּ־געמאָלט מיט די פינסטערסטע פאַרבן, באַווייזט נאָר, אַז ער האָט געהאַט גאָר אַ קנאַפּן פאַרשטאַנד פאַר דער זאַך, ס'איז צו באַוואונדערן די תּמימות, ווי אַזוי ער באַנעמט פּרטים פונם יידישן לעבן. יידישע באַשעפטיקונגען: האַנדל, אַרענדע, שענקערייַ, מעקלערייַ — זענען ביי אים אין די אויגן „קונציקע שטיק, ווי אַזוי ביי יענעם אויסצאַפּן דאָס פאַרמעגן". זייערע חדרים זענען נעסטן פון אָבערגלויבן. יידן פאַרמאָגן כּלל נישט קיין מאָ־ראַליש געפיל; מענטשן־ליבשאַפט, ערלעכקייט און נאָך אַזוינע מעלות זענען זיי ווילד־פרעמד; זיי ווייסן נאָר „זאַמלען רייכקייט צו אויסבויען אַ נייעם בית־המקדש אָדער צו באַפרידיקן זייערע תּאוות(?)". אָפּגעפאַרטיקט יידן מיט אַזאַ אַטעסטאַציע, גייט דערזשאַווין איבער צום גרויסן פּראָיעקט (88 פּונקטן), ווי אַזוי צו „רעפאָרמירן יידן". יידן זאָלן שטיין אונטער „אַ הויך־מאַיעס־טעטישער השגחה"; אויף זיי זאָל אַכטונג געבן אַ פּראָטעקטאָר, אַ קריסט־לעכער טשינאָווניק; ער מיט קאָמיסיעס אין די גובערניעס זאָלן דאָס דורכ־פירן די „יידן־רעפאָרם". מ'דאַרף מאַכן אַ ציילונג צווישן יידן און געבן זיי פאַמיליע־נעמען. יידן זאָלן איינגעטיילט ווערן אין פיר קלאַסן: סוחרים, שטעטישע „מעשטשאַנעס", דאָרפישע „מעשטשאַנעס" און דאָרפישע ערד־אַרבעטער; יעדער מוז זיין צוגעשריבן צו איינעם פון די פיר קלאַסן. די גאַנצע מאַסע דאַרף מען צעזעצן אין פאַרשיידענע שטעט אין רייסן. אַ טייל, וואָס איז צו פיל, דאַרף מען אַרויסשיקן אין אַנדערע גובערניעס. קהל דאַרף מען אָפּשאַפן; אָנשטאָט דעם זאָל ווערן אין יעדער גובערניע „אַ סינאַגאָגע" מיט רבנים און שמשים צו פאַרוואַלטן מיט יידישע רעליגיעזע אָנגעלעגנהייטן, אין

פּעטערבורג זאָל זיין דער העכסטער יידישער בית-דין מיט דעם נאָמען „סענ-דאַרין" (אַזוי שרייבט דערזשאַווין דאָס וואָרט „סנהדרין", וואָס ער האָט געהערט ערגעץ-וואו), מיט אַן אויבער-רב אָדער אַ „פּאַטריאַרך" אויבן-אָן. ווייטער ברענגט ער אַ צעטל צוואַנגס- און שטראָף-מיטלען: פאַרווערן יידן האַלטן קריסטלעכע דינערשאַפט, נישט צולאָזן זיי צו שטעטישע מאַגיסטראַטן, נויטן יידן אַראָפּוואַרפן פון זיך די יידישע קליידונג און שרייבן אַלע געשעפטס-פּאַפּירן אויף רוסיש, פּויליש אָדער דייטש. יידישע קינדער זאָלן לערנען ביי מלמדים נישט מער ווי ביז 12 יאָר, נאָכדעם זאָל מען זיי אָפּגעבן אין קריסטלעכע שולן. צו לעצט זאָל די רעגירונג מאַכן אַ דרוקעריי צו דרוקן יידישע רעליגיעזע ספרים „מיט פילאָזאָפישע אָנמערקונגען". דער-זשאַווין איז זיכער, אַז אויף דעם וועג „וועט דער איינגעשפּאַרטער ייד באַקומען אַ לייטיש אויסזען"; דער קיסר פּאַוועל, אויב ער וועט דורכפירן אַזאַ רעפאָרם, וועט גערימט ווערן, וואָס ער האָט מקיים געווען די מצוה: „האָט ליב אייערע פיינט און טוט גוטס די, וואָס האַסן אייך".

דאָס איז דערזשאַווינס פּראָיעקט — אַ געמיש פון בויך-סברות פון אַ פרום-פּאַרצייטיקן רוס וועגן אַ קולטור, וואָס ער ווייס זי נישט, מיט רעפאָר-מאַטאָרישע פּלענער אויף דעמאָלטיקן אייראָפּעאישן שטייגער; אַ פּלאָנטער פון קלעריקאַלע ביוראָקראַטישע שטיק מיט אַ שמעק פון אויפקלערונג און מיט „פילאָזאָפישע" חקירות; איינגעגעסענער יידנהאַס מיט אַ שטיקל געפיל פאַר דער יידישער היסטאָרישער טראַגעדיע און מיט עפּעס ווילן „מאַכן יידן פאַר נוצלעך דער מלוכה". אין תוך שטעקט דאָ דער גייסט פון קאַנצעלאַרישער אויבער-השגחה און רעגלאַמענטאַציע, אַ נאַאיווע זיכערקייט, אַז זייטיקע מענטשן קאָנען איבערמאַכן אַן אַלט קולטור-פאָלק, אַזוי ווי מ'שטעלט איבער פיגורן אין אַ שאָך. דאָ איז מען געווען איינגעגלויבט, אַז אַ רעפאָרם לאָזט זיך מאַכן מעכאַניש; אגב זעען מיר צו דאָס-זעלבע אין אייראָפּע אויך, כאָטש נישט אַזוי נאַאיוו.

דערזשאַווינס „מיינונג" איז אָנגעקומען אין סענאַט אין דעצעמבער 1800. צוזאַמען מיט די פריערדיקע מיינונגען פון די מאַרשאַלס אין מערב-געגנט און פון די גובערנאַטאָרס האָט דאָס געזאָלט דינען דעם סענאַט אַלס מאַטעריאַל פאַר אַ גרינדלעכן געזעץ-אַקט וועגן יידן. אָבער פאַר פּאַוועל איז דאָס שוין נישט באַשערט געווען דורכצופירן. אין מערץ 1801 איז דער קיסר טראַגיש אומגעקומען; אין די ערשטע יאָרן פון אַלכּסנדרס רעגירן איז די „יידן-רעפאָרם" געוואָרן אַ שטרייט-זאַך צווישן נייע ליבע-ראַלע שטרעמונגען און דער אַלטער רוסיש-פּוילישער יידן-פּאָליטיק.

## § 47. „דער קאָמיטעט איינצואָרדנען יידן" און דער „סטאַטוט" פונם יאָר 1804

אין אָנהויב אלכסנדר I רעגירן האָט אַ בלאָז געטאָן אַ פריי ווינטל און האָט דורכגעלופטערט די פאַרשימלטע פעטערבורגער קאַנצעלאַריעס, וואו ס'זענען געזעסן טשינאָווניקעס, וואָס האָבן קיין באַגריף נישט געהאַט פונם יידישן לעבן און האָבן געהאַלטן אין איין צוקלערן מיטלען, ווי אַזוי דאָס דאָזיקע לעבן גרינדלעך רעפאָרמירן. נישט אַזוי גיך איז מען ווידער געקומען צו דער יידנפראַגע. אין די יאָרן 1801–1802 איז די רעגירונג געווען פאַרנומען מיט רעפאָרמירן דעם גאַנצן מעכאַניזם פון דער מלוכה-פירונג; ס'זענען באַשאַפן געוואָרן מיניסטעריומס און אַ מלוכה-ראַט, דער סענאַט איז געוואָרן אויס „רעגירער", און די מאַטעריאַלן וועגן דער יידנ-פראַגע, וואָס זענען דאָרט געלעגן, האָבן געזאָלט איבערגיין צו אַן אַנדער אינסטיטוציע. אַזאַ אינסטיטוציע איז געגרינדעט געוואָרן אין נאָוועמבער 1802, אויפן קיסרס באַפעל, מיט דעם נאָמען „קאָמיטעט איינצואָרדנען יידן". פאַר גלידער אין קאָמיטעט זענען באַשטימט געווען: דער אינערן-מיניסטער קאָטשובעי, דער יוסטיץ-מיניסטער און „ספּעציאַליסט" אין דער יידנפראַגע דערזשאַווין, גראַף וו. זובאָוו און צוויי פוילישע הויך-באַאַמטע: אַדאַם טשאַרטאָריסקי — געהילף-אויסערן-מיניסטער און אלכסנדרס אַן אינ-טימער פריינט, און סענאַטאָר סעווערין-פּאָטאָצקי. דעם קאָמיטעט האָט מען איבערגעגעבן באַהאַנדלען אַלע פראַגן, וואָס קומען פאָר אין דערזשאַווינס „מיינונג" וועגן יידן אין רייסן, מיט דעם צוועק, אַז „דאָס איינאָרדנען יידן זאָל גילטן פאַר די איבעריקע גובערניעס אויך, וואָס זענען צוגעקומען פון פוילן".

צווישן יידן האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז אין פעטערבורג איז געוואָרן אַ קאָמיטעט ספּעציעל וועגן יידן און דער דאָזיקער קאָמיטעט זאָל האָבן פאַר זיך אַלס וועג-ווייזער דערזשאַווינס פּראָיעקט. יידן אין צפון-מערב-געגנט, וואָס האָבן שוין געקענט דעם סענאַטאָר-רעוויזאָר און זיין יידנפיינטלעכע געזינונג, זענען דעריבער זייער באַזאָרגט געווען. אין מינסק איז וועגן דעם פאַרגעקומען אַן עקסטרא-אסיפה פון קהל (דעצעמבער 1802), וואו ס'איז באַשלאָסן געוואָרן: „היות" ווי ס'זענען צו אונדז דערגאַנ-גען שלעכטע קלאַנגען פון פעטערבורג, אַז יידישע ענינים זענען איבערגעגעבן געוואָרן פינף הויך-באַאַמטע אין די הענט, — מוז מען פאָרן קיין פעטערבורג און בעטן אונדזער קיסר, אַז זיי (די הויך-באַאַמטע) זאָלן פאַר אונדז נישט אויפטאָן קיין שום נייס". מ'האָט געשטעלט צום צעטל אַלע בעלי-בתים אויף צו דעקן די הוצאות פון דער דעפּוטאַציע, מ'האָט אויס-

גערופן אַ תּענית אויף דריי טעג, און אין די שולן האָט מען געזאָגט סליחות, יידן זאָלן ניצל ווערן פון דער גזרה. צום אינערן-מיניסטער קאָטשובעי איז דערגאַנגען, אַז יידן זענען אויפגערודערט, האָט ער צעשיקט די גובערנאַטאָרס אַ צירקולאַר (יאַנואַר 1803), זיי זאָלן זען באַרויִקן דעם עולם, זיי זאָלן מעלדן די קהלס, אַז „מיט גרינדן אַ קאָמיטעט צו באַהאַנדלען זייערע (יידישע) ענינים איז מען פאַר קיין פאַל נישט אויסן געווען זיי ערגער מאַכן, נאָר פאַרקערט, מ׳מיינט זיי פאַרשאַפן רו און בעסערע איינאָרדנונג".

יידן האָט באַרויִקט נישט אַזוי פיל דעם מיניסטערס ווערטער, ווי דער רעגירונגס מעשים. אָנהויב 1803 האָט דער „יידישער קאָמיטעט" באַשלאָסן צונויפרופן קיין פעטערבורג דעפּוטאַטן פון די גובערניע-קהילות און אויסהערן זייער מיינונג וועגן די באַדערפענישן פון אַ נאַציע, וואָס פריער האָט מען זי געוואָלט רעפאָרמירן אומגעפרעגט. פאַר פעטערבורגער קאַנצעלאַריעס איז דאָס געווען אַ שטיק רעוואָלוציע. די קהילות האָבן זיך ענערגיש גענומען פאַר דער אַרבעט שיקן דעפּוטאַטן; ווינטער און פרילינג זענען זיך אין פעטערבורג צונויפגעקומען יידישע דעפּוטאַטן פון פאַרשיידענע גובערניעס. דאָ האָבן זיי דערלעבט אַ שטיקל טרייסט: דערזשאַווין איז געוואָרן אויס יוסטיץ-מיניסטער און ממילא איז ער אַרויס פונם „יידישן קאָמיטעט"; צו קאָנסערוואַטיוו איז דער פּאָעט געווען פאַר אַ ליבעראַלער רעגירונג אין די ערשטע יאָרן פון אַלכּסנדרס רעגירן. מיט דערזשאַווינס דימיסיע איז זיין „מיינונג" געוואָרן אויס מוז פאַרן קאָמיטעט. די אָנגעקומענע דעפּוטאַטן האָבן געטראָפן אין פעטערבורג אַ גרופּע יידן, דערהויפּט פון רייסן, וואָס פלעגן דאָ קומען אויף אַ קורצער צייט געשעפטלעך. קיין שטענדיק וואוינרעכט האָבן די יידן דאָ נישט געהאַט, קוים וואָס מ׳האָט זיי אַהער אַריינגעלאָזט אויף אַ ווייל, אָבער איין פּריווילעגיע האָט מען זיי געגעבן: זיי האָבן דאָ געמעגט שטאַרבן און באַגראָבן זייערע מתים אויף אַן אייגענעם בית-עולם, וואָס זיי האָבן באַקומען אין יאָר 1802. דאָס איז געווען אַ רמזדיקער אָנהויב פון אַ יידישער קהילה אין פעטערבורג; דאָ אויפן נייעם בית-עולם איז פאָרגעקומען דער קבלת-פּנים פון די אָנגעקומענע דעפּוטאַטן (זומער 1803), בעת מ׳האָט איבערגעטראָגן דריי יידישע מתים פונם קריסטלעכן בית-עולם אויפן יידישן.

צווישן פעטערבורגער יידן זענען געווען עטלעכע, וואָס האָבן געהאַט קאָנטשאַפט מיט הויך-געשטעלטע באַאַמטע און האָבן געוואוסט די קאַנצעלאַרישע פּירונגען, ממילא האָבן זיי געקאָנט צוהילף קומען די פּראָווינציעלע דעפּוטאַטן. איינער אַזאַ פעטערבורגער, יענער נאָטע שקלאָווער (איצט שוין ביי דעם פאַמיליע-נאָמען נ אָ ט ק י ן), וואָס האָט אין יאָר 1800

דערלאַנגט דערזשאַווינגען זיינעם אַ רעפאָרם-פּראָיעקט, איז אַפּנים געווען דער אָפּיציעלער פירער ביי די דעפּוטאַטן, וואָרום ער איז נאָך פריער גערופן געוואָרן מיטאַרבעטן אינם „יידישן קאָמיטעט". נאָטקין איז נאָך אַלץ באַשטאַנען אויף זיין מיינונג, אַז מ'דאַרף דערהויפּט צורעדן יידן צו ערד- און פאַבריק-אַרבעט; ער האָט אָבער נישט דערלעבט, זיין געדאַנק זאָל אַריין אין די קאַנצעלאַרישע מוחות: ער איז געשטאָרבן ערב אַרויסגעבן דעם נייעם סטאַטוט פאַר יידן, נאָר עפּעס פון נאָטקינס געדאַנק האָט זיך דאָך צוגעקלעפּט צום נייעם סטאַטוט. נאָך אַ פּעטערבורגער, אברהם פּ׳ ז, אַ רייכער סוחר און אַ קאָמערץ-ראַט, האָט זיך געמישט דירעקט אין דער אַרבעט פון די דעפּוטאַטן, ער האָט אָבער דאָך געקאָנט זיי צונויץ קומען דורך זיין געשעפטס-קאַנטשאַפט מיט פאַרשיידענע ביוראָקראַטישע קרייזן.

דערווייל האָט דער „יידישער קאָמיטעט" באַהאַנדלט אַלע פּראָיעקטן, וואָס ער האָט באַקומען, האָט אַרויסגעאַרבעט אַ רעפאָרם-פּלאַן און האָט אים מיטגעטיילט די יידישע דעפּוטאַטן. נאָך אַ לאַנג קווענקלען-זיך האָבן זיי דערקלערט, אַז זיי קאָנען נישט אָפּגעבן זייער מיינונג וועגן דעם, איידער זיי האָבן זיך באַראַטן מיט זייערע קהלס, און האָבן געבעטן, מ'זאָל זיי געבן אַ האַלב יאָר צייט אויף אַ ישוב. דער קאָמיטעט איז נישט איינגעגאַנגען אויף אַזאַ לאַנגן טערמין, האָט ער צעשיקט די וויכטיקסטע פּונקטן פון דעם פּראָיעקט די קהלס דורך די גובערנאַטאָרס, בתנאי, אַז קהלס זאָלן „גאָר נישט בייטן אין די פּונקטן", נאָר זיי זאָלן זאָגן זייער מיינונג, ווי אַזוי די רעפאָרמעס דורכצופירן. די דאָזיקע שריפטלעכע אַנקעטע האָט אָבער אויך קיין פּעולה נישט געהאַט. קהלס האָבן נישט געטאָרט זאָגן קיין מיינונג וועגן עצם פּראָיעקט, האָבן זיי מייסטנס נאָר געבעטן, אַז די „מיטלען אויסצולייטישן" יידן זאָל מען אָפּלייגן אויף 20 יאָר; דערהויפּט זאָל מען אָפּלייגן דעם געפּלאַנטן פאַרבאָט, יידן זאָלן נישט טאָרן האַלטן קיין שענקען און קיין אַרענדעס, וואָס דאָס קאָן אונטעררייסן דעם גאַנצן עקאָנאָמישן בנין פונם יידישן לעבן. דער קאָמיטעט האָט זיך נישט וויסנדיק געמאַכט פון דער יידישער בקשה, ער האָט זיך ווייטער געטאָן זיין זאַך מיט דעם אייגענעם וועג.

אין קאָמיטעט גופא זענען אָבער אויך געווען פאַרשיידענע מיינונגען. דאָרט האָבן געשטרייט צוויי ריכטונגען: נוצלעכקייט און מענטשלעכקייט; איינע האָבן געהאַלטן נאָר פון „אויסלייטישן" יידן מיט געוואַלד, אַנדערע האָבן געוואָלט געבן יידן גלייכבאַרעכטיקונג. צו די לעצטע האָט געהערט ספּעראַנסקי, דער גרויסער מלוכה-מאַן, וואָס וואָלט אפשר אַרויסגעפירט רוסלאַנד אויף אַ ליכטיקן וועג נאָך אָנהויב 19-טן יאָרהונדערט, ווען נישט דאָס פאַרשלאָפענע, אָפּגעשטאַנענע רוסישע לעבן. יענע צייט האָט ער גע-

דינט ביים מיניסטער קאָטשובעי אין אינערן-מיניסטעריום און האָט געשאַפן רעפאָרם-פּלענער אין פאַרשיידענע צווייגן מלוכה-פירונג, ער האָט אויך אַסך געאַרבעט אין „יידישן קאָמיטעט״. אין זשורנאַל פונם קאָמיטעט פון 20-טן סעפּטעמבער 1803 איז געבליבן אויסגעדריקט אַזאַ מערקווירדיקע מיינונג פון ספּעראַנסקי: „רעפאָרמעס, וואָס ווערן דורכגעפירט מיט דער מאַכט פון אַ רעגירונג, זענען בכלל נישט שטאַרק, און בפרט זענען זיי נישט זיכער, ווען די מאַכט דאַרף בייקומען הונדערטער-יאָריקע געוווינשאַפטן. דעריבער איז דאָס זיכערסטע און דאָס בעסטע, מ׳זאָל יידן פריי לאָזן דעם וועג צו זייער אייגן וואויל, און נאָר קוקן פון אַ זייט, וואוהין זיי גייען, און אָפּ-רוימען אַלץ, וואָס קאָן זיי אָפּווענדן פון דעם וועג. מ׳דאַרף קיין זאַך נישט טאָן מיט געוואַלד, נישט מאַכן קיין ספּעציעלע אינסטיטוציעס, נישט טאָן פאַר זיי, נאָר אויפבינדן און פריי מאַכן זייער אייגענע אַרבעט. וואָס ווי-ניקער פאַרבאָטן, וואָס מער פרייהייט — דאָס זענען די פּשוטע טרייב-קרעפטן ביי יעדער איינאָרדנען אַ געזעלשאַפט״. דאָ איז געווען געזאָגט דאָס ערשטע קלוגע וואָרט אין די קרייזן פון דער פּעטערבורגער ביוראָקראַטיע, זינט די רעגירונג האָט גענומען באַהאַנדלען די יידנפראַגע. דאָ איז איינ-מאָל פאַר אַלעמאָל פאַרמשפט געוואָרן די סיסטעם פון מלוכה-אַפּוטרופּסות אָדער „צוכט-מיטלען״, וואָס דערמיט האָט מען דעמאָלט, און שפּעטער אויך, געוואָלט רעפאָרמירן אַ גאַנצע נאַציע. דאָ איז צום ערשטן מאָל געקומען דער פּרינציפּ פון מענטשלעכקייט: לאָזט יידן פריי דעם וועג צו אַנטוויקלען זייערע קרעפטן, לאָזט זיי פריי אַליין טאָן, וועלן זיי סוף-כל-סוף אַליין געפינען דעם וועג צו פּראָגרעס. אָבער צו אַזאַ הויכן פּאָליטישן געדאַנק האָבן זיך דעמאָלט נישט געקאָנט אויפהויבן אַפילו די ליבעראַלע מלוכה-טוער אין פּעטערבורג. צו אַן איידל געוויקס איז דאָס געווען פאַרן רוסישן קלימאַט, אַפילו אין זיין פרילינגס-תּקופה, און ס׳איז פאַרוועלקט געוואָרן.

סוף-כל-סוף האָט אין קאָמיטעט גובר געווען די אויסגעפּרוווטע מלוכה-קלוגשאַפט פון יענער צייט — די סיסטעם פון אַפּוטרופּסות און רעפאָרמעס מיט גוואַלד. אין באַריכט, וואָס דער קאָמיטעט האָט דערלאַנגט אלכסנדר I (אָקטאָבער 1804), איז שוין קיין שפּור נישט געבליבן פון דעם פריי-גייסט, וואָס מיט אַ יאָר פריער האָט זיך דאָס אַריינגעכאַפּט אין קאָמיטעטס זשור-נאַל. דער באַריכט ווייזט אָן בערך די צאָל יידן: 174.385 נפשות מאַנסבילן, וואָס צאָלן שטייערן; „דאָס איז אַפילו קיין פינפטל נישט פון זייער גאַנצער באַפעלקערונג״, ד. ה. דער קאָמיטעט האַלט, אַז אין רוסלאַנד איז פאַראַן אַקעגן אַ מיליאָן יידן. די דאָזיקע מאַסע איז איינגעפּרעסט נאָר אין די צו-געקומענע פּויליש-ליטווישע גובערניעס, אין קליינרוסלאַנד און אין קורלאַנד; אין די אינעווייניקסטע גובערניעס לאָזט מען יידן נישט אַריין (דאָ קומט אגב

אַ היסטאָרישע נאָטיץ: „קיין רוסלאַנד האָט מען קיינמאָל נישט אַריינגעלאָזט ייִדן צו באַזעצן זיך"). ייִדן צאָלן דאָפּלטע שטייערן; זיי זענען אונטער־געוואָרפן דעם אַלגעמיינעם געריכט און דער שטאָטישער זעלבסט־פאַר־וואַלטונג; זייערע קהלס זענען אונטער דער השגחה פון דער גובערניע־פּאָליציי; פונדעסטוועגן האַלטן זיי זיך ווייט פון די אַלגעמיינע אינסטי־טוציעס און טוען אָפּ אַלע זייערע געשעפטן אין די קהלס. צולעצט ווערט אָנגעוויזן, אַז ייִדן זענען שטאַרק באַשעפטיקט מיט דעם בראָנפן־האַנדל, דאָס ברענגט אַסך שאָדן, און די קריסטלעכע באַפעלקערונג באַקלאָגט זיך דערויף. אויף דעם גרונד האָט דער קאָמיטעט אויסגעאַרבעט אַ פּראָיעקט פון דעם נייעם „סטאַטוט וועגן איינאָרדנען ייִדן", וואָס דער קיסר האָט אינגיכן באַשטעטיקט (דעם 9 דעצעמבער 1804).

די דאָזיקע קאָנסטיטוציע — אַ געמיש פון „פרייהייטן" און באַגרעניצן — זאָל זיך נעמען פון דעם, וואָס די רעגירונג (אַזוי שטייט אין אַריינפיר צום סטאַטוט) „זאָרגט פאַר דעם אמתן גליק פון ייִדן און אויך פאַר דעם נוצן פון דער שטאַם־באַפעלקערונג אין די גובערניעס, וואו די דאָזיקע לייט מעגן וואוינען". אין דער דאָזיקער פראַזע איז שוין פאָראויס אָפּגעפּסקנט אַ „תּחום" פאַר ייִדן; דאָס איז די אַלטע טעריטאָריע פון 13 גובערניעס: פינף ליטוויש־רוסישע, פינף אוקראַאינישע אָדער קליינרוסישע (וואָלינער, קיעווער, פּאָדאָליער, פּאָלטאַווער, טשערניגאָווער) און נאָך דריי גובערניעס אין ניירוסלאַנד. אין דעם סטאַטוט איז פאָרגעזען, אַז ייִדן־ערדאַרבעטער מעגן זיך באַזעצן נאָך אין צוויי מזרח־גובערניעס, אַסטראַכאַנער און קאַוו־קאַזער. אין עקאָנאָמישן פּרט איז פאַרבאָטן די שענקעריי און דאָרף־אַרענדעס — דאָס זאָל אומדערבאַרעמדיק אויסגעוואָרצלט ווערן; אַקעגן זאָל געשטיצט ווערן ערדאַרבעט, ייִדן זאָל מען אין דעם פּרט העלפן מיט אַלע מעגלעכקייטן. דער שווערסטער פּונקט פון דעם סטאַטוט פון 1804 וועגן שענקעריי און דאָרף־אַרענדעס זאָגט אַזוי: „פונם 1־טן יאַנואַר 1807 פאַר די גובערניעס אַסטראַכאַנער, קאַווקאַזער, קליינרוסישע און ניירוסישע, און פון 1־טן יאַנואַר 1808 פאַר די איבעריקע גובערניעס — טאָר קיין ייִד נישט האַלטן אין קיין דאָרף און קיין ישוב קיין שום אַרענדע, קיין שענק, קיין איינפאָר־הויז, נישט אויף זיין נאָמען, נישט אויף יענעמס נאָמען, ער טאָר נישט פאַרקויפן דאָרט קיין בראָנפן, אַפילו נישט וואוינען דאָרט". מיט איין פעדער טינט האָט מען דאָ ראשית אויסגעמעקט אַ באַשעפטיקונג, כאָטש נישט קיין געהויבענע, וואָס האָט אָבער געשפייזט כמעט אַ העלפט ייִדן, און צווייטנס האָט מען נאָך מער פאַרשמעלערט דעם ייִדישן „תּחום", אָפּרייסנדיק פון אים די דערפער.

פאַר אָט דעם עקאָנאָמישן און רעכטלעכן קלאַפּ האָט מען געמיינט פאַרגיטיקן יידן מיט די פּריווילעגיעס, וואָס דער סטאַטוט זאָגט צו יענע, וועלכע זאָלן זיך וועלן פאַרנעמען מיט ערדאַרבעט: זיי מעגן קויפן נישט-באַזעצטע ערד אין מערב- און דרום-גובערניעס און אין צוויי מזרח-גובערניעס אָדער באַקומען חלקים מלוכה-ערד, און דערביי זענען זיי די ערשטע יאָרן פריי פון שטייערן. אָבער אינגיכן האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די רפואה איז געווען אַ קנאַפּער טרייסט פאַר דער פאַרשאַפּטער וואונד; הונדערטער טויזנטער יידן, וואָס זענען שוין לאַנג געווען באַשעפטיקט מיט דאָרף-פּרנסות, האָט מען געזאָלט פאַרטרייבן פונם דאָרף; איינאָרדנען אָבער ביי ערדאַרבעט איז מעגלעך געווען אויף דער נאָענטסטער צייט נאָר אַ קליינעם טייל פון זיי. אין געזעץ רעדט זיך נאָך פון אַ צווייטן סאָרט פּראָטעזשירטע פּראָפעסיעס — דאָס איז פאַבריק-אַרבעט און מלאכות: פאַבריקאַנטן און בעלי-מלאכות זענען פריי פונם דאָפּלטן שטייער; ווער ס'וועט גרינדן „די נויטיקסטע פאַבריקן", קאָן באַקומען אַ הלואה פון דער רעגירונג. סוחרים און שטעטישע געהערן צו דער נידעריקסטער, „טאָלערירטער" קאַטעגאָריע. פאַבריקאַנטן, בעלי-מלאכות און סוחרים מעגן קומען געשעפטלעך אויף אַ צייט אין די אינעווייניקסטע גובערניעס און אַפילו אין די רעזידענץ-שטעט, אָבער גישט אַנדערש ווי מיט אַ גובערנאַטאָר-פּאַס, אַזוי ווי אויף אַרויספאָרן קיין אויסלאַנד.

אינם קאַפּיטל „וועגן יידישער בירגערלעכער איינאָרדנונג" געפינען מיר אין סטאַטוט, אַז יידן זענען אונטערגעוואָרפן די שטעטישע מאַגיסטראַטן, דער פּאָליציי און דעם אַלגעמיינעם געריכט; פון דער אַנדערער זייט ווידער מעגן יידן זיך אויסקלייבן אַלע דריי יאָר רבנים און „קהלס-לייט", וועלכע די גובערניע-פאַרוואַלטונג דאַרף באַשטעטיקן. רבנים דאַרפן „אַכטונג געבן אויף רעליגיעזע ענינים און פּסקענען אַלע שטרייטיקייטן, וואָס געהערן צו רעליגיע"; זיי איז אָבער שטרענג פאַרבאָטן צו נוצן דעם חרם. קהל דאַרף זאָרגן, אַז יידן זאָלן פּינקטלעך צאָלן רעגירונגס-שטייערן; די יידישע קהילה-אויטאָנאָמיע, הייסט דאָס, זאָל זיך האַלטן אויף צוויי יסודות: אויף רעליגיע און איינמאָנען מלוכה-שטייערן, אויף גאָט-זאַכן און געלט-זאַכן, און צופּאַסן דערצו אַלע איבעריקע אירע אָנגעלעגנהייטן.

די איראָפּעאישע שילד פאַר דער „יידישער קאָנסטיטוציע" איז געווען דאָס ערשטע קאַפּיטל פון סטאַטוט: „וועגן בילדונג". יידן מעגן פריי אָנקומען אין אַלע רוסישע פאָלקס-שולן, גימנאַזיעס און אוניווערזיטעטן: זיי מעגן עפענען אייגענע בילדונגס-שולן, בתנאי, אַז דאָרט זאָל געלערנט ווערן איינע פון די דריי שפּראַכן: רוסיש, פּויליש אָדער דייטש. אויף איינער פון די דאָזיקע שפּראַכן זאָלן אויך געשריבן ווערן אַלע עפנטלעכע אַקטן, וועקסלען, האַנדלס-ביכער און דעסגלייכן; ס'וועט דערויף געגעבן אַ טערמין פון צוויי

ביז זעקס יאָר זינט דער „סטאַטוט" ווערט פּובליקירט. יידן, וואָס ווערן אויסגעקליבן פאַר ראַטמענער אין די שטאָט-מאַגיסטראַטן, ווי אויך פאַר רבנים און פאַר קהלס-לייט, מוזן קענען איינע פון די דריי דערמאָנטע שפּראַכן לייענען און שרייבן; יידן-ראַטמענער מוזן טראָגן אַ פּוילישע, אַ רוסישע אָדער אַ דייטשע קליידונג. די דאָזיקע אויפקלערונגס-פּראָגראַם איז געווען פאַר דער רוסישער רעגירונג אַ מין אָפּגעבן אַ חוב דער מערב-אידייע פון אַסימילאַציע: די יידישע שפּראַך זאָל נישט דערמאָנט ווערן אין עפנטלעכן לעבן און אין דער שול — אַן אומזין בנוגע צו אַ מיליאָן יידן, וואָס האָבן גערעדט און געשריבן אויף יידיש. בכלל אָבער איז דער „סטאַטוט" פונם יאָר 1804 אַן אויסגעאָסענער „יידן-רעגלאַמענט" אויפן פּרייסיש-עסטרייכישן שטייגער. אין תוך שטעקט דאָ די סיסטעם פון „רעפאָרמעס מיט גוואַלד", וואָס ספּעראַנסקי האָט אומזיסט אַזוי געוואָרנט קעגן דעם. די דאָזיקע סיסטעם האָט געבראַכט דערצו, אַז מ'האָט מיט גוואַלד גענומען ברעכן אַ לעבנס-שטייגער, וואָס האָט זיך אויסגעאַרבעט אין משך פון הונדערטער יאָרן; ס'איז געקומען צו אומדערבאַרעמדיקע שטראָף-מעטאָדן ביי די פאַרזאָרגער און צו אומגליקן ביי די פאַרזאָרגטע.

## § 48. די רעזולטאַטן פונם יידן-סטאַטוט. דער גירוש פון די דערפער

דער „סטאַטוט" פונם יאָר 1804 האָט צוגעזאָגט גליק אויף שפּעטער און געבראַכט צרות דערווייל. רוסלענדער יידן, וואָס זענען נאָך נישט געווען אָנגעריירט פון די מערב-אידייען, האָבן זיך נישט געקאָנט אָנכאַפּן אָן די שפּעטערדיקע גליקן, וואָס מ'גיט זיי מיט דעם תנאי אונטערצורייסן די יסודות פון נאַציאָנאַל-אייגנס: זייער שפּראַך, זייער שול, און זייער קהילה-אויטאָנאָמיע. אַקעגן אָבער האָבן יידן שמערצלעך געפילט, אַז ס'רוקט זיך אָן אַן עקאָנאָמישער חורבן: צענדליקער טויזנטער פאַמיליעס זאָלן אַרויסגעוואָרפן ווערן פונם דאָרף. אינגיכן איז קלאָר געוואָרן, אַז דער אומגליק איז נוגע זעכציק טויזנט פאַמיליעס. פאַר די דריי יאָר, וואָס זענען געבליבן ביזן טערמין, האָט די דאָזיקע גרויסע מאַסע געווייינטלעך נישט געקאָנט זיך צופּאַסן צו נייע פּראָפעסיעס און איינאָרדנען זיך אין נייע ערטער, בכן האָט דאָס געהייסן, אַז מענטשן זאָלן פּשוט אויסשטאַרבן פון הונגער. עס האָבן אָנגעהויבן פליען השתדלותן קיין פּעטערבורג, מ'זאָל אָפּלייגן דעם גירוש אויף אַ לענגערער צייט. געטאָן אין דעם האָבן נישט נאָר יידן אַליין, נאָר פּריצים אויך; זיי וואָלט אויסגעקומען צו ליידן גרויסע היזקות

ווען מ'זאָל אַרויסטרייבן יידן-אַרענדאַטאָרס און שענקערס פון זייערע דערפער. וואָס נענטער ס'איז געקומען צום לעצטן טערמין פון גירוש — אָנהויב 1808, אַלץ שטאַרקער זענען געוואָרן די ווײ-געשרייען פון דער פּראָווינץ. ווער ווייסט, ווי אַזוי די רוסישע רעגירונג וואָלט זיך אָפּגערופן אויף די דאָזיקע ווײ-געשרייען, ווען נישט אַ זייטיקע געשעעניש, וואָס האָט פּאַסירט יענע צייט, און האָט אָנגעמאַכט אַ גערודער אין פּעטערבורגער הויכע פענסטער.

אין האַרבסט 1806 האָט מען פון פּאַריז צעשיקט אין אַלע לענדער פון אייראָפּע די באַקאַנטע אויפרופן וועגן דעם „גרויסן סנהדרין”. דער דאָזיקער אויפטו נאַפּאָלעאָנס, וואָס האָט אַזוי אָנגעשראָקן די עסטרייכישע רעגירונג (§ 36), האָט אָנגעמאַכט אַ טומל אין פּעטערבורג אויך. נאַפּאָלעאָן האָט באַר-וואָס געהאַט צעשמעטערט פּרייסן, איז שוין אַריין אין אירע פּוילישע פּראָווינצן און האָט מאַרשירט צו רוסלאַנדס גרענעץ. די מורא פּאַר נאַפּאָלעאָנס פּאָליטישן געניוס האָט דער רוסישער רעגירונג אַריינגעגעבן אַ חשד, אַז מיט דעם יידישן וועלט-קאָנגרעס אין פּאַריז איז נאַפּאָלעאָן אויסן צו געווינען אויף זיין זייט די יידישע מאַסן אין פּרייסן, עסטרייך און רוסלאַנד. ביי אַזאַ לאַגע האָט שוין דער רוסישער רעגירונג אויסגעוויזן געפּערלעך צו נעמען איצט טרייבן יידן: דערמיט קאָן זי זיך פאַרשאַפן נייע שונאים גראָד אין דעם מערב-קאַנט, וואו ס'קאָן אַרויסשפּרינגען אַ מלחמה. אום אויסצומיידן די דאָזיקע געפאַר, האָט מען באַדאַרפט באַרויִקן דעם עולם און אָפּלייגן דעם גירוש. בכן האָט דער אינערן-מיניסטער קאָטשובעי דערלאַנגט אלכסנדרן אַ ראַפּאָרט, אַז מ'מוז „אָפּלייגן דאָס אַרויסשיקן יידן פון די דערפער אין די שטעט אַריין און בכלל זיך פאָרזיכטיק באַנעמען צו דער דאָזיקער נאַציע אַקעגן די אויסזיכטן פון דער פראַנצויזישער רעגירונג”. דאָס איז געשען אָנהויב פעברואַר 1807, גראָד די טעג, ווען אין פּאַריז זענען פאָרגעקומען די ערשטע זיצונגען פונם סנהדרין. דער קיסר האָט צוגעשטימט, און באַלד איז געוואָרן ספּעציעל אַ קאָמיטעט צו באַהאַנדלען די פראַגע, ווי אַזוי אָנצווענדן דעם „סטאַטוט” פון יאָר 1804. סענאַטאָר אַלעקסעיעוו האָט באַקומען אַ באַפעל אַרומזען די מערב-גובערניעס און קלאָר מאַכן, „ווי ווייט איבער דער מיליטערישער לאַגע, איבער דער איצטיקער לאַגע אין די גרענעץ-גובערניעס בכלל און איבער דעם רואין, וואָס יידן וואָלטן געליטן, ווען מ'זאָל זיי מיט גוואַלד אַרויסשיקן, איז דעם גירוש איצט שווער אָדער גאָר אוממעגלעך דורכצופירן” (15 פעברואַר). אין דערזעלבער צייט האָט דער מיניסטער באַפוילן די גובערנאַטאָרס אין מערב-געגנט אַכטונג געבן, אַז רוסישע יידן זאָלן קיין מגע-ומשא נישט האָבן מיטן פּאַריזער סנהדרין, וואָס דורכדעם וויל די פראַנצויזישע רעגירונג

געווינען פּאָליטישע סימפּאַטיע ביי יידן. אין דעם צירקולאַר האָט מען די גובערנאַטאָרס געגעבן אַזאַ קלוגע עצה: איינרעדן יידן, אַז דער פּאַריזער סנהדרין וויל גאָר ענדערן די יידישע אמונה, דעריבער איז ער געפערלעך. דער הייליקער סינאָד האָט אבער פון זיין זייט צעשיקט צירקולאַרן, די גייסטלעכע זאָלן איינרעדן קריסטן, אַז נאַפּאָלעאָן איז אַ שונא דער רוסישער קירך און אַ גוטער פריינט פון יידן. דער סינאָד שרייבט: „כּדי גאָר צו דער-נידערן קריסטוס-קירך, האָט ער (נאַפּאָלעאָן) צונויפגערופן אין פראַנקרייך די יידישע סינאַגאָגעס און האָט אויפגעשטעלט דעם יידישן סנהדרין, די-זעלבע גאָט-פיינטלעכע פאַרזאַמלונג, וואָס האָט אַמאָל געהאַט די חוצפה פאַרמשפּטן אויף קרייץ-טויט אונזער גאָט און אויסלייזער יעזוס קריסטוס. איצט וויל ער צונויפנעמען יידן, וואָס גאָט האָט זיי געשטראָפט און צעזייט אויף גאָר דער ערד, און זיי אָנשיקן אַראָפּוואַרפן קריסטוס-קירך און מאַכן פון נאַפּאָלעאָנען אַ פאַלשן משיח". אָט אַזוי האָט די אָנגע-שראָקענע רוסישע רעגירונג באַוויזן אַ קונץ שרעקן יידן, אַז נאַפּאָלעאָן איז זייערער אַ שונא, און קריסטן — אַז נאַפּאָלעאָן איז אַ יידנפריינט; דאָ זאָגט זי, אַז דער סנהדרין איז קעגן דער יידישער אמונה, און דאָרט זאָגט זי, אַז דאָס איז אַן אויפטו פון אַ יידישן פאַלשן משיח אויסצוראָטן קריסטנטום.

ביי אַזאַ שווערער לאַגע האָט די רעגירונג באַשלאָסן נאָכאַמאָל דער-גיין ביי יידן דורך אַן אַנקעטע זייער מיינונג, ווי אַזוי דורכצופירן די „רעפאָרם". דעם קיסרס אוקאַז וועגן דעם איז געשריבן זייער ווייך: „אַזוי ווי מיר ווילן געבן אונזערע אונטערטאַנען פונם יידישן פאָלק אַ נייעם באַווייז, ווי מיר זאָרגן פאַר זייער וואוילשטאַנד, האַלטן מיר פאַר נויטיק ערלויבן אַלע יידישע קהלס אין ווילנער, גראָדנער, קיעווער, מינסקער, פּאָדאָליער, וואָלינער, וויטעבסקער און מאָהילעווער גובערניעס אויסקלייבן דעפּוטאַטן, זיי זאָלן צושטעלן דורך די גובערנאַטאָרס זייער מיינונג, ווי אַזוי איז גלייכער אַמבעסטן דורכצופירן די מיטלען, וואָס זענען אָנגעוויזן אין „סטאַטוט" פון יאָר 1804". די דעפּוטאַטן האָט מען געהייסן קומען אין די גובערניע-שטעט, זיי זאָלן דערלאַנגען זייערע מיינונגען די גובערנאַ-טאָרס. אינגיכן האָבן אָנגעהויבן אָנקומען „מיינונגען" פון די דאָזיקע דעפּוטאַטן, אָדער „נאמנים פון די יידישע קהלס". אַלע דעפּוטאַטן האָבן געבעטן נאָר אָפּשאַפן דעם פונקט וועגן דעם גירוש אָדער ווייניקסטנס אָפּלייגן דעם גירוש אויף אַסך יאָרן; אָבער נישט דאָס אַליין: זיי האָבן אָפּגעענטפערט אויף אַנדערע פונקטן פון דער יידישער קאָנסטיטוציע אויך. די דעפּוטאַטן האָבן געבעטן, מ'זאָל אָפּשאַפן דעם דאָפּל-שטייער, וואָס מ'נעמט ביי סוחרים און שטעטישע, מ'זאָל פאַרברייטערן די קאָמפּעטענץ

פונם יידישן בית-דין, מ׳זאָל גרינגער מאַכן די פונקטן וועגן באַזייטיקן די יידישע שפּראַך פון אָפיציעלע אַקטן, וועקסלען און האַנדלס-ביכער. איי-ניקע האָבן געבעטן, אַז מ׳זאָל אָפּלייגן דעם פּונקט וועגן דער שפּראַך, ווייל דאָס שטערט דעם האַנדל; אַנדערע האָבן געוואָלט, אַז אויף יידיש (העברעאיש) זאָל מען מעגן שרייבן וועקסלען ביז הונדערט רובל (דאָס האָט גע-הערט, אגב, צו „היתר-עיסקא״). די דעפּוטאַטן האָבן אויך אָנגעוויזן, אַז רבנים און ראַטמענער קאָנען זיך נישט אויסלערנען רוסיש אַזוי גיך. זיי זענען מסכים, אַז ראַטמענער און די, וואָס פאָרן אויסערן „תחום״, זאָלן טראָגן אַ פרעמדע קליידונג, אָבער שוין בעסער דעם לאַנגן רוסישן סורדוט („פּאָדיאָווקע״), איידער די דייטשע קליידונג: די פאַסט גאָרנישט פאַר יידן, וואָס טאָרן נישט גאָלן די באָרד. וועגן בילדונג האָבן דעפּוטאַטן אָנגע-וויזן, אַז יידישע קינדער וועלן קיין פּעולה נישט האָבן אין אַ רוסישער שול, ווייל זיי פאַרשטייען די שפּראַך נישט; בעסער זאָלן זיי זיך לער-נען רוסיש אין אַ יידישער שול, דאָרט, וואו זיי לערנען יידישקייט און זייער שפּראַך.

ווען די דאָזיקע מיינונגען פון יידישע דעפּוטאַטן זענען אָנגעקומען קיין פּעטערבורג, איז שוין די פּאָליטישע שטימונג געווען דאָרט גאָר אַן אַנדערע. יולי 1807 איז געשלאָסן געוואָרן דער טילזיטער שלום: צווישן נאַפּאָלעאָנען און אלכסנדר I איז געוואָרן אַ „האַרציקער אָפּמאַך״, רוסלאַנד האָט שוין מער נישט באַדאַרפט מורא האָבן פאַר „באָנאַפּאַרטס אינטריגעס״. דער איבערשרעק פאַר אַן אויפשטאַנד פון רוסישע יידן מיט דער הילף פון פּאַריזער סנהדרין איז אַריבער, אגב איז זיך שוין דער סנהדרין געהאַט צעגאַנגען; ממילא איז נישט געבליבן מער קיין אָפיציעלער רחמנות צו יידן, וואָס מ׳קלייבט זיך זיי רואינירן. ס׳איז געוואָרן אַלץ נעענטער צום לעצטן טערמין אַרויסטרייבן יידן פון דערפער (1 יאַנואַר 1808). צוויי חדשים פאַר דעם (19 אָקטאָבער 1807) איז אַרויס דעם קיסרס אַ שטרענגער אוקאַז צו די גענעראַל-גובערנאַטאָרס אין מערב-געגנט: „מלחמה-אָנגעלעגנהייטן האָבן געקאָנט שווערער מאַכן אָדער אָפּשטעלן דאָס אַרויסשיקן יידן. איצט איז די מלחמה אויסגעמיטן און מ׳קאָן בייקומען די שוועריקייטן דורך דעם, וואָס יידן זאָל מען אַרויסשיקן ביסלעכווייז. איבער די דאָזיקע טעמים האַלטן מיר פאַר נויטיק פעסטשטעלן אַ סדר, ווי אַזוי דורכפירן דאָס אַרויסשיקן אָן שום אָפּלייגן און הנחות״. דער גאַנצער „סדר״ איז געווען, וואָס דעם גירוש האָט מען צעלייגט אויף דריי יאָר: אַ דריטל יידן זאָל פאַרטריבן ווערן אין יאָר 1808, אַ דריטל — אין יאָר 1809, אַ דריטל — אין יאָר 1810, אַכטונג געבן אויפן גירוש זאָלן ספּעציעלע קאָמיטעטן ביי די גובערנאַטאָרס: די קאָמיטעטן זאָלן פאָדערן פון די קהלס, זיי זאָלן צו-הילף קומען מיט

געלט די ארויסגעטריבענע, ד. ה. קהלס זאָלן היילן, וואָס די רעגירונג האָט געשלאָגן.

דער שרעקלעכער גירוש האָט זיך אָנגעהויבן. „ווער ס׳האָט זיך אַליין נישט אַרויסגעקליבן, האָט מען געטריבן מיט גוואַלד אונטער אַ וואַך פון פויערים און סאָלדאַטן. מ׳האָט זיי צונויפגעטריבן אַזוי ווי פי אין די שטעט און שטעטלעך און געלאָזט אויפן גאַס. דערהויפט איז דער גירוש צוגע־גאַנגען אומדערבאַרעמדיק אין וויטעבסקער גובערניע״. אַסך אַרויסגעטריבענע האָבן זיך געבעטן, מ׳זאָל זיי לאָזן באַזעצן זיך אין נײַ־רוסלאַנד אין די קאָלאָניעס; דאָרט האָבן זיך שוין געהאַט איינגעאָרדנט עטלעכע הונדערט יידישע פאַמיליעס, אָבער קיין פרייע פּאַסיקע ערד איז שוין נישט געווען, קיין געלט־מיטלען אויף קאָלאָניזאַציע אויך נישט, און די בקשות זענען נישט באַפרידיקט געוואָרן. דער אומגליק איז געווען אַזוי גרויס, אַז גובער־נאַטאָרס האָבן שוין אָנגעהויבן שיקן ראַפּאָרטן קיין פּעטערבורג, אַז מ׳קאָן נישט אויספירן דעם באַפעל אַרויסצושיקן יידן, דערביי זאָלן נישט רואינירט ווערן טויזנטער פאַמיליעס. אין דעצעמבער 1808 איז אַרויס אַ נייער באַפעל: לאָזן דערווייל יידן אויף די ערטער ביז ס׳וועט זיין אַ ספּעציעלע פאַר־אָרדנונג. אָנהויב יאַנואַר 1809 איז געוואָרן אין פּעטערבורג אַ נייער קאָ־מיטעט, דער דריטער שוין, צו באַהאַנדלען פון אַלע זייטן די פראַגע, ווי אַזוי אָפּצוווענדן יידן פון שענקעריי אין די דערפער, זיי זאָלן זיך נעמען פאַר אַנדערע באַשעפטיקונגען. אין קאָמיטעט זענען אַריין: סענאַטאָר אַלעק־סעיעוו, וואָס האָט אויסגעפאָרשט די מערב־גובערניעס, געהיים־ראַט פּאָפּאָוו, געהילף־אינערן־מיניסטער קאָזאָדאַוולעוו און אַנדערע. דעם קיסרס אינ־סטרוקציע אויף פּאָפּאָווס נאָמען (ער איז געווען פאָרזיצער אין קאָמיטעט) איז מודה, אַז אַרויסשיקן יידן פון די דערפער אין די שטעט איז נישט מעגלעך איבער דעם, וואָס „יידן, מחמת אָרימקייט, קאָנען נישט מיט אײַ־גענע קרעפטן טאַרלאָזן די איינגעזעסענע ערטער און איינאָרדנען זיך ביי נייע פרנסות, און די רעגירונג קאָן אויך נישט נעמען אויף זיך זיי אַלע איינאָרדנען אין נייע ערטער״. דעריבער „דאַרף מען אויסגעפינען מיטלען, אַז יידן, וואָס ס׳ווערט ביי זיי אָפּגענומען די איינציקע פרנסה — פאַרקויפן בראָנפן אין דערפער, איינפאָר־הייזער און שענקען — זאָלן זיך קאָנען שפּייזן פון אַרבעט״. דעם קאָמיטעט איז אויך געזאָגט געווען, אַז ער זאָל באַ־טראַכטן די לאַנג־אָנגעקומענע מיינונגען פון די יידישע דעפּוטאַטן.

דריי יאָר האָט דער קאָמיטעט געאַרבעט, צולעצט האָט ער דערלאַנגט אַלכּסנדר I אַ מערקווירדיקן באַריכט (מערץ 1812). דאָס ערשטע מאָל נאָך ספּעראַנסקיס פריער־דערמאָנטער דעקלאַראַציע (§ 47) איז דאָ אין אַן אָפיציעלן דאָקומענט געזאָגט געוואָרן אַן אמת וואָרט וועגן דער יידנפראַגע. יידן וויל

מען דערווייטערן פון שענקעריי אין דאָרף, מ׳זאָגט, אַז דאָס שאַדט דער באַפעלקערונג; אָבער די סיבה פון שכרות זענען נישט די שענקערס, די סיבה שטעקט אין דער פּראָפּינאַציע (רעכט צו טרייבן בראָנפן), וואָס דאָס איז אַ פּריווילעגיע פון פּריצים און די וויכטיקסטע קוועל פון זייער הכנסה. טרייבט אַרויס פון די דערפער 60 טויזנט שענקערס-יידן — קומען מאָרגן אויף זייער אָרט 60 טויזנט שענקערס-פּויערים, און ס׳וועט וויניקער ווערן 60 טויזנט געניטע ערד-אַרבעטער; יידן, אַקעגן, וועלן אָבער אַזוי גיך קיין געניטע ערד-אַרבעטער נישט ווערן, בפרט נאָך, אַז די רעגירונג האָט קיין מיטלען נישט צו מאַכן מיטאַמאָל פון אַזוי פיל שענקערס — אַקער-לייט. דער דאָרף-ייד ווערט נישט רייך פונם פּויער, מייסטנס איז ער אַן אָרימאַן, קוים וואָס ער שפּייזט זיך פון שענקעריי און פון פאַרקויפן פּויערים די סחורות, וואָס זיי האָבן נויטיק. דער ייד קויפט אָפּ ביים פּויער דאָס ברויט אויף אַן אָרט, דערמיט פאַרשפּאָרט ער אים פאָרן אין שטאָט אַריין. אין דער דאָרפישער ווירטשאַפט איז דער ייד אַ נוצלעכער פאַרמיטלער; נישט דער פּויער, נישט דער פּריץ קאָנען זיך באַגיין אָן אים. אַריבערפירן אַלע דאָרף-יידן אין די שטעט און מאַכן זיי פאַר פאַבריקאַנטן, סוחרים און בעלי-מלאכות איז נישט מעגלעך, קוים וואָס די דאָרטיקע יידן האָבן ברויט; מאַכן גלאַט פאַבריקן — הייסט אַזוי גוט, ווי „וואַרפן קאַפּיטאַל אין וואַסער אַריין"; די רעגירונג האָט אויך נישט קיין פרייע מיליאָנען אויסצוהעלפן פאַבריקאַנטן. די לעצטע אויפטוען פון דער רעגירונג האָבן געבראַכט דערצו, אַז דאָס יידישע פאָלק איז געבליבן ביי זיין פריערדיקער אָרימקייט און איז נאָך מער רואינירט געוואָרן דורך דעם, וואָס מ׳האָט יידן מיט גוואַלד גענויט צו פאַרלאָזן אַ באַשעפטיקונג, וואָס דערפון האָבן זיי זיך געשפּייזט עטלעכע הונדערט יאָר. „צוזעענדיק די דאָזיקע לאַגע פון אַ גאַנץ פאָלק און מורא האָבנדיק, אַז מיט די גוואַלד-מיטלען, וואָס מ׳באַגייט קעגן יידן ביי איצטיקע פּאָליטישע אומשטאַנדן זאָל מען נישט פאַרביטערן דאָס דאָזיקע ביז גאָר געפּלאָגטע פאָלק", — האַלט דער קאָמיטעט פאַר נויטיק, מ׳זאָל איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַ סוף מאַכן צו דער איצטיקער שווערער לאַגע, מ׳זאָל יידן לאָזן אויף זייערע אַלטע ערטער און זיי ערלויבן די באַשעפטיקונגען, וואָס זענען פאַרבאָטן אינם אַרטיקל 34 פון סטאַטוט (וועגן די דערפער).

די רעגירונג האָט געמוזט נאָכגעבן; דאָ האָט געווירקט נישט אַזוי פיל דעם קאָמיטעטס קלאָרע אייזערנע ראיות, די שאַרפסטע קריטיק קעגן דער גאַנצער סיסטעם מלוכה-אפּוטרופּסות, ווי יענע „פּאָליטישע אומשטאַנדן", וואָס ווערן דערמאָנט אין באַריכט. קיין רוסלאַנד האָט שוין מאַרשירט נאַפּאָלעאָנס אַרמיי; ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע רוסישע מלחמה,

וואָס איז געוואָרן אַן אייראָפּעאישע. איצט, ווען די פראַנצויזישע אַרמיי האָט פאַרפולט גאַנץ מערב-רוסלאַנד, איז שוין געווען אַסך געפערלעכער צו פלאָגן און אויפרייצן צענדליקער טויזנטער מענטשן, איידער אין יאָר 1807, ווען מ׳האָט נאָר מורא געהאַט פאַר אַ פראַנצויזישן אָנפאַל. איצט האָט מען שוין נישט באַדאַרפט קיין ספּעציעלן באַפעל צו לאָזן יידן אין די דערפער, ס׳איז שוין ממילא אַזוי געוואָרן. רוסלאַנד איז געשטאַנען אין דער גרעסטער געפאַר, דאָס לאַנד האָט באַדאַרפט פאַרייניקן אַלע כחות, אויך די יידישע, אין דעם אַלגעמיינעם קאַמף.

## § 49. די מלחמה פון יאָר 1812

מ׳האַלט בכלל, אַז יידן האָבן קיין ראָלע נישט געשפּילט אין דער מלחמה פון יאָר 1812, ווייל פון זיי האָט מען נאָך דעמאָלט קיין רעקרוטן נישט גענומען; די דאָזיקע פאָרשטעלונג איז נישט גאָר ריכטיק. דער מלחמה-פלאַץ — דאָס איז געווען מערב-רוסלאַנד, דערהויפּט ליטע און רייסן, מיט אַ געדיכטער יידישער מאַסע אין די שטעט, שטעטלעך און דערפער. פאַר יעדער מיליטער-טייל באַזונדער האָט אַ סך געהאַט צו זאָגן, ווי אַזוי איז די באַנעמונג פון דער אָרטיקער יידישער באַפעלקערונג צו דעם און צו יענעם צד. ס׳איז באַוואוסט, אַז די פּאָלאַקן זענען מיינסטנס געווען נאַפּאָלעאָנס צד, אויף אים האָבן זיי אַרויסגעקוקט, ער זאָל ווידער אויפריכטן פּוילן. נישט אַזוי פּשוט איז געווען די באַציאונג פון דער יידישער באַפעלקערונג צו ביידע צדדים. פון איין זייט האָבן יידן געמוזט זיין שטאַרק אויפגערייצט קעגן דער רוסישער רעגירונג פאַר דעם גירוש פון די דערפער, און וואָלט דער גירוש פאָרגעקומען ווייטער, וואָלט די פראַנצויזישע אַרמיי געמוזט אויסזען ווי אַן אויסלייזער ביי יידן אין די אויגן. אָבער דער גירוש איז אָפּגעשטעלט געוואָרן נאָך דריי יאָר פאַר דער מלחמה; מ׳האָט אויך געקאָנט מיינען, אַז דער אכזריותדיקער געזעץ זאָל גאָר בטל ווערן; ער איז דאָך אַזוי שאַרף קריטיקירט געווען אינם קאָמיטעטס באַריכט. פון דער אַנדערער זייט ווידער האָט נאַפּאָלעאָנס גלאַנץ שוין אָנגעהויבן טונקעלער ווערן אַפילו ביי מערב-אייראָפּעאישע יידן. אין רוסלאַנד ביי דער אָרטאָדאָקסאַלער יידישער מאַסע האָבן נאַפּאָלעאָנס רעפאָרמעס אין יידישקייט קיינמאָל נישט אויסגענומען: פאַר קאָנסיסטאָריע אָנשטאָט קהל האָט מען זיך דאָ געשראָקן, דאָס זאָל זיין אַ „גזרה״ אויף יידן. די חסידישע מאַסע, קאָנסערוואַטיווער פאַר אַלע איבעריקע טיילן פון פאָלק, האָט גאָר געבענטשט ז.לכסנדר דעם I דערפאַר, וואָס ער האָט איר געלאָזט זיך אויסטיילן אין

באַזונדערע מנינים אין די קהילות (לויט דעם „סטאַטוט" פון יאָר 1804, דער פונקט וועגן יידישע סעקטעס). רבי שניאור-זלמן, דער פירער פון די רייסישע חסידים, וואָס פריער האָט אים די רוסישע רעגירונג פאַרשטעקט אין פעטער-פאַוועל-פעסטונג איבער אַ חשד און דערנאָך האָט זי איינגעזען, אַז ער איז פּאָליטיש כשר, — האָט אויסגעדריקט די באַציאונג פון דער אָר-טאָדאָקסאַלער יידישער מאַסע צו די ביידע צדדים אין זיין פּאָלגנדיקער נביאות: „אויב נאַפּאָלעאָן וועט געווינען, וועלן יידן רייכער ווערן און זייער לאַגע (בירגערלעכע) וועט געהויבן ווערן, דערפאַר אָבער וועט זיך זייער האַרץ דערווייטערן פון אונזער פאָטער אין הימל. אויב אָבער אונזער קיסר אלכסנדר וועט געווינען, וועלן יידישע הערצער נעענטער ווערן צו אונזער פאָטער אין הימל, כאָטש יידן וועלן אָרימער ווערן און זייער לאַגע וועט נידעריקער ווערן", דאָס הייסט אַזוי: בעסער בירגערלעכע קנעכטשאַפט, איידער גלייכבאַרעכטיקונג, ווייל אין ערשטן פאַל וועט קיין האָר נישט געמינערט ווערן פון יידישקייט, אין צווייטן פאַל שטייט יידישקייט אין סכנה.

די דאָזיקע סיבות און די אינסטינקטיווע אָנגעשטויסנקייט אויף דעם שונא, דעם אָנפאַלער, האָבן געבראַכט דערצו, אַז רוסיש-ליטווישע יידן האָבן אומעטום באַוויזן זייער טריישאַפט צו רוסלאַנד און זענען צו-הילף געקומען דער רוסישער אַרמיי מיט שפּייז און אויסשפּירן. דער געוויסער רוסישער פּאַרטיזאַן דאַווידאָוו דערציילט אַזוי: „פּוילישע איינוואוינער אין גראָדנע זענען געווען שטאַרק קעגן אונז; פאַרקערט זענען אונז אַלע יידן אין פּוילן געווען אַזוי איבערגעגעבן, אַז זיי האָבן נישט געוואָלט דינען דעם שונא פאַר אויסשפּירער און פלעגן אונז אָפט מיטטיילן וויכטיקע ידיעות וועגן אים". מחמת מ'האָט נישט געקאָנט זיכער זיין מיט פּוילישע אַדמיניסטראַ-טאָרס אין גראָדנע, האָט מען די פּאָליציי-מאַכט דאָרט איבערגעגעבן דעם יידישן קהל. ווילנער גובערנאַטאָר אַטעסטירט, אַז „יידן האָבן שטאַרק גע-ציוגן צו דער רוסישער רעגירונג, בעת דער שונא איז דאָ געווען". די פּאָלאַקן זענען געווען שטאַרק אויפגעבראַכט אויף יידן פאַר זייער רוסן-פריינטשאַפט; ס'האָבן זיך געהערט קלאַנגען, אַז זיי ווילן אויסקוילן אַלע יידן און רוסן אין ווילנער און מינסקער גובערניע און אין ביאַליסטאָקער געגנט. יידן האָבן אָפט באַוויזן מסירת-נפש. נישט איין ייד איז אומגעקומען פון פראַנצויזישע הענט דערפאַר, וואָס ער האָט ביי זיך אויסבאַהאַלטן רוסישע קוריערן מיט דעפּעשן אָדער ער האָט איבערגעגעבן דעם רוסישן מיליטער ידיעות וועגן דער פראַנצויזישער אַרמיי. אלכסנדר האָט געוואוסט פון די דאָזיקע מעשים. אין קאַליש האָט ער אויפגענומען אין אַן אוידיענץ פאָרשטייער פון דער קהילה און האָט געהאַט מיט זיי אַ לאַנגן געשפּרעך.

צווישן יידן אין פוילן זענען פאַרשפּרייט געוועזן אויפרופן אויף דער פּאָלקס-שפּראַך, מ׳זאָל גאָט בעטן, אַלכּסנדר זאָל געווינען, ער וועט אויסלייזן יידן. בכלל האָט דער פּאַטריאָטישער ברען באַגייסטערט אין אַ געוויסער מאָס די יידישע מאַסע אויך.

ביי דער הויפּט-קוואַרטיר פון דער רוסישער אַרמיי, וואָס איז אַריינגעדרונגען קיין מערב-אייראָפּע, זענען אין די יאָרן 1812—1813 געווען צוויי יידישע דעפּוטאַטן: זונדל זאָנענבערג פון גראָדנע און אליעזר דילאָן פון נעסוויזש. די דאָזיקע צוויי כּלל-טוער האָבן, זעט אויס, געשפּילט אַ דאָפּלטע ראָלע: ראשית, זענען זיי געווען גרויסע ליוועראַנטן, זיי פלעגן באַקומען באַשטעלונגען פון דער אינטענדאַנטסטווע און זיי איבערגעגעבן די אַגענטן אויף די ערטער; צווייטנס, זענען זיי געווען יידישע שתדלנים, וואָס האָבן באַדאַרפט ביישטיין יידישע נויטן ביים קיסר און ביי דער הויך-געשטעלטע הויף-מענטשן. אין יענע אומזיכערע צייטן האָט דער רעגירונג געלוינט צו האַלטן ביי דער הויפּט-קוואַרטיר פאָרשטייער פון יידן, וואָס זיי זאָלן קאָנען ווירקן אויף זייער פאָלק אַזוי ווי די רוסישע רעגירונג האָט דאָס געוואָלט. אין יולי 1814, אין ברוכזאַל, האָט קיסר אַלכּסנדר געהייסן דורך די דעפּוטאַטן איבערגעבן די „יידישע קהלס זיין גנאָדיקן גוטן מיין” און האָט צוגעזאָגט אינגיכן געבן אַ „באַפעל וועגן זייערע (יידישע) פאַרלאַנגען און ביטעס צו פאַרבעסערן זייער לאַגע”. ביי אַלכּסנדרן איז נאָך פריש געווען דער איינדרוק פון יידישער פּאַטריאָטישער שטימונג, איז ער געניגט געווען צו פאַרבעסערן זייער לאַגע. שפּעטער אָבער, נאָך דעם ווינער קאָנגרעס, איז אויף אייראָפּע און רוסלאַנד געקומען אַ געדיכטע רעאַקציע, און רוסישע יידן איז נאָך באַשערט געווען פון איר צו ליידן.

## § 50. דאָס עקאָנאָמישע לעבן און זיינע קריזיסן

די פּאָליטישע קריזיסן פון דער איבערגאַנגס-צייט האָבן געמוזט שטאַרק פאַרערגערן די עקאָנאָמישע לאַגע ביי די רוסיש-פוילישע יידן. דער מיליאָן יידן אין די מערב-גובערניעס איז געווען איינגעטיילט אין צוויי טיילן: דער גרעסערער טייל האָט געוואוינט אין שטעט און שטעטלעך, דער קלענערער — אין דערפער. די באַמיאונגען פון דער רוסישער רעגירונג צו מאַכן פון דער גאָרער יידישער מאַסע שטאָט-מענטשן און באַשאַפן אַ נייע גרופּע ערד-אַרבעטער זענען נישט געראָטן; איין זאַך איז יאָ דערגרייכט געוואָרן: דאָס פריערדיקע גלייכגעוויכט צווישן יידישע שטעטישע און דאָרפישע פּרנסות איז געשטערט געוואָרן.

אַ שטאָטישער ייד איז געווען אַ הענדלער, אַ בעל-מלאכה אָדער אַ שענקער. אין די שטעט זענען געווען אַסך מער יידישע הענדלער איידער קריסטלעכע. דערהויפט איז דעמאָלט גרעסער געוואָרן דער יידישער אָנטייל אין דעם אויסערן-האַנדל: יידישע סוחרים פלעגן פאָרן אַלע יאָר אויף אויסלענדישע ירידים, קיין לייפציג און קעניגסבערג, איינקויפן סחורה, דערהויפט מאַנופאַקטור. קיין אויסלאַנד פלעגן זיי אַרויספירן רוסישע און פוילישע פראָדוקטן: פעל, לעדער א. אנד. וואָס מער פוילישע ערד איז אַריבער צו רוסלאַנד, אַלץ גרעסער איז געוואָרן דער מאַרק פאַר די אויסלענדישע סחורות. ס׳זענען צוגעקומען די אינעווייניקסטע רוסישע גובערניעס. יידן האָבן זיך אַהין אַ לאָז געטאָן, אָבער באַלד האָבן זיי באַקומען אַ ווידערשטאַנד מצד רוסישע סוחרים, וואָס האָבן געמאַכט אַ ליאַרעם, אַז מ׳קאָנקורירט זיי אויס; זיי האָבן געפועלט ביי דער רעגירונג אַ מאָנאָפּאָליע פאַר אָרטיקע עקספלואַטאַטאָרס אויף דעם פאַרניצערס קעשענע (§ 45). אמת, די מאָנאָפּאָליסטן האָבן נישט געקאָנט גאָר פאַרמאַכן דעם אינעווייניקסטן מאַרק פאַר די ביליקע, שיינע אויסלענדישע סחורות; יידישע סוחרים פלעגן אויסניצן זייער רעכט צו קומען אויף אַ וויילע און פלעגן אָנפירן אַזוינע סחורות (לויטן סטאַטוט פון יאָר 1804 זענען אַזוינע רייזעס ערלויבט געוואָרן אויף ספּעציעלע גובערניע-פּאַספּאָרטן). אָבער דער יידישער האַנדל האָט זיך נישט געקאָנט פריי אַנטוויקלען: די וויכטיקסטע מניעה איז דאָ געווען דער תחום-גרעניץ צווישן מערב- און מזרח-רוסלאַנד. די צווייטע שטאָטישע פרנסה, מלאכה, האָט זיך גערעכנט אַ שטאַפּל נידעריקער איידער האַנדל; דערמיט האָט זיך באַשעפטיקט דער אָרימער קלאַס. דער בעל-מלאכה פלעגט קריגן זייער שלעכט געצאָלט, ספּעציעל יידישע צעכן זענען געווען זייער זעלטן. אַז אַ ייד אַ בעל-מלאָכה פלעגט קומען פונם אָרימען שטעטל אין דער גרויסער שטאָט אַריין, האָט ער געהאַט אויסצושטיין צרות פון אָרגאַניזירטע קריסטלעכע צעכן. מיר האָבן שוין געזען, אַז אין וואַרשע, בעת די שטאָט האָט נאָך געהערט צו פוילן, ערב דעם צווייטן צעטיילן, איז אַפילו געקומען צו אַ פּאָגראָם. אַ דריטע יידישע פרנסה איז געווען דער שענק, געוויינטלעך פאַרבונדן מיט אַן אכסניה אָדער אַ קרעטשמע. דער שענק אין שטאָט איז מייסטנס געווען אויסגערעכנט פאַר דעם פויער, וואָס פלעגט קומען אין שטאָט אַריין חגאות און מאַרק-טעג. אין די שטעט איז אָבער שענקעריי געווען אַ בייזאַך, דערהויפט איז דאָס געווען אַ געשעפט אין דאָרף.

אַלע אָביעקטיווע צוזעצער פונם עקאָנאָמישן לעבן פון יענער צייט באַשטעטיקן, אַז יידישע פאַרמיטלעריי און מלאכה אין שטעט און אין, דערפער איז געווען אַ וויכטיקער טייל פון דער קולטורעלערווירטשאַפט;

אָן אַ יידן איז נישט מעגלעך געווען עפּעס צו קויפן, פאַרקויפן אָדער אויס-אַרבעטען. אַ ייד האָט ביליקער געמאַכט דעם פּראָדוקט סיי אין מלאכה, סיי אין האַנדל: ער האָט זיך צופרידן-געשטעלט מיט אַ קליינעם פאַרדינסט, ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין גרויסע לעבנס-באַדערפעענישן. אַ ייד איז אָרעם-געבאָרן אומעטום, און דער פּויער האָט געקאָנט אויספאַרקויפן אַלע זיינע פּראָדוקטן ביי זיך אויף אַן אָרט, אַפילו אַזוינע קליניקייטן, וואָס ס'האָט נישט געלוינט פירן אין שטאָט אַריין. און ביי אַלעם דעם, וויפיל אַ ייד האָט נישט איבערגעאַרבעט, איז ער אין דורכשניט געווען אַזוי אָרים ווי דער פּויער, כאָטש יידן האָבן נישט געוואוסט פון אַזאַ פּלאָג, ווי שכּרות, וואָס האָט רואינירט די פּויערישע ווירטשאַפט. די יידישע אָרימקייט האָט זיך גענומען דערהויפּט דערפון, וואָס שטעט און שטעטלעך זענען געווען איבערפולט מיט הענדלער און בעלי-מלאכות: אַהער פלעגן אַריינפאַלן די יידישע פאַמיליעס, וואָס מ'האָט זיי געטריבן פונעם דאָרף, און וואָס האָבן נאָך פאַרגרעסערט די אָרימע באַפעלקערונג.

אויב מיר געפינען אין אָפיציעלע אַקטן, אַז יידן אין דערפער האָבן זיך באַשעפטיקט נישט מער ווי מיט שענקעריי, איז דאָס נישט גאָר ריכטיק: יידישע דאָרף-פּרנסות זענען געווען פאַרבונדן מיטן בראָנפן-געשעפט, אָבער אַחוץ שענקעריי האָט דער ייד זיך באַשעפטיקט מיט נאָך זאַכן אויך. ער האָט אַרענדירט ביים פּריץ די פּראָפּינאַציע, די מילך-פּאַכט, אַ מיל, די פישעריי; ער פלעגט אויפקויפן ביי די פּויערים זייערע פּראָדוקטן און פאַרקויפן זיי אַלץ, וואָס זיי האָבן נויטיק געהאַט צו דער ווירטשאַפט: זאַלץ, כּלים, קאָסעס, סערפּן און דעסגלייכן; דאָס אַלץ פלעגט ער ברענגען פון דער שטאָט. אַ ייד אין דאָרף איז געוויינטלעך געווען דער שענקער, דער קרעמער און דער אָפּקויפער. צווישן שטאָט און דאָרף האָבן זיך געצויגן יידישע קרעטשמעס אָדער איינפאָרן; דאָס זענען געווען סטאַנציעס פאַר דורכפאָרער, צו יענע צייטן, ווען קיין אייזנבאַן איז נאָך נישט געווען. הונדערטער יאָרן לאַנג האָט זיך איינגעשטעלט אַזאַ עקאָנאָמישער שטייגער, איצט האָט דאָס די רוסישע רעגירונג גענומען ברעכן. אָנגעהויבן האָט זיך דאָס נאָך פאַר יעקאַטערינע II: גובערנאַטאָרס פלעגן אָפּט טרייבן דאָרף-יידן אין שטאָט אַריין; דער תּירוץ איז געווען: ס'איז פאַראַן אַ „גרונט-געזעץ", אַז יידן „דאַרפן זיך פאַרשרייבן פאַר סוחרים און שטעטישע". דער צווייי-דייטיקער באַפעל פונעם יאָר 1795, „צו איבערזעצן יידן אין די אויעזד-שטעט, כּדי די לייט זאָלן זיך נישט אַרומדרייען דער געזעלשאַפט צו שאָדן" — דער דאָזיקער באַפעל האָט נאָר געגעבן פרייע הענט פלינקע אַדמיניסטראַטאָרס — זיי האָבן שוין געהאַט אַן אָנצוהערעניש און אַ הכשר אויף רדיפות. צולעצט, ווען אין יאָר 1804 איז אַרויס דער געזעץ, אַז אין

דריי יאָר אַרום זאָלן אַלע יידן אַרויסגעשיקט ווערן פון דערפער, האָבן אַסך פריצים נאָך פאַר דעם טערמין נישט געלאָזט מער זייערע אַרענדאַ-טאָרס-יידן בלייבן און האַנדלען אין דאָרף. די שטעט זענען פאַרפלייצט געוואָרן פון צוגעקומענע, בעת די איינגעזעסענע האָבן אויך נישט געהאַט פון וואָס צו לעבן. די רעגירונג האָט אָנגעוויזן די געטריבענע צוויי נייע פּראָפעסיעס: מאַכן פאַבריקן און קאָלאָניעס. אָבער אויף צו עפענען אַ פאַבריק האָט אַ רואינירטער דאָרף-ייד נישט פאַרמאָגט נישט קיין געלט, נישט קיין פאַך-קענטניש; דערצו נאָך איז בכלל נישט מעגלעך געווען צו מאַכן פאַבריקן, איידער נאָך ס'איז געווען אַ מאַרק, וואו אָפּצוזעצן די פּראָ-דוקציע. יידן האָבן געעפנט עטלעכע פאַבריקן פאַר וואָל-אויסאַרבעט אין ליטע און אין וואָלין, אָבער די האָבן געוויינטלעך נישט געקאָנט פאַרשאַפן קיין אַרבעט פאַר צענדליקער טויזנטער מענטשן. ממילא איז געבליבן די איינציקע האָפנונג: ע ר ד אַ ר ב ע ט א ו ן ק אָ ל אָ נ י ע ס.

דער געזעץ פונם יאָר 1804 זאָגט צו אומפאַרמעגלעכע יידן, וואָס ווילן ווערן ערד-אַרבעטער, אַז זיי וועט געגעבן ווערן מלוכה-ערד אין איי-ניקע גובערניעס, הלוואות אויף איינצופירן אַ ווירטשאַפט, און דערצו וועט זיי נאָך געשענקט ווערן שטייערן עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד. די פאַרטריבענע דאָרף-יידן האָבן זיך אָנגעכאַפּט פאַר דעם צוזאָג, ווי פאַר אַ לעצטער האָפנונג. אין יאָר 1806 האָט זיך אַ גרופּע יידן פון מאָהילעווער גובערניע (פון טשעריקאָווער און מסטיסלאַווער אויעזד) געווענדעט צום גובערנאַטאָר און געבעטן, מ'זאָל זיי געבן ערד אין ניי-רוסלאַנד אויף פירן אַ פעלד-ווירטשאַפט. נחום פינקלשטיין, אַ משולח פון איינער אַזאַ גרופּע, איז געפאָרן קיין פעטערבורג און האָט איבערגעגעבן די בקשה דעם מיניסטער קאָטשובעי; יענער האָט אים געהייסן פאָרן אין כערסאָנער גובערניע באַטראַכטן און אויסקלייבן ערד. דער מיניסטער האָט זיך וועגן דעם פאַרשטענדיקט מיטן כערסאָנער גובערנאַטאָר, הערצאָג רישעליע, און ס'איז געבליבן באַטיילן יידן-קאָלאָניסטן באַזונדערע חלקים ערד אין די סטעפּעס און באַזעצן זיי דאָרט אונטער דער השגחה פון דער ניי-רוסלענדער „אָפּעקונער קאָנטאָר" (קאָלאָניזיר-קאָנטאָר). די ערשטע מאָהילעווער גרופּעס האָבן נאָך נישט באַוויזן זיך צוגרייטן צום איבערפאָרן, און שוין האָבן זיך אַ שאָט געטאָן בקשות פון אַסך גרופּעס יידן פון אַנדערע גובערניעס (טשערניגאָווער, וויטעבסקער, פּאָדאָליער), מ'זאָל זיי באַזעצן אין די קאָלאָניעס אין ניי-רוסלאַנד. סוף יאָר 1806 איז שוין געווען אַזוינע בעלנים אַנדערהאַלבן טויזנט פאַמיליעס, לערך 7000 נפשות. פאַר דער רעגירונג איז דאָס געווען אומגעריכט; זי איז גאָרנישט געווען צוגעגרייט אַריבערפירן אַזאַ מענגע מענטשן אויף דער מלוכהס חשבון. אין יאָר 1807 זענען געוואָרן די ערשטע

יידישע קאָלאָניעס אין דרום-רוסלאַנד: באָבראָווי קוק, סיידעמינוכע (שדה־מנוחה), דאָבראַיאַ, איזראַיעלעווקע — אַלע אין כערסאָנער גובערניע; באַזעצט האָבן זיך דאָרט לערך 300 פאַמיליעס, 2000 נפשות.

וואָס ווייטער, איז געוואָרן אַלץ מער בעלנים צו באַזעצן זיך אין די קאָלאָניעס. אין פאַרלויף פון יאָר 1808, ווען מ'האָט דערהויפּט שטאַרק געטריבן יידן פון דערפער, האָבן רייסישע גובערנאַטאָרס פאָרפלייצט דעם אינערן-מיניסטער מיט בקשות, אַריינלאָזן קיין ניי-רוסלאַנד וואָס מער יידישע פאַמיליעס. דער וויטעבסקער גובערנאַטאָר שרייבט: „פאַר דער צייט האָט מען פאַרטריבן דאָרף-יידן, רואינירט, געמאַכט פאַר אָרעמע-לייט. מייסטנס האָבן זיי נישט מיט וואָס אַ טאָג איבערצוקומען און וואו איבערצוגעכטיקן, — פאָרן זיי דעריבער מאַסנווייז קיין ניי-רוסלאַנד. אַסך פון יענע, וואָס קוקן אַרויס זיך באַזעצן אין ניי-רוסלאַנד, האָבן אויספאַרקויפט זייער האָב און גוטס און האַלטן אין איין בעטן, מ'זאָל זיי לאָזן אַהין כאָטש וואוינען דאָרט". אָבער אין דער אייגענער צייט שיקט די קאָלאָניזיר-קאָנטאָר און רישעליע ראַפּאָרטן קיין פעטערבורג, אַז מ'מוז פאַרהאַלטן דעם שטראָם איבערפאָרער, ווארום די ערשטע פאַרטיעס קאָלאָניסטן האָבן זיך אויך קוים איינגעאָרדנט; פאַר נייע פאַרטיעס איז נישטאָ קיין הייזער, נישט קיין אינווענטאַר. אָנהויב יאָר 1810 האָט די קאָלאָניזיר-קאָנטאָר געהאַט צו טאָן מיט טויזנט פאַמיליעס קאָלאָניסטן; עטלעכע טויזנט זענען אָן אַן ערלויבעניש געקומען און האָבן אַרויסגעקוקט, מ'זאָל זיי קאָלאָניזירן. די דאָזיקע מאַסע איז נישט געוויינט געווען צום היגן קלימאַט; ס'האָט אויסגעפעלט הייזער, שפייז, און מחמת דעם האָבן זיך באַוויזן צווישן זיי קראַנקהייטן. דאָס אַלץ האָט געווירקט, אַז די רעגירונג זאָל אויף אַ צייט אויפהערן צו באַזעצן יידן אין קאָלאָניעס אין ניי-רוסלאַנד (אַ באַפעל פונם 6 אַפריל 1810).

בכן זעען מיר, אַז פון יידן איז קיין מניעה נישט געווען צו ווערן ערד-אַרבעטער, וואָלט נאָר די רעגירונג צוגעגרייט געווען צו אַזאַ וויכטיקער עקאָנאָמישער רעפאָרם. אַרום צען טויזנט קאָלאָניסטן זענען אַוועק קיין ניי-רוסלאַנד, צענדליקער טויזנטער האָבן זיך געריסן אַהין. אָבער די רעגירונג האָט זיך איבערגעשראָקן פאַר די שוועריקייטן פון דער נייער זאַך און האָט אָפּגעשטעלט די באַוועגונג. דערווייל האָט מען אויפגעהערט צו טרייבן יידן פון די דערפער מחמת דער געפאַר פון אַן עקאָנאָמישן חורבן; בכן איז אויף אַ צייט באַזייטיקט געוואָרן די הויפּט-סיבה, פאַרוואָס יידן האָבן זיך געלאָזט אין נייע ערטער. אַ צייט האָט זיך דאָס געוואָקלט און געוואָרפן, ביז דאָס יידישע עקאָנאָמישע לעבן האָט זיך ווידער באַפעסטיקט אויף די אַלטע יסודות: אויף האַנדל, מלאכה און דאָרף-געשעפטן.

## § 51. דער קריזיס פון דער יידישער אויטאָנאָמיע; קהל אויז מאַגיסטראַטן

די סיסטעם פון מלוכה-אפּוטרופּסות האָט אָנגערירט די קהלשע זעלבסט-פאַרוואַלטונג אויך. שוין די לעצטע יאָרן פון יעקאַטערינעס רעגירן איז קלאָר געוואָרן, אַז די רעגירונג וויל פאַרשמעלערן די קהילה-אויטאָנאָמיע; מ'האָט זיך נישט וויסנדיק געמאַכט, וואָס מ'האָט פריער צוגעזאָגט, בעת מ'האָט אָפּגענומען רייסן, אַז מ'וועט לאָזן די איינוואוינער „ביי די אַלטע פרייהייטן". די רוסישע רעגירונג איז נישט געוויינט געווען, אירע אונטער-טעניקע זאָלן „אַליין טאָן"; זי האָט געקוקט מיט חשד אויף די ברייטע פונקציעס פון קהל, וואָס ער האָט סיי אין עקאָנאָמישן, סיי אין גייסטיקן לעבן, כאָטש דאָס אַלץ האָט קהל געמעגט טאָן לויטן געזעץ, וואָס האָט אים געמאַכט פאַר אויפמאָנער פון מלוכה-שטייערן. לויט די באַפעלן פון די יאָרן 1786 און 1795, געהערן שוין צו קהל נישט מער ווי גייסטיקע ענינים און שטייערן. די „יידישע קאָנסטיטוציע" פונם יאָר 1804 האָט אויפ-געטאָן נאָך מער: זי טיילט אָפּ קהל פון רבנות; יעדער האָט זיך זיין פונקציע: רבנים „זאָלן אַכטונג געבן אויף יידישקייט און פסקענען שאלות, וואָס געהערן צו אמונה זאַכן"; קהל „זאָל אַכטונג געבן, מ'זאָל פּינקטלעך צאָלן מלוכה-שטייערן". דאָס איז געוואָרן פון דער גאַנצער געוועזענער קהילה-אויטאָנאָמיע אין פוילן. פאַרשטייט זיך, אַז אין דער פּראַקטיק האָט קהל איצט אויך געהאַט מער צו זאָגן, ווי דאָס איז געשטאַנען אויפן פּאַ-פּיר: יידן פלעגן גיין אויף דין-תורות אין געשעפטס-זאַכן מייסטנס צום רב; מ'האָט אויך נישט שטאַרק געקוקט, וואָס דער חרם איז פאַרבאָטן: וואָס פאַר אַן אַנדער שטראָף האָט דער בית-דין געהאַט? די רעגירונג ווידער האָט זיך געבויטיקט אין קהל, ער זאָל איינמאָנען שטייערן, און בכלל האָט די רעגירונג באַדאַרפט נויטיק האָבן אַן אויטאָריטעטע אָרגאַ-ניזאַציע, וואָס זי זאָל מיט איר פאַרקערן וועגן יידישע ענינים, — ממילא האָט זי געמוזט צולאָזן, וואָס קהל איז ביי יידן עפּעס מער איידער אַ שטייעראויפמאָנער. ווען די רעגירונג האָט געוואָלט וויסן, ווי קוקן יידן אויף דעם אָדער יענעם פּלאַן, האָט זי זיך געווענדעט צו קהלס און גע-געבן זיי פולמאַכט צו שיקן דעפּוטאַטן קיין פּעטערבורג אָדער אין די גו-בערניע-שטעט (די יאָרן 1803 און 1807).

די רעגירונג האָט אין דעם פּרט געמוזט נאָכגעבן די פּאַקטישע אומ-שטאַנדן, וואָס זענען געווען שטאַרקער פאַר איר; זי האָט נאָכגעגעבן אַ פּאַר-איינציקטער מאָסע, וואָס האָט געפירט אַן אייגן לעבן און האָט זיך נישט געוואָלט אָפּזאָגן פון אַן אייגענעם שטייגער אַזוי ווייט, אַז זי זאָל זיך

פאַרשמעלצן מיט דער אַרומיקער סביבה, אַז זי זאָל איבערגעבן אירע אינטערעסן די אַלגעמיינע מאַגיסטראַטן, אָבער פּרינציפּיעל האָט די רעגי־רונג גראָד געוואָלט פאַרקערט. פון יעקאַטערינעס טראַכט זי זיך אַרום מיט דעם געדאַנק „צו מאַכן אַ סוף מיט דער יידישער אָפּגעשלאָסנקייט" דורך דעם, וואָס יידן זאָלן אַריינגיין אין די געהעריקע סוחרישע און שטעטישע שטאַנד־אָרגאַניזאַציעס. ווען די רעגירונג האָט אין די 1780־קער יאָרן אויפגעטאָן אַזאַ נייעס, ווי צולאָזן יידן פאַר ראַטמענער אין די מאַ־גיסטראַטן און פאַר מיטגלידער אין שטאָט־געריכט — זענען פעטערבורגער געזעצגעבער געווען זיכער, אַז יידן וועלן זיך שעצן איבערגליקלעך, וועלן זיך אַליין אָפּזאָגן פון זייער אַלטער קהלה־אָרגאַניזאַציע און וועלן ווערן איינס מיט די קריסטלעכע שטאַנדן אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. די רעגי־רונג האָט זיך אָפּגענאַרט סיי אין דער יידישער, סיי אין דער קריסטלע־כער געזעלשאַפט. יידן האָבן אפילו נישט געקלערט אָפּצושאַפן ביי זיך זייער קהל; זיי זענען גערן געגאַנגען צו וואַלן אין די מאַגיסטראַטן: ביז איצט האָבן דאָרט בעל־הבתעוועט זייערע אַלטע שונאים, קריסטלעכע סוחרים און שטעטישע, איצט זאָלן אַליין יידן אַליין ביישטיין זייערע אינטערעסן — צאָלן זיי דאָך שטייערן נישט ערגער פאַר יענע! נישט אַזוי גרינג איז דאָס אָבער צוגעגאַנגען: קריסטן האָבן זיך שטאַרק געוועהרט קעגן דעם. אין די צוויי רייסישע גובערניעס זענען יידן געווען אויסגעקליבן אין די מאַגיסטראַטן פאַר ראַטמענער און ריכטער; מיינסטנס אָבער פלעגן קריסטן קונציק מאַכן זיך אַ מערהייט און נישט צולאָזן יידן אין די מאַגיסטראַטן. רוסישע „מעשטשאַנעס", דערהויפּט אָבער פּוילישע, האָבן געהאַלטן שטאָט־פאַרוואַל־טונג פאַר זייער פּריווילעגיע, וואָס יידן ווילן דאָס איצט ביי זיי אויס־רייסן. די גובערנאַטאָרס אין דרום־מערב־געגנט האָבן זיך געוויינטלעך צו־געהערט צו אַזאַ שטימונג ביי דער קריסטלעכער געזעלשאַפט און האָבן אויף אייגן באַראָט געמאַכט אַ פּראָצענט־נאָרם פאַר יידן אין מאַגיסטראַטן: אין שטעט מיט אַ רוב יידישער באַפעלקערונג האָבן זיי ערלויבט יידן אויס־קלויבן נישט מער פון אַ דריטל ראַטמענער אין מאַגיסטראַט (1796—1802). יידן, הייסט דאָס, זענען פון אַ מערהייט אין שטאָט געוואָרן אַ מינדערהייט אין מאַגיסטראַט — ממילא האָבן זיי נישט געקאָנט ביישטיין זייערע אינ־טערעסן נישט ביים פונאַנדערטיילן שטאָטישע שטייערן, נישט אין שטאָטישע געריכטן. פאָרשטייער פון פאָדאָליער יידן האָבן זיך געקלאָגט אין פעטערבורג, אָבער ס'האָט נישט געהאָלפן.

אין די צוויי ליטווישע גובערניעס, וואָס זענען צוגעקומען נאָכן דריטן צעטיילן פּוילן, האָט די קריסטלעכע אָפּאָזיציע אויסגעפירט נאָך מער: דאָ האָט מען גאָר אָפּגעשטעלט דעם געזעץ וועגן יידישער פאַרטרעטונג

אין די מאַגיסטראַטן. ווען קיין ווילנע איז אָנגעקומען דעם סענאַטס באַפעל, מ׳זאָל צולאָזן יידן פאַר גלידער אין די מאַגיסטראַטן (1802), איז די קריסט־לעכע געזעלשאַפט דאָרט געוואָרן אויסער זיך. די גדלות ביי די אַלטע „שטאָט־פאָטערס" און די געמיינע יידנפיינטשאַפט האָט דערלאַנגט אַזוי ווייט, אַז קריסטלעכע שטעטישע האָבן געשיקט אַזאַ ביט־שריפט אלכסנדר I (פעב־רואַר 1803): זיי פּראָטעסטירן, וואָס מ׳וויל צו־נישט מאַכן זייער אַלטע פּריווילעגיע, אַז „יידן און אַנדערגלויביקע טאָרן נישט פאַרנעמען קיין שטע־לעס" אין ליטע; צולאָזן יידן אין די מאַגיסטראַטן איז אַ שאַנד און אַן אומגליק פאַר דער ליטווישער רעזידענץ־שטאָט, וואָרום „זיי (יידן) האָבן קיין באַגריף נישט פון מאָראַל, מיט זייער שטייגער ערציאונג קאָן מען קיינמאָל נישט קומען צו ווערן אַ ריכטער; בכלל שפּייזט זיך דאָס דאָזיקע פאָלק נאָר פון שווינדל"; „קריסטן פאַלט גאָר אָפּ דער חשק צו דינען דעם כלל, אויב יידן קאָנען הערשן איבער זיי". די בעטער שרעקן אָן, אַז יידישע „הערשאַפט", ד. ה. יידישע ראַטמענער אין מאַגיסטראַט, זאָל זיין אַפילו אַ דריט־חלק, וועט אונטערררייסן דעם פאָלקס־צוטרוי צו דער שטאָט־פאַר־וואַלטונג און צום געריכט: „דער המון וועט נישט פאָלגן, ער וועט נאָך שפּעטן אויך, אויב ער וועט קומען אין אַ הויך אָרט און דאָרט וועט ער טרעפן אַ יידן פאַר אַ נאַטשאַלניק און פאַר אַ ריכטער, וואָס מ׳קאָן אַזוינעם נישט פאָלגן נישט לויט דעם שטאַנד זיינעם, נישט לויט זיין אמונה". קאָוונער קריסטלעכע געזעלשאַפט באַקלאָגט זיך אויך אויף דער נייער גזרה און ברענגט נאָך אַן אייזערנע ראיה, פאַרוואָס מ׳טאָר יידן נישט צולאָזן צו קיין שטאָט־אַמטן: כדי צו געבן אַ שבועה, שטייט אויף דעם טיש אין גע־ריכט אַ צלם מיט דער „הייליקער פיגור" פונם געקרייציקטן; אַ ייד אָבער, אויב ער וועט זיין אַ ריכטער, „וועט נישט קוקן אויף איר (אויף דער פיגור), נאָר ער וועט לויט זיין מנהג קלערן פון איר אַל דאָס בייז, דערי־בער וועט מען נאָר לאַכן פונם קריסטלעכן געזעץ, אָנשטאָט צו האָבן דרך־ארץ פאַר קריסטלעכער גערעכטיקייט". די דאָזיקע ראיות האָבן איבערגע־צייגט די רעגירונג: דער סענאַט האָט צוריקגענומען זיין באַפעל וועגן צו־לאָזן יידן אין די מאַגיסטראַטן אין ליטע (1803).

בכן האָט די ווילדע שנאה פון פּריווילעגירטע קריסטלעכע שטעטישע אָדער געשטערט יידן צו אַרבעטן אין דער שטאָטישער זעלבסט־פאַרוואַלטונג, אָדער גאָר נישט צוגעלאָזט זיי צו אַזאַ אַרבעט. ווי יידן זענען נישט געווען אָפּגעשטאַנען, האָבן זיי דאָך געהאַט גענוג בירגער־מוט און האָבן געשיקט זייערע פאַרטרעטער צו זייערע שונאים אין לאַגער אַריין צוזאַמען צו אַר־בעטן פאַר די שטאָט־אינטערעסן; אָבער דער אָפּגעשלאָסענער שטעטישער שטאַנד מיט זיינע מיטלאַלטערישע השגות האָט נישט געוואָלט אָנערקענען,

אַז יידן זענען אויך שטאָט-בירגער. יידן האָבן נישט געקאָנט בייקומען דעם קאָנסערוואַטיזם פון דער אַרומיקער סביבה. זיי האָבן נאָך געהאַט זייער אייגענע קהלשע זעלבסט-פאַרוואַלטונג; וואָלטן זיי אַריינגעלייגט אַהער זייער גאַנצע געזעלשאַפטלעכע ענערגיע, וואָלט די קהילה-אויטאָנאָמיע ווידער אויפגעבליט, נישט געקוקט אויף אַלע מניעות, וואָס די רעגירונג האָט געמאַכט; אָבער דאָ איז צוגעקומען אַ נייע מניעה: די גרויסע שפּאַלטונג אינעווייניק אין די קהילות, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן זינט חסידות איז אויסגעוואַקסן, אין דער צווייטער העלפט פון 18-טן יאָרהונדערט, און האָט דערלאַנגט די העכסטע מדרגה אין אָנהויב פון 19-טן יאָרהונדערט.

## 52. די חסידיש-מתנגדישע מחלוקת און דער רעגירונגס אַריינמישן-זיך

די צייט, ווען ס'זענען פאָרגעקומען די צעטיילן פון פוילן, איז פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג אין פוילישן יידנטום. פוילישע יידן זענען צעריסן געוואָרן אויסערלעך צווישן דריי מלוכות: רוסלאַנד, עסטרייך און פּרייסן; דאָס גייסטיקע לעבן זייערס איז צעריסן געוואָרן צווישן חסידות און רבנות. אַפילו אין די דאַטעס זעען מיר אַ מערקווירדיק צונויפפאַלן: דאָס ערשטע מאָל זענען ווילנער רבנים אַרויס קעגן חסידים (דער אָנהויב פון דער מחלוקת) אין יאָר 1772, דאָס יאָר פונם ערשטן צעטיילן פוילן; דאָס לעצטע מאָל זענען דיזעלבע רבנים אַרויס קעגן חסידים אַ יאָר נאָך דעם לעצטן צעטיילן (1796). אינמיטן צווישן די צוויי דאַטעס האָט חסידות געהאַלטן אין איין געווינען. חסידים האָבן געוואונען כמעט גאַנץ דרום-מערב-געגנט (וואָלין, קיעווער קאַנט, פּאָדאָליע); חוץ אייניקע שטעט האָבן זיי דאָ געהאַט דעם רוב אין די קהילות, זייער נוסח איז איינגעפירט געוואָרן אין די שולן; זייערע רביים האָבן גובר געווען די רבנים. אין דער צפון-מערב-געגנט האָט זיך חסידות פאַר דער צייט באַפעסטיקט אין רייסן, וואָס איז צוואַנציק יאָר איידער אַליין געווען אונטער רוסישער הערשאַפט, פּאָליטיש אָפּגעריסן פון פוילן. דאָ האָט זיך באַפעסטיקט אַ חסידישער צענטער מיט רבי שניאור-זלמן ליאָזנער אויבן-אָן. קיין דורכאויס-חסידישע קהילות זענען נאָך אָבער דאָ נישט געווען: מייסטנס זענען די קהילות באַשטאַנען פון ביידע פּאַרטייען, חסידים און מתנגדים; אַמאָל איז די פּאַרטיי געווען פון אויבן, אַמאָל יענע; דאָס האָט געבראַכט צו שטענדיקער מחלוקת אין קהל און אין די שולן. רבנות האָט זיך געהאַלטן נאָר אין ליטע, חסידות האָט דאָ קיין שטאַרקע אחיזה נישט געהאַט. אין אייניקע שטעט (פּינסק, אַמדור,

מינסק, ווילנע א. אנד.) זענען געווען קליינע הייפלעך חסידים מיט אייגענע „שטיבלעך". מייסטנס אין פריוואַטע הייזער; זיי פלעגן זיך אויסבאַהאַלטן פאַר קהל, וואָס פלעגט זיי רודפן. אין יאָר 1794 האָט מינסקער קהל פאַרמאַכט דאָס חסידישע שטיבל. אין ווילנע, אין גאַנס רעזידענץ-שטאָט, זענען חסידים געווען אַ שטילע אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציע. די זיכערסטע חסידישע נעסט איז געווען קאַרלין, אַ פאָרשטאָט ביי פינסק; דאָרט האָבן חסידים געהאַט זייערע רביים און אייגענע מנינים. (איינער אַזאַ רבי, ר' שלמה קאַרלינער, דערציילט מען, איז אומגעקומען אין 1792 יאָר, בעת דאָס פויליש-רוסישע קאָנפעדעראַטיש חייל האָט געווילדעוועט אין מינסקער גובערניע). פון קאַרלין איז געגאַנגען די פראָפּאַגאַנדע פון חסידות אויף גאַנץ ליטע, דעריבער האָבן חסידים דאָ געהאַט אַ נאָמען: „קאַרלינער".

נאָכן דריטן צעטיילן פוילן זענען ליטווישע חסידים אויפגעלעבט געוואָרן: ליטע איז פּאַראייניקט געוואָרן מיטן שכנותדיקן רייסן, וואו די חסידישע קהילות האָבן צו יענער צייט זיך פאַרפעסטיקט אונטער דער פירונג פון רבי זלמן. חסידישע השפעה איז שטאַרק גרעסער געוואָרן. צוליב אַגיטאַציע-צוועקן האָט די חברה צעלאָזט קלאַנגען, אַז דער ווילנער גאון, דער גרעסטער רודף פון חסידות, האָט חרטה געהאַט אויף אַלץ, וואָס ער האָט באַגאַנגען קעגן דער סעקטע, און דער חרם אויף חסידים איז אויס. ווען דאָס איז דערגאַנגען קיין ווילנע, זענען מתנגדים באַשטאַנען, דער ווילנער גאון זאָל נאָכאַמאָל פאַרעפנטלעכן אַ כרוז, אַז די באַציאונג צו די „אפיקורסים" בלייבט די אייגענע, און חרם בלייבט חרם (מאַי 1796). צוויי משולחים זענען אַרויסגעפאָרן מיט דעם דאָזיקן כרוז אין פאַרשיידענע שטעט צו אַגיטירן קעגן חסידות, שפּעטער האָט דער גאון אַרויסגעלאָזט נאָך אַן אויפרוף צו די גובערניאַלע קהלס אין ליטע, רייסן, וואָלין און פּאָדאָליע: „איר, בערג פון ישראל, די גייסטיקע פירער אין יעדער גובערניע, איר, די פירער פון די קהלס אין מאָהילעוו, פּאָלאָצק, זשיטאָמיר, וויניצע און קאַמענעץ-פּאָדאָלסק, — איר האָט אַ האַמער אין האַנט צו דערשלאָגן אַלע שלעכט-טוער, אַלע פינסטערע כוחות, אַלע פּאָלקס-פיינט. ווי איז צו די דאָזיקע לייט! זיי פאַרשטערן די געזעצן, פאַרשוועכן אונזער תורה און מאַכן אַ נייע תורה, זיי באַגייען פאַלשקייטן אין גאָטס הויז, טייטשן פאַרקערט אונזערע דינים. ס'איז צייט זיך נוקם צו זיין פאַר גאָטס תורה, מ'דאַרף פאַרן פאָלק אין די אויגן באַשטראָפן די דאָזיקע גאָטס-לעסטערער פון זייער טובה וועגן, זאָל קיינער אויף זיי קיין רחמנות נישט האָבן און זיי אין שטוב נישט אַריינלאָזן!..."

דער ווילנער גאון, דער אַלטער קעמפער פון רבנות, האָט אָנגערייצט אַזאַ מלחמה קעגן חסידים, ווייל ער איז זיכער געווען, אַז די „נייע

סעקטע", וואָס האָט שוין אויף איר זייט הונדערטער טויזנטער חסידים וועט אומבארעגנגען סיי דאָס פאָלק, סיי די אמונה, וואָרום זי צעשפּאַלט דאָס, פאָלק ישראל אינעווייניק גראָד אין אַ צייט, ווען עס ווערט צעריסן אויסנ-ווייניק דורך די פּאָליטישע איבערקערן. ער האָט זיך אויך געשראָקן פאַרן קולט פון רבנים, בעלי-נסים, וואָס דאָס איז אַ געפאַר פאַר ריינקייט פון דער יידישער אמונה. דערהויפּט איז דער גאון געווען אויפגעבראַכט אויף ר' שניאור-זלמנס ספר „תניא", וואָס איז אַרויס אין יאָר 1796: דאָרט איז קלאָר געגעבן געוואָרן די מיסטיש-פּאַנטעאיסטישע חסידישע סיסטעם, וואָס די אָרטאָדאָקסן האָבן דאָ איינגעזען גאָטס-לעסטערונג און אפּיקורסות. אין דעם גאונס אויפרוף איז געווען אַ רמז אויפן דאָזיקן ספר; דער מחבר האָט שמערצלעך דערפילט דעם קלאַפּ. ר' שניאור-זלמן האָט אָפּגעענטפערט מיט אַן אויפרוף, געוויזן, אַז דעם גאון האָט מען פאַרפירט אין אַ טעות וועגן דעם אמתן זין פון חסידות, און האָט פארגעלייגט זיין קעגנער אַ מינדלעכן אדער אַ שריפטלעכן וויכוח, כדי קלאָר צו מאַכן דעם אמת און „מאַכן שלום ביי יידן". אָבער דער גאון האָט נישט געוואָלט פירן וויכוחים מיט אַן „אַפּיקורס". דערווייל איז זיך דער ווילנער מתנגדישער אויפרוף צעגאַנגען אין שטעט און שטעטלעך. אין אַסך קהילות איז געקומען צו שאַרפע מחלוקות צווישן מתנגדים און חסידים; די מתנגדים זענען געווען די אָנפאַלער.

אַ קרייזל ווילנער חסידים, שטאַרק אויפגערייצט פון די רדיפות, האָט זיך פאַרגונען אַ ווילדע שטיק. אין דער ימים-טובים-צייט, אין האַרבסט פון יאָר 1797, אין אַ יאָר אַרום נאָך דעם לעצטן אויפרוף, איז דער ווילנער גאון געשטאָרבן; גאַנץ ווילנע איז געווען אין טרויער. אין דער צייט איז זיך אַ הייפל חסידים צונויפגעקומען אין אַ שטוב און האָט געמאַכט אַ פריילעכע סעודה צוליב דעם, וואָס מ'איז פּטור געוואָרן פון דעם רודף. אַזאַ מיאוסע דעמאָנסטראַציע אין דעם טאָג פון גאונס לויה האָט אויפגעבראַכט די גאַנצע קהילה אין ווילנע. שטאָט-בעלי-בתים האָבן נאָך אויפן בית-עולם געגעבן אַ נדר זיך נוקם זיין אָן חסידים. אויף מאָרגן איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון די פרנסים, און ס'איז געבליבן אָנלערנען די ווידערשפּעניקע: אייניקע זאַכן זענען געזאָגט געוואָרן אָפן, למשל, אַרויפלייגן נאָך אַמאָל אַ חרם אויף דער סעקטע; אַנדערע האָט מען געהאַלטן בסוד. מ'האָט אויסגעקליבן ספּעציעל אַ קאָמיסיע פון פינף קהלס-לייט און מ'האָט זיי געגעבן דעם רשות מלחמה צו פירן קעגן דער „אַפּיקורסות". ווי ס'האָט זיך שפּעטער אַרויסגעשטעלט, האָט מען זיך אין דער דאָזיקער מלחמה נישט אָפּגעזאָגט פון אַזוינע מיטלען, ווי פאַרמסרן די פירער פון חסידות פאַר דער רוסישער רעגירונג.

אינגיכן איז געשען אַ מיאוסע זאַך. צום גענעראַל־פּראָקוראָר לאָפּוכין איז אָנגעקומען אַ מסירה „אויף די שעדלעכע זאַכן, וואָס דער שאַפער פון דער קאַראָלינער (חסידישער) סעקטע זלמן ברוכאָוויטש טוט קעגן דער־מלוכה", ער און זיינע חברה־לייט אין רייסן און אין ליטע. אין האַרבסט 1798 איז צום וויטעבסקער גובערנאַטאָר אָנגעקומען פונם גענעראַל־פּראָקוּ־ראָר אַ קיסרישער באַפעל: אַרעסטירן אין ליאָזנע רבי שניאור־זלמנען דעם פירער פון דער סעקטע און צוואַנציק זיינע העלפער. דעם רבין האָט מען אָפּגעשיקט „מיט אַ שטאַרקער וואַך" אויף אַ פאַרהער קיין פּעטערבורג; די איבעריקע זענען געבליבן אַרעסטירט אין ווילנע. ר' שניאור־זלמנען האָט מען אויסגעפרעגט אין דער „געהיימער עקספּעדיציע", דאָרט וואו מ'פלעגט אויספרעגן די וויכטיקסטע מלוכה־פאַרברעכער. מ'האָט אים פאָרגע־האַלטן אַזוינע שולדן: ער האָט באַשאַפן אַ שעדלעכע רעליגיעזע סעקטע, וואָס האָט אומגעביטן דעם נוסח פון דאַוונען ביי יידן, ער פאַרשפּרייט שעדלעכע געדאַנקען, ער זאַמלט געלט אויף געהיימע צוועקן אין פּאַלעס־טינע. אין דעם אויספרעגן האָט געשטעקט אַ חשד, אַז דער אַרעסטירטער איז פּאָליטיש נישט ריין, אַז ער זאָל געהערן צו אַ באַהאַלטענער אָרגאַ־ניזאַציע מאַסאָנען מיט אַ רעוואָלוציאָנערער פּראָגראַם. ר' שניאור־זלמן האָט געגעבן אַ שריפטלעכע תשובה אויף די אַלע פראַגן אויף העברעאיש. דאָס איז איבערזעצט געוואָרן אויף רוסיש און האָט געמאַכט אין פּעטערבורג אַ גוטן איינדרוק. דער גענעראַל־פּראָקוראָר האָט צוגעשטעלט דעם קיסר פּאַ־וועל אַ באַריכט וועגן „אַלע אומשטאַנדן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעשטעלט ביי דער אויספאָרשונג", און האָט באַקומען אַ באַפעל: ר' שניאור־זלמנען און די איבעריקע אַרעסטירטע פריילאָזן, נאָר „שטרענג אכטונג געבן אויף זיי, צי האָבן זיי נישט געהיימע באַציאונגען אָדער קאָרעספּאָנדענץ מיט אַזוינע, וואָס רעדן שלעכט פון דער רעגירונג און פון דער מלוכה־אָרדנונג". סוף יאָר 1798 האָט מען רבי זלמנען פריי געלאָזט.

איצט איז געקומען די צייט, חסידים זאָלן זיך נוקם זיין אָן זייערע שונאים. היות ווי די שולדיקע אין אַלע רדיפות זענען געווען די פּרנסים פון ווילנער קהל, די „קאָמיסיע פון פינף גלידער", איז ביי די חסידים געבליבן אַראָפּוואַרפן די דאָזיקע פּרנסים און אַוועקזעצן אויף זייער אָרט אַנדערע פון אייגענע מענטשן. ווילנער חסידים האָבן אונטערגעקויפט די גובערניע־אַדמיניסטראַציע. אָנהויב יאָר 1799 האָבן זיי אָנגעקלאָגט קהל פאַר דער־אָרטיקער מאַכט, באַשולדיקט די פּרנסים, אַז זיי באַגייען פאַלשקייטן און פאַרשווענדן קהלס געלט. זיי האָבן אויסגעפירט, אַז אייניקע פּרנסים זענען אַראָפּ פון דער שטעל און מ'האָט זיי אַרעסטירט. אָנשטאָט זיי האָט די גובערניע־אַדמיניסטראַציע געווירקט, מ'זאָל אויסקלייבן אַנדערע פון דעם

חסידישן צד. די ווילנער קהילה האָט זיך צעשפּאָלטן; אַ טייל האָט געהאַלטן מיט די אַלטע פּרנסים, אַ טייל מיט די נייע; פוןביידע צדדים זענען געפלויגן קיין פעטערבורג מסירות און אָנקלאָגן איינס אויף דאָס אַנדערע. די פּלאָג פון מסירות, וואָס נישט צופעליק איז זי אויסגעוואַקסן אין די ערשטע יאָרן פונם רוסישן רעזשים אין ליטע, האָט געבראַכט דערצו, אַז ס'זאָל אויפקומען אַזאַ מסור, ווי דער רב אביגדור חיימאָוויטש פון פּינסק. אביגדור איז געווען אַ רב אין פּינסקער קרייז, די חסידים האָבן אים געטרודפט און פאַרטריבן פון דער שטעל; מער פאַר אַלץ האָט אים געקרענקט, וואָס ער האָט אָנגעוואוירן זיינע הכנסות. אַ שטיק צייט האָט זיך אביגדור געמשפּט מיט קהל אין אַלערליי געריכטן; ער האָט אָבער נישט אויסגעפירט, האָט ער זיך גענומען נוקם זיין אָן די פירער פון דער סעקטע, וואָס איבער איר האָט ער אָנגעוואוירן דאָס רבנות. אין אָנהויב 1800 האָט אביגדור דערלאַנגט אויף דעם קיסר פּאַוועלס נאָמען אַ לאַנגע מסירה אויף חסידים, געמאַכט די דאָזיקע סעקטע פאַר „אַ שעדלעכע, גע-פערלעכע" אָרגאַניזאַציע, וואָס טוט ווייטער די אַרבעט פון די שבתי-צביני-קעס. ער האָט געבראַכט אַ סך פאַלשע שטעלן פון חסידישע ספרים צו באַ-ווייזן, אַז די רביים פון דער דאָזיקער סעקטע לערנען זייערע פאָלגער מורא האָבן נאָר פאַר גאָט, און נישט פאַר קיין מענטשן („האָט מ־רא פאַר דעם באַשעפער, נישט פאַר דער באַשעפעניש"), דאָס הייסט זיי זאָלן נישט מורא האָבן פאַר די הערשער און אַפילו פאַר אַ קיסר אויך נישט.

די מסירה איז אָנגענומען געוואָרן. און מ'האָט זיך פאַר איר ערנסט גענומען. אָנהויב נאָוועמבער אין דעמזעלבן יאָר האָט מען ווידער אַרעסטירט אין ליאָזנע ר' שניאור-זלמנען און מ'האָט אים אָפּגעשיקט מיט צוויי סענאַט-קוריערן קיין פעטערבורג. דאָ האָט מען אים פאַרשפּאַרט אין פּעטראָ-פּאַוולע-פעסטונג, דאָ איז פאָרגעקומען אַ פאַרהער אויג-אויף-אויג מיט דעם מסור אביגדורן. ר' שניאור-זלמנען האָט מען פאָרגעהאַלטן 19 פּונקטן, אין וואָס מ'באַשולדיקט אים: ער האָט געגעבן דערויף אַ שריפט-לעכע תשובה און האָט קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן אַלע באַשולדיקונגען, אַז חסידים אָנערקענען נישט קיין רעגירונגס-מאַכט, אַז זיי זענען מאָראַליש פאַרדאָרבן, אַז זיי זאַמלען געלט און קומען זיך צונויף פאַר געהיימע צוועקן. ענדע נאָוועמבער האָט מען שניאור-זלמנען אַרויסגעלאָזט; ער האָט אָבער נישט געטאָרט אָפּפאָרן פון פעטערבורג ביז זיין פּראָצעס וועט נישט באַ-טראַכט ווערן אין סענאַט (אַהין איז די זאַך איבערגעגאַנגען פון דער „גע-היימער עקספּעדיציע"). ביז דער סענאַט האָט זיך אויסגעקליבן באַטראַכטן ר' שניאור-זלמנס זאַך, איז דערווייל פאָרגעקומען דער הויף-איבערקער פון מערץ 1801. אלכסנדר I איז אַרויף אויפן טראָן, ס'האָט אַ בלאָז געטאָן אַ

ניי ווינטל. און דעם 29-טן מערץ 1801 האָט מען אויפן קיסרס באַפעל אָפּגעלאָזט ר׳ שניאור-זלמנען פון פעטערבורג.

די רעגירונג האָט זיך איבערצייגט, אַז די יידישע רעליגיעזע שפּאַל-טונג איז כּלל נישט שעדלעך פאַר דער מלוכה און האָט זי לעגאַליזירט. לויט דעם סטאַטוט פונם יאָר 1804, מעג זיך יעדער סעקטע אין אַ קהילה האָבן אייגענע מנינים און אייגענע רבנים, קהל אָבער איז איינער פאַר אַלע סעקטעס אין שטאָט. דער געזעץ האָט אָנערקענט, וואָס דאָס לעבן האָט שוין פריער אויסגעפירט. די רעליגיעזע שפּאַלטונג איז שוין געווען אַ פאַקט, און די גרויסע מחלוקת פון די יאָרן 1796—1801 איז געווען דער לעצטער ריס. אָבער פאַר דער קהילה-אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אַזוי אויך געווען אונטערגעריסן איבער די פּאָליטישע קריזיסן, איז די שפּאַלטונג געווען אַ שווערער קלאַפּ. די קהלס זענען געווען אָפּגעשוואַכט איבער דער מחלוקת אינעווייניק, זענען דעמאָראַליזירט געווען איבער די מסירות און איבער דער רעגירונגס מישן-זיך. און אַז ס׳איז געקומען אַ צייט (די ערשטע יאָרן פון אַלכּסנדר I), ווען די רעגירונג האָט גענומען מאַכן „רעפאָרמעס“ פאַר יידן און האָט אָנגעפרעגט די קהלס, האָבן זיי נישט געהאַט די נוי-טיקע אחדות, כּדי עפּעס צוזאַמען אויפצוטאָן. די קהילות אין דרום-מערב-געגנט זענען אַזוי ווייט פאַרטאָן געווען אין חסידות, אַז זיי האָבן פאַרשלאָפן אַלע געשעענישן, וואָס האָבן פאָרגעזאָגט אַ געזעלשאַפטלעך-עקאָנאָמישן קרי-זיס, און האָבן זיך דערויף נישט אָנגערופן. זייערע דעפּוטאַטן האָבן אַפילו זעלטן ווען געענטפערט אויף די אָנפרעגן פון דער רעגירונג אין די יאָרן 1803 און 1807; מייסטנס האָבן דאָס געטאָן די דעפּוטאַטן פון רייסישע און ליטווישע גובערניעס; דאָרט איז אין דער יידישער געזעלשאַפט נאָך נישט אָפּגעשטאָרבן דער חוש פאַר רעאַלע פּאָליטישע אינטערעסן.

## § 53. רבנות, חסידות, השכּלה („בערלינער“)

אין יענער צייט, ווען אין מערב-אייראָפּע איז פאָרגעקומען אַן איבער-קער אין דעם אַלטן יידישן שטייגער, זענען די געדיכטע יידישע מאַסן אין מזרח-אייראָפּע קולטורעל געבליבן פאַרגליווערט שטיין אויף איין אָרט. ביידע ריכטונגען פון זייער גייסטיק לעבן, רבנות און חסידות, האָבן ציטע-ריק אָפּגעה״ט די יסודות פונם אַלטן לעבנס-שטייגער. די ערציאונג איז געבליבן ווי אַמאָל: אין חדרים און אין ישיבות האָט מען געלערנט תּורה, מ׳האָט געשאַרפט די מוחות, מ׳איז אָבער געווען אָפּגעריסן פונם לעבן;

מיידלעך האָבן אַזאַ ערציאונג אויך נישט געהאַט. מ׳האָט זיך געפירט אַלטפרענקיש, פרי חתונה געמאַכט קינדער (צו 13—16 יאָר), געהאַלטן אויף קעסט, געקינדלט ביי דער גרעסטער אָרעמקייט און אָפּגעקומען דאָס לעבן בשהי-פּהי, אויסגעצערט און יונגערהייט פאַרעלטערט. די דאָזיקע פרום-פאַרצייטיקע מאַסע האָט מורא געהאַט פאַר יעדער גייסטיקן „נייס", פאַר יעדער פּרוּוו צו פאַרברייטערן איר גייסטיקן און געזעלשאַפטלעכן קוק. צו אַ קריג צווישן רעליגיעזער און וועלטלעכער קולטור איז נאָך נישט גע-קומען. די מחלוקת צווישן רבנות און חסידות איז געווען לשם שמים, דאָס איז געווען אַ קריג וועגן דעם טיפ פון אַ פרומען יידן: די אַלטע דיס-ציפּלין פון תורה און מצוות האָט זיך געראַנגלט קעגן דער כוואַליע פון באַגייסטערטער מיסטיק, קעגן דעם בלינדן קולט פון הייליקע רביים.

צי האָט די מחלוקת געהאַט אַ פּעולה אויף דעם רבנות, דאָס זאָל אויפגעפרישט ווערן? קיין קלאָרע שטאַרקע סימנים פון אויפלעבן זעען מיר נישט יענע צייט, כאָטש אין איין פּרט, טעאָרעטיש, איז יאָ עפּעס אויפגעטאָן געוואָרן. דער ווילנער גאון האָט געוויזן אַ מעטאָדע פון פּשט אין לערנען אָנשטאָט דעם ווילדן פּלפּול, און דאָס איז ביסלעכווייז איינ-געפירט געוואָרן אין ליטווישע ישיבות. ס׳איז אַפילו געוואָרן ספּעציעל אַ ישיבה אין וואָלאָזשין (1803), און ר׳ חיים וואָלאָזשינער, דעם ווילנער גאונס אַ תלמיד, האָט דאָרט איינגעפלאַנצט דעם נייעם שניט אין לערנען. מיט דער צייט זענען פון דאָרט אַרויס נאָכאַנאַנד רבנים און לומדים „פונם גאונס דרך". אין דער לומדישער וועלט האָט זיך אויך געלאָזט באַמערקן אַ ביסל טאָלעראַנץ צו „חכמות חצוניות" (וועלטלעכע וויסנשאַפטן), אָבער נאָר צו מאַטעמאַטיק און מעדיצין. די מורא פאַר „פילוסופיה" איז געבליבן ווי פריער, און מ׳האָט זיך פעסט געהאַלטן ביים כלל, אַז פרייע פאָרשונג קלעפּט זיך נישט מיט יידישקייט. דער יידישער קאָפּ האָט געשטעקט אינגאַנצן אין די „ד׳ אמות של הלכה" און איז גע-ווען אומבאַהאָלפן עפּעס אויפצוטאָן. אין יענער שטורעמדיקער תקופה פון כמעט 25 יאָר האָט זיך אין דער רבנישער וועלט נישט באַוויזן קיין איין גרויסע ליטעראַרישע קראַפט נאָך דעם גאון, קיין איין שרייבער מיט אַ ווייטערן קוק. דער שאַפונגס-גייסט האָט זיך פון זיי אָפּגעטאָן.

מער לעבעדיקער גייסט איז געבליבן יענע צייט אין חסידות, כאָטש אין פּרט אויפטאָן איז חסידות אויך געפאַלן אַקעגן דער פריערדיקער תקופה פונם בעל-שם-טוב און זיינע ערשטע תלמידים. אויבן-אָן איז שוין געווען דער „גוטער-ייד", וואָס האָט געהאַנדלט מיט מופתים און געלעבט פון דער פאָלקס פינסטערקייט, דאָך האָט זיך נאָך נישט אויפגעהערט קיין תורה-זאָגער, קיין וועג-ווייזער, וואָס האָבן געצויגן ווייטער דעם פאָדים

פון דעם בעש״טס שיטה. אין רייסן האָט געוואונען אַ נייע שיטה אין חסידות; דאָ האָט מען צונויפגעפירט דעם בעש״טס האַרציקייט מיט ליט־ווישער חקירה. ר׳ שניאור-זלמן, דער באַשאַפער פון דער דאָזיקער שיטה און דער גורם פון דער פריער-דערמאָנטער רעליגיעזער שפּאַלטונג, וויל פאַרתּורהן דאָס חסידות, וואָס האָט אַליך מער אַרויסגעוויזן אַ נטיה צום פרינציפּ: „כ׳גלויב, ווייל ס׳איז נישט צו גלויבן״. חסידישע האַרץ-התלהבות ווערט ביי דעם „תניא״ אַ געהויבענע חקירה: ער רעדט אַמאָל פון גאָט־קענען אין סטיל פונם רמב״ם, ר׳ שניאור-זלמן האַלט כּלל נישט פון „גוטע יידן״ מיט „מופתים״, וואָס זענען אַזוי אָנגענומען געווען ביי אוקראַאינער יידן.

אין אוקראַאינע גייט זיך חסידות זיין אַלטן וועג. די צוויי זיילן, ר׳ יצחק בערדיטשעווער (געשטאָרבן 1809) און ר׳ נחום טשערנאָ־בילער (געשטאָרבן 1799), האָבן נאָך געהאַט די קבלה פונם בעש״ט. אין ר׳ לוי-יצחקס „קדושת לוי״ (1798) זעען מיר נאָך די האַרציקייט פון דער חסידישער אמונה אָן ווילדער התפּעלות. ער אַליין, דער וועג-ווייזער פון די וואָלינער חסידים, האָט אין זיין פּריוואַט-לעבן פאַרמאָגט ביז גאָר די מידות פון אַ מענטשן-פריינט און אַ אוהב-ישׂראל. אין פאָלק דערציילט מען נסים פון זיין ליבשאַפט צו דעם געיאָגטן און געפּאַלטענעם. ר׳ נחום טשער־נאָבילער, „דער מגיד״, איז אויסגעווען קיעווער און וואָלינער געגנט און האָט מער געגומען מיט קבלה. די לעצטע יאָרן זיינע איז ער געווען מער אַ רבי „אַ בעל-מופת״, וואָס מ׳פלעגט צו אים פאָרן פון נאָענט און וויט: ער איז געווען דער פאָטער פון דער גרויסער פאַרצווייגטער „טשערנאָבילער דינאַסטיע״ אין אוקראַאינע.

באַזונדער פאַר זיך שטייט אַ פּאָדאָליער רבי, אַ בעל-דמיון, ר׳ נחמן בראַצלאַווער (1772—1810), בעש״טס אַן אור-אייניקל. דאָס איז געווען אַ טיפּע פּאָעטישע נאַטור, וואָס האָט זיך דערווייטערט פון די אַלע מופתים־גוטע-יידן. ער האָט געוואָלט אומקערן דאָס חסידות צו איר קינדערשער פּשטות פון בעש״טס צייטן. די יאָרן 1798—1799 איז ער געפאָרן קיין ארץ־ישׂראל. יענע צייט איז דאָרט דורכגעגאַנגען נאַפּאָלעאָנס אַרמיי: דורך דער פאַרשלאָפענער מזרח-וועלט האָט זיך דורכגעטראָגן אַ האַסטיקער שטראָם פון דער היציקער אייראָפּע, אָבער דער פּאָדאָליער יונגער-מאַן האָט זיך צו־געהערט צו די קברים פון די גרויסע מקובלים, ר׳ שמעון בן-יוחאי און דעם אר״י, און צו דער מיסטישער תורה פון די לעבעדיקע צדיקים, וואָס האָבן זיך אויף דער עלטער באַזעצט אין טבריה. ר׳ נחמן איז צוריק אַהיים געקומען און האָט זיך באַזעצט אין בראַצלאַוו; צו אים האָבן אָנגעהויבן פאָרן פּאָדאָליער חסידים. צווישן געציילטע מקורבים האָט ער געזאָגט,

אָדער ריכטיקער, ער האָט געטרוימט אויף אַ קול, פון אַ מלכות-שדי, אַן איינינקונג פון פאָלק מיט זיין צדיק אין אַ געטלעכער התלהבות. געזאָגט האָט ער מייסטנס מיט אָנצוהערענישן, אַמאָל פלעגט ער פאַרקליידן זיינע געדאַנקען אין פאָלקס-מעשיות. ער האָט געמאַכט דעם „לקוטי-מהר״ן" און אַנדערע ספרים; אומעטום האַלט ער פאַר דעם געדאַנק, אַז מ'דאַרף גלויבן אָן קונצן, אָן חקירה. פילאָזאָפיע האָט ער געהאַלטן פאַר אַ געפאַר פאַר דער נשמה; דער רמב״ם און חקירה-שרייבער זענען אים געווען דערווידער. פאַר „בערלינער השכלה", וואָס ער האָט נאָר געהערט פון איר, האָט ער זיך געשראָקן. ר' נחמן איז פרי פאַרשטאָרבן (צו 38 יאָר) פון אַ לונגען-פעלער, אין אומאַן צווישן זיינע מקורבים. צו זיין קבר ציען נאָך איצט אויך „בראַצלאַווער חסידים".

בכלל אָבער איז אַ רבי פון יענער צייט ווייט געווען סיי פון ר' זלמנס חקירה-טיפקייט, סיי פון ר' נחמנס הייליקער פשטות. די רביים זענען אַלץ ווייטער געוואָרן פון תורה-לערער און געוואָרן אַלץ מער „גוטע יידן", „בעלי מופתים". מחנותווייז פלעגן פאָרן צו זיי פאַרגלויבטע חסידים, און זיי, „די פאַרמיטלער צווישן גאָט און פאָלק", האָבן שוין פאַרשטאַנען, ווי אַזוי צו מאַכן דערפון געלט. זיי זענען רייך געוואָרן פון פדיונות און מתנות, האָבן געלעבט אין פאַלאַצן אַזוי ווי פוילישע פריצים אָדער רייכע בישאָפן. ברוך טולטשינער (1780—1810), דעם בעש״טס אַן אייניקל, האָט געהאַלטן אין מעדזשיבאָזש אַ גרויסאַרטיקן הויף; ער האָט אַפילו געהאַט אַ הויף-נאַר אויך, הערשל אָסטראָפּאָלער, וואָס זיינע מעשיות און ווערטלעך זענען נאָך ביז היינטיקן טאָג ביים פאָלק אין מויל. די אייגענע בעלי-מופתים זענען מיר צו אין קרוין-פוילן אויך; יענע צייט האָט דאָס לאַנד געהערט פריער צו פרייסן, דערנאָך צום וואַרשעווער הערצאָגטום אונטער נאַפּאָלעאָנס פּראָטעקטאָראַט. דאָרט זענען די ערשטע מפורסמים געוואָרן ר' ישראל קאָזעניצער און ר' יעקב-יצחק לובלינער (הורוויץ). אין אַלע פּאָליטישע און קולטורעלע קריזיסן, וואָס זענען דעמאָלט פאָר-געקומען אין לאַנד: אין חורבן פונם אַלטפרענקישן פוילן, אין נאַפּאָלעאָנס וואונדערלעכע נצחונות, אין דער „אפיקורסות", וואָס האָט זיך פאַרשפרייט אין לאַנד, אין רעקרוטן-נעמען ביי יידן — אין דעם אַלעמען האָבן זיי איינגעזען חבלי-לידה פון משיחס קומען. זיי אַליין אָבער האָבן נישט גע-האַלטן פון „עצבות", און האָבן געפירט די עדה פאַרברענטע חסידים לעבעדיק און האָפערדיק, גענומען פדיונות פאַר קמיעות, ברכות, עצות.ביידע זענען געשטאָרבן דאָס יאָר, ווען נאַפּאָלעאָן איז געפאַלן, און האָבן דערלעבט צו זען די רוסישע הערשאַפט אין לאַנד (1814—1815).

שווייַרלעך איז אָנגעקומען דער דייטשער השכלה זיך דורכשפּאַרן אין

דעם דאָזיקן וועלטל אַריין צווישן צוויי ווענט — רבנות און חסידות. פונדעסטוועגן זעען מיר, ווי עפּעס גיט זיך אַ ריר. ס'באַווייזט זיך דער „בערלינער“ (אַזוי האָבן געהייסן „די נייע“). דער בערלינער טראָגט שוין אַ קורצן דייטשן ראָק, גאָלט די באָרד, האַלט נישט פון קיין מצוות, רעדט דייטש אָדער די לאַנד-שפּראַך און דוכנט פאַר משה מענדעלסאָן. דערווייל איז דאָס נאָך „אויפגעקלערטקייט“ אויף באָרג, אויבן-אויף; דאָ האַנדלט זיך מער פון וועלטלעך געקליידעט, איידער פון מענטשלעך וויסן. אַזוי זעט אויס דער „בערלינער“ איידער ס'באַווייזט זיך דער ערנסטער „משכיל“, אַ תקופה שפּעטער. „בערלינער“ באַווייזן זיך קודם-כל אין וואַרשע, אין די צען יאָר פּרייסישער הערשאַפט דאָרט (1797—1806). די מגע-משא פון דער פּוילישער הויפּט-שטאָט מיט דער פּרייסישער האָט געהאַט איר ווירקונג: דער בערלינער יידישער פּראַנט באַווייזט זיך אין וואַרשעווער גאַסן, און די חסידישע בכבודיקע קאַפּאָטע טרעט אים אָפּ דעם וועג. מ'הויבט דאָ אָן נאָכטאָן דער פּרייסיש-יידישער ליטעראַטור. אין יאָר 1796 איז אין וואַרשע אַרויס זשאַק קאַלמאַנסאָנס (מענדעלסאָנס אַ תּלמיד) אַ ביכל אויף פראַנצויזיש (Essai sur l'état actuel des juifs) מיט אַ לכּבוד דעם מיניסטער הוים, וואָס האָט איינגעפירט רעפאָרמעס אין די פּרייסיש-פּוילישע פּראָווינצן. דאָס ביכל איז אַ באַריכט וועגן דעמאָלטיקן צושטאַנד ביי יידן און אַ פּראָיעקט, ווי אַזוי צו רעפאָרמירן זייער לעבנס-שטייגער. דער באַריכט איז געמאַכט אויף נוסח מערב-אייראָפּע: ס'איז אַן אומגליק, וואָס יידן זענען אָפּגעשלאָסן, אַ גליק וועט זיין, ווען זיי וועלן זיך צונויפשמעלצן מיט די פעלקער, וואָס אַרום זיי. קאַלמאַנסאָנס פּראָיעקט איז כּמעט דאָס אייגענע, וואָס די פּוילישע פּראָיעקטן פון בוטרימאָוויטש און טשאַצקי: מ'דאַרף אָפּשוואַכן די מאַכט פון רבנים און קהל, אויסראָטן חסידים און רביים, איינפירן אַ דייטשע קליידונג, גאָלן די באָרד, מאַכן דייטשע שולן און איינפלאַנצן בירגער-געפיל ביי יידן. שפּעטער, צו דער צייט פון פראַנצויזישער הערשאַפט אין וואַרשע (1807—1812), איז צו דער בערליגער מאָדע צוגעקומען אַ פראַנצויזישער אויבער-מאַנטל: אַ גרופּע וואַרשעווער פּראַנטן פאָדערן גלייכבאַרעכטיקונג דערפאַר, וואָס זיי „האָבן אומגעביטן זייער קליידונג און מאָראַלישע באַגריפן“ (§ 44). די פאָרשטייער פון וואַרשעווער קהל חתמענען זיך אין אַ פּעטיציע צום סענאַט: „מענטשן פונם פּוילישן פאָלק פון דער יידישער אמונה“, נאָכטוענדיק דער לעצטער פּאַריזער מאָ:ע (דעם פראַנצויזישן סנהדרין). דאָ האָט מען זיך דאָס ערשטע מאָל אויסגעשריבן פונם יידישן פאָלק און זיך פאַרשריבן פאַר פּאָלאַקן, נאַאיוו און נישט באַטראַכט, אַ רמז אויף שפּעטערדיקע „משה רבינוס פּאָלאַקן“. בערלינער אויפגעקלערטע פון פרידלענדערס חדר האָבן שטאַרק פּראָטעזשירט אַזאַ שטימונג

ביי פוילישע „בערלינער". אין „המאסף" ווענדן זיי זיך צו פוילישע יידן: „ביז ווי לאַנג וועט איר רעדן די איבערגעפירטע דייטשע שפּראַך (יידיש) אָנשטאָט אייער לאַנד-שפּראַך — פויליש? פון הונדערט יידן אין דייטשלאַנד קאָנען אַלע, אָדער דער רוב, רעדן מיט הויכגעשטעלטע לייט און רעגירער, אין פוילן וועט זיך נישט געפינען אַזוינע צען אָדער פינף אויף הונדערט".

מערב-אייראָפּעאישע אויפקלערונג האָט אָנגעהויבן אָנשפּאַרן אפילו אין די ווייטע צפון-געגנטן פון רוסלאַנד. מיר האָבן שוין געזען, אַז בעת דערזשאַווין האָט רעווידירט רייסן, האָט זיך געפונען אין קרעסלאַווקע אַ דאָקטאָר פראַנק, מענדעלסאָנס אַ פּאָלגער, וואָס האָט פּראָיעקטירט רעפאָר-מירן די יידישע שול און רעליגיע (§ 46). אין פּעטערבורג האָט זיך ביי דעם מעצענאָט אברהם פּרץ אויפגעהאַלטן זיין געוועזענער לערער לייב נעוואַכאָוויטש, אַ געבוירענער פון לעטיטשעוו (פּאָדאָליער גובערניע). דאָס יאָר, ווען יידישע דעפּוטאַטן זענען זיך צונויפגעקומען אין פּעטער-בורג (1803), האָט נעוואַכאָוויטש אַרויסגעלאָזט אַ בראָשור אויף רוסיש (דערנאָך אויף העברעאיש אויך) מיט דעם נאָמען „אַ וויי-געשריי פון דער טאָכטער פון יהודה", מיט אַ לכּבוד דעם אינערן-מיניסטער קאָטשובעי, דעם פּאָרזיצער אינם „יידישן קאָמיטעט". אין דעם לכּבוד געפינען מיר דעם גרונד-געדאַנק פון דעם „וויי-געשריי" — גרויס דרך-ארץ פאַר רוסלאַנדס גרויסקייט און אַ ווייטאָק פאַר יידן, וואָס מ'לאָזט זיי נאָך נישט געניסן פונם לאַנדס „גליק": „ווי דערהויבט ווערט מיין נשמה מיט רוסלאַנדס נצחונות און שטאַרקייט, אַזוי דערנידערט ווערט זי מיט דעם ווייטאָק פון מיינע ברידער, וואָס זייערע לאַנדסלייט דערווייטערן זיי פון זייער האַרצן". „בת-יהודה" האַלט ווייטער אין איין קלאָגן, וואָס דער האַס צו יידן איז נישט געמינערט געוואָרן נישט אין 18-טן יאָרהונדערט, אין „דער תקופה פון מענטש-ליבשאַפט, טאָלעראַנץ און מילדקייט", נישט איצט, אין דעם בריילעכן פרילינג פון היינטיקן יאָרהונדערט, וואָס דער אָנהויב איז געוועזן אַזוי געהויבן, ווען אַלכּסנדר דער לייטזעליקער איז אַרויף אויפן טראָן". „אַסך גרויסע לייט פאַראַכטן דאָס יידישע פאָלק, דער נאָמען ייד איז גע-וואָרן צו-שאַנד און צו-שפּאָט ביי קינדער און קליין-קעפּלדיקע". ער פאַר-רופט זיך אויף מענדעלסאָנען און לעסינגען און זאָגט ווייטער: „איר זוכט אינם מענטשן דעם יידן! זוכט אינם יידן דעם מענטשן — און איר וועט אים זיכער געפינען". נעוואַכאָוויטש ענדיקט זיין ביכל מיט אַ ביטערן וויי-געשריי: „בעת אַלע פעלקער האָבן געעפנט דאָס האַרץ איינס דעם אַנדערן מוז נאָך דאָס יידישע פאָלק צוזען, ווי ס'ווערט פאַראַכט. איך פיל די גאַנ-צע לאַסט פון אַזאַ פּיין. איך שריי צו אַלע, וואָס פאַרמאָגן האַרץ און רחמנות: פאַרוואָס קומט דעם יידישן פאָלק, איר זאָלט דאָס אַזוי פאַראַכטן?

אַזוי האָט וויי-געשריגן בת-יהודה, געווישט די טרערן, געזיפצט און נישט געקאָנט טרייסטן זיך״.

מ׳מוז אָבער זאָגן, אַז דער מחבר גופא האָט זייער גיך געפונען אַ טרייסט פאַר זיך: אין עטלעכע יאָר אַרום נאָך דעם, ווי ער האָט אַרויסגעלאָזט זיין „וויי-געשריי״ אין ער איז נאָך אַלץ געווען „דערווייטערט פון די לאַנדסלייטס הערצער״, האָט ער זיך אַן עצה געטאָן: ער האָט זיך געשמדט, געוואָרן פון ר׳ לייב „לעוו אַלעקסאַנדראָוויטש״ און האָט אָנגעהויבן שמירן מוסר-השכלהדיקע דראַמעס אויף רוסיש; ער האָט אַפילו מיט זיי נושא-חן געווען ביי דעם דעמאָלדיקן רוסישן עולם, וואָס איז נישט געווען קיין שטאַרקער איבערקלייבער. נעוואַכאָוויטש האָט אויסגעלאָזט ווי אַן עכטער „בערלינער״, וואָרום אין בערלין גופא האָט די שמד-מגפה געהאַלטן אין העכסטן ברען. זיין מעצענאַט, אברהם פּרץ, האָט אים נאָכגעטאָן; מיט דער ליווערונג פאַר דער אַרמיי האָט ער דאָס געמאַכט זייער שלעכט, ער איז רואינירט געוואָרן. די קינדס-קינדער פון ביידע משומדים האָבן פאַרנומען אָנגעזעענע מלוכה-אַמטן.

אין דעם פינסטערן רוסלאַנד זעען מיר אַן אָפּשיין פון דער השכלה-ליטעראַטור ביי מערב-יידן. מענדל לעווין פון סאַטאַנאָוו (1741—1819), וואָס האָט געהאַט די השפעה פון מענדעלסאָנען גופא, פּרוווט פלאַנצן די נייע זאָמען ביי זיך אין דער היים. ער זעצט איבער אויף העברעאיש טיסאָס אַ פּאָפּולער מעדיצין-ביכל, פראַנקלינס סיסטעם פון לעבנס-מאָראַל, קאַמפּעס רייזע-באַשרייבונגען, אויף יידיש זעצט ער איבער „משלי״ און „קהלת״. אָבער אַזאַ זאַך — רעדן צום פאָלק אויף דעמס שפּראַך — האָט שטאַרק אויפגעבראַכט משכילים פון יענער צייט. איינער אַ באַרדיטשעווער משכיל, טוביה פעדער (געשטאָרבן 1817), האָט אָנגעשריבן אַ פלאַם-פייערדיקן פאַמפלעט („קול מחצצים״) קעגן אַזאַ חילול-השם: פאַרשוועכן דעם הייליקן לשון מיט דער „גאַס-שפּראַך״. פעדער גופא האָט געשריבן וועגן דקדוק, פאַרטייטשט פסוקים, און נאָך מער האָט ער געשריבן „מליצה״. אַזוינע שוואַכע זאַכן הייסן נאָך נישט קיין איבערקערעניש אין ליטעראַטור. דאָס איז שוין אָבער אַן אָנזאָג אויף עפּעס נייס: ס׳באַווייזט זיך אַ וועלטלעך ביכל נעבן אַ רבנישן אָדער אַ חסידישן ספר. די איבערגעשראָקענע אָרטאָדאָקסיע פילט אינסטינקטיוו, אַז דאָ קומט אַ נייער שטראָם, וואָס זאָל פאַרוועלטלעכן די יידישע ליטעראַטור

# ביבליאָגראַפיע

## קוועלן און ליטעראַטור

### אריינפיר

§ 2

Dohm, Ueber die bürgerliche Verbesserung der Juden (Berlin 1781); D. Friedlaender, Aktenstücke, die Reform der jüdischen Kolonien in d. Preussischen Staaten betreffend (Berlin 1793), 64—65; Rönne u. Simon, Die früheren und gegenwärtigen Verhältnisse der Juden in d. sämtlichen Landesteilen d. Preussischen Staats (Breslau 1843), 340—51 u. passim; Börne, Gesam. Schriften II, 517 (Reclam); Sidori, Gesch. d. Juden in Sachsen (1840); Levy, Gesch. d. Juden in Sachsen (Berl. 1901), 71—75; Taussig, Gesch. d. Juden in Bayern (München 1874); Donath, Gesch. d. Juden in Mecklenburg (Leipzig 1874), 154—55; Levin, Vorarbeiten für d. badische Judengesetzgebung etc. (Monat. f. Gesch. u. Wiss. d. Jud., 1908); Grunwald, Hamburgs deutsche Juden bis 1811 (Mitteil. zur jüd. Volkskunde, 1903).

§ 3

Rönne-Simon, 203, 226, 240—264; Jolowicz, Geschichte d. Juden in Königsberg (Posen 1867) 78—81; Friedlaender, Aktenstücke, 66—119; Freund, Die Emanzipation der Juden in Preussen, Bd. I, 16—30 (Berlin 1912).

§ 4

Mendelssohn's Schriften (ed. 1843) I, 49; Jolowicz,

l. c. 82—84, 98. L. Geiger. Geschichte der Juden in Berlin. (Berl. 1871), 102—104; II, 140—145. Annalen der Juden in den Preussischen Staaten (Berl. 1790), 329—330.

וועגן פרייסישן רעפאָרם-פּראָיעקט 1790–1787 זע:

Annalen der Juden in d. P. S., 326; Friedlaender, Aktenstücke, 53—184; L. Geiger, l. c. I, 139—140; II, 159, 339—41. Mitteilungen d. Gesamtarchivs d. deutschen Juden, 1. Jahrgang (190), 23—29; Levin, Judengesetzgebung Friedrich Wilhelms II (Monatsschrift, 1912—1913).

אויספירלעך לויט אַרכיוו-מאַטעריאַל בײַ Freund, דאָס דערמאָנטע ווערק, ב. I, I. 49–35 און דערצו די געהעריקע אַקטן אינם 2-טן באַנד (Urkunden).

5 §

Wolf. Geschichte der Juden in Wien, 79, 86, 90, 270—271 (Wien 1876); Idem, „Die Völker Oesterreich-Ungarns“ (Wien 1883), VII, 41—50;

„המאסף“ 1789, זייט 255–252 (קעניגסבערג-בערלין):

Stein, Geschichte der Juden in Böhmen (Brünn 1904), 95—116; Brawer, Galizien wie es an Oesterreich kam (Wien 1910);

Балабан, Переход польских евреев под власть Австріи: Галиційскіе вреи при Маріи-Терезіи и Іосифе II („Еврейская Старина“ 1913, стр. 297—307

Bergel, Gesch. d. ungarischen Juden (Leipzig 1879), 68, 74; Pribram, Urkunden und Akten zur Geschichte d. Juden in Wien, Bd. I, 440—635 (Wien 1918).

6 §

Hallez. Des juifs en France, de leur état moral et politique (Paris 1845), 100—101, 132—43; Halphen, Rucueil des lois concernants les isrélites (Paris 1851), 165—178; Malvezin, Histoire des juifs á Bourdeaux (1875); Révue des études juives, t. I—II (Organisation des juiveries du Comtat Venaissin); „Avignon“, Jewisch Encyclopedia II, 355; Révue des études juives XXXIII, 98, 115—116; Glaser, Geschichte der Juden in Strassburg (1894) 36—37, 39—43, 45—47, 81—82; L. Kahn, Les juifs de Paris au XVIII siécle (Paris 1894), 72—73; Idem, Les juifs á Paris depuis le VI siècle (Paris 1889), 54—59; Idem, Les juifs de Paris pendant la Révolution (Paris 1899), 2—13;

וועגן דער צאָל יידן אין פּאַריז אַרום דאָס יאָר 1780 זע:
Révue des études juives t XXIII (1891), 85—98.

## 7 §

Berliner. Geschichte der Juden in Rom (Frankfurt 1893), IIa, 105—119, 208; Vogelstein-Rieger, Geschichte der Juden in Rom (Berlin 1893), II. 250—54; Jost, Neuere Geschichte der Israeliten (Berlin 1847), II, 245 —47, 266, 271—72; Jewish Encyclopedia VII, 665.

## 8 §

Picciotto, Sketches of Anglo-jewish history (London 1875), 274 etc; Hyamson, History of the Jews in England (London 1908), 300 ss.; Graetz, Geschichte d. Juden XI, 227 (1870); Haller, Rechtliche Stellung der Juden im Kanton Aargau (1901); Jewish Encyclopedia, IX. 231 (Netherlands); XI, 608 (Sweden).

וועגן דעם לעבן פון די ערשטע יידישע איינוואוינער אין שוועדן זע:

Aaron-Isaks, Sjelfbiografi, Stockholm, 1896
(די אויטאָביאָגראַפיע אין דער יידיש-דייטשער שפּראַך איז איבערגעזעצט אין איצטיקן יידיש פון נ. שטיף, בערלין 1922).

## 9 §

Czacky, Rozprawa o żydach, § 9 (Kraków 1860), 117—44; Korzon, Wewnętrzne dzieje Polski za Stanisława Augusta (Krak. 1882), I, 164—67, 230—32. Salomon Maimon's Lebensgeschichte, Berlin 1792, Bd. I, Kap. 1, 9—12; Охотскiй, „Разсказы о польской старине" т. I, 54—55, (Спб. 1874); Voliencina Legum (Petrsb. 1860) VII, 333, 352; VIII, 95; Nussbaum, Szkice historyczne z życia żydów w Warszawie (War. 1881); Smoleński, Stan i sprawa żydów w XVIII w. (War. 1876), 46—53; Maciejowski, Żydzi w Polsce na Rusi i Litwie (Warszawa 1878), 81—87; Бершадскiй, Литовскiе евреи (Спб. 1883), 46—48; Актын Виленской коммиссiи для разбора древн. актов т. 29 (Вильна 1902), 463—480; Геккер, Евреи в польских городах во 2.-й полов. XVIII в. („Евр. Стар." 1913); Дубнов, Исторiя хасидскаго раскола („Восход" 1890—91 г); ר ש״י. פין, קריה נאמנה, 1860, ז. 27, 130, 273; ב. כ״ץ, תולדות השכלת היהודים ברוסיה (זאַמלבוך „הזמן", 1903, I, 97–102).

